# פאליק זאלף




היימישע געשטאלטן

פאליק זאלף

די לעצטע פון א דור

ויניפעג, קאנאדע

# פאליק זאלף




היימישע געשטאלטן


וויניפעג, קאנאדע
1952

# THE LAST OF A GENERATION

BY

FALEK ZOLF



Printed By The Israelite Press, Winnipeg, Man.

# הקדמה

"... כלם נשא הרוח, כלם פרחו להם,
ואותר לבדי, לבדי"...

ח. נ. ביאליק.

נאָך דער תקופה־טרעמבלינקע און מײדאַנעק איז איצט די צײט פון "כינוס" אין אונדזער ליטעראַטור: מיר דאַרפן פאַרשרײבן און פאַר אײביקן לדורות, שטעלן גײסטיקע מצבות נאָך דעם פאַרשניטענעם לעבן פון ייִדישע קהילות.

מיט דעם דאָזיקן בוך האָב איך געפּרוּווט שטעלן כאָטש א "ברעטל" א פּשוטע מצבה אויף מײן אײגן בלוט און פלײש, אויף מײן אײגן אומגעקו־מענעם שטעטל, וווּ מײנע קינדער־יאָרן זײנען פאַרבײגעלאָפן.

די אַלע טיפּן, כאַראַקטערן, וואָס ווערן געשילדערט אין דעם בוך, זײנען לעבעדיקע געשטאַלטן. איך האָב זײ געזען אין זײער טאָג־טעגלעכן שווערן געראַנגל פאַר זײער עקאָנאָמישן און גײסטיקן קיום, אין פאַרשײדענע צײטן, אונטער פאַרשײדענע רעזשימען, און דאָך האָבן זײ קײנמאָל ניט געהאַט פאַרלאָרן זײער אמונה און ביטחון. אפילו בײם שוועל פון דעם גאַז־קאַמער האָבן זײ ניט פאַרלאָרן זײער צלם אלקים; אויף צו להכעיס דעם מערדער האָבן זײ אָנגעהאַלטן זײער גײסטיקע גבורה.

איך האָב פאַרענדיקט דאָס בוך מיטן טראַגישן עפּילאָג "נאַשאַ בלומקאַ", א לענגערע דערצײלונג, וואָס איך האָב אָנגעשריבן נאָך אין יאָר 1946, ווען ס'איז צו מיר דערגאַנגען די פינצטערע בשורה, אַז מײן גאַנצע משפּחה, פון אַרום זעכציק נפשות, איז אומגעקומען אין טרעמבלינקע, צווישן זײ מײן אײנציקע שוועסטער, וואָס איז געווען א זעלטענער טיפּ־מענטש, א גרויסע צדקנית (זע קאַפּיטל "פּעשע־בלומע די מילנערקע"). מיט דער דער־צײלונג "נאַשאַ בלומקאַ" האָב איך געשאַפן פאַר זיך די אילוזיע, אַז איר טראַגישער טויט איז געווען אַזוי שײן און הערלעך, ווי שײן און הערלעך עס איז געווען איר לעבן . . .

תהא נפשה צרורה בתוך קדושי ישראל.

* * * * *

בײ דער געלעגנהײט וויל איך אויסדריקן מײן האַרציקן דאַנק צו מײנע טײערע גוטע־פרײנט וואָס האָבן געהאָלפן, אַז דאָס בוך זאָל קענען דער־שײנען און אויך די ברידער רובאַנענקאַ פאַרן צײכענען דעם שער־בלאַט.

פאַליק זאָלף.

# אינהאלט


שטעטל . . . . . . . . . . . . . . . . . . 7
אויף יענער זייט בריקן . . . . . . . . . . 9
די מתים־גאס . . . . . . . . . . . . . 12
דער טייך . . . . . . . . . . . . . . . 15
יידישע גאס און גוישע גאס . . . . . . . 18
די קאלאניעס אבראמאווקא און סארעווא . . . . 24
ר' לייזער־וועלוול דער מורה הוראה . . . . . 37
דער בעל־מופת . . . . . . . . . . . . 44
דעם מורה הוראהס טאכטער . . . . . . . . 47
די רבנישע חתונה . . . . . . . . . . . 52
ר' ניאכקע דער שוחט . . . . . . . . . . 59
ר' משהלע דער מתמיד . . . . . . . . . . 63
אבא־וועלוול דער חזן . . . . . . . . . . 69
חוה־לאה די חתונה קעכין . . . . . . . . 78
ר' משה דער שמש . . . . . . . . . . . 88
פייגע־לאה די שמשטע . . . . . . . . . . 96
ר' ישראל דער גמרא־מלמד . . . . . . . . 107
דער רעוויזאר און יודל קאטיק דער שתדלן . . . 118
שאול־נחום דער קארגער גביר . . . . . . . 130
יודל שינדלמאכער און שייעלע שינדלקלאפער . . 142
די ווארטע . . . . . . . . . . . . . . 154
דער גובערנאטאר . . . . . . . . . . . . 160
די פיוואווארניע . . . . . . . . . . . . 172

# אינהאלט


די "ביבליאטעקא" . . . . . . . . . . . . . . . . . 189
די פאזשארנע קאמאנדע . . . . . . . . . . . . . . . 197
פנחס דער רעוואלוציאנערער פירער . . . . . . . . . . 205
באזשע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 213
איסר קאצאפ . . . . . . . . . . . . . . . . . 222
שלמהקע דער "שרייבער" . . . . . . . . . . . . . 233
פישל דער מילנער . . . . . . . . . . . . . . . . 250
פעשע־בלומע די מילנערקע . . . . . . . . . . . . . 258
שבת אין די מילן . . . . . . . . . . . . . . . . 264
סענדער דער קאלאניסט . . . . . . . . . . . . . . 268
דער צעריסענער קארל מארקס . . . . . . . . . . . . 277
דער אנהייב פונם סוף . . . . . . . . . . . . . . 287
צופוסנס פון א טויטער שטאט . . . . . . . . . . . . 294
"נאשא בלומקא" . . . . . . . . . . . . . . . . . 301

א. יתגדל ויתקדש.
ב. קרומע לאמע צלמימלער.
ג. א שפיי דעם שכן אין פנים.
ה. א שטיין אין הימל.
ה. די חלוקה פון דער יידישער ירושה.
ו. פאר דער אייגענער פרעמדער טיר.
ז. אויף לאסקאוון ברויט.
ח. קלויסטער־גלאקן קלינגען.
ט. גוייש שטעטל טאנצט.
י. "זשניווא".
יא. צווישן פאסטוכער.
יב. שמע ישראל.

# שטעטל

שטעטעלע זאסטאַוויע, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאָליעסיער געגנט, איז געווען אינגאַנצן אַנדערש פון אַלע אַרומיקע יידישע שטעטעלעך, סיי מיט איר אויסזען און סיי מיט אירע פּרנסות, ווי מיר וועלן עס שפּעטער באַשרייבן. געלעגן איז עס, מיט די פּאָר הונדערט שטיבלעך, מיט שטרויענע און שינדלענע דעכלעך, אין אַ טאָל, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט גערטנער, סעדער, לאָנקעס און תבואה־פעלדער. זומער־לעבן, ווען אַלץ אַרום האָט זיך צעוואַקסן און צעבליט, איז עס פאַרשלונגען געוואָרן אין אַ ים פון גרינס, אַזוי אַז פון דערווייטנס האָט מען עס כמעט ניט אַרויסגעזען.

יעדער באַלעבאָס אין שטעטל האָט פאַרמאָגט אַן אייגן שטיקל פעלד, אַ גאָרטן, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור־דורות, און אַ סאָד מיט כלערליי פּרוכט־ביימער, וואָס דער גוטהאַרציקער פּאַריזער באַראָן הירש האָט מיט זיין ברייטער האַנט דאָ פאַרפלאַנצט, כדי צו פאַרגרעסערן די חיונה פון די אָרימע יידישע ערד־אַרבעטער. אַ חוץ דעם האָט איטלעכער נאָך פאַרמאָגט אַ בהמה, אַ קעלבל, וואָס מ'האָט אַליין אויסגעהאָדעוועט אויפן אייגענעם ביסל גרינס. זומער פלעגן נאָך אַנדערע אָפּדינגען גערטנער און סעדער ביי די "מעשטשאַנעס" פון דער גויישער גאַס און דאָס אייגענע און דאָס אָפּגעדונגענע ביסל גרינס און פּרוכט געפירט פאַרקויפן אין די שכנישע שטעט און שטעטלעך.

אפילו די יעניקע, וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט קיין אייגענע "נחלות", האָבן אויך חלילה ניט געהונגערט. וואָרים כידוע, שפּייזט דאָך דער רבונו־של־עולם אפילו אַ ווערימל אונטערן שטיין, אַ פּשיטא שוין אַ מענטשן, וואָס איז זיין בחיר היצירה . . . האָט מען געלעבט פון וואָס נאָר גאָט, ברוך הוא, האָט געגעבן. אייניקע זיינען "געגאַנגען אויפן דאָרף" און דאָרט איינגעהאַנדלט אַ פּערטל תבואה, אַ שטיקל לייוונט, אַ פעלכל, אַ בינטל חזיר־האָר, אַן עוף וכדומה; אַנדערע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מלאכה, ווי שמידעריי, שוסטעריי און סטאָליעריי, און נאָך אַזעלכע מלאכות. אַ פּאָר צענדליק משפחות האָבן געצויגן זייער בידנע חיונה פון אַרבעטן ביי ר' אשר גוטערמאַן אויף דער פּיוואָוואַרניע (ביר־ברויעריי), וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט מיט איר געשמאַקן פלעשל ביר. אַזוי אַרום איז איטלעכער אין שטעטל געווען באַזאָרגט מיט פּרנסה.

געפירט האָט שטעטעלע זאסטאַוויע אַ שטיל רויִק לעבן, ווי שטיל און רויִק עס איז זיך געפלאָסן דער טייך לעשנאַ ביי זיין צופוסנס. יעדער איינער

האַט זיך רויִק באַארבעט זיין גאָרטן, וואָס איז געלעגן הינטער זיין שטיבל; איטלעכער האָט, מיט זיין שוויים פונם פנים, געגעסן דאָס אייגענע שווער־פאַרהאַרעוועטע שטיקל ברויט מיטן ביסל גרינס, וואָס די גוטע מאַמע־ערד האָט באַשאָנקען אירע קינדער מיט איר פולער האַנט; יעדער איינער איז געווען צופרידן מיט זיין גאָב — קיינער האָט זיך חלילה ניט באַקלאָגט אויף זיין שווערער דאָליע. וואָרים אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס־שטאָט, מיט אַלע אירע תענוגים און פאַרגעניגנס, איז די זאַסטאַוויער יידן געווען פרעמד. זייערע טאַטעס און זיידעס זיינען נאָך פון קדמונים אָן דאָ געווען פויערים, ערד־מענטשן. אַזוי אויך זיינען געווען זייערע יורשים, זייערע קינדער.

און פונקט ווי יעדער זאַסטאַוויער ייד האָט שווער געהאָרעוועט און געפּראַצעוועט פאַר זיין שטיקל ברויט, פאַר זיין ביסעלע עולם־הזה, מ'שטיינס געזאָגט, אַזוי אויך האָט יעדער איינער שווער געאַרבעט פאַר זיין חלק לעולם הבא. יעדער באַגינען, כלחוד השור, איז מען אויפגעשטאַנען לעבודת הבורא. מ'האָט געדאַוונט מיט האַרץ און מיט כוונה. די צוויי בתי־מדרשים, זיינען תמיד געווען אָנגעפּילט איבער די ברעגן מיט מתפּללים, מיט תהלים־זאָגער און מיט לערנער. און ווער רעדט נאָך אין דעם חודש אלול, סליחות־צייט, ערב די ימים־נוראים ווען מ'דאַרף זיך גרייטן צו שטעלן זיך פאַרן משפּט פונם בית־דין של מעלה, דעמאָלט איז אפילו אַ קינד ניט געבליבן אין וויג . . . ווער נאָר ס'האָט געקענט האַלטן אַ ספר אין האַנט, האָט געלערנט מיט גרויס התמדה, ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך מיט אַנדערע, ווי צום ביישפּיל, ביי איין לאַנגן טיש איז געזעסן ר' ישראל לוסקעלער, דער גמרא־מלמד, מיט אַ לאַנגער, בלאָנדער באָרד, און געלערנט בין מנחה מעריב אַ בלאַט גמרא מיט אַ פּאָר מנינים יידן; ביי אַ צווייטן טיש איז געזעסן דער גאַטספּאַרכטיקער ר' ניאַכקע דער שוחט, מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד און מיט געקרייזלטע פּאות, און געלערנט פאַרן עולם אַ פּרק "עין יעקב"; ביי אַ דריטן טיש איז געזעסן ר' משה דער שמש, אַ הויכער געשטאַלטנער ייד, מיט אַ ווייס־זילבערנער באָרד, און געלערנט אַ פּרק משניות. דער קול התורה האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט איבער אַלע ווינקלעך פונם בית מדרש און האָט אָפּגעקלונגען אַזש צום הויכן באַלקן.

# אויף יענער זייט בריקן

"אויף יענער זייט בריקן", איבער דעם טייך לעשנא, איז געשטאנען די שטאט קאמענעץ־ליטאווסק, וואס האט זיך אויפגעהויבן, ווי מיט טרעפ, אויף א משופעדיקן בארג אויף וועלכן עס זיינען געשטאנען אנגעפיקעוועט אן א שיר הייזער און הייזלעך, וואס האבן זיך געטוליעט און זיך געקלאמערט צו אים, ווי קינדער צו א מאמען, אזוי אז פונדערווייטנס האט זיך אויסגעדוכט ווי איינס וואלט זיך אנגעהאלטן ביי דער פאלע פונם צווייטן, ווי זיי וואלטן מורא געהאט חלילה ניט אראפצופאלן אינם טיפן תהום אריין.

די דאזיקע שכנישע שטאט, קאמענעץ, וואס איז געווען אזוי נאענט, ווי מיט דער האנט צו דערלאנגען, האט אויסגעקוקט אין די אויגן פון די קליינשטעטלדיקע זאסטאוויער, ווי עס וואלט געווען א גאר־גאר גרויסע שטאט, א כרך גדול, וואס האט געהערט צו א פרעמדער וועלט, פאר וועלכער מ'האט זיך עפעס ווי געשראקן . . .

די שטאט קאמענעץ האט געשמט מיט אירע גרויסע למדנים, תלמידי־חכמים, וואס זיינען געזעסן יום־ולילה על התורה ועל העבודה. זי האט פאר־מאגט א צענדליק בתי מדרשים, צווישן זיי א גרויסן "מויער" בית־מדרש, ווו ס'האבן געדאווענט די פני־העיר, מיט א בארימטער שיינער און גרויסער שול, מיט וועלכער ס'איז געווען מיט וואס צו שטאלצירן; א תלמוד־תורה פאר די ארימע "צאן קדשים" צום לערנען; א ישיבה פאר אייגענע און אנגעפארענע ישיבה־בחורים. א חוץ דעם האט זי אויך פארמאגט א היבשע צאל "כלי־קודש": א רב מיט דיינים און שוחטים, א חזן און שמשים, מיט אן אלטן און א נייעם, גרויסן בית־עולם, וואס האט באזארגט די גאנצע סביבה מיט אייביקער רו . . .

זי האט אויך פארמאגט א גרויסן מארק, מיט א גרויסן "ראד" קראמען, וואס האבן ניכער געהאט דעם אנבליק פון הינטישע ביידלעך, איידער פון קראמען. דערפאר אבער אינעווייניק, זיינען זיי געווען אנגעפי־קעוועט מיט כלערליי סחורות; טשוהונענע טעפ, קעסטלעך טשוועקעס, פרענט־לעך זייף, פעקלעך טיטון און מאכארקע, סאלירטע סטענגעס, רויט־פארביקע, פויערשע פאטשיילעס, מאנופאקטור, קרענצלעך בייגל — און וואס נאר א מויל האט געקאנט ארויסריידן.

פאר די אפענע טירן פון די דאזיקע קרעמלעך, זיינען תמיד געזעסן קרעמער און קרעמערקעס, פון באגינען ביז שפעט אין דער נאכט, זומער זיך געפרעגלט פון היץ און ווינטער געוואַרימט די פארפראָרענע ביינער איבער

גרויסע "פייער־טעפ", און האבן אויסגעקוקט אויף א קונה ווי מיט ליכט. ווי גיך עס פלעגט זיך באווייזן א פויער אדער א פויערטע פון דארף, פלעגן באלד אויפשפרינגען די קרעמער מיט די קרעמערקעס פון זייערע ערטער און נעמען שלעפן דעם גוי אדער די גויע ביי די פאלעס, יעדערער צו זיך אין קרעמל. אבער איז די גרויסע מערק־טעג, און ווער רעדט נאך אין די יערלעכע יארידן, ווען הונדערטער פויערים פלעגן זיך צונויפפארן פון די ארומיקע דערפער צו פארקויפן זייערע דארפישע פראדוקטן און פארן אפגעלייזטן געלט איינקויפן "שטאטישע סחורות", דאמאלסט האט מען שוין געשעפט פרנסה ממש מיטן לעפל; דעמאלט האבן שוין געסטאיעט גענוג גויים פאר אלע יידישע קרעמער.

דאנעבן האט דאס קליינע, שטילע פארשטעטעלע זאסטאוויע, וואס איז געלעגן אין אן "אדעלינע", אויף יענער זייט בריקן, ניט געהאט קיין זאך מיט וואס זיך איבערצונעמען. געלעגן איז עס אין א טאל, איינגאנצן אן א זייט, ווי א פארגעסענע פון גאט און פון לייט. אירע עטלעכע צענדליק שיטערע, צעווארפענע שטיבלעך, מיט די שטרויענע און שינדלנע דעכלעך, האט מען קוים ארויסגעזען. געלעבט האבן דא בסך הכל ארום פינף הונדערט נפשות. פארמאגט האט עס ניט מער ווי צוויי קליינינקע בתי־מדרשים און מיט להבדיל אן אלטער קהלשער באד, וואס האט זיך געהאלטן ווי אויף משקולות, אזוי אז ווען מען איז אריין און ארויס פון איר בשלום מיט גאנצע ביינער, האט מען געדארפט גומל־בענטשן . . . און כלי־קודש האט עס אויך פארמאגט ניט מער ווי א מורא הוראה (דיין), א שוחט, מיט א דריי־פיר דרדקי און גמרא מלמדים. און מיט די איבעריקע קהלשע הצטרכותן איז עס שוין געווען איינגאנצן אנגעוויזן אויפן חסד און גנאד פון דער שכנישער "שטאט" קא־מענעץ, וואס האט ווי א הון א קוואקע אויף אירע הינדעלעך, אויסגעשפרייט אירע פליגל אויף די ארומיקע קלענערע ישובים.

* * * * *

צווישן "שטאט" קאמענעץ, וואס האט זיך געהאלטן פאר אן "עיר ואם בישראל" און איר "טאכטער"־שטעטעלע זאסטאוויע, האט קיין באזונדערער "שלום־בית" ניט געהערשט. דאס איז געווען אן אלטע שנאה, ווי עס טרעפט אמאל צווישן אייגענע. דאס איז געווען צוליב "קאראבקע", דער "טאקסע", וואס די קאמענעצער ראשי הקהל פלעגן ארויפלייגן אויף די זאסטאוויער, וואס לויט זייערע רייד, איז אפטמאל ניט געווען על פי יושר . . . אבער גיכער פון אלץ איז די שנאה צווישן זיי געווען צוליבן "שטיקל קרקע". . . ווארים דאס קליינינקע פארשטעטעלע זאסטאוויע, וואס האט פארמאגט אירע אייגענע כלי קודש, ווי א מורא הוראה, א שוחט און אויך אירע קהלשע אינ־סטיטוציעס, ווי בתי־מדרשים און אויך להבדיל א מרחץ, האט אבער ניט זוכה געווען צו האבן איר אייגענעם "בית החיים" און געמוזט אנקומען מיט אירע מתים צו דער קאמעניצער "חברה קדישא", וואס האט תמיד געהאט די טבע צו שינדן די הויט פון א זאסטאוויער מת . . .

צווייטנס, האבן די קאמענעצער יידן, וואס זיינען מערסטנטייל געווען

סוחרים, קרעמער און בעלי מלאכות, געקוקט פון אויבן אראפ אויף די קליינשטעטלדיקע זאסטאוויער, ווי זיי וואלטן טאקע געווען פראסטע, מגושמדיקע ישובניקעס, ערד־מענטשן, וואס ליגן אפ דעם גאנצן זומער אין די "אספערעס", צווישן די בייטן פון אייגענע און געדונגענע גערטנער; קארמענען זיך בסדר מיטן שווארצן "ראזעווען" ברויט און מיט גרינע און זויערע אוגערקעס. און דערפאר טאקע האט מען זיי א נאמען געגעבן "זאסטאוויער אוגערקעס"...

פון דער צווייטער זייט, האבן די זאסטאוויער געקוקט אויף די כאמענעצער, ווי אויף אמתע פוסטע־פאסניקעס, שטעקל־דרייער, קרעמערס מיט ק־עמערשע נשמות, וואס האבן א טבע צו שינדן די הויט פונם ארימען קונה... און דערצו נאך זיינען זיי אזעלכע גרויסע נאשערס, אמתע זולל וסובאניקעס, וואס פארגינען זיך צו עסן, אפילו אין דער וואכן, פלעצל מיט מאן... און פארן רופן זיי מיט אזא ניט־שיינעם נאמען ווי "זאסטאוויער אוגערקעס", האבן זיי זיי אפגעצאלט מיט נאך אן ערגערן, חוזקדיקן צונאמען — "קאמעניצער סלופעס", וואס דאס האט זיי געטראפן אין סאמע זיבעטן ריפ אריין... דאס האט געמיינט צו זאגן, אז וואס שייך געלט מעגט איר, גרויס־שטאטישע, טאקע האבן פולע, אנגעשטאפטע טייסטערס. אבער ווען עס קומט צו שכל, צו חכמה, פארמאגט איר ניט מער וויפל עס האט אייער גרויס־שפיציקער "סלופ" — די היסטארישע "באשניא", וואס שטייט אויפן הויכן בארג און פאררייסט שטענדיק איר נאז אין דער הויך...

דערפאר אבער האבן די זאסטאוויער גופא געלעבט צווישן זיך בשלום. הגם אויך דא פלעגט ניט איינמאל אויסברעכן מחלוקתן, קריגערייען, ווי למשל, שבת און יום־טוב איבער אן "עליה": שמחת תורה, איבער א פסוק "אתה הראית", איבער א הקפה, אדער גאר להבדיל צוליב א "מעזשע", א שטיקל ערד וואס איין שכן האט מיט זיין אקער, צי מיט זיין גדר (א פלויט) פארנומעןביים צווייטן שכן, אדער א פרעמדע בהמה האט זיך אריינגעגנבעט צו אים אין גארטן און אנגעמאכט א חורבן: צעטראטן די "כמעליעניעס" פון די יונגענקע אוגערקעלעך, אפגעגעסן די "באטשווינע" פון די בוריקלעך און מערעלעך. דעמאלט פלעגן שוין פליען הייסע, פייערדיקע פעטש, וואס האבן אפגעקלונגען אזש אין דער "גוישער גאס"...

עס האט אבער ניט געדויערט לאנג ווי מען איז באלד צוריק שלום געווארן, ווי עס איז דער שטייגער צווישן שכנים, צווישן אייגענע, וואס האבן זיך אויפגעהאדעוועט איניינעם, אויף דער אייגענער מאמע־ערד.

# די מתים־גאס

שטעטעלע זאסטאוויע, וואס האט שטענדיק געהאט תרעומות אויף דער שכנישער שטאט קאמעניץ, וואס באהאנדלט זי ווי א שטיפמוטער, האט אליין אויך היבשלעך אונטערגעזינדיקט קעגן אירע אייגענע ברידער־זאס־טאוויער, וועלכע זי האט איינגעטיילט אויף צוויי באזונדערע קלאסן, אויף מיוחסים און נחות־דרגאניקעס, ווי צום ביישפיל:

שטעטעל זאסטאוויע איז באשטאנען פון איין לאנגער הויפט־גאס, מיט א דריי־פיר קלענערע הינטער־געסלעך. די הויפט־גאס האט זיך געהאט געצויגן פון מזרח, פון טייך לעשנא, ביז העט־וויט צו די "וועטראקעס", די ווינט־מילן, וואס האבן זיך געפונען אין מערב־זייט פון שטעטל. אין סאמען מיטן פון אט דעם לאנגן, ברייטן "דרך המלך", האט דורכגעשניטן א גראבן, א קאנאווע, וואס איז פון אויבן געווען באדעקט מיט א צעלעכערטן בריקל, און האט צעטיילט זאסטאוויע ווי אויף צוויי באזונדערע שטעטלעך, וואס לויט זייער כאראקטער זיינען זיי געווען וויט איינס פון אנדערן, ווי מזרח פון מערב.

די "ערשטע" גאס, וואס איז געלעגן פון די מילן ביז גראבן, האט זיך געהאלטן פאר דעם אויבערשטן פון שטייסל. דא האבן געוווינט די סאמע "פני העיר", די רעדל־פירער, די קהלשע פארזארגער, די גרויסע יאבעדניקעס, וואס האבן ניט געקאנט פארליידן קיין עוולות.

האט ווען עס איז די "גוישע גאס" זיך "צעכרוקעט", וואס דאס האט שוין ניט איינמאל געהאט געטראפן, און געוואלט צונעמען פאר זיך דעם גאנצן "וויהאן", די קהלשע פאשע־פעלד, האבן אלע זיך באלד געגעבן א שטעל אויף, ווי איין מאן, און זיינען ארויס אין א מלחמה קעגן דער גוישער גאס, ביז זיי האבן אפגעראטעוועט דעם וויהאן פאר די יידישע בהמות. האט מען צוליב א וויכטיקן קהלשן ענין געדארפט פארן קיין גראדנע, אין דער גובערניע, אדער אזש קיין פעטערסבורג אפצושרייען א גזירה, איז מען גע־פארן. האט אמאל א צעיושעטער גוי געהאט פארטשעפעט א יידן, איז ער פון זייערע הענט שוין ניט ארויס מיט קיין גאנצע ביינער. עס איז, ברוך השם, געווען ווער עס זאל זיך איינשטעלן פארן יידישן כבוד. ווארים דא האבן געלעבט א חברה יונגע, געזונטע יאטן, וואס האבן זיך ניט געלאזט שפייען אין דער קאשע. ווען נאר מ׳האט געדארפט, איז געווען ווער ס׳זאל דערלאנגען א גע־שמאקן טערעבעניץ, אז אמתן "מתנת יד"...

דאגעגען אבער, אין דער "צווייטער" גאס, וואס איז געלעגן אויף יענער זייט גראבן מיטן הילצערנעם בריקל, און וואס האט זיך געהאט געצויגן ביז צום סאמע ברעג טייך, איז שוין געווען גאר אן אנדער שטעטל, מיט אנדערע מענטשן. דארטן האבן געוווינט די מער מיושבדיקע באלעבאטים, באיארנטע יידן, א טייל מיט שניי־ווייסע בערד און פאות, מיט זיידענע פאר־גארטלטע קאפאטעס. זיי זיינען געגאנגען מיט שטילע, געמאסטענע טריט, גערעדט שטיל, באזאכט, ווי ס'פאסט פאר גאטספארכטיקע שבת־יידן. זיי האבן א סך געדאוונט, א סך געלערנט, האבן זיך אפגעגעבן מער מיט עולם הבא איידער מיט עולם הזה. דערפאר האט מען זיי א נאמען געגעבן די מתים־גאס. און אז די זאסטאוויער לצים, מיט זייערע שארפע צינגלעך, ניט געדאכט זאלן זיי ווערן, האבן עמיצן באטיטולט מיט א צונאמען, איז דאס טאקע געווען ווי אנגעמאסטן. ווארים אין פארגלייך מיט דער "ערשטער" זאסטאוויע ווו עס האט שטענדיק געברויזט מיט לעבן, האט אין דער "צווייטער" זאסטאוויע גע־הערשט א שטילקייט ווי אויף א בית־עולם. זעלטן ווען ס'איז דארט פארגעקו־מען א גרויסע מחלוקת, צי א געשלעגעריי. אפילו די פאר "שקצים", וואס האבן זיך דארט געפונען, האבן אויך ניט געהאט דעם מוט און אויך עפעס מורא געהאט צו פארפירן א דראקע . . . אפשר האט זיך דאס גענומען דערפון וואס אין אט דער דאזיקער "מתים־גאס" האט געוווינט דער אלטער מורה הוראה, ר' לייזער וועלוול, וואס איז געזעסן יום־ולילה אין בית־מדרש על התורה ועל העבודה. איז ווער וועט עס וואגן צו קריגן זיך און חס ושלום צו שלאגן זיך אין דער אנוועזנהייט פון אזא צדיק תמים? איז טאקע דארט געווען שא־שטיל, ווי עס פאסט פאר א מתים־גאס . . .

האבן ביידע גאסן זיך געלעבט אפגעזונדערט איינע פון דער אנדערער, ווי זיי וואלטן זיך געווען אנגעהערט צו צוויי באזונדערע, פרעמדע שבטים. די, פון דער ערשטער גאס, האבן זיך געטוליעט צו זייער בית־מדרש "החדש", און די "מתים" פון דער צווייטער גאס — צו זייער בית מדרש "הישן". אט די דאזיקע אפגעזונדערטקייט איז שוין געהאט דערגאנגען אזוי ווייט, אז אפילו די קינדער פונם זעלבן שטעטל האבן זעלטן זיך געחברט מיט די קינדער פון דער מתים־גאס. איז אייך איז זייער זעלטן ווען געשלאסן געווארן א שידוך צווישן א בחור פון דער גאס מיט א מיידל פון דער מתים־גאס, ווי שיין, ווי רייך און ווי געלערנט די כלה־מיידל זאל ניט געווען זיין. און אזוי אויך פארקערט.

פאר דער וועלט איז טאקע שטעטלע זאסטאוויע געווען פאררעכנט פאר איין שטעטל, אבער אין דער אמתן זיינען דאס געווען צוויי באזונדערע שטעטלעך, אדער בעסער געזאגט: א שטעטל אין א שטעטל, וואס איינע האט ניט געקענט פארטראגן דער אנדערער. א, וואס האט שוין ניט געהאט אויס־געטראכט "די ערשטע" זאסטאוויע אויף איר "שוועסטער", דער "צווייטער" זאסטאוויע? האט זי אנגערופן מיט כלערליי צונאמענס, אז ס'איז ממש א חרפה צו דערציילן, ווי למשל, כניאקעס, באנק־קוועטשערס, אויסגעווייקטע הערינג, אויסגערויכערטע ליולקעס, טאבעק־שמעקערס, זיידענע קאפאטעס,

שמונה־זיתדיקע יידעלעך און נאך אזעלכע ענלעכע מיאוסע צונאמענס . . . פאר אזעלכע זילזולים און באליידיקונגען, האט שוין אפילו די מתים־גאס ניט געקאנט שווייגן: זי האט זיי אפגעצאלט מידה כנגד מידה, מיט נאך ערגערע און מיאוסערע נעמען: גראבע יונגען, עם הארצים, פויערים, פערד־שמייסער, יאבעדניקעס, אוחז־בידניקעס און נאך און נאך אזעלכע כפל־שמונההדיקע נעמען.

דערפאר ווען מען האט געדארפט גיין אפשרייען א גזירה אויף יידן, אדער גיין פראטעסטירן קעגן אן עוולה פונם קאמעניצער "ועד הקהל", צי קעגן די קאמעניצער "חברה קדישא", וואס האט געהאט א טבע צו "רייסן פאסן" פון א זאסטאוויער מת . . . דעמאלט איז אויפגעשטאנען די "ערשטע" זאסטאוויע ווי איין מאן, געקומען און ארויסגעריסן די באלעבאטים פון דער "מתים־גאס" פון זייערע הייזער און פונם בית־מדרש, און אלע צוזאמען זיינען אוועק אין "שטאט" אויסקעמפן זייער רעכט. אבער ווי גיך מ'האט אויסגעפירט וואס מ'האט געדארפט, איז מען זיך ווידער צעגאנגען ווי פרעמדע. די אין זייער "ערשטער" גאס און די צוריק אין דער מתים־גאס . . .

ערשט מיטן אנקומען פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע, וואס האט, ווי א וואלד־שריפה, זיך געהאט פארשפרייט איבער אלע שטעט און שטעטלעך פונם יידישן "תחום המושב", און איז שוין אויך געהאט דער־גאנגען צום פארוואָרפענעם שטעטעלע זאסטאוויע, ווו ס'האט זיך אנגעהויבן א גאנצע "סדרה" מיט "סאבראניעס", "סכאדקעס", אונטערערדישע פארזאמ־לונגען, ווי ביי לייטן, כדי וואס גיכער אראפצוווארפן דעם צאר ניקאליי השני פון זיין טראן, און איינפירן די "סוואבאדא", ערשט דעמאלט, נאר א דאנק דער רוסישער רעוואלוציע, איז געווארן שלום צווישן דער לעבעדיקער זאסטאוויע מיט דער זאסטאוויע פון דער מתים־גאס.

אבער, למען האמת, כדי צו זיין היסטאריש מער פינקטלעכער, דארף דא אויך געזאגט ווערן, אז דער דאזיקער "שלום בית", וואס איז ענדלעך געשלאסן געווארן צווישן דיביידע "שטעטעלעך" זאסטאוויע, איז דאס ניט געווען בלויז אין זכות פון דער רוסישער רעוואלוציע, נאר גיכער פון אלץ אין זכות פון די עכט שפאנענדיקע און פארכאפנדיקע יידישע און רוסישע ראמא־נען, אויף וועלכע די שטעטלשע בחורים און מיידלעך האבן זיך געהאט ארויפגעווארפן מיט לייב און לעבן און זיי געשלונגען ממש ווי די האלעש־קעס . . . נאר א דאנק אט די דאזיקע הארץ־פארכאפנדיקע ראמאנען, האבן זיך אנגעהויבן שפינען און וועבן צווישן זיי אמתע ראמאנען, מיט אמתע ברענענדיקע און צאפלדיקע ליבעס . . . אזוי ארום איז ענדלעך צושטאנד גע־קומען דער שוין פון לאנג געגארטער שלום צווישן די צוויי פארקריגטע "שטעטעלעך" און עס איז מיט מזל צוריק געווארן איין שטעטעלע זאסטאוויע.

# דער טייך

צווישן שטעטעלע זאסטאוויע און שטאָט קאמעניץ איז אויך אנגעגאנגען אן אלטע מחלוקת איבער דעם טייך לעשנא. די זאסטאוויער האָבן געהאלטן, אז דער טייך איז אינגאנצן זייערער. די קאמעניצער האָבן געטענהט פונקט פארקערט, אז ער געהערט נאָר צו זיי, א סימן, דער מרא דאתרא, דער רב זייערער, זאָל מאריך ימים זיין, ווען ער שרייבט א גט פטורין, שרייבט ער אריין "על נהר לעשנא", ווי דער דין איז. אָבער שטעטעלע זאסטאוויע, ניט עס האָט א באזונדערן רב און ניט עס שרייבט גטן על נהר לעשנא. טאָ ווי אזוי קען עס גאָר זאָגן, אז דער טייך איז אירער? . .

דערפאַר אָבער, זומער־לעבן, פרייטיק נאָך א האלבן טאָג, ווען שטאָט קאמעניץ האָט אראָפגענידערט פון איר הויכן בארג, מאנצבילן באזונדער און ווייבער באזונדער, און איז צוגעקומען צום ברעג טייך, און שטעטעלע זאס־טאוויע פון דער צווייטער זייט טייך, זיך אויסבאָדן, זיך אויסטובלען לכבוד שבת, דעמאָלסט, אינם זכות פונם הייליקן שבת, האָבן ביידע פארקריגטע צדדים געמוזט מודה זיין, אז דער טייך איז טאקע א בשותפותדיקער.

אָבער אויך אפילו דענסטמאָל, פלעגן שטאָט און שטעטל זיך באַלד צעטיילן אויף צוויי באזונדערע מחנות, און גענומען זיך פארמעסטן ווער וועמען ס'וועט אריבעריאָגן אין שווימען, אין "לייגן־קלאפטער", און ווער פון זיי ס'וועט זיך קאָנען אראָפלאָזן אויפן סאמע דנאָ פון דער גרויסער, מוראדיקער "קעסל־גרוב" און ארויפקומען מיט א שטיין אין האנט, צי מיט אן אנדער סימן, אז ער האָט ווירקלעך באטראָטן מיט די פיס דעם טיפן אָפגרונט זיינעם.

א, ווער ס'האָט ניט געזען אָט יענע פריילעכע פרייטיק פארנאכטן, וואָס האָבן זיך אָפגעשפּילטביים טייך, דער וועט שוין קיינמאָל ניט פארשטיין די גרויסע שמחה פון א ניצחון! די זיגרייכע געשרייען און געלעכטערס פון איין צד אויפן חשבון פונם צווייטן, האָבן זיך געהאָט צעטראָגן העט־ווייט איבער די לאָנקעס און איבער די אָלשינע וועלדלעך, וואָס האָבן זיך געפונען ביי זיין ברעג. ביז די זון, א פלאָמיק־רויטע, מיט א פנים ווי פון דער שבת־מלכה, האָט גענומען זיך ארונטערלאָזן אלץ נידעריקער צום טייך און דער טייך איז גע־ווען באקליידט מיט א שבתדיקן פורפור־מאַנטל, דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלעשן די פריילעכע געשרייען און די געלעכטערס. איטלעכער האָט זיך גענומען איילן אהיים, כדי חלילה ניט צו פארשפּעטיקן צו קבלת־שבת . . .

* * * * *

ווען די לעבעדיקע, צאַפּלדיקע פיש אינם טייך לעשנא, וואָס האָבן געשמט אין דער גאַנצער געגנט מיט זייער געשמאַקן טעם, וואָלטן געקאָנט ריידן, וואָלטן זיי געוויס געוועזן אָפּגעגעבן אַ גבית עדות, אַז דער טייך לעשנא געהערט אויסשליסלעך צו די זאַסטאַוויער. וואָרים שוין לאַנג ווי זיי זיינען אַנטלאָפן פון די קאַמעניצער ברעגן און ניט געוואָלט אפילו אהין אַ שמעק טאָן. און שולדיק אין דעם זיינען געווען די קאַמעניצער אַליין.

ערשטנס, האָבן די קאַמעניצער בעלי־עגלות געהאַט אַ טבע צו פירן "אָנפּאָיען" זייערע פערד דווקא צום טייך. און פאַר איין וועגס, האָבן זיי זיי שוין דאָרטן געבאָדן, געוואַשן און געצוואָגן און זיי געקעמט מיט אַזעלכע אייזערנע בערשט, און מיט דעם שטאַרק צעבוטשעט דאָס וואַסער אין טייך, פון וואָס די פיש איז ניט צוגעקומען קיין איבעריקן געזונט . . .

צווייטנס, האָבן די קאַמעניצער וואַסער־טרעגער און וואַסער־פירער געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, אין איין קומען צום טייך אָנצופילן זייערע עמערס און זייערע באַטשקעס (פעסער) מיט וואַסער, כדי די שטאָט, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויכן באַרג, זאָל האָבן גענוג צום טרינקען. פאַרשטייט זיך, אַז די פיש האָבן דאָס ניט געקאָנט דולדן, וואָס מען האַלט זיי אַלע ווײַלע אין איין שטערן זייער רו.

און דריטנס, וואָס דאָס איז שוין געווען פאַר זיי דאָס ערגסטע: אָרימע ווײַבער און דינסט־מיידלעך פון די רייכע גבירנטעס, פלעגן יעדער מאָנטיק און דאָנערשטיק קומען צום טייך וואַשן זייערע געפּעק וועש, צעלייגן פייערן אונטער די גרויסע, בלעכענע און קופּערנע קעסלען, אויף אויסצוקאָכן דאָס גרעט. דער גאַנצער ברעג איז דעמאָלט באַדעקט געוואָרן מיט זיילן־רויך, וואָס האָבן זיך געהאַט צעשפּרייט העט־ווייט איבערן פּנים פונם טייך. דערצו נאָך פלעגן זיי קלאַפּן און טראַסקען איבער יעדער שטיקל וועש מיט אַזעלכע גרויסע, שווערע, הילצערנע פּראַטשעס, און אָנגעמאַכט אַזעלכע קולות, וואָס האָבן אָנגעיאָגט אַ טויט־שרעק אויף די פיש אין וואַסער. זיינען די פיש געוואָרן גוט אין כעס, ביז אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי פאַרקירעוועט דעם דישל און אריבערגעשווומען אינגאַנצן אויף דער זאַסטאַוויער זייט. דאָרטן האָבן זיי ערשט אָפּגעלעבט — קיינער האָט זיי דאָרט ניט געשטערט, קיינער האָט זיי ניט באַאומרויִקט. און טאַקע דאָרט האָבן זיי ערשט אָנגעהויבן זיך צו פרוכ־פּערן און זיך צו מערן וויפל נאָר זייער האַרץ האָט געגלוסט.

אָבער פון דער דאָזיקער פיש־איבערוואַנדערונג האָבן די זאַסטאַוויער יידן קיין סך ניט גענאָסן. וואָרים וועלכער ייד וועט זיך דאָס אונטערנעמען צו גיין ווערן אַ פישער, כאַפּן פיש מיט אַ ווענטקע צי אפילו מיט אַ נעץ? דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אַ גוי . . . איז, ווי אַלעמאָל, יעדער ערב שבת און יעדער ערב יום־טוב, ווען אַ ייד גלוסט זיך אַזוי שטאַרק צו געניסן כאָטש אַ שטיקעלע פיש, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון "בשר ודגים וכל מטעמים", האָט מען נאָך אַלץ געדאַרפט אָנקומען צום פישער פון דער גוישער גאַס נאָך זיין בינטעלע פיש.

אבער די "שטאָטישע" קאָמעניצער יידן, די אמתע זולל וסובאניקעס, פלעגן יעדער פריטיק אינדערפרי קומען צו לויפן, אָפּשטיין שעהן לאנג אויף די בריקן, האלטן אין איין "טשאַטעווען" אויפן גויישן פישער און צוכאַפּן ביי אים די צאַפּלדיקע פיש ממש פון אונטער די הענט פון די זאַסטאַווער ווייבער, וואָס האָבן שוין לאנג געהאַט א חזקה אויף זייער שכנישן, גויישן פישער . . .

די דערצאָרנטע זאַסטאַווער יידענעס פלעגן דאַן אַרויסבאַגלייטן די קאָמעניצער פרעסערס פון זייער גבול מיט קללות און חרמות, אז דער עונג שבת זייערער זאָל זיי אויספּאַלן באַקאַם; אז א פיש־ביינדל זאָל זיך זיי שטעלן אינם טריפּענעם האלדז . . . און נאָך אזעלכע "געשמאַקע" קללות.

ס'האָט שוין אָבער ניט איינמאָל געטראָפן ווען גאַנץ שטעטעלע זאַס־טאַוויע איז שיר ניט פאַרפלייצט געוואָרן מיט פיש. דאָס פלעגט געשען אין סאַמע רעכטן מיטן ווינטער, ווען ס'איז פּלוצלונג געוואָרן אַן "אָדעליגע", דער געדיכטער שניי האָט אָנגעהויבן שמעלצן, ס'האָט גענומען קאַפּען פון די דעכער און די פיש אונטערן פאַרפראָרענעם טייך איז געוואָרן שטאַרק דושנע, אזוי אַז ס'האָט זיי פּראָסט און פּשוט פאַרפעלט לופט מיט וואָס צו אָטעמען. פלעגן זיי זיך צונויפנעמען מאַסנווייז און מיט אלע כוחות דורכברעכן דעם דיקן אייז און אָנהייבן זיך שפּאַרן אינדרויסן אַרויס.

באַלד האָט זיך די גוטע נייעס צעטראָגן איבערן שטעטל. עס איז געוואָרן א גדולה, א שמחה, און אלע אינייַנעם האָבן געשריען:

— א פּראַדוכע! א פּראַדוכע!

איטלעכער האָט באַלד געוואָרפן זיין אַרבעט און אלע ווי איינער האָבן געכאַפּט ווער א טאָפּ, ווער אן עמער און ווער א באַליע — וואָס נאָר ס'איז זיי געקומען אין האַנט אַריין, און אַוועקגעלאָפן מיט דעם צום טייך, ווי עס וואָלט זיך דאָרט פּלוצלונג אַנטפּלעקט פאַר זיי אן אוצר. עס איז גאָרנישט ניט צו באַשרייבן וואָס ער האָט זיך דערמאָלט אָפּגעטאָן ביי אָט דער דאָזיקער פּראַדוכע! יונג און אלט, קליין און גרויס, האָבן ממש מיט די הוילע הענט אָנגעשעפּט פולע הויפנס מיט פיש. און ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען אָנגעצונדן שטורקאַצן און פאַרן ליכט פון די פלאַקערדיקע שטורקאַצן, האָט מען א גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין איין זאַמלען די גרויסע, לעבעדיקע, צאַפּלדיקע פיש, טאָס האָבן זיך ממש ווי געבעטן, אז מ'זאָל זיך אויף זיי דערבאַרימען און וואָס גיכער זיי אַרויסראַטעווען פון זייער הייסן אייז־גיהנום.

באַלד האָבן יידן, און אויך להבדיל גויים, געשפּאַנט פערד און וועגע־נער, אַרויפגעשטעלט די פולע קאַשיקעס, עמערס און באַליעס מיט פיש און מיט זיי "אַוועקגעפּאַטשט" אין די שכנישע שטעטלעך, וווּ מ'האָט באַלד צע־כאַפּט די "מזלדיקע" פיש, ווי מצה־וואַסער.

פון אָט דעם דאָזיקן "מזל דגים", מיט וואָס דער רבונו של עולם האָט געהאַט געבענטשט מיט זיין פולער האַנט די זאַסטאַווער יידן, האָבן שוין אויך געהאַט גענאָסן די קאָמעניצער יידן, ווייל מען איז דאָך עפּעס פאָרט אחינו בני ישראל, קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב, ווי זאָגט איר, ניט אזוי?

# יידישע גאס און גויישע גאס

מען קאן זאגן, אז צווישן שטעטעלע זאסטאוויע מיט אירע שכנים פון דער "גויישער גאס", האט תמיד געהערשט "שלום בית". גאנץ אפט פלעגט א ייד כאפן ביים רייכן מעשטשאן פון דער גויישער גאס א גמילות חסד צו האבן מיט וואס ארויסצוציין דאנערשטיק אויפן מארק, צו פארדינען עפעס אויף שבת. ווו א צרה און ווו אן אומגליק, פלעגט דער גוי באלד קומען צו לויפן צום יידן, דעם שכן, זיך שואל עצה צו זיין.

זומער, ווען עס פלעגט אויסברעכן א שריפה אין שטעטל, און עס איז געווען א געפאר, אז אלע יידישע הייזלעך מיט די שטרויענע און שינדלענע דעכלעך זאלן חלילה אוועקגיין מיטן פייער, פלעגט באלד קומען צו לויפן די גויישע גאס מיט עמערס און מיט באטשקעס, מיט העק און מיט בארסיקעס, און נעמען לעשן די יידישע שריפה. און אזוי אויך פארקערט, די יידישע גאס פלעגט לויפן ראטעווען זייערע גויישע שכנים. ווי האט דען אנדערש געקאנט זיין?

אבער פונקט ווי דער טייך לעשנא פלעגט איינמאל אין יאר, פרילינג־צייט, פלוצלונג זיך צעשטורעמען און פארטרינקען די ארומיקע לאנקעס און גערטנער, און אוועקשלעפן די בריקן מיטן שטראם, אזוי אויך פלעגט ניט איינמאל אויסברעכן א קריגעריי, א געשלעג צווישן דער גויישער גאס און דער יידישער גאס, וואס פלעגט צעשטערן די שטענדיקע אידילישע שטילקייט פונם שטעטעלע.

דאס פלעגט געשען מערסטנטייל צוליב דעם וויהאז, דעם קהלשן שטיקל פאשע־פעלד, איבער וועלכן ס'איז אנגעגאנגען אן אלטער סכסוך, וואס איז כדאי צו באשרייבן.

בידוע איז שטעטעלע זאסטאוויע געווען אמאל, לויט ווי עס איז געווען פארשריבן אין אלטע פנקסים און לויט ווי אלטע־לייט פלעגן דערציילן, אינגאנצן א יידיש־פויערים שטעטל. די גאנצע סביבה מיט אירע פעלדער, גערטנער און לאנקעס האבן געהערט דורכוים צו יידישע באלעבאטים, וואס זיינען פון קדמונים אן געווען ערד־מענטשן. נאר מיט דער צייט, אין פארלויף פון יארן, איז די יידישע ערד איבערגעגאנגען אין גויישע הענט, צוליב די און אנדערע סיבות: האט אן ארימער יידישער פויער געדארפט טאן א שידוך מיט א טאכטער, איז ער געצוווּנגען געווען צו פארקויפן זיין שטיקל פעלד, אדער זיין גארטן, צו א גוי און מיט דעם געלט געסילוקט דעם צוגעזאגטן נדן און

געפראוועט די חתונה מיט די "שבע ברכות"; האט דער זון ניט געוואלט גיין דינען דעם רוסישן קייסער און געדארפט אנטלויפן אזש קיין אמעריקע, האט מען, בלית ברירה, געמוזט אפשניידן א פאס־ערד און עס פארקויפט צום שכנישן גוי; האבן אונטערגעוואקסענע זין און טעכטער זיך ארויסגעלאזט זוכן גליקן ערגעץ אין די מרחקים, און די אלטע טאטע־מאמע האבן שוין אליין מער קיין כוח ניט געהאט נאכצוגיין נאכן אקער, האט מען ווידער דאס לעצטע שטיקל פעלד געמוזט פארקויפן צום שכנישן מעשטשאן און מיטן געלט זיך געשפייזט דאס ביסל געשענקטע יארן. אזוי ארום איז ביסלעכווייז די יידישע ערד אריינגעפאלן אין גוישע הענט.

שטעטעלע זאסטאוויע האט אויך פארמאגט א גרויסן וויהאן, א קהלשן פאשע־פעלד, וואס לויט אן אלטער לעגענדע האט ער אמאל באלאנגט צו א רייכן יידישן פריץ, וואס האט אים אוועקגעשענקט דעם שטעטל. יארן־לאנג האבן זיך דארט געפאשעט יידישע בהמות אינאיינעם מיט גוישע חזירים. אבער די "יחסנישע" שאף און רינדער זייערע, האבן די מעשטשאנעס ניט געוואלט, אז זיי זאלן זיך פאשען צוזאמען מיט די יידישע בהמות אויף דעם ארעמען "זשידאווסקין וויהאן", ווי זיי האבן אים גערופן, נאר געפאשעט זיי באזונדער אויף זייערע רייכע, פעטע פאשע־פעלדער. הגם די חזירים מיט זייערע געזונטע, חזירשע שנוקעס, פלעגן דעם יידישן וויהאן צעראיען, אויסמישן אים מיט דער ערד צוגלייך, פונדעסטוועגן האבן די יידן געשוויגן — א ברירה האט מען געהאט, מען איז דאך עפעס אין גלות! . .

אבער וואס מער די גוישע גאס האט זיך גענומען אויסשפרייטן אויפן חשבון פון דער יידישער גאס, אלץ מער האבן די גוים אנגעהויבן ווערן ביי זיך האפערדיקער און חוצפהדיקער. זיי האבן גענומען זוכן כלערליי עצות ותחבולות ווי צו פארכאפן אינגאנצן פאר זיך דאס איינציקע שטיקל יידישע פאשע־פעלד, אזוי אז קיין יידישע בהמה זאל מער אהין ניט האבן קיין דריסת הרגל. פלעגן זיי ניט איינמאל זיך באוואפענען מיט דובינעס, מיט ווילקעס און מיט קאסעס, און ארויסגיין אין א מלחמה קעגן די יידישע "סקאטינעס". . . די זאסטאוויער יידן אבער, וואס זיינען אויך ניט געווען קיין "שיפע זיבעלעד", פלעגן זיך אויך באוואפענען מיטן כלי־זין פון "הידים ידי עשו" און אויך אבוים אין מלחמה קעגן דער גוישער גאס. בלוט האט זיך דעמאלט גענאסן פון ביידע צדדים. יידן זיינען געגאנגען ווי אויף "קידוש־השם", ווי אויף א "מלחמת־מצווה", צו פארטיידיקן דעם יידישן כבוד און אויך צו ראטעווען און באשיצן פון גוישע הענט זייערע אומשולדיקע בהמהלעך, וואס מען האט אליין אויסגעהאדעוועט מיט אזויפיל שווערער מי און פראצע.

אבער צום גליק פלעגן אט די דאזיקע מלחמות לאנג ניט געדויערן. דער שטורעם פלעגט זיך איינשטילן — און שטעטל פלעגט באלד צוריק באקומען איר פריערדיקן, נארמאלן, רויקן פנים, ווי קיין זאך וואלט ניט געשען.

* * * * *

א חוץ די אפטע קריגערייען, וואס פלעגן פארקומען צווישן דער גוישער

און יידישער גאס, איבער דעם קהלשן וויהאן, איז אויך אנגעגאנגען א שטענדיקע "מלחמה" איבער דעם טייך אין שטעטל. "עשום איניקלעך", פון דער גוישער גאס, האבן געהאלטן, אז דער טייך לעשנא געהערט איבגאנצן צו זיי. די "קינדער פון ישראל" האבן געטענהט, אז זיי האבן אויך א חלק אינם טייך.

זומער, אין די סאמע הייסע טעג, ווי נאר מען איז פטור געווארן פון די אומעטיקע "דריי וואכן" און פון די טרויעריקע "ניין טעג", וואס פאר תשעה־באב, ווען ס'האט זיך אזוי שטארק געגלוסט אריינצוווארפן זיך אין טייך און כאפן א שווים, פלעגן פלוצים אויסוואקסן, ווי פון אונדער דר'ערד, די "עמלקים" מיט זייערע בייזע הינט, און באפאלן די יידישע יינגלעך און אנמאכן צווישן זיי א שרעקלעכע מהומה, אז גאט זאל שומר ומציל זיין! מילא, וואס שייך די יינגלעך, איז נאך געווען צו דערליידן. ווער ס'האט נאר געקאנט האט באלד געכאפט זיין נאסן פעקל זאכן און געמאכט פליטה. די צרה איז אבער געווען, וואס די זעלבע ערלים פלעגן אויך באפאלן די אומשולדיקע "טעכטער פון ישראל", וואס האבן זיך געבאדן אביסל ווייטער. די פארצווייפלטע געשרייען און די גוואלדן פון די יידישע טעכטער פלעגן זיך טראגן אזש צום הימל — און ס'איז ניט געווען קיין שופט און קיין ריכטער, וואס זאל זיך איינשטעלן פאר זיי. אזוי איז געווען יאר־איין, יאר־אויס.

די יידישע קינדער האבן שוין ניט איינמאל געפרווט שליסן שלום מיט זייערע שונאים פון דער גוישער גאס; זיי געצאלט "מס", "קאנטריבוציע", וואס איז על פי רוב באשטאנען פון שטיקער געשמאקן פריטיקדיקן קארטאפל־טייגעכץ, פרישע בולקעלעך, פלעצלעך מיט ציבעלעס און מיט מאן, אבי צו פארשטאפן זיי דאס מויל און לאזן די יידישע קינדער אויך געניסן כאטש אביסעלע עולם הזה . . . איז כל־זמן די פאסטוכער־שקצים האבן זיך געלאזט ווילגיין מיט די יידישע מתנות, האבן דערווייל יעקב אבינוס איניקלעך אריינגעכאפט א רויקן שווים אין טייך . . . ווי גיך אבער די גוימלעך האבן מיט זייער וואלפישן אפעטיט פארצערט די שבתדיקע חלה מיט די געשמאקע פלעצלעך מיט מאן, האבן זיי באלד פארגעסן אויפן "ברית אחים", אויפן "ברידערלעכן בונד", וואס זיי האבן אקארשט געהאט געשלאסן מיט "די קינדער פון ישראל", און נאך מיט מער ווילדקייט און מיט נאך מער רציחה זיך ארויפגעווארפן אויף זיי . . . אזוי האט זיך דאס געהאט געצויגן יאר־איין, יאר־אויס.

אבער מיט דער צייט איז אויפגעשטאנען א נייער דור יידישע קינדער, וואס האבן זיך שוין מער ניט געלאזט שפייען אין דער קאשע. זיי האבן זיך גענומען אננעמען די קריוודע פארן יידישן כבוד, אפילו ווען מ'וועט דארפן איינשטעלן דאס אייגענע לעבן.

דאס איז געווען צו פארדאנקען די צוויי אמתע חברה־לייט, חיים־וועלוועלע שמראלניק און אריה־לייבעלע מזיק, ביידע מיט שארפע גמרא־קעפלעך, וואס זיינען געווען די פירער און די גאנצע בעלי דעה־זאגערס איבער דער מחנה יינגלעך פון דער יידישער גאס. אן זיי האט קיינער ניט געטארט אויפהויבן קיין האנט און סיין פוס. זיי האבן גענומען איינטענהן מיט זייערע "אונטערגעארדנטע" בזה הלשון:

— אַ, ווי לאַנג וועלן מיר זיך לאָזן טרעטן פון די שונאים פונם יידישן פאָלק?! שוין צייט צו מאַכן א סוף צום פינצטערן יידישן גלות! קומט, ברידער, לאָמיר אויפשטיין אלע ווי איינער און באַפרייען די יידישע גאַס, וואָס ליגט, ווי א געפאַנגענע, אין די הענט פון דער גויישער גאַס ! . .

לכתחילה האָבן די קינדער אָנגעשטעלט אויף זיי צעשראָקענע אויגן און ניט פאַרשטאַנען וואָס זייערע "פירערס" פאַרלאַנגען פון זיי. וואָס הייסט, זיי וועלן זיך גיין שלאָגן מיט דער גויישער גאַס, פאַר וועלכער זיי האָבן אַזוי שטאַרק געציטערט? אָבער דאָ האָט זיך באַלד געגעבן א שטעל אויף אריה־לייבעלע מזיק, מיט זיינע שקאַצעוואַטע אויגן, און אָנגעהויבן שיטן מיט ראיות און מיט פסוקים פון דער "סוואַרבע" (עשרים וארבע), אַז ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן פאַרן שונא. א סימן, אָט האָט דאָך דער קליינינקער פאַסטוכל, דוד המלך, מיט איין שטיינדל פון זיין שטיינוואַרפער, דערהרגעט דעם גרויסן ריז גלית הפלישתי, און זיין גאַנצע מחנה, די פלישתים, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט קופּערנע פאַנצערס און שילדן, זיינען זיך צעלאָפן פונם שלאַכטפעלד ווי די מייז. און אויב דאָס איז פאַר אייך נאָך ווייניק, האָט אריה־לייבעלע מזיק ווייטער גערעדט און זיך געהיצט און געקאָכט, וועל איך אייך ברענגען נאָך א ביישפּיל פון חנוכה: א קליין הייפעלע חסידים, די חשמונאים־ברידער, האָבן באַזיגט די גרויסע מחנות יוונים, די גריכן. ווי עס שטייט אין "סידור", אינם "על הנסים": "גיבורים ביד חלשים" — די שטאַרקע האָט ער איבערגעענטפערט אין די הענט פון די שוואַכע; "ורבים ביד מעטים" — און די סך אין די הענט פון די ווייניקע . . . דעריבער, חברים, האָט ער אויסגערופן מיט גרויס היץ און מיט צעצונדענע, פייערדיקע אויגן, דאַרף מיר זיך ניט שרעקן פאַר די ערלים! לאָמיר זיך אָנגורטן מיט מוט און מיט כוח, און דער אויבערשטער וועט זיין אויף אונדזער זייט ! . .

חברה, אויסהערנדיק אַזעלכע פייערדיקע רייד, האָט באַלד גענומען מיט גרויס חשק זיך גרייטן צו דער "מלחמת מצווה". די צרה איז אָבער געווען וואָס אין דער "מחנה ישראל" האָט ניט געהערשט קיין אחדות: ר' ישראל לוסקע־לערס גמרא־תלמידים האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרויסע יחסנים, ווי עס פּאַסט פאַר "באַלעבאַטישע קינדער", האָבן ניט געוואָלט זיך חברן מיט די תלמידים פון ר' שואלקע דעם מלמדס חדר, וואָס זיינען מערסטנטייל באַשטאַנען פון קבצנישע קינדער. און דיביידע "חדרים" האָבן שטאַרק פיינט געהאַט ר' יעקב־מאירס חדר פון דער מתים־גאַס, וואָס אין זייערע אויגן זיינען זיי נאָך געווען ערגער פון קבצנים . . .

חיים־וועלוועלע שמדאַלניק און אריה־לייבעלע מזיק האָבן באַלד אָנגעהויבן "ציען דראָטן", פירן פאַרהאַנדלונגען צווישן די פאַרקריגטע חדרים, געהאַלטן אין איין איינטענהן מיט זיי, אַז איצט, אינם אָנבליק פונם אַלגע־מיינעם שונא, דאַרף מען פאַרגעסן אויף אַלע עוולות און קריוודעס, וואָס מען האָט איינע קעגן די אַנדערע, שליסן שלום, מאַכן יד אחת, און מיט פאַר־איייניקטע כוחות אַרויסגיין קעגן דעם שונא און אים פאַרטיליקן אַזוי, אַז עס זאָל פון אים ניט בלייבן קיין שריד ופליט . . .

נאך לאנגע, "דיפלאמאטישע פארהאנדלונגען" איז ענדלעך געשלאסן געווארן א שלום צווישן די אנפירער פון די דריי אויבנדערמאנטע חדרים. און כדי דער שלום זאל זיין א שטארקער, א דויערנדיקער, האט מען הימל און ערד גענומען פאר עדות, זיך געשווארן "איבער א חומש פון גאט" און איבערגעהאקט איינע די אנדערע די הענט מיט א הייליקער ציצה פון די "ארבע כנפותן". . .

חברה האט זיך באלד גענומען צו שלייפן זייערע "כלי זין", וואס איז באשטאנען פון סוקעוואטע שטעקנס, דובינקעס, הילצערנע שווערדלעך, שארפע, שפיציקע שטיינער, פייל און בויגנס, און נאך אזעלכע תכסיסי מלחמה.

חיים־וועלוועלע, דער גאנצער "מושל" איבער די חברה יאטן, האט מיט זיין שמדסקען קעפעלע, זיך דערטראכט צו גאר א שפאגל־נייעם סארט געווער, וואס זינט ס'קומען פאר מלחמות אויף דער וועלט, האט מען נאך ניט געהערט און ניט געזען אזא. דאס איז די בארימטע "אייזערנע הענטשקע", וואס ווערט געמאכט אויף אזא שטייגער: מען נעמט א ברעטעלע, די גרויס פון א מענטשלעכע האנט, מ'קלאפט דערין אריין א צענדליק שארפע נעגל — טשוועקלעך, פון ביידע זייטן ברעטעלע באפעסטיקט מען מיט שטארקע ריי־מענדלעך וואס מען בינדט ארום אויף דער רעכטער האנט, ווערט עס אן אמתע "אייזערנע הענטשקע". דאס איז שוין איינמאל א כלי־זינדל! ווען מען "פארט" מיט דעם אריין דעם שונא אין פנים אריין, וועט ער שוין קיין תחית־המתים ניט אויפשטיין . . .

ווי גיך מען איז פארטיק געווארן מיטן כלי־זין ,האבן די צוויי "ראשי המטות", חיים־וועלוועלע שמדאלדיק און זיין "שני למלך", אריה־לייבעלע מזיק, צעטיילט דאס גאנצע "פאלק" אויף צוויי גלייכע מחנות, אויסגע־קליבן פון זייער מיט עלטסטע איבער פינף, עלטסטע איבער צען און עלטסטע איבער צוואנציק, אזוי ווי משה רבנו האט עס געטאן אין דער סדרה "ויתרו". זיי האבן אויך באלד צוגעטראכט א פאסיק ליד מיט א ספעציעל געזאנגל, כדי צו צוגעבן דעם "חיל" זייערן מוט און קוראזש צו גיין אין שלאכט קעגן דעם שונא, ווי עס פירט זיך ביי אלע פעלקער וואס פירן גרויסע מלחמות . . . און געזונגען האט זיך דאס ליד אזוי:

אוי, וויי — א בראך צו זיי !
פה להם ולא ידברו,
א מויל האט ער, און קאן ניט ריידן,
אוי. וויי, א שטומען גאט האבן זיי !

אוי, וויי — א בראך צו זיי !
עינים להם ולא יראו,
אויגן האט ער און קאן ניט זען
אוי. וויי, א בלינדן גאט האבן זיי ! . .

אזוי האט דאס לידל געהאט אויסגערעכנט אלע שיינע מעלות, מ'שטיינס געזאגט, פון זייער גוייש גאט, און געמאכט פון אים דעם אמתן

שיינעם סדר־הכל, ווי ער וואָלט טאַקע געווען נעבעך א וויסטע קאַליקע . . .

עס איז געקומען דער באַשטימטער טאָג פון אָנפאַנגען די מלחמה. דאָס איז געווען א פרייטיק בייטאָג ערב שבת נחמו, ווען מ'איז געווען פריי פון חדר און ווען מ'האָט שוין קוים געהאַט דערלעבט צו מעגן זיך באָדן. חיים־וועלוועלע, דער "שר צבא", דער הויפּט־קאָמאַנדיר, האָט זיך פאַרשטעקט מיט זיין מחנה אין די קאַרטשעם פונם אַלשינע וועלדל. אריה־לייעבעלע, זיין צווייטער קאָמאַנדיר, איז געלעגן באַהאַלטן מיט זיין מחנה הינטער מאיר שמידס קוזשניע, און צוזאַמען "געלאָקערט" אויפן שונא . . . די צוויי יידישע מחנות זיינען געלעגן שטיל, פאַרטייעטע, מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און געוואַרט מיט גרוים אומגעדולד אויפן אָפּגערעדטן סיגנאַל פון זייערע "מרגלים", די אויסשפּירער, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשיקט פאָרויס צו באַגעגנען דעם שונא, ביים ברעג טייך.

ענדלעך האָט זיך דערהערט א פייף און א בילערייַ פון הינט, וואָס איז געווען א סימן, אַז דער שונא, דער עמלק, האָט זיך באַוויזן. חיים־וועלוועלע שמדאָלניק און אריה־לייבעלע מזיק האָבן באַלד געגעבן א סיגנאַל צו זייערע חיילות און מיט א געשריי זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן שונא און אים גענומען שלאָגן מכת רצח. די גויישע מחנה איז באַלד געוואָרן צעטומלט. וואָרים אויף אַזא פּלוצלונגדיקן, אומגעריכטן אָנפאַל פון די "זשידקעס", האָבן זיי זיך ניט געריכט. און איידער זיי זיינען געקומען צו זיך, האָט חיים־וועלוועלע מיט זיין אייזערנער הענטשקע זיך אַריינגעריסן אין זייער מיט און זיי געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס און אָנגעמאַכט אין זייערע רייען א שרעקלעכן חורבן.

די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט אין פולן ברען. דער שונא, "עמלק" פון דער גויישער גאַס, האָט געשריען מיט באַנומענע קולות: "בעי זשידאָוו!" און די מחנה ישראל פון דער יידישער גאַס, האָט געשריען מיט אַן איבערגעדרייטן פּסוק פון דער "סוואַרבע": ישראל, פלישתים עליך — אַנשטאָט פּלישתים עליך ישראל ! . . די יידן האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן און ווי די לעמפּערטן, ביז זיי האָבן פאַרטיליקט אינגאַנצן זייער בלוטיקן שונא, און זייער איבערבלייב איז אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד באַדעקט מיט חרפּה און בושה . . .

פון דעמאָלט אָן האָבן די קינדער פון דער יידישער גאַס זיך שוין געקאָנט באָדן אין טייך וויפל נאָר זייער האַרץ האָט געגלוסט. וואָרים א גרויסער פּחד איז באַפאַלן די פאַסטוכער־שקצים פאַר די יונגע גיבורים פון דער יידישער גאַס.

# די קאָלאָניעס אבראמאָווּנא און סאָרעוואָ

## א

ניט ווייט פון שטעטעלע זאסטאוויע, אן ערד פון א תחום שבת, האָבן זיך געפונען צוויי יידישע קאָלאָניעס, וואָס איינע, די גרעסערע, האָט געהייסן אבראמאָווּנא, און די צווייטע, די קלענערע, האָט געהייסן סאָרעוואָ. פאַרוואָס מען האָט זיי א נאָמען געגעבן מיט אזעלכע נעמען, אבראמאָווּנא און סאָרעוואָ, ווייסן מיר ניט. וואָרים די יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן מיטן שווייס פון זייער פּנים געאַרבעט אויף אַרויסצוקריגן דאָס אָרעמע שטיקל ברויט פון זייער מאַמע־ערד, האָבן קיין צייט ניט געהאַט צו פירן א פּנקס, צו פאַרשרייבן אין אים די אַלע פּאַסירונגען אין שייכות מיט זייערע קאָלאָניעס, ווי דאָס פלעגן אַמאָל טאָן גרויסע און קליינע קהילות בישראל.

עס קאָן אפשר זיין, אז דאָס האָבן זייערע עלטער־עלטער זיידעס, וואָס האָבן דאָ געמאַכט זייער האַרבעריק, בכיוון א נאָמען געגעבן זייערע ניי־געגרינדעטע ישובים, אבראמאָווּנא און סאָרעוואָ, אויפן נאָמען פון אונדזער אַלעמענס פאָטער אברהם אבינו און אויפן נאָמען פון אונדזער מוטער שרה, כדי דער גאָט, וואָס האָט אַריינגעשיקט זיין ברכה אין זייערע געצעלטן, זאָל אויך בענטשן זייערע אייניקלעך, די קאָלאָניסטן, מיט דער ברכה "מטל השמים", מיטן טוי פון הימל, "ומשמני" הארץ", און מיטן די פעטקייטן פון דער ערד? דאָס ליגט זיך גרייכער אויפן שכל.

אָבער מיט איין זאַך זיינען מיר יאָ זיכער, און דאָס איז, אז די דאָזיקע צוויי קאָלאָניעס, זיינען שוין געווען אַלטע ישובים. אויף דעם האָבן עדות געזאָגט זייערע אַלטע, באַיאָרנטע זקנים, וואָס האָבן נאָך געלעבט אין זייער מיט, און אויך די אַלטע, איינגעהויקערטע מצבות פון אירע פאַרשטאָרבענע, וואָס זיינען געלעגן אויפן אַלטן, שטאָטישן בית עלמין.

יעדער קאָלאָניע, וואָס איז געווען אָפּגערוקט איינע פון דער אַנדערער אויף א מהלך פון א תחום שבת, האָט אַמאָל אין די "גוטע צייטן", פאַרמאָגט א באַפעלקערונג פון א וואָסערע פערציק־פופציק משפּחות, וואָס זיינען על פּי רוב געווען צווישן זיך בלוט־פאַרוואַנדטע, גאָר נאָענטע קרובים: ברידער און שוועסטער, איידימס און שניר, שוואָגערס און שוועגערינס, פעטערס און מומעס, און גליך־גליך שוועסטערקינדער. אזוי די "בני אבראמאָווּנא" און אזוי אויך די "בני סאָרעוואָ".

דער אונטערשייד איז געווען אין זייער אויסזען: די אבראמאָווּנער

זיינען מערסטנטייל געווען בלאנדע, מיט רויטע בערד, מיט העל־ליכטיקע אויגן; די סארעווער אבער, זיינען אין זייער מערהייט געווען טונקל־הויטיקע, מיט פעך־שווארצע בערד און מיט נאך שווארצערע אויגן. אזוי אויך זייערע זין און טעכטער. עס איז גענוג געווען צו געבן איין קוק אויף זיי, האט מען שוין געוווסט צי ער איז אן אבראמאווגער צי א סארעווער.

אבער "אלו ואלו", סיי די און סיי די, זיינען געווען געזונטע, קרעפקע יידן, מיט ברייטע פלייצעס, מיט פארברוינטע פנימער, צעשמיסענע פון זון און ווינט; מיט רויטע צעפאלדעוועטע קארקן; מיט שווערע, צעליאפעטע הענט. געגאנגען זיינען זיי מיט שטילע, געמאסטענע טריט, אבער מיט א זיכערן, פעסטן טראט, ווי ס'איז שוין די טבע פון מענטשן, וואס פילן, אז זיי טרעטן אויף אייגענער ערד . . . אזוי די בני אבראמאווגא און אזוי די בני סארעווא.

און כאטש זיי זיינען בטבע געווען זייער שטילע, באשיידענע מענטשן, גרויסע שווייגער, פונדעסטוועגן האבן זיי זיך זייער שטארק געהאט איבער־גענומען מיט זייער עבודת אדמה. דאס וואס זיי זיינען ערד־מענטשן, אמתע פויערים פון דור־דורות, האבן זיי באטראכט פאר א גרויסער זכיה. זיי האבן דערפאר געקוקט אויף זייערע שכנים, די שטעטלשע יידן, מיט ביטול, מיט חוזק, ווי יענע וואלטן זיך געהאט אנגעהערט צו א ווילד־פרעמדן שבט.

זיי האבן טאקע געהאט מיט וואס זיך איבערצונעמען. ווי א שטייגער: אט האט די צארישע רעגירונג פון פעטערסבורג, געהאלטן אין איין טרייבן די יידישע ישובניקעס פון די דערפער. זיי אבער, האט אפילו דער גרעסטער צורר היהודים, ניט געוואגט צו רירן פון ארט. ווייל די ערד אויף וואס זיי זיינען געזעסן, איז געווען זייערע אויף לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק. אזוי איז געשטאנען פארשריבן אין די "קייזערלעכע פאפירן", געחתמעט מיטן קייזערלעכן הערב, מיטן צוויי־קעפיקן אדלער און "פאטשאטעוועט" מיט רויטער טריוואקס, וואס זיי האבן עס אפגעהיט אין אן ערדענער כלי, באהאלטן אונטער דר'ערד . . .

אוואדע, וואס אמת איז אמת, האט שוין ניט איין מלחמה־שטורעם זיך געהאט דורכגעטראגן איבער זייערע קעפ; ניט איין שונא האט געהאט אוועקגערויבט ביי זיי דעם לעצטן ביסן ברויט פון מויל אינייינעם מיט דער כודאבע. אבער די מאמע־ערד זייערע, וואס איז איבערגעגאנגען צו זיי בירושה פון דור־דורות, האט קיינער ניט געקאנט צונעמען פון זיי.

און טאקע ניט איינמאל פלעגן די קאלאניסטן זאגן מיט א בארימערישן טאן: מיר, ערד־מענטשן, זיינען געגליכן צו שאף, אט שערט מען זיי אפ ביז צו דער הויט און אט וואקסט שוין אן אויף זיי פרישע וואל . . .

און כאטש ס'איז זיי אויסגעקומען צו פירן א שווערן, ארעמען לעבן, מחמת די ערד אויף וואס זיי זיינען געזעסן, איז געווען ווייט ניט קיין נאכ־געביקע, פונדעסטוועגן האבן זיי קיינמאל זיך ניט באקלאגט אויף זייער דאליע. פארקערט, זיי זיינען שטענדיק געגאנגען מיט א פארריסענעם קאפ, ווי זיי וואלטן געווען אמתע פריצים.

וואס פאר אן אומגליק עס איז צו זיי ניט געשען, האבן זיי עס אנגענומען רויק, סטאיש, ווי דאס וואלט געווען ניט מער ווי א קאפריז פון דער נאטור. אט שיינט די זון, אלץ וואקסט, אלץ בליט און גרינט. פלוצלונג אבער, ברעכט אויס א שטורעם, רייסט אוים ביימער מיט די ווארצלען. די ערד ציטערט אזוי, אז מען קאן מיינען עס איז שוין געקומען חלילה א סוף צו דער וועלט. אבער ניט געזארגט, ניטא זיך וואס צו שרעקן. דער שטורעם וועט באלד איבערגיין, די שווארצע, געדיכטע וואלקנס וועלן באלד פארשווונדן ווערן, די זון וועט באלד ווידער נעמען שיינען ווי פריער, ווי שטענדיק. מ'דארף נאר האבן ביטחון. אויף דעם זיינען מיר דאך עפעס יידן.

זיי האבן אבער, ניט איינמאל, צום יידישן ביטחון גענומען צו הילף זערע אייגענע ידים, וואס האבן געהאט גאר א באזונדערן שם אין דער גאנצער געגנט; פאר זייערן א פאטש, א פויסט און א טערעבענץ, האט מען געציטערט אימת מות. אט למשל, יאר־איין, יאר־אויס, פלעגט דאס שכנישע שטעטעלע זאסטאוויע, און אויך אפילו די גרויסע שטאט קאמעניץ, ליידן גרויסע צרות פון די "נאוואבראנצעס", די דארפישע שקצים, וואס פלעגן פארדינען זייער "צאר באטיושקא", דעם רוסישן קייסער. איז ווי נאר זיי פלעגן אנקומען אין שטעטל, פלעגן זיי זיך צעכרוקן און נעמען ברעכן יידישע פענצטער, באראבעווען יידישע קרעמלעך, שלאגן און ממיתן וועמען נאר זיי האבן אנגעטראפן אויפן וועג. א פחד, אן אימה פלעגן די דאזיקע צעיושעטע באנדעס אניאגן אויפן שטעטל.

איינמאל האט זיך זיי אויך פארגלוסט א שפיל צו טאן זיך אביסל מיט די פענצטער פון די קאלאניעס אבראמאוונא און סארעווא, באשר בכן זיי געהערן דאך אויך צו יידן . . . אבער דא האבן די צעהוליעטע גויימלעך געמאכט א טעות אין חשבון. די יידישע קאלאניסטן האבן באלד געכאפט דראנגעו, פלעקער, קלאדניצעס פון זייערע וועגענער, און מיט דעם דאזיקן כלי־זין ארוים זיי אנטקעגן און זיי אזוי צעשלאגן און צעהרגעט, אז זיי האבן שוין געהאט פארזאגט זייערע קינדער און קינדס־קינדער מער גיך ניט אנצוהייבן מיט די זשידאווסקע פענצטער אין די קאלאניעס . . .

אט די דאזיקע גבורה זייערע האבן זיי געקראגן בירושה פון זייערע עלטער־עלטער זיידעס איינעם מיט זייערע פעלדער. די יידישע קאלאניסטן האבן געהאט בקבלה, אז א מענטש איז געגליכן צו... א וואגן. ווארים פונקט ווי מען דארף א וואגן אלע ווײלע אונטערשמירן מיט שמאראווידלע, אנישט הייבט ער אן אונטערצוסקריפען, אזוי אויך איז, להבדיל, א מענטש . . . וויל מען האבן כוח צו אקערן, זייען, בראניעווען, שניידן און דרעשן, דארף מען אזוי לאנג שניידן און פארצערן די "המוציאס" פונם קארענעם לאבן־ברויט און אזוי לאנג האלטן אין איין שעפן מיטן הילצערנעם לעפל פון דער גרויסער, ערדענער שיסל, ביז עס הייבט אן אין איר צו "טאגן". . . און ווי געטרייע יורשים, האבן זיי אפגעהיט די דאזיקע "צוואה" מיט אלע פישטשעווקעס . . .

טמער, נאך א שווערן טאג ארבעט אין פעלד, אדער ווינטער נאך א

טאג ארבעט אין שייער ביים דרעשן די תבואה, איז ווען ס'איז געקומען די צייט פון עסן, האט מען אוועקגעלייגט די "מלאטקעס". יעדער קאלאניסט מיט זיינע געזונטע בנים איז אריין צו זיך אין שטוב, זיך געוואשן, געזאגט "שאו ידיכם" זיך ארומגעזעצט ארום דעם גרויסן טיש. דער טאטע אדער זיידע, דער הויפט פון דער משפחה, האט מיט גרויס חשיבות גענומען אין די הענט אריין דעם גרויסן "ראזעווען", קארענעם לאבן־ברויט, אויפגעהויבן אין דער הויך, געמאכט מיט גרויס כוונה די ברכה "המוציא לחם מן הארץ", וואס אלע פון קליין ביז גרויס, האבן נאכגעזאגט ווארט ביי ווארט. נאכדעם האט ער צעשניטן דעם לאבן־ברויט אויף שטיקער, אויסגעטיילט יעדער איינעם א חלק. איטלעכער האט זיין "המוציא"־ברויט איינגעטונקט אין זאלץ, און ערשט נאך דער "פייערלעכער צערעמאניע" האט מען זיך גענומען פאר דער "סעודה".

דער אויסגעהונגערטער עולם האט זיך צוגערוקט צו דער גרויסער "מיסקע" (שיסל) מיט בארשטש און גענומען שעפן פון איר מיט די גרויסע, הילצערנע לעפל. און ווי גיך מ'האט זיך אפגעפארטיקט מיטן געשמאקן, מילכיקן בארשטש, האט מען זיך א נעם געטאן פאר דער הייסער שיסל קאר־טאפל, און פארזופט מיטן קאלטן זויער־מילך אדער מאסלינקע. באלד נאכדעם איז געגאנגען א "סדרה" שאר ירקות: ברויט מיט זויערע אוגערקעס, ברויט מיט צעריבענעם רעטעך, פארבראקט און פארשמאלצן מיט ציבעלעס און מיט אלעי, און פארטרונקען מיטן איינענעם געמאכטן ברויט־קוואס, וואס דאס איז שוין איינמאל געווען א מאכל !..

און געגעסן האט מען, קיין עין הרע ניט, מיט גרויס אפעטיט, מיט אלע רמ"ח איברים. זייערע ווייסע, געזונטע ציין האבן געמאלן ווי די שטיינער פון א ווינט־מיל און געהאלטן אין איין פארצערן איין לאבן־ברויט נאכן אנדערן, איין מאכל נאכן צווייטן. מ'האט קיינעם חלילה ניט געדארפט "פיקן אונטער דער צונג"... זייערע פנימער האבן געפלאמט. טראפנס שווייס האבן ארויס־געזעצט אויף זייערע שטערנס. און דאס אלץ איז צוגעגאנגען רויק, באזאכט, געמיטלעך,מיט א שטילן שוויגן, ווי ס'פאסט פאר בכבודיקע באלעבאטים, יידישע ערד־מענטשן.

אזוי ווי די מענער, אזוי אויך זיינען געווען זייערע ווייבער און טעכ־טער. פונקט ווי זיי האבן זיך געקענט פארמעסטן מיט די מאנצבילן אין דער פעלד־ארבעט, ביים אקער און דער בראניע, ביים שניידן מיטן סערפ די תבואה, אדער ווען מ'האט געדארפט "איינברעכן" א יונג ווילד פערדל אין שפאן, אזוי אויך ווען ס'איז געקומען צו דער "מלאכת אכילה", צום עסן, זיינען זיי חלילה ניט אפגעשטאנען פון די מאנצבילן...

ב

די קאלאניע אבראמאווא, וואס האט פארמאגט א גרעסערע צאל נפשות פון איר "שוועסטער"־קאלאניע סארעווא, האט זיך געפירט ווי אן אמתע יידישע קהילה: האט פארמאגט אן אייגן בית מדרשל, וו ס'איז געזעסן א "שטאטישער" מלמד און געלערנט מיט זייערע קינדער גאטס תורה. איינמאל

אין יאר, חול המועד פסח, פלעגן זיי אויסקלייבן על פי הקלפי (געהיימע וואלן) א "ראש־הקהל", וואס האט געדארפט אנפירן מיט די אלע אינערלעכע און אויסערלעכע ענינים פון זייער "קהילה קדושה". ער איז אויך געווען דער גבאי ראשון אין בית מדרש, דער "שופט" און אויך דער שתדלן. אז אים האט קיינער ניט געטארט אויפהויבן א האנט אדער א פוס; זיין ווארט איז פאר איטלעכן געווען א געזעץ. דאס איז שוין געווען א דאנק דער צארישער רעגי־רונג, וואס האט אים געקרוינט מיטן נאמען "סטאראסטע", אדער "סאלטים" אויפן פוילישן לשון.

זיין אמט איז גארניט געווען קיין לייכטער. א חוץ וואס ער האט אליין געדארפט ארבעטן א גאנצן טאג אין פעלד אדער אין שייער, ווי יעדער איינער אין דער קאלאניע, האט ער נאך געדארפט גוט אכטונג געבן, אז אין די גרעניצן פון זיין ממשלה, זאל תמיד הערשן צדק און יושר. צווייטנס, האט ער געדארפט אויפמאנען ביי זיינע "אונטערטאנען" די "פאדאטקעס", די מלוכה־־שטייערן סיי פון די "נכסי דניידי", באוועגלעכע גיטער, און סיי פון "נכסי דלא ניידי", ערד נחלאות. אין צייט פון מאביליזאציע איז ער מחויב געווען צוצושטעלן די נויטיקע צאל פערד און מענטשן פאר דער ארמיי.

אבער די שווערסטע ארבעט זיינע איז געווען צו זען, אז צווישן זיינע אונטערטאנען זאל תמיד הערשן שלום־בית, וואס דאס איז שוין גאר ניט געווען קיין גרינגע מלאכה. ווארים, כאטש דער גרעסטער טייל פון די קאלאניסטן איז באשטאנען פון אייגן בלוט און פלייש, פונדעסטוועגן, זאל עס זיי ניט זיין לגנאי, האט צווישן זיי שטענדיק געהערשט קנאה און שנאה, כעסן און ברוגזן, נאך ערגער ווי צווישן ווילד־פרעמדע, צוליב כמה וכמה טעמים:

אט, למשל, האט א שכן, א קאלאניסט, פאראקערט צו זיך א פאס־ערד פון דער בשותפותדיקער "מעזשע", וואס האט געדינט פאר א גרעניץ צווישן אייגענעם און פרעמדן שטיקל פעלד, און אזוי ארום האט ער פארגרע־סערט זיין "נחלה" אויפן חשבון פון זיין שכנס פעלד. דאס איז, פארשטייט זיך, א גרויסע עוולה.

אז אנדערש מאל, האט דעם שכנס פערד אפגעגעסן ביי אים א שטיק "יארענע" (זומער־תבואה) און דערפאר, האט ער, דער נגזל, פארנומען דעם פערד, דעם מזיק, צו זיך אין שטאל, ביז מ'וועט ניט באצאלן פארן היזק. האט דער ראש הקהל, דער סטאראסטע זייערער, געדארפט קומען מיט עדות און אפשאצן דעם שאדן, און באפרייען דעם פערד פון "חד גדיא", און נאך אזעל־כע ענלעכע פארברעכנס און שטראף . . .

אבער ניט אלעמאל זיינען די שולדיקע אין זייער צעשטערטן שלום־בית געווען פערד און בהמות . . . נאר די קנאה און שנאה צוליב יענעמס דאברי־מזל, ווי צום ביישפיל: אט ליגן באנאנד צוויי שטיקלעך פארזייטע פעלדער מיט דער זעלבער תבואה, איז איינעמס פעלד שיין און געראטן, אז עס פארכאפט אזש דאס אויג, און זיינס, איז א חרפה און בושה, איז אפילו ניט אויפגעגאנגען . . .

און אט איז געשען נאך אן ערגערע זאך, פון וואס דאס הארץ קאן אזש צעזעצט ווערן: פלוצלונג, אומגעריכט, איז דעם ברודערס טאכטערל פארקנסט געווארן פריער פאר זיין טאכטער, וואס איז עלטער פון דער כלה מיט עטלעכע יאר . . . באשר בכן, יענע פארמאגט א שיין פנימל. נו, איז וואס? דערפאר איז דאך אבער זיין טאכטער א פלאמיקע בריה! זיך קאן דאך אפילו פארקנעטן די גרעסטע דייזשע־ברויט ! . .

א חוץ די דאזיקע עוולות און פאריבלס, זיינען די פיר ברידער, די "ארבעה בנים", ווי מ'האט זיי גערופן אין שפאס, וואס דער עלטסטער האט געהייסן ישראל־אברהם, דער צווייטער הערשל, דער דריטער אפרים־שמעון און דער פערטער משה־יאסל, די זיילן פון דער קאלאניע אבראמאוונא, געווען באשאנקען מיט זייער זעלטענע שיינע שטימען, וואס זיינען איבערגעגאנגען צו זיי בירושה מיט זייערע פעלדער . . . איז ווי נאר ס'איז געקומען שבת אדער יום־טוב, האט יעדערער פון די פיר ברידער זיך געהאט געריסן צום "ברעטל", צו זיין דער שליח ציבור. יעדער איינער פון זיי האט געוואלט באווייזן אז זיין נוסח התפילה איז שענער און בעסער פון יענעמס. אזוי אויך, אז ס'איז געקומען צום אויסטיילן די "עליות", האט איטלעכער פון זיי געוואלט האבן "שלישי" אדער "שישי", און פארוואס טאקע ניט "מפטיר"? ווארים מילא, וואס שייך "עבודת אדמה" קאן זיך טאקע זיין, אז דיין שטיקל פעלד זאל זיין געראטענער פון מיינעם; דיין בהמה זאל דיר געבן מיט א קווארט מילך א טאג מער פון מיינער, אבער ווען עס קומט, להבדיל, אין בית־מדרש, צו עבודת הבורא, דא ברודערקע, זיינען מיר אלע גלייכע מיוחסים! טא פארוואס־זשע קומט דיר עפעס די גאנצע בכורה ? . . ניט אזוי ? . .

פארשטייט זיך, אז די ווייבער זייערע וואס זיינען שטענדיק ארומגע־גאנגען אנגעכמורעטע און אנגעברוגזטע איינע אויף די אנדערע, האבן זיך אויך געהאט אנגענומען די קריוודע פון זייערע באעוולטע מענער. ערשט איצט, האבן זיי געפונען א שעת הכושר אויסצוגיסן איינע אויף דער אנדערער זייער ביטער הארץ. ווארים ווי לאנג קען מען ארומגיין און שווייגן? זיינען זיי ארויס מיט זייער שארפן, ווייבערשן "מענה לשון", מיט די אמתע כפל שמונהדיקע קללות און חרמות, זיי זאלן נאר פאלן אויף וויסטע פעלדער, אזוי אז ס'האט שוין ניט איינמאל געהאלטן אט־אט זיי וועלן זיך נעמען רייסן ביי די טשיפיקעס . . .

אבער ווי נאר זייער סטאראסטע פלעגט דערהערן פונדערווייטנס זייערע געשרייען און גוואלדן, פלעגט ער באלד אוועקווארפן די ארבעט און קומען צו לויפן און זיך גוט אנבייזערן אויף זיי:

— הא, שוין ווידער א נייע חתונהקע ביי אייך? א, איר נארישע גענדז, וואס איר זייט! איר שעלט דאך אייערע אייגענע שוועסטערקינדער! אייערע אייגענע פעטערס און מומעס ! . . פע! א חרפה און א בושה! שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האלדז אריין!

די קאלאניסטיכעס, דערהערנדיק אזעלכע שארפע מוסר־רייד פון זייער

סטאראַסטע, פלעגן בלייבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיך געשעמט אויפֿצוהייבן די אויגן צו קוקן איינער דער אַנדערער אין פּנים אַריין. מיטאַמאָל פלעגן זיי זיך געבן א ריס פון אָרט און זיך צעלויפן אין די שטיבער ווי צעפּלאַשעטע הינער.

דערפאַר אָבער ווען א פרעמדער, וואָס איז ניט געווען פון זייער מיט, האָט ווען ס'איז געוואַגט חלילה עמיצן פון זיי פּוגע בכבוד זיין, איז שוין יענעם גאָרניט געווען וואָס מקנא צו זיין. מען האָט באַלד פאַרגעסן אויף די אייגענע כעסן און פאַרדראָסן, און אַלע ווי איינער, האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן פרעמדן און אים שיר ניט קורע כדג געווען. דאָס איז שוין געווען דער רוף פון אייגן בלוט און פלייש, וואָס איטלעכער האָט געפילט, אַז ס'איז זיין הייליקער חוב צו באַשיצן זיין ברודער־קאַלאַניסט, אַפילו ווען ס'איז אויסגעקומען צו גיין אין פייער און אין וואַסער.

נ

בדרך כלל, קאָן מען זאָגן, זיינען די קאָלאָניסטן געווען שטילע מענטשן, ווייט ניט באַרעדעוודיקע. וואָרים, כידוע, לערנט די מאַמע־ערד אירע קינדער צו זיין קאַרג אויפן וואָרט, ווי מ'דאַרף זיין שפּאָרעוודיק און קאַרג מיט יעדער קערנדל וואָס זי שענקט דיר.

דערפאַר אָבער, ווען ס'איז געקומען צו א שמחהלע, — א ברודער צי א שכן האָט געפּראַוועט א ברית־מצווה, א פּדיון הבן, א קנסמאָל, און נער רעדט נאָר א חתונה מיט שבע ברכות, וואָס אַזעלכע שימחהלעך זיינען ביי זיי קיין נאָווינע ניט געווען, איז ווי נאָר מען האָט געמאַכט "שהכל", געטרונקען דעם ערשטן און דעם צווייטן "לחיים", זיינען די שטענדיקע ערנסטע, שוויי־גנדיקע קאָלאָניסטן באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן, ווי דורך א כישוף, אין גאָר אַנדערע מענטשן. די צעקנייטשטע, פאַרהאַרטעוועטע פּנימער האָבן זיך באַלד צעשטראַלט מיט שבת־יום־טובדיקער פרייד, די צינגער זייערע האָבן זיך באַלד פאַנאַנדערגעבונדן און ס'האָט זיך צעשאַלט א הילכיק געזאַנג, וואָס האָט זיך עקלונגען איבער פעלד און וואַלד.

און געזונגען האָבן אַלע, קליין און גרויס, מאַן און פרוי. אַ, וואָס האָבן דעמאָלט די פריילעכע און צעהוליעטע קאָלאָניסטן ניט אויסגעזונגען! עס האָבן זיך געריסן פון זיי כלערליי זמרלעך, ניגונימלעך, שטיקער תפילות פון שבת־יום־טובדיקן מחזור; איין געזאַנג האָט זיך געקייטלט אין א צווייטן, איין פאָלקס ליד, געמישט מיט גוייש לשון, אין אַנדערן. און געזונגען האָט מען מיט חסידישן ברען, מיט אַזא התלהבות און מיט אַזא מתיקותדיקייט, אַזוי אַז מען האָט ממש געזען ווי זייערע זינגענדיקע נשמות שוועבן אין די הויכע עולמות.

און אַז מען איז שוין געוואָרן גאָר בגילופנדיק, איז דאַוואַי טאַנצן! אַ, ווער ס'האָט דעמאָלסט ניט געזען די קאָלאָניסטן טאַנצן א כלה־טאַנץ, א שטאָק־טאַנץ, א ברוגז־טאַנץ, צי גאָר א פּוילישע מאַזורקע, אָדער א רוסישן

קאזאטשאק, דער וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין די שיינקייט פון אן אמתן טאנץ! געטאנצט האבן זיי מיט אזא פייער, מיט אזא חדווה, אז ממש עין לא ראתה! זיי זיינען דעמאלט גאר ניט פאכאזשע געווען אויף ערדישע מענטשן, נאר ווי הייליקע צדיקים, וואס טאנצן לכבוד דער אנקומענדיקער שבת מלכתא. די פנימער זייערע זיינען געווען צעפלאמט, די אויגן צעבליצט, די קעפ פארווארפן אויף אהינטער, די פיס האבן געשוועבט ווי אין דער לופטן, אזוי אז אלץ מיטאנאנדער האט מיטגעטאנצט און מיטגעזונגען. זיי האבן קיינעם ניט געלאזט שטיין אויף די פיס. איטלעכער האט געמוזט מיטטאנצן. און אז דער טאנצנדיקער קאראהאד איז געווארן אלץ גרעסער און גרעסער, אזוי אז זיי האבן שיר ניט צעליינגט די ווענט פון שטוב, האט מען ארויסגעטאנצט אינדרויסן, צי דאס איז געווען זומער צי ווינטער. און ערשט דארטן, אונטערן פרייען הימל, האט מען אנגעהויבן טאנצן פונדאסניי, מיט נאך א שטארקערן אימפעט, ביז העט אין גראען פרימארגן.

אט אזעלכע הוליאקעס זיינען עס געווען די אבראמאוונער און די סארעווער קאלאניסטן. א, ווער ווייס, צי אזעלכע פייערדיקע טענצער וועלן שוין ווען עס איז זיין ביי יידן ? . .

ד

און וואונדער איבער וואונדער! אט די דאזיקע פריילעכע און לוסטיקע קאלאניסטן, וואס האבן געשמט פאר די גרעסטע טענצער אין דער וועלט, איז ווי נאר זיי האבן פארלאזן דעם גבול פון זייער קאלאניע און באטראטן די "פרעמדע" ערד פונם שכנישן שטעטלע זאסטאוויע, און ווער רעדט נאך ווען זיי זיינען אריינגעפאלן אין דער "גרויסער" שטאט קאמעניץ, וואס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך, אין דעם טומלדיקן ראד־סראמען, זיינען זיי באלד פארוואנדלט געווארן אין עפעס אזעלכע נעבעכלעך, אומבאהאלפענע מענטשעלעך, ווי זיי וואלטן געווען שטילער פון וואסער און נידריקער פון גראז. זיי האבן זיך דארט, צווישן די שטאט־לייט, געפילט ווי ארעמע מחותנים אויף א גבירישער חתונה.

דאס איז געווען דערפאר, ווייל צווישן די קאלאניסטן און זייערע שטעטלשע שכנים איז קיינמאל ניט געווען קיין גרויסע אחווה, קיין איבעריקע ליבשאפט. ווי עס ווייזט אויס, איז שוין אזוי די טבע פונם דארפס־מענטש, וואס האט ניט קיין גרויסן צוטרוי צו זיין שכן, דעם שטאט־מאן . . .

עס איז אנגעגאנגען צווישן זיי א קידער־ווידער. די קאלאניסטן האבן געקוקט אויף זייערע שכנים, די זאסטאוויער, פון אויבן אראפ און זיי געהאלטן פאר גרויסע לא יוצלחס, און טאקע ניט איינמאל האבן זיי זיך געהאט געוויצלט איבער זיי און פלעגן זאגן מיט א חוזק־שמייכעלע:

— אויך מיר ערד־ארבעטער! זיי קאנען דאך אפילו ניט ווי דאס רעכט איינשפאנען א פערד אין וואגן ! . .

פון דער צווייטער זייט האבן די זאסטאוויער מיט זייערע "שארפע

צינגלער" שטארק אפּגעלאכט און אפּגעחוזקט פון די קאלאניסטן, פון זייער ארט־ריידן, פון זייערע גענגעלעך, תנועהלעך און האוואיעלעך, ווי זיי וואלטן געווען אמתע ישובניקעס, פּראסטאקעס, וואס ווייסן ניט אפילו מאי דקאמרי רביצין.

האבן דערפאר די קאלאניסטן ניט געוואלט האבן מיט זיי קיין שום מגע ומשא, ווי מ'וואלט זיך געהאט אנגעהערט צו צוויי באזונדערע, פיינטלעכע שבטים . . . נאר בשעת הדחק, אין א גויט־פאל, ווען מען האט געדארפט קומען אין שטעטל איינקויפן די סאמע נויטיקסטע זאכן, ווי א טאפּ־זאלץ, א ליאטשיק גאזע, א פעקל שוועבעלער, וכדומה, אדער חלילה "בלע המות לנצח", ווען מ'האט געדארפט צונעמען א מת פון זייער מיט און אים ברענגען צו קבר ישראל אויפן שטאטישן בית עולם, איז ווי גיך מ'האט זיך אפּגעפּארטיקט מיט דעם אלעמען, האבן זיי באלד פארקירעוועט דעם דישל אויף צוריק, צו זיך אהיים אין דער קאלאניע אריין.

זיינען דאך אבער די קאלאניסטן יידן רחמנים בני רחמנים, האבן זיי ניט איינמאל געהאט אויסגעשטרעקט א ברידערלעכע האנט צו א שטאַטישן יידן, וואס האט זיך שטארק גענויטיקט אין זייער הילף. ווי א שטייגער: א יידישער יונגערמאן, וואס האט ניט געוואלט גיין דינען דעם רוסישן קייסער און געוואלט מאכן פּליטה קיין אמעריקע, איז ער דערווייל אוועקגעלאפן אין דער קאלאניע אבראמאוונא זיך אויסבאהאלטן, ביז וואנען זיין קרוב וועט אים צושיקן די שיפסקארטע. אז אנדערש מאל האט א יידישער רעוואלוציאָנער, וואס האט זיך געדארפט אויסבאהאלטן פון דער רוסישער זשאנדארמעריע, אדער שפּעטער פון דער פּוילישער "דעפענסיווע", דארט געפונען פאר זיך אן "עיר מקלט". אזוי ארום איז די קאלאניע געווארן דאס גרויסע הינטערלאנד פארן שטעטעלע זאסטאוויע און אויך אפילו פאר דער גרויסער שטאט קאמינעץ.

דאס טאר אבער ניט מיינען, אז די קאלאניסטן האבן אויסבאהאלטן ביי זיך "טריפהנע סחורה", חלילה! אזעלכע חשובע באלעבאטים וועלן דאך חלילה נים גיין קעגן געזעץ פון נאטשאלסטווא! נאר אזוי ווי די גרויסע קאלאניע אבראמאוונא פארמאגט א שטיק פארלאזן פעלד, באוואקסן מיט געדיכטע, ווילדע קארטשעס (בוש), דעריבער האט יעדער איינער דאס רעכט דארט צו ליגן און צו רוען אין זייער שאטן וויפל נאר זיין הארץ גלוסט. עלעהיי עס קומען יעדער זומער אהין צו פליען פון דער פרעמד טשאטעס פייגל און בויען דארטן נעסטן . . . איי, וואס, עס קאן נאך חלילה קומען אהין פּאליציי זוכן, מאכן אן "אבּיסקע" (אבלאווע), איז אדרבא ואדרבא! זאלן זיי קומען, מיטן גרעסטן כבוד ! . . מיר האבן דערמיט גארנישט ניט וואס צו טאן . . . מיר זיינען שטילע, בכבודיקע באלעבאטים, געזעץ־ליבנדיקע מענטשן . . .

און וואס שייך מבות "צידה לדרך", שפּייז פאר די אנטרונענע און באהאלטענע, זיי קאנען נאך חלילה דארט אויסגיין פון הונגער? איז ווען דעם זאלט איר זיך ניט זארגן; פארלאזט זיך אויף די קאלאניסטן מיט זייערע קלוגע

יידישע קעפּלעך; זיי וועלן שוין געפינען צו דעם א פּאַרטאַל, אַן עצה, און זיי פלעגן טאַקע געפינען:

ווארים, בידוע, האט א שטומע צונג, א פערד, א בהמה, תמיד א טבע צו פארקריכן דווקא אין די געדיכטע קארטשעס. פארשטייט זיך, אז מען דארף זיי גיין געפינען און ברענגען אהיים, אין שטאל אריין. איז פאר איין וועגס, פלעגט שוין דער קאלאניסטישער זון, צי דעם קאלאניסטס טאכטער, מיטנעמען מיט זיך א לאבן־ברויט מיט אביסל שאר ירקות, וואס מ׳האט מכלומרשט פארגעסן און עס איבערגעלאזן דארט . . .

און בשעת סכנה, ווען עס האט זיך פלוצלונג געהאט אנגעיאגט א ״קנעפל״ און מ׳האט געדארפט לויפן אהין וואס שנעלער אנזאגן די ״האזן״, אז זיי זאלן זיך גוט פארשטעקן, האט באלד א קאלאניסטיכע געכאפט א פארטוך מיט קערנער, אוועקגעלאפן אהין צום וועלדל, זיך געמאכט מכלומרשט ווי זי זוכט די פארבלאנדזשעטע הון, די קוואקע, מיט אירע הינדעלעך און גענומען רופן אויפן קול:

— טיו־טיו־טיו! מיינע ליבע הינדעלעך! האט ניט קיין מורא! איך וועל אייך באשיצן פונם רויב־פויגל, וואס לויערט אויף אייך! . .

אוודאי, וואס איז אמת, האבן די יידישע קאלאניסטן געהאט א סך אורזאכן צו טראגן א פולע הארץ אויפן שכנישן שטעטעלע זאסטאוויע, און נאך מער אויף די ״פני העיר״, די רעדל־פירער פון דער שטאט קאמעניץ, וואס זיינען אין זייערע אויגן געווען גרויסע פאסקודניאקעס, און זיינען ניט ווערט וואס די ערד טראגט זיי, אבער בשעת א סכנה, האבן זיי באלד פארגעסן אן אלע זייערע קריוודעס, און זיך געזאגט:

— אזוי לאנג ווי איר, שטאט־לייט, קומט צו אונדז זוכן שוץ און רעטונג ״אונטערן שאטן פון אונדזער באלקן״, זיינען מיר מחויב אייך צו באשיצן פון יעדער צרה און פגע רע . . .

ה.

איינמאל, אין זייערע לעבן, זיינען די צוויי ארעמע יידישע קאלא־ניעס, אבראמאווונא און סארעווע, פלוצלונג אויפגעריכט געווארן.

דאס איז געשען אין סאמע ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אונטער דער דייטשישער אקופאציע. דער שונא, דער דייטש, האט ווי א הייי־שעריק זיך ארויפגעווארפן אויף דער באפעלקערונג און גענומען אויסזויגן דעם ״קליאק״ פון אירע ביינער. ער האט געהאלטן אין איין רעקווירירן פון איר אלץ וואס ס׳האט זיך נאר געלאזט פאר זיינע חיילות. דער גאנצער האנדל, דער שטענדיקער משא ומתן, וואס איז אנגעגאנגען צווישן שטאט און דארף, האט זיך איננאנצן אפגעשטעלט. דער הונגער האט זיך צעלייגט און צעשפרייט איבער אלע שטעט און שטעטלעך פון דער אקופאציע, און נאך מיטגעבראכט מיט זיך כלערליי קראנקהייטן, עפידעמיעס און נאך אזעלכע צרות און שלעק.

געוועזענע רייכע יידישע תבואה־סוחרים, קרעמער און באלמעלאכעס האבן זיך ארומגעדרייט, שלינג און שלאנג, איבער די גאסן, געשטאנען ארום זייערע האלב־ליידיקע קרעמלעך, אויסגעקוקט מיט הונגעריקע, אויסגעלאשענע אויגן אויף א קונה און געחלומט פון א לעבל־ברויט אויף שבת... די איינציקע גליקלעכע אין דער גאנצער געגנט, וואס האבן ניט געפילט דעם טעם פון הונגער, זיינען געווען די יידישע קאלאניסטן. וויפל דער דייטש האט ביי זיי נישט צוגענומען, האבן זיי נאך אלץ געהאט באהאלטענע גריבער מיט תבואה, קארטאפל און שאר ירקות. אזוי האט מען געשמועסט אין שטעטל...

די פארהונגערטע קאמעניצער יידן האבן זיך מיטאמאל דערמאנט אן זייערע "פארגעסענע ברידער", די קאלאניסטן, און אויסגעשטרעקט צו זיי זייערע הענט. צום ערשטן האבן זיך גענומען ארופלאזן אהין די סאמע ארימסטע, וואס זיינען שטענדיק געווען אנגעוויזן אויף קצבה. זייער מערכה איז איצט פיל ערגער געווען ווי פאר דער מלחמה. זיי זיינען ארומגעגאנגען אפגעריסענע, אפגעשליסענע, מיט אויסגעצערטע לייבער, מיט קרענקלעכע פיבערדיקע אויגן, מיט גרויסע הילצערנע שיך אויף די נאקעטע פיס, מיט א זעקל אין האנט. מיט זייערע קליינע קינדער ביי דער זייט, פלעגן זיי קומען און "נאכגיין נאך די שניטער" פון די "בני אבראמאוונא" און "בני סארעווא", בעטן ביי זיי, ביי די יידישע פויערים, ביי די אויפגעקומענע מלחמה־גבירים, א נדבהלע, א קארטאפל, א רעטעך, א ציבעלע, א בוריקל וכדומה, אבי מיט וואס די נשמה צו דערהאלטן...

נאך די דאזיקע ארימעלייט, זיינען געקומען די שטאטישע באלעבאטים, די יורדים, די "אמאליקע" רייכע סוחרים, קרעמער. די אבער זיינען נישט געקומען אהין חלילה בעטן א נדבה, נאר איינער האט געבראכט א גאלדענעם זייגער, וואס ער האט געקראגן אלס דרשה־געשאנק צו דער חתונה; א צווייטער האט געבראכט זיין ווייבס קידושין־רינגל; א דריטער א פאר זילבערנע לייכטער וואס זיינען איבערגעגאנגען בירושה. מיט אט דעם דאזיקן רייכן "רכוש", איז מען געקומען, אין דער שטיל, צו די רייכע יידישע פויערים און עס אויסגעביטן אויף א פוד קארן־מעל, א זעקל קארטאפל און עס געבראכט צו "דזשוויגען" א היים — א מתנה פארן הונגעריקן ווייב און קינד...

און פונקט ווי דאס שטיקל ברויט און די קארטאפל איז אין יענער צייט געווארן דאס סאמע חשובסטע ארטיקל אין דער וועלט, אזוי אויך האט מען מיט אט דעם טייערן "שוה כסף" געשלאסן די בעסטע שידוכים. אנשטאט הונדערטער רובל נדן, וואס די כלה האט געדארפט געבן דעם חתן, ווי דער שטייגער איז געווען, איז איצט א פערד, א בהמה, אן אונטערגעהאדעוועט קעלבל, אדער א גרוב קארטאפל געווען דער שענסטער און דער רייכסטער נדן... עס האט טאקע נישט געדויערט לאנג ווי די שטאטישע, באלעבאטישע בחורים האבן גענומען אויסכאפן די קאלאניסטישע, דארפישע טעכטער פאר ווייבער. און די קאלאניסטישע זין האבן געשלאסן שידוכים מיט די שטאטישע אינטעליגענטסטע מיידלעך וועגן וועלכע זיי האבן ביז דער מלחמה אפילו נישט געוואגט צו חלומען.

## ו

די מאָגערע ערד פון די יידישע קאָלאָניעס האָט שוין מער נישט בכוח געהאט צו שפייזן אירע קינדער, די קאָלאָניסטן מיט זייערע פאַנאַדערגעוואַקסענע משפחות. צווייטנס, האָט די נייע פוילישע מלוכה, וואָס איז אויפגעקומען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געהערשט מיט א שווערער האַנט, באַזונדערס אויף דער יידישער באַפעלקערונג. זי האָט געריסן פונם יידישן קרעמער, באַלמעלאָכע און ערד־אַרבעטער שווערע צינזן. און ווער ס'האָט נישט געקענט באַצאָלן האָט מען ביי אים צוגענומען אפילו דאָס לעצטע קישן פון צוקאָפּנס. די יידישע יוגנט איז ארומגעגאַנגען אַרבעטסלאָז, אָן קיינע שום אויסזיכטן צו קאָנען צו עפּעס וואָס זיך דערשלאָגן. די איינציקע האָפענונג איז פאַר איר געבליבן צו אַנטלויפן וואָס גיכער פונם נייעם, שווערן גלות פוילן, וואָס איז אין א סך הינזיכטן געווען פיל ערגער פונם אַמאָליקן גלות־רוסלאַנד. און געלאָפן איז מען ווו נאָר די אויגן האָבן געטראָגן: קיין אַרגענטינע, קיין מעקסיקע, קובא, בראַזיליע, אַנדערע קיין ארץ ישראל אלס חלוץ, ווו נאָר עס איז נאָר געבליבן אָן אָפן טירעלע פאַרן יידישן עלנדן עמיגראַנט.

אָט די דאָזיקע פינצטערע בהלה פון אַנטלויפן האָט אויך ארומגעכאַפּט די יידישע יוגנט פון ביידע קאָלאָניעס, אַבראַמאָווקא און סאַרעווא. זיי האָבן זיך אויך גענומען רייסן אין דער וועלט אריין. זייערע טאַטעס, די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געהאָפט, אַז זייערע טייערע ירושה־ערד וועט איבערגיין צו זייערע קינדער און קינדס־קינדער, וואָס וועלן אויך שלאָגן אין איר וואָרצלען, ווי זיי, האָבן נעבעך געמוזט אָפּשניידן שטיקער, פאַסן ערד און עס פאַרקויפן צום גויישן שכן, כדי צו האָבן מיט וואָס אויסצוריכטן זייערע קינדער אין די ווייטע, אומבאַקאַנטע, פרעמדע לענדער. ס'האָט נישט געדויערט לאַנג ווי די צוויי אַלטע, איינגעפונדעוועטע יידישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן אין משך פון יאָרן געהאַט איינגעזאַפּט אין זיך יידיש בלוט און שוויים, האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צאַנקען, אויסגיין ווי א ליכט.

צום ערשטן האָט דער ביטערער גורל געטראָפן דער קלענערער, דער שוואַכערער סאַרעווא, וועמעס זין און טעכטער זיינען געווען די ערשטע צו אַנטלויפן מעבר לים. האָבן זייערע טאַטעס און מאַמעס זיך דערשראָקן צו בלייבן אויף דער עלטער איינינקע אַליין, און ס'האָט זיי שוין אויך מער ניט געסטייעט קיין כוחות נאָכצוגיין נאָכן אַקער אין פעלד. האָבן זיי בלית ברירה געמוזט פאַרקויפן זייערע פעלדער צוזאַמען מיט די כודאָבעס צו די גויישע שכנים, וואָס האָבן שוין לאַנג געהאַט אויסגעקוקט אויף דעם . . . אַנדערע, די מער שטאַרקערע, האָבן איינגעקויפט אינם שכנישן שטעטעלע זאַסטאַוויע לײדיקע פּלעצער און איבערגעפירט אהין זייערע "בודינקעס", די הייזער, די שטאַלן און די שייערן און זיך דאָרט באַזעצט, כדי כאָטש אויף די עלטערע יאָרן זיין אינאיינעם מיט יידן. פרילינג־צייט, ווי נאָר דער שניי איז צעגאַנגען, פלעגן זיי איינשפּאַנען פערד און וואָגן און אַרויספאָרן צו דער פוסטער קאָלאָניע, פאַראַקערן און פאַרזייען זייערע פעלדער, וויפל נאָר גאָט האָט געגעבן כוח.

און ערשט מיט "צאת הכוכבים", שפעט אין אוונט, פלעגן זיי זיך אומקערן צוריק אין שטעטל אריין.

אבער די קאלאניע אבראמאוונא, וואס האט זיך שטענדיק געהאלטן פאר דער מיוחסת, פאר דער "הארנטע" צווישן אירע שכנישע קאלאניעס, האט בשום אופן זיך נישט געוואלט אונטערגעבן איר פינצטערן גזר. א, ווי זי האט זיך דאס נעבעד געראנגלט און זיך געקלאמערט מיט אלע אירע כוחות איינצוהאלטן איר אייגן שטיקל ירושה־ערד! יעדער שטיקל פעלד, וואס מען איז געצוווּנגען געווען צו פארקויפן צום גויישן שכן, האט מען עס ארויסבא־גלייט מיט טרערן און געוויין, ווי מ'וואלט חלילה ארויסבאגלייט דעם נאענטסטן און ליבסטן צו זיין אייביקער רו...

מיט יעדער יאר, וואס איז פארגאנגען, איז די קאלאניע אבראמאוונא געווארן קלענער, שוואכער און איינגעשרומפּענער. צו אירע פענצטער האבן זיך שוין געהאט דערטראגן דאס הירזשען און דאס מעקען פון די שכנישע גויישע פערד און בהמות און דאס בילן פון גויישע הינט... די וועגעלעך און די שטעגעלעך, וואס האבן געהאט געפירט צו זייער הייליקן און טייערן בית מדרשל, זיינען שוין לאנג געווען פארוואקסן מיט ווילדן גראז. ס'איז שוין אפילו מער נישט געווען קיין מנין מיט וועמען אפּצוריכטן א "יארצייט", זאגן א "קדיש". דאס איינציקע ספר־תורהלע, וואס זייערע עלטער־זיידעס האבן געלאזט שרייבן, האט מען שוין לאנג געהאט ארויסגעטראגן פונם פארווארלאזטן בית מדרשל, און זיינע טירן און פענצטער פארקלאפּט מיט ברעטער, כדי די שכנישע גויישע פאסטוכער זאלן אים, חלילה, אינגאנצן נישט פארשוועכן...

אבער ווען עס איז געקומען ערב ימים נוראים, ווען אפילו א פיש אין וואסער טוט ציטערן פארן מוראדיקן יום־הדין, פלעגן די עטלעכע איבערגעבלי־בענע קאלאניסטן כאפּן און איינשפּאנען פערד און וואגן, ארויפזעצן זייערע טאטעס, די זקנים, זייערע ווייבער און קינדער, מיטנעמען דעם ביסל יום־טובדיקן "צידה לדרך", פארן אין שטעטל האלטן מנין אינאיינעם מיט כל ישראל.

מיט אראפּגעלאזענע קעפּ, מיט געבויגענע רוקנס, פלעגן זיי זיך ארייג־שלייכן, ווי שאטנס, אינם שטעטלשן בית מדרש, זיך פאררוקן אין א ווינקל, צווישן קאלטן אויוון און האנטפאס, באהאלטן זייערע פנימער אין די מחזורים, אז קיינער זאל זיי נישט זען אין זייער ירידה...

די שטעטלשע יידן האבן זיי דווקא געוואלט ארויסווייזן פריינטשאפט, זיי אנטקעגן געטראגן א ברייטן "גוט יום טוב", זיי צוגעווינטשן א "גוט יאר". אבער די פארעקשנטע און די פארביטערטע קאלאניסטן פלעגן אפילו נישט אויפהויבן דאס פנים צו זיי, נאר געבן עפּעס א מורמל, א שאקל מיטן קאפּ, ווי פאר יוצא וועגן, א מאד טאן מיט דער האנט, זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו זייערע שכנים, און מיט גיכע, איילנדיקע טריט ארויסלויפן פון בית־מדרש...

# רב לייזער וועלוול דער מורה הוראה

געווען איז ער א קליינינקער, א דארינקער, מיט א שמאלן, לענגלעכן קינדערשן פנימל, וואס איז פארוואקסן געווען מיט בארד און פאות, און מיט געדיכטע ברעמען, אזוי אז מ׳האט ניט ארויסגעזען ניט קיין אויג און ניט קיין נאז, נאר בארד און פאות. ניט איינמאל האט זיך טאקע געדוכט, אז דאס דאזיקע קליין מענטשעלע, איז גאר ניט קיין באיארנטער מאנצביל, א טאטע פון אויסגעגעבענע קינדער, נאר א ייִנגל, א שטיפער, וואס האט זיך פארשטעלט און זיך צוגעטשעפעט א לאנגע בארד מיט געקרייזלטע פאהלער, כדי אויסצוקוקן ווי א גרויסער. אט אזא איינדרוק האט ער אויף אייך געמאכט.

געטראגן האט ער אויף זיך, סיי זומער און סיי ווינטער, א ליסטרינענעם קאפטאן, אן קנעפלער, וואס האט געהאט דעם אנבליק אויף א שלאפראק, פון אויבן ארומגעבונדן מיט א זיידענעם גארטל, וואס איז קיינמאל נישט אראפ פון זיינע לענדן; אונטערן קאפטאן — א לאנגן טלית קטן ביז די קנעכל: א פאר ברייטע טשארטיוויקאזינע פלודערן, וואס איבער די קני האבן זיי זיך באהאלטן אין ווייסע זאקן, און אויף די זאקן א פאר פאנטאפל מיט בענדלעך אזוי, אז ער זאל זיי חלילה נישט פארלירן אין מיטן גאנג.

מיט אט דער דאזיקער הלבשה זיינער און מיט זיין גאנצן אויסטערלישן אויסזען, האט ער אויף איטלעכן געמאכט דעם איינדרוק, ווי ער וואלט געווען א נישט דאיקער ,נאר ווי איינער פון די ״אנשי מעשה״, וואס פלעגן אראפקומען אהער, פון צייט צו צייט, אזש פון דער עיר הקדושה ירושלים, צי פון דער שטאט צפת, ווי ס׳האלטן זיך אויף די בעלי קבלה...

טאג און נאכט איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה; תמיד פארטראכט און פארדביקעט אין דעם ״מה למעלה״, אין די הימעלשע וועלטן. ווארום די ערדישע וועלט, מיט איר טומל און הו־הא, מיט איר שטענדיקן געיעג נאכן ביסעלע עולם־הזה, מ׳שטיינס געזאגט, איז אים געווען פרעמד און דערווידער.

געווען איז ער אן עני מדוכא; דער דלות האט ביי אים געפייפט אין אלע ווינקעלעך. אבער דאס האט אים נישט געארט, ווארום, צו וואס דארף מען בכלל האבן געלט? געלט, איז דאך בידוע, דאס כלי־זין פונם יצר הרע... און צווייטנס, פון וואנען האט ער געקאנט האבן געלט, אז פאר ״שאלות בשר בחלב״ און פאר ״שאלות נשים״ האט מען דאך ניט געצאלט. און וואס שייך

דין תורות, בוררות, איז מען גיכער נעגאנגען זיך לאדן אין "שטאט" צום קאמעניצער רב. דעם וואשילקאווער ז"ל, וואס איז געווען א קלוגער, וועלט־לעבער מענטש, איידער צו ר' לייזער־וועלוול דעם מורא־הוראה, וואס איז שטענדיק פארנומען געווען מיט מתקן זיין דעם מלכות שמים... איז וואס שייך פרנסה ,איז דאס אן ענין פאר גאט; ער שפייזט דאך אפילו א ווערעמל אונטערן שטיין, וועט ער אים, און זיינע בני בית, אויך נישט פארלאזן. און ער האט אים טאקע נישט פארלאזט...

און בכלל איז ער געווען א מסתפק במועט, פאר אים איז געווען גענוג, אז ער האט געהאט א שטיקל ברויט איבער וואס צו מאכן "המוציא"; געהאט זיין שטענדיקן גלעזל וואַרעמס מיטן הארטן שטיקל צוקער און זיין פעקל טיטון מיט וואס אנצושטאפן זיין גרויסע ליולקע מיטן לאנגן ציבוק, וואס ער האט זעלטן ווען ארויסגעלאזן פון מויל, איז ער געווען העכסט צופרידן...

און פונקט ווי ער האט זיך נישט אפגעגעבן מיט פשוטע, ערדישע ענינים ,אזוי אויך האט ער זיך זייער ווייניק אינטערעסירט מיטן לעבן פון זיין משפחה. איז ביי אים צוגעקומען א קינד, צי אן אייניקל, איז מהיכא תיתא, איז חלילה ביי אים אוועקגענומען א קינד, צי אן אייניקל, האט ער אויך ניט איינגעלייגט קיין וועלטן, ווארום "ה' נתן וה' לקח", — גאט האט געגעבן און גאט האט גענומען, או זאל זיין געבענטש זיין נאמען... אזוי אויך האט ער לאנג נישט אפגעריכט קיין אבלות נאך זיין ערשטער ווייב, דער צדיקת, וואס האט אים געהאט געבארן זין און טעכטער.

איז מילא, וואס שייך אים אליין, וואלט ער זיך שוין געקאנט ווי עס איז באגיין אָן א ווייב, איז ער דאך אבער א מורה הוראה בישראל, איז נישט שיין און עס פאסט נישט צו זיצן אָן אן אשה... האט ער זיך באלד געלאזן ריידן א שידוך און חתונה געהאט מיט אן אלמנה, מיט דעם קאמעניצער מגידס טאכטער, וואס מיט איר גרויסער צידקות און פרומקייט האט זי געשמט אין דער גאנצער געגנט. ס'האט אים אבער אויך ניט געקימערט וואס אט די דאזיקע צווייטע ווייב, די גרויסע צנועה, פלעגט קומען צו אים בסך הכל נישט מער ווי איינמאל אין וואך, פרייטיק נאך א האלבן טאג... מחמת זי האט קיין הארץ נישט געהאט איבערצולאזן אירע אויסגעגעבענע קינדער און אייניקלעך און גיין זיך באזעצן אויף שטענדיק אינם שכנישן שטעטעלע זאסטאוויע, וואס ליגט אזש אויף יענער זייט טייך...

ערשט פרייטיק, ערב שבת, פלעגט די נייע מורה הוראהטע זיך אויס־פוצן אין אירע שענסטע בגדי שבת, אין א זיידענעם קלייד, אויפן קלייד א דריי פערטלדיקן זשאקעט, אויפן זשאקעט א לאנגע, ברייטע רעטאנדע, אויף דער רעטאנדע א זיידן טערקישן שאל, אויפן קאפ אן אויפגעטורעמטער הויב, באזעצט מיט כלערליי קאלירטע קוויטעלעך און וועקסענע באמבעלעך, וואס האבן איר צוגעגעבן א גאר באזונדערן חן... מיט אט דעם דאזיקן געשלידער, פלעגט זי זיך ארפלאזן קיין זאסטאוויע, צום מאן, דעם מורא הוראה אויף שבת...

און גיין פלעגט זי מיט געמאָסטענע ,דריבנע טריטעלעך, ווי עס פּאַסט פאַר א גרויסער מיוחסת, א טאָכטער פונם וועלט באַרימטן "קאַמעניצער מגיד" און פאַר א ווייב פונם זאַסטאַוויער מורה הוראה, דעם צדיק תמים. און בשעת מעשה האָבן אירע דינע, פרומע ליפּעלעך געהאַלטן אין איין שעפּטשען א הייליקע תחינה פון "שרה בת טובים", אָדער א קאַפּיטל "שיר השירים", ווו עס ווערט אַזוי שיין באַזונגען די הייסע, צאַפּלדיקע ליבע . . . ניט חלילה צווישן שלמה מלך מיט דער שיינער פּאַסטושקע שולמית, נאָר די הייליקע פלאַמיקע ליבע פון גאָט, ברוך הוא, צו זיין כנסת ישראל...

ווי נאָר די זאַסטאַוויער ווייבער פלעגן זי דערזען גיין מיט אירע דראָבנינקע טריטעלעך, פלעגן זיי אַרויסלויפן פאַר די טירן, זיך נעמען איבערווינקען איינע מיט דער אַנדערער און דערביי צוגעבן מיט א צווייַ דייטנדיקן שמייכעלע: "מזל־טוב אונדז! דעם מורה־הוראהס שבת מלכה איז שוין געקומען צו שוועבן אויף אירע זיידענע פליגל! טאָ אויב אַזוי, דאַרף מען זיך שוין צוֹאײַלן אַריינצוברענגען וואָס גיכער דעם שבת קודש אין שטוב"...

* * * * *

ווי נאָר עס פלעגט אַרויספאַלן דער ערשטער שניי, און ס'איז פאַרפרוירן געוואָרן די געדיכטע בלאָטיקע וועגן, פלעגט ר' לייזער וועלוול, דער זאַסטאַוויער מורה הוראה, "אַרויסגיין אויפן ישוב", גיין פון איין ישובניק צום אַנדערן קלייבן חנוכה־געלט פאַר די אָרעמע תלמוד־תורה קינדער און ישיבה־בחורים, און אויך פאַר "מתן בסתר". דערביי פלעגט ער שוין אויך מעורר זיין די ישובניקעס און זייערע ווייבער, די ישובניצעס, צו יידישקייט, אַז זיי זאָלן חס ושלום, זיך נישט אָפּלערנען פון זייערע שכנים קיין גוייִשע מידות. און פאַר איין וועגס, פלעגט ער שוין איבערקוקן זייערע מזוזות, בודק זיין די ציצית אין זייערע לייבצודעקן, און אויך פאַרהערן דעם ישובניקעס קינדער אין לערנען. און דאָרט, ווו ס'איז קיין מלמד נישט געווען, פלעגט ער אַליין אַביסל צוקנעלן מיט זיי, ביז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין צו א צווייטן ישוב.

און גיין פלעגט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען צופוס, אַן אַנגעפּעלצטער פון קאָפּ ביז די פיס; אַנגעטאָן אין זיין שעפּסענעם פעלצל, וואָס איז אַוואָדע שוין אַלט געווען מתושלחס יאָרן; אויף די פיס א פּאָר גרויסע וואַליקעס אַרומגעשלאָגן מיט לעדער; אויפן האַלדז א גרויסע, באַבלימטע פּאַטשיילע, וואָס האָט פאַרדעקט זיין גאַנצן פּנים, אַזוי אַז מען האָט ניט אַרויסגעזען קיין סימן פון א מענטשלעכן געשטאַלט.

פון אָט דעם דאָזיקן גיין זיינעם פון ישוב צו ישוב, האָט דער מורה הוראה געהאַט אַן אמתן עונג רוחני. ערשטנס, איז דאָס פאַר אים געווען א מין סאָרט אָפּריכטן גלות, וואָס יראים ושלמים לעכצן נאָך דעם אַזוי שטאַרק... צווייטנס, אונטער וועגנס איז מען פיל נעענטער צו גאָט; ס'דאַוונט זיך דעמאָלט מיט מער כוונה: מ'קאָן אויך אָפּלערנען בשלווה א פּרק משניות,

א בלאט גמרא אויף אויסנווייניק; ס'איז נישטא ווער ס'זאל דיר מבלבל זיין אין דיינע רעיונות...

און הגם ער איז בטבע געווען א גרויסער בעל פחדן, שטארק מורא געהאט פאר א הונט און פאר יעדער מינדסטער פיר פיסיקער באשעפעניש, אבער אונטערוועגנס, האט ער פאר קיינעם קיין מורא נישט געהאט, נישט פאר קיין חיה רעה, נישט פאר קיין גוי מיט בייזע מחשבות אין הארצן און אויך אפילו נישט פאר קיין רוחות, שדים ומזיקים, וואס האלטן זיך אויף אין די געדיכטע וועלדער און אין די זומפן, ווארים גאט, ברוך הוא, דער שומר ישראל איז איצט מיט אים און ארום אים. ער פילט עס מיט אלע זיינע חושים און מיט אלע זיינע רמ"ח אברים... און פון גרויס הרחבת דעת, און פון זיין גרויסער אמונה אינם בורא עולם, כאפט ער און דריקט שטארק צו זיין טלית און תפילין צום הארצן און גייט ווייטער ,שטיל, בניחותא, מיט לאנגזאמע טריט. די זון שיינט אים אין פנים, אירע שטראלן צינדן דעם וויס־בלענדעדיקן שניי מיט כלערליי פארכאפנדע קאלירן פון בריליאנטן און דיאמאנטן. ער אבער שענקט אויף דעם אלעמען אפילו נישט קיין קוק ;ער וועט דאך חלילה נישט מפסיק זיין "ממשנתו", פון זיין לערנען...

ביינאכט איז אים נאך אנגענעמער צו גיין: אין דער הויך איבער זיין קאפ הענגט א צעשטערנטער הימל, א זילבערנע לבנה; ארום און ארום איז אזוי שטיל, מ'הערט אפילו קיין שארך, ווי די גאנצע נאטור, מיט אירע מעשה בראשית, וואלט איצט אפגעריכט א תפלה בלחש... א זיסע ווארעמקייט צעגייט זיך איבער זיין לייב. און פון גרויס חדווה רייסט זיך פון אים ארויס א געשמאקער קרעכצל און רופט אויס א באגייסטערטער: "אוי, גאטעניו, טאטע געטרייער!"... און אט טוקט אויף פאר אים פונדערווייטנס א פייערל פון א מענטשלעכן ישוב, פון א יידישער קרעטשמע. אט, באלד, וועט ער דערזען פרישע יידישע פנימער, וואס גארן צו הערן א יידיש ווארט, א יידישן קרעכץ... און ער שפאנט ווייטער מיט פרייליכע, זינגענדיקע טריט.

אבער נישט איינמאל, אין סאמע מיטן פון זיינע וואנדערדיקע נסיעות, האט אים פארכאפט א שטארקער פראסט, א גרויסע שניי־זאווערוכע, וואס האט אים שיר נישט פארווייעט און פארשאטן אזוי, אז מ'וואלט אפילו נישט געוווסט ווו זיין געביין איז אהינגעקומען. אבער שטענדיק, פונקט אין סאמע קריטישן מאמענט זיינעם, ווען ער איז שוין געשטאנען פנים אל פנים פאר א גרויסער סכנה, האט צו אים גאט, ברוך הוא, אויסגעשטרעקט זיין פאטער־לעכע האנט און אים געבראכט בשלום צו א מענטשלעכן ישוב. און כידוע, הרבה שילוחים למקום, האט אים גאט באלד צוגעשיקט א רעטער, אין געשטאלט פון א פויערל, וואס איז געפארן אין וואלד נאך האלץ, אדער אין און פון שטאט, אים געפונען אין וועג א פארקאוועטן מיט שניי, און אים געבראכט צוריק אין דארף אריין צום ישובניק, אדער צו אים אהיים אין שטעטל.

* * * * *

איינמאל, אויף אזא נסיעה זיינער, איז מיט אים געשען א טשיקאווע

מעשה, פון וואס דאס שטעטעלע האט שטארק געלאכט, וואס איז, כלעבן, כדאי עס צו דערציילן:

ר׳ לייזער וועלוול, דער מורה הוראה, איז זיך אזוי געגאנגען אין וועג, און ווי געוויינלעך, געווען שטארק פארטיפט אין לערנען, און דערביי האט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, געפיפקעט געמיטלעך זיין ליולקע. ערשט מיטאמאל האט ער דערפילט ווי עס איז אים עפעס שטארק היים געווארן אין זיין רעכטן ארבל פון זיין פוטערל, פון וואנען עס האט געשפארט א רויכל... נו, דארף מען דאך עפעס טאן דערצו. האט ער, בלית ברירה, געמוזט נעבעך מפסיק זיין אין לערנען, האט אראפגענויגט פון "דרך המלך", זיך צוגעבויגן צום אנגעהורבעטן בארג שניי, מיט דער כוונה אויסצולעשן די שריפה אין זיין ארבל. איז ער נעבעך געשטרויכלט געווארן, זיך אויסגעגליטשט און איז אריינגעפאלן בראשו ורובו אין טיפן גראבן שניי. ארויסצוקריכן פון דארט האט אים שוין נישט געסטייעט קיין כוחות. איז ער זיך אזוי געשטאנען א פארזונקענער ביזן האלדז אין שניי און מתפלל געווען צו גאט, אז ער זאל אים צושיקן א רעטער און אים מציל זיין פון דער טיפער שניי־גרוב, ווי ער האט אמאל מציל געווען דניאל הנביא פונם לייבן־גרוב...

און ווי ער איז זיך אזוי געשטאנען און מתפלל געווען, האט זיך פלוצלונג אנגעיאגט א ברענענדיקער סוס, מיט א גלעקל אויפן האלדז, איינגעשפאנט אין א שיינעם, פריצישן שליטעלע, ווו ס׳איז געזעסן ברייטלעך דער רייכער יידישער פאסעסאר, לייבל וואפניארסקי, פונם וויסקאיער הויף. דאס איז געווען א הויכער, שיינער, געזונטער חברה־מאן, מיט א בלאנדן, קיילעכיקן געשארענעם בערדל און מיט א פאר גוט־אויסגעכאליעטע, פארשפיצטע וואנצעס, אנגעטאן אין א טייערן פוקסענעם פעלץ, אויפן קאפ א הויכע באראשקענע פוטערנע היטל, גאר מעשה פריץ...

ווי גיך דאס יונגע, ביסטרע פערדל איז צוגעקומען צום פלאץ, און מיט זיין שארפן אדלער־בליק דערזען עפעס אן אויסטערלישע באשעפעניש ליגט ביי דער זייט פון זיין וועג, האט עס זיך דערשראקן, אנגעשפיצט די אויערן, ארויסגעלאזן א משונהדיקן כראפ, זיך צעהירזשעט אויפן קול און שיר ניט ארויסגעשפרונגען פון די האלאבליעס. לייבל וויסקאיער האט זיך באלד געכאפט אז עפעס איז דא נישט גלאטיק. ער האט גלייך ארויסגעטאנצט פון שליטן און איז געלאפן זען וואס פאר א מין חיה רעה קאן עס ארויסשטארצן פונם בארג שניי. ערשט ער טוט א קוק, אז דאס צונויפגעקנוידערטע פעקל איז דאך גאר דער זאסטאוויער מורה הוראה, ר׳ לייזער וועלוול, וואס איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געווען ביי אים צוגאסט. האט ער לאנג נישט געטראכט, אים א כאפ געטאן מיט זיינע פאר געזונטע ידים, אריינגעזעצט אים אין שליטן, צוגעדעקט אים פון קאפ ביז די פיס מיט דער ווארעמער, ווייכער, בערן־פעל, א שמיץ געטאן דאס פערדל, און היידא!

ווען דער מורה הוראה איז געקומען צו זיך פון זיין קאלטער שניי־באד, האט ער אנגעהויבן צו קרעכצן און צו אויקען, און גענומען זיך אויסטענהן מיטן רבונו של עולם, מיט א גמרא־ניגון:

"יש אדם קונה עולמו בשעה אחת", — פאראן אמאל א מענטש וואס קאן זיך איינקויפן עולם הבא אין איין שעה, דורך איין מצווה. טא פרעגט זיך: במה זכה? מיט וואס האט אזא פריץ, אזא גרויסער עולם הזהניק, וואס איז בטבע "מלא עבירות כרימון", פול מיט זינד און עבירות ווי א מילגרוים מיט סערעלער, זוכה געווען צו פארדינען דורך אים אזא גרויסע מצווה פון פיקוח נפש, ראטעווען א מענטשנס לעבן, וואס צוליב איר מעג מען אפילו מחלל שבת זיין?!

דער מורה הוראה דרייט מיט א פינגער אין דער לופטן און טענהט ווייטער, ווי ער וואלט געהאט א דין תורה מיט גאט:

"און דיינע יידעלעך, וואס גייען אין דיינע וועגן, לערנען דיין תורה הקדושה, טוען צדקה און מעשים טובים, קומט זיי נעבעך אן צו פארדינען זייער חלק לעולם הבא כקריעת ים סוף? און אזא פריץ, א בעל עבירהניק, זאל פלוצלונג, כהרף עין, זיך האבן פארדינט עולמות, צו גלייך מיט אלע גרויסע צדקים?! וואלט ניט געווען א יושר גדול, אז אזא טייערע, גרויסע מצווה, זאל בעסער געווען אריינפאלן צו א בן־ישראל?! לכל הפחות, צו אן ארעמען, ארנטלעכן פויערל?

"א, רבונו דכולא עלמא! — רופט אוים דער מורה הוראה מיט א קרעכץ — ווי פארהוילן עס זייענן דיינע וועגן!"...

ווי נאר דער רייכער פאסעסאר, לייבל וואפניארסקי, וואס האט געשמט פאר א גרויסן קאטאוועסניק, האט דערהערט ווי דער מורה הוראה רעדט וועגן אים ווי ער וואלט געווען א גוישער פריץ, צעשמייכלט ער זיך, און עס כאפט אים אן א גרוים חשק צו שפילן פאר אים די ראל טאקע פון א גוי, און זען וואס וועט דא זיין. האט ער באלד, מעשה ליץ, גענומען אומישנע ריידן צו זיין פערדל פריציש־לשון און אונטערנעפייפט א לידל, ווי עס פאסט פאר א גוי...

ביי ר' לייזער־וועלוולען דעם מורה הוראה איז שוין איצט גאר קיין ספק נישט געווען, אז זיין רעטער איז טאקע אן אמתער ערל. פארקלעמט עס אים שטארק ביים הארצן. ווארום א גאנץ לעבן בענקט ער און גלוסט, עד כלות הנפש צו קאנען מקיים זיין די גרויסע מצווה פון פיקוח־נפש און "ולא עלתה בידו" און ס'איז אים נאך עד היום נישט באשערט געווען. און דעם "אותו האיש", אט דעם ראזיקן זינדיקן פריץ, וואס זיצט ביי זיין זייט, איז יא געלונגען און ער איז שוין בבחינת צדיק... אי, אי, אזא מזל פון א גוי!.. שמוצערט ער אזש צו זיך מיט די ליפן און איז אים שטארק מקנא די גרויסע מצווה.

לייבל וואפניארסקי ,דער קאטאוועס־טרייבער, הויבט אן נאר העכער אויספייפן זיין גוייש לידל, פון וואס עס ווערט דעם מורה הוראה אזש קאלט אין די ביינער...

הייבט ער אן מיט זיינע שטארק קורצזיכטיקע אויגן צו קוקן אויפן פריץ פון דער זייט און וויל געפינען אויף זיין קלסתר פנים כאטש א סימן פון א צלם־אלוקים... אבער דא פאלט זיין בליק אויפן פריצס שטייפע, אויסגעדרייטע, בלאנדע וואנצעס מיטן צוגעשארענעם בערדל און זיין אויער

פאַרנעמט זיין גוייש־פּייפנדיקע לידל. פון גרויס שברת הלב, וואָס אזא גרויסע, טייערע מצווה איז אריינגעפאַלן אין אזעלכע גויישע הענט, צעקרעכצט ער זיך נאָך שטאַרקער, אַזוי אַז עס ווערט אים אַזש היים אונטער דער בערענער פעל.

דערהערט לייבל וואַפּניאַרסקי ווי דער מורה־הוראה איז זיך נעבעך אַזוי שטאַרק מצער אויף זיין מכלומרשטער גויישקייט, קריגט ער אויף אים רחמנות, ווייל ער אים שוין מער ניט ווי טאַז, הערט ער אויף צו פּייפן זיינע גויישע לידלעך און הייבט אָן אומישנע, — וואָס אַ ייד אַ ליץ קאָן, — פּלוצלונג צו לייענען הויך אויפן קול... קריאת־שמע.

דער מורה־הוראה ווערט נבהל ונשתומם. ער גלויבט ניט זיינע אייגענע אויערן, וואָס ער הערט. קוקט מיט אַ פּאָר צעשראָקענע, אויסגעגלאָצטע אויגן אויפן געזונטן, ברייט־פּלייציקן פּריץ מיט די שטייפע וואָנצעס, און קאָן בשום אופן ניט פאַרשטיין ווי אַזוי איז דאָס געשען? אַז אַזא גוייעץ, וואָס האָט אקאָרשט געהאַלטן אין איין פּייפן גויישע לידלעך, זאָל פּלוצלונג, אין איין שמע ישראל, מגולגל ווערן אין אַ יידן ? . . דאָס איז דאָך ממש פּלאי־פּלאים ! . .

ערשט ווען דער מורה־הוראה איז געקומען צו זיך, האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אויסגערופן מיט באַגייסטערונג:

— איך דאַנק דיר רבונו של עולם, וואָס די דאָזיקע מצווה פון פּיקוח נפש, איז אריינגעפאַלן אין יידישע הענט . . .

און פון גרויס חדווה האָט ער באַלד אַרויסגעכאַפּט פון זיין בוזים־קעשענע זיין טאַבאַק־פּושקעלע און מכבד געווען דעם רייכן יידישן פּאַסאַזשיר מיטן ערשטן שמעק טאַבעקע . . .

# דער בעל־מופת

אוואדע, וואס אמת איז אמת, שטעטעלע זאסטאוויע איז געווען זייער שטאלץ מיט זייער מורה הוראה, דעם גרויסן צדיק, וואס האט געשמט פאר א גרויסן למדן און וואס האט געהאט געצוינגן זיין שלשלת היוחסין פון דורות תלמידי חכמים, אנשי מעשה. אבער פון דער צווייטער זייט, האט שטעטעלע געקוקט אויף אים ווי אויף א ניט־דאזיקן, וואס איז תמיד פארדביקהט, פאר־מוחט, שטענדיק פארטראגן אין די הויכע עולמות, זיצט תמיד על התורה ועל העבודה, ווייס ניט און זעט ניט וואס עס טוט זיך ארום אים, אויף דער דא־זיקער ערד.

און דא האלט די "ממשלת זדון" אין איין אויסטראכטן כלערליי גזירות קשות אויפן כלל־ישראל, מאכט בילבולים אויף יידן, טרייבט יידן פון די דערפער; מען רייסט ארויס דעם ביסן ברויט פון יידישן מויל, די בידנע פרנסה קומט אן ממש כקריעת ים־סוף — יידן האלטן חלילה אין איין פארזונקען ווערן אין עצבות. און דער מורא הוראה — ווי ניט אים מיינט מען. אנשטאט ער זאל זאגן א טרייסט־ווארט, שטארקן דעם ביטחון ביי זיינע "צאן קדשים", איז ער גאר פארנומען טאג און נאכט אין מתקן זיין דאס מלכות שמים . . .

האט מען אין דער שטיל געהאט אויף אים תרעומות, אבער זאגן דאס אים בפניו האט קיינער ניט געהאט דעם מוט. ער איז דאך עפעס פארט א גרויסער צדיק, א גרויסער ירא שמים, טא ווער וועט זיך דאס אונטערנעמען ארויסצוקומען פאר אים מיט זייערע טענות? האט מען געשוויגן. שטעטעלע האט זיך געפילט ווי פאריתומט, האט נעבעך געקרעכצט אויפן ביטערן גלות און מיטן שוויים פונם פנים געארבעט אויף דער בידנער חיונה. און דער מורה הוראה זייערער, זאל לעבן, האט יעדער נאכט אפגעריכט חצות, געקלאגט און געוויינט מער אויף גלות השכינה איידער אויפן גלות פונם פאלק ישראל . . .

אבער איינמאל איז געשען אזוינס, וואס האט פלוצלונג ווי מיט א כישוף־שפרוד, געענדערט אינגאנצן די באציונג צום פארהימלטן מורה הוראה, ניט נאר אין די אויגן פונם שטעטעלע זאסטאוויע, נאר אויך אפילו אין די אויגן פון דער שכנישער שטאט קאמעניץ, וואס האט ביז דער דאזיקער פא־סירונג, זייער וויניק געהאלטן סיי פון דער קהילה קטנה זאסטאוויע, און סיי פון איר מרא דאתרא, ר' לייזער־וועלוול דעם מורה הוראה. מיטאמאל האבן

אלע גענומען קוקן אויף אים ווי ער וואלט געווען אן איש אלוקים, א הייליקער מענטש, א באהאלטענער צדיק.

און מעשה שהיה כך היה:

ס'איז געווען אין סאמע מיטן זומער. אלץ האט אזוי שיין געבליט און געוואקסן. יידן, און להבדיל, גויים, זיינען ארומגעגאנגען צופרידענע און גליקלעכע. איטלעכער איז געווען זיכער, אז ס'וועט היי־יאר אם ירצה השם זיין א גרויסע גערעטעניש, מזל און ברכה.

אבער מיטאמאל איז אנשטאטנען אן אויסערגעוויינלעכע טריקעניש, וואס אזא האט שטעטל, זינט זי לעבט, נאך ניט געהאט. די תבואה־פעלדער זיינען פארגעלט געווארן פאר דער צייט. די גרינע פאשע־לאנקעס זיינען געלעגן פארשרפעטע פון היץ; די פרוכט־ביימער זיינען געשטאנען פארחלשטע, און קיין כוח ניט געהאט א ריר צו טאן אפילו מיט א בלעטל; טייכלעך, ריטשקעלעך און ברונימער זיינען אויסגעטריקנט געווארן; שאף און רינדער זיינען ארומגעגאנגען פארשמאכטע, מיט ארויסגעשטרעקטע צינגער, געזוכט א גרעזל מיט וואס צו שטילן זייער הונגער און ניט געקענט געפינען. זיי האבן נעבעך געשריען, גערעוועט אויפן קול, אז ס'איז ממש געווען א צער בעלי חיים. יידן און גויים זיינען ארומגעגאנגען מיט פארזארגטע פנימער, האבן געקוקט מיט בעטנדיקע אויגן צום הימל, אבער דער הימל איז געווען הארט ווי קופער, אן קיין שום סימן פון א וואלקנדל.

עס זיינען שוין געהאט אוועקגעגאנגען טעג און וואכן. און די זון האט נאך אלץ געהאלטן אין איין שרפענען, אזוי אז ס'האט זיך געדוכט, אז אט־אט וועט חלילה אויסברעכן א שריפה און אלץ מיטאנאנדער וועט פארצערט ווערן.

דער הויכער, געזונטער, רוסישער פאפ און דער לאנגער, דארער, פוילישער גלח, האבן שוין ניט איינמאל געהייסן קלינגען אין די קלויסטערס, גערופן זייערע גלויביקע צו קומען אפריכטן ספעציעלע "מאליטוועס" צו זייער גאט, אז ער זאל זיך דערבארימען אויף זיי און אויף זייערע "סקאטינעס" (בהמות) און שיקן א רעגן וואס זאל אפראטעווען זייער שווערע מי און פראצע פונם דאזיקן העלישן פייער — אבער "אין קול ואין עונה" — דער הימל האט ניט געענטפערט. זיי זיינען שוין ניט איין זונטיק ארויסגעגאנגען מיט זייערע "איקאנעס", צלמים און מיט זייער "סוויענטא מאריא" אין א הייליקער פראצעסיע איבער גאסן און איבער שכנישע פעלדער; דאס גאנצע פאלק איז געפאלן אויף די קני, זיך פרום געצלמט און געפרעפלט לאנגע תפילות, און די קלויסטער־גלאקן האבן הילכיק צוגעקלונגען — אבער דער הימל האט אלץ ניט געענטפערט.

* * * * *

ר' לייזער וועלוול, דער מורה הוראה, איז די גאנצע צייט זיך געזעסן אין בית־מדרש, אין זיין שטענדיקן ווינקעלע ביים ארון־קודש, און געלערנט "זוהר", ווי שטענדיק — ווי דער גאנצער ענין "גשם" (רעגן) און "טל מן

השמים" (טוי פון הימל), וואלט מיט אים ניט געהאט קיין שייכות. אבער מיטאמאל האט ער זיך געגעבן א כאפ אויף ווי פון א לאנגן שלאף, צוגערופן דעם שמש און אים געהייסן גלייך גיין און רופן אין שול אריין. הפנים דער צער און דאס געשריי פון מענטש און בהמה איז שוין געהאט דערגאנגען אויך צו אים.

ס'איז באלד געווארן א סומאטאכע אין שטעטל. איטלעכער האט אוועקגעלייגט זיין ארבעט. דאס בית־מדרש איז באלד געווארן פול איבער זיינע ברעגן מיט אן עולם מאנצבילן, ווייבער און קינדער, אזוי אז קיין קינד איז ניט געבליבן אין וויג.

דער מורה הוראה, אין קיטל און טלית, האט זיך אוועקגעשטעלט פארן עמוד, אויפגעעפנט דעם ארון־קודש און אנגעהויבן זאגן סליחות ווי אין די עשרת ימי תשובה. און געזאגט האט ער מיט אזא געבראכן, וויינענדיק קול, וואס איז געווען שלא כדרכו, אזוי אז א שטיין האט געקאנט צעגיין. אויף אים סור־קנדיק האט דער גאנצער עולם מיטגעוויינט און מיטגעקלאגט ווי ס'וואלט גארניט געווען אין א פשוטן, וואכעדיקן טאג, נאר ווי יום־כיפור צו נעילה.

און וואונדער איבער וואונדער! ווי נאר דער מורה הוראה האט פארענדיקט זאגן די סליחות און גלייך גענומען דאווענען מנחה, האט דער הימל זיך אנגעהויבן צו וואלקענען, און ווי גיך ער האט אנגעהויבן זאגן די "הויכע שמונה־עשרה" און אויסגעשריען מיטן גאנצן כוח, מיט א געוויין און מיט א קלאג, די ברכה "ברוך עלינו את השנה הזאת ואת כל מיני תבואתה לטובה" — בענטש אונדז גאטעניו, דאס דאזיקע יאר מיט אלע אירע מינים תבואות צום גוטן! האט באלד גענומען דונערן און בליצן און רעגענען, און נאך וואס פאר א רעגן! עס האבן זיך ממש געהאט אויפגעעפנט אלע פענצטער פון הימל און ס'האט אנגעהויבן צו גיסן ווי מיט צעבערס, און מיט אזא כוח, און מיט אזא שטורעם ,וואס אפילו די זקנים אין שטעטל האבן ניט געדענקט, אז אזא איז ווען ס'איז געווען.

דער גאנצער עולם אין בית־מדרש איז געבליבן נבהל ונשתומם. עפעס א גרויסע ציטערניש איז אלעמען באפאלן. ווארים זיי האבן ממש זייערע אייגענע אויגן ניט געגלויבט, אז דאס אלץ קומט פאר מיט זיי אין דער ווירקלעכקייט. ווארים באמת, ווער האט זיך דאס געקאנט פארשטעלן, אז זייער שטילינקער, שוואכינקער מורה הוראהלע זאל פארמאגן אין זיך אזא כוח, אזא גייסטיקע גבורה?! ניט אנדערש, און מען זעט עס דאך טאקע באשיינפערלעך, אז זייער אלטינקער דיין איז דאך גארניט קיין געוויינלעכער מענטש, נאר טאקע אן אמתער, פארבארגענער צדיק, מיט א גרויסן זכות אין הימל . . .

פון דעמאלט אן, האט שטעטלע זאסטאוויע מיט איר גאנצער ארומיקער סביבה, גענומען קוקן אויף זייער מורה הוראה מיט גרויס יראה און מיט גרויס דרך־ארץ, ווי ער וואלט געווען איינער פון די למד־וואווניקעס אין וועמעס זכות עס האלט זיך אויף די וועלט . . .

אפילו, להבדיל, די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס, האבן אויך צו־ענגעבן, אז דער קליינינקער און דארינקער "זשידאווסקי ראבין" איז א געטלעכער מאן . . .

# דעם מורה הוראהס טאָכטער

מלכה, דעם מורה הוראהס טאָכטער, איז געווען געבענטשט מיט אלע מעלות: ערשטנס, איז זי געווען זייער א פרומע, א גאָטספאָרכטיקע; צווייטנס, איז זי געווען א גרויסע למדנטע, ווי עס פאַסט פאַר א בת תלמיד־חכם, וואָס האָט געצויגן זיין יחוס פון דורות רבנים און דיינים; דריטנס, איז זי געווען א גרויסע בריה און א חכמה, אזוי אז מען האָט געמענט זאָגן אויף איר: ״הלוואי כן ירבו בישראל״, הלוואי עס זאָלן זיין א סך אזעלכע יידישע טעכטער ביי יידן.

אָבער מיט איין זאך האָט איר דער רבונו של עולם ניט מזכה געווען, און דאָס איז — מיטן ביסעלע פרויען־חן. ד״ה, זי איז נעבעך געווען זייער ווייט פון א קראסאוויצע . . . און אָט איז איר פּאָרטרעט: א הויכע, א שטשופּלע, א דארע, מיט שטאַרק פאַרזשמורעטע, שיקלדיקע אויגן, וואָס ווען זיי פלעגן זיך צעפינטלען, פלעגן זיי אָנוואַרפן ממש א שרעק אויף קליינע קינדער אין די וויגן . . . שטעטלשע לצים, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט א טבע אָפּצולאַכן און אָפּצוחוזקן פון אַלעמען, פלעגן זאָגן אויף איר אין שפּאַס, אז דאָס האַלט זי אין איין ווינקען מיט אירע שיינע ״גלאָזקעס״ (אייגעלער) צו פרעמדע מאַנצבילן . . .

פאַרשטייט זיך, אז דאָס איז געווען א שקר מוחלט און א גרויסע זינד אזוינס צו זאָגן אויף אזא פרומער, כשרער, יידישער טאָכטער.

מלכה דעם מורה הוראהס האָט נעבעך געוווסט, אז זי איז טאַקע ניט קיין גרויסע יפת־תואר, אָבער זי האָט זיך חלילה ניט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ פון דעם. פאַרקערט, זי האָט עס מקבל באהבה געווען. זי פלעגט טאַקע ניט איינמאָל זאָגן אויף זיך מיט א שמייכעלע און מיט א פּסוק, ווי איר שטייגער איז געווען: ״שקר החן והבל היופי״ — פאַלש איז דער פרויען־חן און נישטיק און נאַריש איז איר שיינקייט . . . ווייל דער עיקר דאַרף א מענטש זען, אז זיין נשמה זאָל זיין שיין און גוט. און זי איז טאַקע געווען א גוטע נשמה, א צוגעלאָזענע, אזוי אז יענעמס צער איז געווען איר צער, און יענעמס פרייד איז געווען איר פרייד. האָט מען זי דערפאַר טאַקע זייער ליב געהאַט אין שטעטל, ווי מען האָט ליב א נאָענטן מענטשן אין דער משפחה.

און כאָטש זי איז געווען די מיזינקע צווישן דעם מורה הוראהס זין און

טעכטער, פונדעסטוועגן איז זי געווען די איינציקע אין דער משפחה, וואס האט געטראָגן אויף אירע שמאָלע פּלייצקעס דעם גאנצן יאָך פון דער שווע־רער פרנסה. זי האט געהאָרעוועט טאָג און נאכט, געלאָטעט און געצירעוועט, געזעסן אז אין טאָפּ זאָל שטענדיק זיין אביסל אָפּגעקאָכטע גרויפּן, אויפן טיש א שטיקל ברויט, א וואַרעמע קאַרטאָפל מיט וואס די נשמה צו דערהאַלטן. זי האט רק געזוכט כלערליי עצות ותחבולות ווי אזוי איבערצוקליגן און איבערצוכיטרעווען דעם דלות וואס האט שטענדיק געפייפט אין אלע ווינ־קעלעך ביי איר טאטן, דעם מורה הוראה, אין שטיבעלע. אליין איז זי גע־גאנגען קרועה ובלואה, מיט א פאַרלאַטעטן קליידל אויפן לייב און מיט א פאר אלטע, אויסגעדרייטע שיך אויף די פיס. אָבער דאס האט איר ניט געאַרט. זי איז שטענדיק אָפּגעקומען מיט שהי־פהי. אבי קיינער אין דער משפחה זאָל חלילה ניט ליידן קיין הונגער — אַט אזא גרויסע צדקנית איז זי געווען.

ווען דער מורה־הוראה, זאָל לעבן, איז געבליבן, ניט פאר קיין יידן געדאכט, אן אלמן, איז מלכה, זיין מיזינקע, געוואָרן די גאנצע עקרת־הבית. זי האט ממש איינגעליינט וועלטן, אז אירע ברידער און שוועסטער, די יתומים, זאָלן חלילה ניט דאַרפן הונגערן און זאָלן האבן א גאנצן בגד אויפן לייב, און אירע ברידער זאָלן קאָנען זיצן און לערנען בשלווה; ווען זיי זיינען עלטער גע־וואָרן, האט זי געאַרבעט מעשים, אז זיי זאָלן חתונה האבן אין צייט און נעמען לייטישע זיווגים, ווי עס פאסט פאר בני תלמידי־חכמים. זי האט איטלעכן פון זיי באַזאָרגט מיט א שיינעם אויסשטייער, אפילו מיט קישנס און מיט פערענעס, ווי א געטרייע מאמע.

דער עיקר אָבער איז געווען ביי איר דער טאטע, וועמען זי האט אוועקגעשענקט איר גאנצע ליבשאפט. זי האט פון אים ממש ניט אָפּגעטאָן דאס אויג. זי האט אים באַזאָרגט מיט אלע זיינע הצטרכותן, ווי א שטייגער: יעדער פרימאָרגן זאָל ער האבן זיין "גלעזל וואַרעמס" מיטן האַרטן שטיקל צוקער, וואס אָן דעם האט ער זיך ניט געקענט באַגיין; צוויי מאָל אין טאָג זאָל ער האבן זיין שטיקל ברויט מיטן וואַרעמען טעפּעלע געקעכץ; זיין פּעקל טאַבעק פאר זיין ליולקע מיטן לאַנגן ציבעק, וואס ער האט קיינמאָל פון מויל ניט אַרויסגעלאָזן, און אויך מיט ניין לייען א גמילות־חסד אויף שבת . . . און נאָך אזעלכע נויטיקע זאכן. זי האט אים אויך געהאָלפן פירן די דיינות. זי איז שטענדיק געשטאַנען ביי זיין רעכטער האנט. אבי איר טאטע, דער צדיק תמים, זאָל קאָנען זיצן בשלווה על התורה ועל העבודה. אַט אזא גרויסע צדיקת איז זי געווען, וואס אזא איז אפילו אין יענע צייטן גאר ניט געווען בנמצא. זי, די גאַטספּאַרכטיקע יידישע טאָכטער, האט ווירקלעך מקיים געווען די גרויסע מצווה פון "כיבוד אב" מיט אלע פרטים און דיקדוקים, ווי עס פאסט פאר א בת תלמיד־חכם.

* * * * *

מלכה, דעם מורה הוראהס טאָכטער, ווי מהאט זי גערופן אין שטעטל, האט אויך געהאט אָנגעפירט מיט איר טאטנס זאַלץ־מסחר, פון וואנען ער האט

געזאָלט ציִען זיין הויפּט־חיונה. דאָס איז געווען די חזקה אויף זאַלץ, וואָס די קהילה קדושה דזאַסטאַוויע האָט אים געגעבן איניינעם מיט זיין כתב הדיינות, ווו ס׳איז געווען פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס און געחתמעט פון אַלע באַלע־באַטים לאמור, אַזוי צו זאָגן:

„יעדער בן ישראל און יעדע בת ישראל איז מחויב, באלה ובשבועה, צו קויפן זאַלץ פאַרן שטוביקן געברויך נאָר פונם מורה הוראה, ר׳ אליעזר זאב הנקרא ר׳ אלעזר־וועלוול, כבוד שמו תפארתו. נאָר די איינציקע אין שטעטל אויף וועמען ס׳איז ניט חל די תקנה, הגם זיי געפינען זיך אין דעם שטעטלשן תחום, זיינען די מעשטשאַנעס פון דער גוישער גאַס. וואָרים ערלים, וואָס גייען ניט אַריין בבריתו של אברהם אבינו, זיינען ניט מחויב אויסצוהאַלטן דעם יידישן מורה־הוראה מיט חיונה”...

די דאָזיקע זאַלץ־מחיה, איז באַשטאַנען בסך־הכל פון צוויי גרויסע זעק, וואָס זיינען געשטאַנען אויף קלעצלעך האַלץ, אָנגעשפּאַרט אינם גרויסן באַק־אויוון. איין זאַק, מיט גראָבער, טונקעלער זאַלץ, איז געווען באַשטימט פאַר די אָרעמע באַלעבאַטעס, און דער צווייטער זאַק, מיטן דינעם זאַלץ, איז געווען פאַר די רייכע, יוסטע, באַלעבאַטעס. צו יעדער איינעם פון די זעק איז געווען צוגעבונדן אַ בלעכענע, פאַרזשאַווערטע קענדל אויף צו מעסטן די גאַנצע און די האַלבע פונטלעך זאַלץ.

און היות מלכה איז תמיד געווען פאַרהאַוועט און פאַרשמייעט איבערן קאָפּ, האָט זי קיין צייט ניט געהאַט צו פאַרשרייבן, פירן אַ „קאָנטע” פון אירע קונהטעס, וואָס האָבן על פּי רוב געקויפט ביי איר די זאַלץ אויף באָרג, פלעגט זי דערווייל פאַרשרייבן די חובות מיט אַ שטיקל שוואַרצער קויל אויף דער וואַנט פונם ווייס־אָפּגעקאַלכטן באַק־אויוון. און געפירט האָט זי די דאָ־זיקע בוכהאַלטעריע מיט עפּעס אַזעלכע משונהדיקע צייכנס, מיט האַלבע און גאַנצע רינגעלעך, מיט לאַנגע און קורצע פּאַסיקלעך, וואָס האָבן געהאַט דעם אָנבליק אויף די הערּאָגליפן — דאָס געהיימע שריפט פון די חרטומים פון מצרים...

זי פלעגט אַזוי לאַנג שעפּן און מעסטן מיט די בלעכענע, פאַרזשאַווערטע קענדלעך פון די זעק זאַלץ, און אַזוי לאַנג פאַרשרייבן די חובות אויפן באַק־אויוון, ביז די צוויי זעק זאַלץ פלעגן בלייבן אינגאַנצן אויסגעשעפּטע. דעמאָלט פלעגט מלכה דעם מורה הוראהס טאָכטער, די גרויסע זאַלץ־סוחרטע, אַרויף־וואַרפן אויף זיך איר מאַמעס ירושה־פאַטשיילע, און אַוועקלויפן מיט אירע גיכע טריטעלעך איבערן שטעטל, געלאָפן פון איין רייכן באַלעבאָס צום צווייטן, ביז ס׳איז איר געלונגען צו כאַפּן אַ פרישן גמילות חסד צו האָבן מיט וואָס איינצוקויפן אַ פרישן זעקל זאַלץ...

פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער מורה־הוראה מיט זיינע בני־בית וואָלטן געווען אָנגעוויזן מיט זייער ביסעלע חיונה בלויז אויפן זעקל זאַלץ און אויף די חובות אויף דער וואַנט, וואָלטן זיי שוין לאַנג געווען, חלילה, אויסגעגאַנגען פון הונגער. צו זייער גליק אָבער, האָט נאָך אין יענער צייט זיך געהאַט גע־

פונען א צאָל יידישע קאָלאָניסטן, ישובניקעס, וואָס האָבן ניט געהאַט אָפּגע־טאָן זייער אויג פון זייער מורה־הוראה. איטלעכער דאָרפס־ייִד, א ישובניק צי א קאָלאָניסט, וואָס איז געפאָרן אין שטאָט אריין, האָט געהאַלטן פאַר זיין הייליקן חוב און אויך פאַר א סגולה צו געזונט און פּרנסה, עפּעס וואָס מיטצונעמען פאַרן מורה הוראה א מתנה, וואָס איז באַשטאַנען אַמאָל פון א זעקל קאַרטאָפל, אַמאָל א פּוד קאָרן־מעל, אָדער א טאָפּ אַרבעס, א טרוקן קעזל צי גאָר א לאַדישקע מיט פּוטער־סמעטאַנקע און נאָך אזעלכע תרומות ומעשרות.

* * * * *

ווען דער מורה הוראה, ר׳ לייזער וועלוול, איז געווען אונטערוועגנס, אָדער ער האָט זיך פאַרלערנט אין בית־מדרש און ס׳האָט זיך געמאַכט א שאלה פון "בשר וחלב", ווי צום ביישפּיל: מען האָט גענעמען דעם פליישיקן קרופּניק מיט א מילכיקן לעפל, אָדער נאָך א האַרבערע שאלה, א יידענע האָט על פּי טעות אויסגעוואַשן א מילכיק טעפּל מיט א פליישיקן וויעכעטש . . . איז מלכה געוואָרן זיין "ממלא מקומו" און געפּסקנט די שאלה. ווארים אפילו דער מורה הוראה אליין, וואָס האָט בדרך כלל זייער ווייניק געהאַלטן פונם ווייבערשן מין, האָט אויף איר עדות געזאָגט, אז זיין מיזינקע, מלכה, זאָל לעבן, איז אזוי קלאָר אין "שולחן ערוך" און אין דער "יורה דעה", ווי א פרומער ייִד אין "אשרי".

האָט אַמאָל א קצב געבראַכט צו טראָגן א "ריאה", א לונג און לעבער מיט א סירכא, און ער איז נעבעך געווען שטאַרק צעטראָגן, מחמת זיין גאַנצע פּרנסה איז איצט געווען אָנגעהאַנגען אויף דעם דאָזיקן לונג און לעבער . . . איז איידער דער מורה־הוראה איז געקומען פון דאַווענען, פלעגט די גוטהאַרציקע מלכה כאַפּן דערווייל א קוק אויף דער "ריאה", און נעמען טרייסטן דעם צע־שראָקענעם קצב, געבן אים אָנצוהערעניש, אז זי האָפט און זי גלויבט, אז עס וועט אם ירצה השם זיין כשר. און כאָטש זי האָט שוין באַצייטנס געוווּסט אז ס׳איז כשר אפילו למהדרין מן המהדרין, האָט זי אָבער ניט געטאָרט זאָגן, אויס דרך ארץ צו איר גרויסן טאַטן.

איז דאָך אָבער, כידוע, ר׳ לייזער וועלוול, דער מורה הוראה, זכותו יגן עלינו, געווען א גרויסער מחמיר אפילו ביי דער מינדסטער שאלה פון "בשר בחלב", און ווער רעדט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט ביי א "משהו" חמץ בפסח, האָט ער תמיד געמאַכט טריף וחזיר און אסור בהנאה, און ניט איינמאָל אפילו געהייסן צעברעכן די כלים, אזוי אז ס׳איז ממש געווען סכנות נפשות. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו א בהמה גסה, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט א גרויסן "חסרון כיס", מיט א גרויסן היזק, דעמאָלט פלעגט די גוטע נשמה, מלכה דעם מורה הוראס טאָכטער, זיך נעמען איינשטעלן פאַרן קצב. און דערביי געגעבן אים אָנצוהערעניש איר שטרענגן טאַטן, אז ער טאָר ניט פאַרגעסן, אז דאָ האַנדלט זיך ווענגן א "הפסד מרובה", דער קצב איז נעבעך אן עני ואביון, א מטופל מיט קינדער; און א "שטאָט" מיט יידן קאָנען נאָך

חלילה בלייבן אן פלייש אויף שבת . . . לכן, דעריבער, איז איידער ער גיט ארויס זיין פסק־דין, זאל ער פריער גוט־גוט איבערטראכטן און נאכדענקען וואס עס זאגט דער פוסק ראשון און וואס עס זאגט דער פוסק אחרון, און ער זאל גיין לפנים משורת הדין.

לכתחילה פלעגט דער שטרענגער מורה הוראה זיך גוט אנבייזערן אויף איר, למאי זי, א יידענע, וואס איז נאך דערצו א "פנויה" (ניט קיין פארהייראטע), מישט זיך אריין אין אזעלכע הויכע ענינים ווי א לונג און לעבער . . . ער פלעגט זיך אבער באלד בארויקן, נעמען די סירכא נאכאמאל אין די הענט אריין, צוטראגן זי צו די אויגן, נאכאמאל אנגעבלאזן דעם לונג און לעבער און ווידעראמאל אים באטאפט פון אלע זייטן, און בשעת מעשה געקנייטשט דעם שטערן, געקרעבצט און אונטערגעאויקעט. אזוי לאנג און אזוי ברייט ביז ער האט זיך אנגעטאן א כוח און ענדלעך ארויסגעזאגט, מיט ציטערדיקע ליפן, דאס איין און איינציקע ווארט: כ ש ר ! . .

נו, איז עפעס א וואונדער וואס שטעטלע זאסטאוויע איז געווען אזוי משוגע פארליבט אין זייער מלכה דער דיינטע, איידער אין איר שטרענגען טאטן דעם דיין. אוודע וואס שייך לומדות, דבקות און פרומקייט, איז קיינער צו אים קיין גלייכן ניט געווען. אבער איטלעכער האט מורא געהאט פאר אים, מחמת ער איז געווען א גרויסער קפדן. אבי עפעס פלעגט ער ווערן אן אנגעצונדענער, אז גאט זאל שומר ומציל זיין! אין בית מדרש, ביים דאווענען, און ווער רעדט נאך בשעת קריאת התורה, האט מען ניט געטארט אפילו א פיפס טאן. קליינע קינדער האבן געציטערט פאר זיין קוק. האט אמאל א בעל־תפילה, צי א בעל־היארצייט, געמאכט א טעות אין דער "שמונה עשרה", פארגעסן זאגן "משיב הרוח" אדער "יעלה ויבוא", פלעגט ער נעמען שרייען, פילדערן, קלאפן מיט די פויסטן אויפן שטענדער, ווי די וועלט וואלט חלילה צוליב דעם אונטערגעגאנגען.

אבער זיין טאכטער, מלכה, האבן אלע אין שטעטל, פון קליין ביז גרויס, שטארק ליב געהאט, ווי מ'האט ליב אן אייגענע, געטרייע שוועסטער. ווו א צרה און ווו אן אומגליק איז מען געלאפן צו איר זיך שואל עצה זיין. ניט איינמאל איז איר געלונגען שלום צו מאכן צווישן איין שכן און א צווייטן; ניט איינמאל פארריכט א צעשטערטן שלום בית ביי א יונג פאר פאלק. ווארים, ווי שוין געזאגט, איז מלכה דעם מורה הוראהס טאכטער געווען, ניט נאר א גרויסע למדנטע, נאר אויך א גרויסע חכמה. הלוואי עס זאל זיין א סך אזעלכע יידישע טעכטער ביי יידן ! . .

# די רבנישע חתונה

געווען איז מלכה דעם מורה הוראהס טאכטער שוין א היבשע בוגרת. ר״ה, אז זי האט שוין לאנג געמעגט הערן קלעזמער שפילן . . . אזוי האט מען געזאגט אויף איר אין שטעטל. אבער אונדזער מלכה האט גאר ניט געוואלט הערן און געדענקען וועגן חתונה האבן, מחמת, ווי א געטרייע, איבערגעגעבענע טאכטער, האט זי מורא געהאט טאמער חלילה וועט זי דארפן חתונה האבן פאר א פרעמדן . . . וואס קאן זי נאך אוועקפירן אין א ווייטן מקום, צו זיין ״געבורטסלאנד״, טא ווער וועט דעמאלט אכטונג געבן אויף איר ״גרויסן״ טאטן, וואס קאן זיך אן איר קיין עצה ניט געבן ? . .

אבער די ווייבער פון שטעטל, די נשים צדקניות, האבן זי ניט געלאזט רוען. זיי זיינען שוין ניט איינמאל געהאט צוגעשטאנען צו איר מיט טענות און מיט מוסר־רייד:

— סטייטש, מלכהניו, הארצעניו, קרוינעניו, זאג, וואס וועט זיין דער תכלית אזוי צו זיצן?! פארגעסט ניט, אז די צייט שטייט ניט . . . די יארעלעך לויפן . . . טא וואס־זשע שווייגסטו ? . . אדרבא, זאג, שעם זיך ניט . . . אויב דו קאנסט ניט, וועלן מיר זען עפעס טאן דערין . . .

אויף די אלע ווייבערשע טענות און מענות, פלעגט די שטילע, גאטס־פארכטיקע מלכה גארנישט ניט ענטפערן, זיך נעמען רויטלען ווי א יונג, אכצן־יאריק מיידל און אנהייבן נאך מער צו פינטלען מיט אירע פארזשמורעטע, שיקלדיקע אויגן. אבער אז די ווייבער האבן זי פארט ניט אפגעלאזן און זי האט זיך שוין מער ניט געקאנט ארויסדרייען פון זייערע הענט, פלעגט זי זיך צעשמייכלען מיט א כשרן, צניעותדיקן שמייכעלע, און באלד געפינען פאר זיי א שפאגל־נייעם תירוץ און זאגן, ווי איר שטייגער איז געווען, מיט א נייעם קלוגן תורה־ווערטל:

— טייערע שכנהס מיינע, מען טאר ניט דוחק זיין דעם קץ . . . מען דארף האבן אמונה אין דעם וואס לעבט אייביק . . .

צווייטנס, האט זי, ווי א כשרע יידישע טאכטער, וואס איז נאך דערצו געווען א גרויסע מלומדת, געהאלטן פונם מאמר חז״ל, וואס זאגט: ״דרכו של איש להחזיר על האשה״ — ס׳איז דער שטייגער פון מאן צו גיין זוכן זיין באשערטע און ניט פארקערט . . . און אויב ער איז נאך ניט געקומען, וועט ער,

אם ירצה השם, קומען מארגן, איבערמארגן — מען דארף נאר האבן ביטחון. אויף דעם זיינען מיר דאך עפעס יידן . . .

פארשטייט זיך, אויף אזעלכע קלוגע רייד פון א בת תלמיד חכם, האבן די פרומע ווייבער שוין ניט געהאט וואס איינצוווענדן. זיי האבן בלויז פרום צוגעשאקלט מיט די קעפ, און מיט צונויפגעשנירלטע ליפן שטיל צוגעמורמלט: הלוואי, מלכהניו, פון דיין מויל אין גאטס אויערן.

עס זיינען אוועקגעגאנגען חדשים און יארן, און מלכה איז נאך אלץ געזעסן און געווארט אויף איר באשערטן. אבער די פרומע ווייבער אין שטעטל האבן שוין מער קיין געדולד ניט געהאט צוווארטן . . . זיי האבן אנגעהויבן ממש איינצוליינן ווערטן. ווארים עס איז דאך עפעס ניט קיין קלייניקייט! מען טאר ניט דערלאזן, אז אזא טייערע נשמה, דעם מורה הוראהס מיזינקע, און דערצו נאך א יתומה, זאל חלילה פארזעסן ביזן גראען צאפ! — האבן די ווייבער ניט אויפגעהערט צו טענהן, אזוי אז מלכה האט שוין ניט געהאט קיין אנדער ברירה און געמוזט נאכגעבן זייער פארלאנג . . .

אין א שיינעם, זומערדיקן פרימארגן האט מלכה אויסגעריכט איר טאטן, דעם מורה הוראה אין וועג אריין, אז ער זאל גיין איבער די ישיבות צו געפינען פאר איר דעם אמתן בן זוג.

ר׳ לייזער־וועלוול, דער מורה הוראה, איז געגאנגען מעיר לעיר, פון שטאט צו שטאט, מכפר לכפר, פון שטעטל צו שטעטל, ביז ער איז אנגעקומען אין דער גרויסער שטאט בריסק ,וואס האט געשמט פאר אן עיר ואם בישראל. ער איז אריין אינם גרויסן "משמר" בית מדרש, ווו עס זיינען געזעסן א פאר הונדערט יונגעלייט, בחורים און פרושים, און געלערנט מיט גרויס התמדה.

ער איז באלד צוגעגאנגען צום ראש־ישיבה און געזאגט אזוי און אזוי, באשר בכן ער האט א טאכטער, א בת זקונים, וואס "כבר הגיעה זמנה לפרקה", ס'איז שוין געקומען די צייט זי אויסצוגעבן פאר א מאן, לכן וויל ער, אז דער ראש מתיבתא זאל אויסקלייבן פאר אים אן איידעם, א "פרי עץ הדר", וואס זאל זיין אן ערלעכער, כשרער יונגערמאן, און דער עיקר אזעלכער, וואס "נפשו חשקה בתורה", אזוי אז לאחר מאה ועשרים שנה, זאל ער ראוי זיין צו ווערן זיין ממלא מקומו. דערפאר וועט ער אים אריינגעבן אין נדן זיין גאנצע באלעבאטישקייט, דאס שטיבל מיטן ביסל מטלטלין, אייביקע קעסט און מיט א צוגאב די חזקה אויף זאלץ.

דער ראש־ישיבה האט טאקע באלד געפונען צווישן זיינע תלמידים אזוינס ווי אזעלכן, פונקט וואס דער זאסטאוויער מרא דאתרא האט געוואלט. דאס איז שוין געווען איינמאל א חתן־בחור! ממש א זיווג מן השמים, וואס איז מיט אלע פישטשעווקעס געווען געראטן אין דעם אבי־הכלה, אין זיין צוקונפטיקן שווער, דעם מורה הוראה, זאל לעבן . . . ער איז געווען אזא קליי־נינקער און אזא דארימקער ווי ער און אזא גרויסער ירא שמים ווי ער. דער אונטערשייד איז נאר געווען אין זייערע בערד און פאות. דעם מורה הוראהס

באָרד איז געווען אַ לאַנגע, אַ צונויפגעקנוידערטע און אַ שוואַרץ־גרוילעכע, אַזוי אויך זיינע לאַנגע הבדלותדיקע פּאות; דעם חתנס באָרד אָבער איז נאָך געווען אַ קליינע, אַ שיטערע און אַ געלבלעכע, און מיט בלאַנדע, געקרייזלטע פּאהלעך, וואָס האָבן זיך ערשט געהאַלטן אין צעוואַקסן.

ווען דער מורה הוראה איז אַראָפּגעקומען מיטן חתן, וואָס איז געקומען אָנקוקן צום ערשטן מאָל זיין כלה, איז גאַנץ שטעטל געגאַנגען כּאַדאַראַם. קליין און גרויס איז געקומען צולויפן כאַפּן אַ קוק אויף מלכהס באַשערטן און אויף זייער צוקונפטיקן מורה הוראהלע.

און כלעבן, ס'איז טאַקע געווען וואָס צו זען: די כלה, ווי מיר האָבן זי שוין פריער פאַרגעשטעלט פאַר אייך, איז געווען אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט פאַרזשמורעטע, פינטלדיקע אויגן. און דער חתן דנן איז געווען אַ קלייניקער, אַ שטשופּלינקער, מיט אַ שיטער, געל בערדל, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע ביז די קנעכל, אויפן קליינעם, שפּיציקן קעפּעלע אַ רבנישן, ברייטן קאַפּעליוש, וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן איבער די אויערן, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ יינגל, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ רבל. און דערצו נאָך האָט ער נאָך געדאַרפט רופן זיך מיט אַ מאָדנעם נאָמען, מיירעם, וואָס פּאַסט זיך גיכער פאַר אַ נקבה, איידער פאַר אַ מאַנצביל, אַ תלמיד חכם.

נאָך אינם זעלבן שבת צו נאַכט האָט מען ביים מורה הוראה אין שטי־בעלע געפּראַוועט אַ מלווה מלכה מיט אַ תנאים אייניינעם, מען האָט געבראַכן טעלער, געטרונקען לחיים. עס איז געוואָרן ממש ליהודים אין שטעטל! איינע די אַנדערע האָבן זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב. ענדלעך האָט שטעטעלע דערלעבט דעם גרויסן נחת צו זען ווי זייער באַליבטע און געשעצטע מלכה דעם מורה הוראהס טאָכטער, איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן!

* * * * *

באַלד אויף מאָרגן נאָך די תנאים, האָבן די שטעטלשע גבאיטעס זיך אויסגעפּוצט אין בגדי שבת און מיט גיכע, איילנדיקע טריט, זיך אַוועקגעלאָזן אין דער שכנישער שטאָט קאַמעניץ, וואָס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך, און גענומען גיין איבערן ריאַד־קראָמען צונויפצונעמען אַ גאַרדעראָבע, וואָס זאָל זיין די שענסטע און די בעסטע, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ חשובער כלה, דעם מורה הוראהס טאָכטער.

די גבאיטעס זיינען געגאַנגען מיט פריידיקע פּנימער, מיט פאַרריסענע, שטאָלצע קעפּ, פון איין שניט־קרעמער צום צווייטן, ווי זיי וואָלטן געווען די גרעסטע גבירנטעס, און וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן און וואָס זיי האָבן געהייסן אָפּשניידן, האָט דער שניט־קרעמער, צי די שניט־קרעמערקע, צוגעשניטן. אַלע האָבן געגעבן בתשואת חן; קיינער האָט זיך חלילה ניט אָפּגעזאָגט פון דער גרויסער מצווה „הכנסת כלה", בפרט נאָך אַ כלה פון אַזאַ פאַרנעם, אַ גרויסע מיוחסת, וואָס שטאַמט אַרויס מגזע רבנים און דיינים, און נאָך אַ יתומה דערצו.

די שניידערקעס, די מאָדיסטקעס אין שטעטל, וואָס האָבן גענייט

חתונה־קליידער פאר פריצישע און גבירישע כלות, האבן זיך אנגעבאטן אויפ־צונייען דעם גאנצן אויסשטייער, פונם חופה־קלייד ביז צו דער פלושענער רעטאנדע, איינגאנצן בחינם, אז א גראשן געלט, און גענייט האבן זיי עס מיט הארץ, מיט ליבשאפט און מיט גרויס פרייד. אין יעדער שטאך מיט דער נאדל אין דעם איידעלן, זיידענעם און אטלאסענעם שטאף, האבן די שניידערקעס אריינגענייט אן א שיר ברכות און הארציקע ווינטשעוואניעס, אז די כלה, מלכה, זאל עס טראגן אין עושר און אין כבוד, און גאט זאל געבן, אז פון אט דעם מזלדיקן זיווג זאלן ארויסקומען דורות תלמידי חכמים, וואס זאלן זיין א צירונג פאר גאט און לייט.

אויך די באלעבאטים פון שטעטל, האבן באלד גענומען אפשלאגן דעם מורה הוראהס שוועלן. יעדער איינער איז געקומען און האט אוועקגעלייגט אויפן טיש ווער א קערבל, ווער א צווייערל און ווער א דרייערל. איטלעכער האט געגעבן לויט זיין שטאנד און לויט זיינע מעגלעכקייטן, ווי אין פסוק שטייט: "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט" — דער רייכער האט געגעבן מער און דער ארימער איז אויך ניט אפגעשטאנען.

א חוץ מזומנים, האט מען אויך געבראכט "מנות יפות" אין שווה כסף. איין מילנער האט זיך געפעדערט פארן צווייטן און אריינגעשיקט א זעקל געבייטלטע ווייצן־מעל; איין סאדאווניק איז געלאפן פארן אנדערן און געבראכט צו טראגן פון זיין סאד א פולן קארב מיט די ערשטע, צייטיקע פרוכט; אפילו דער גוישער פישער, פון דער גוישער גאס, איז אויך חלילה ניט אפגעשטאנען און געבראכט צו טראגן א מתנה — א בונט צאפלדיקע פיש. דער גביר, ר' אשר גוטערמאן, דער אייגנטימער פון דער גרויסער פיוואווארניע, האט געהייסן צושטעלן פלעשער ביר, וויפל מען וועט דארפן.

און איצט יעמוד קאלאניסטן, ישובניקעס פון די יידישע קאלאניעס אבראמאווונא און סארעוואו! זיי האבן ממש פארוואליעט דעם מורה הוראהס שטוב מיט זעק קארטאפל, מערן, בוריקעס און נאך אזעלכע שאר ירקותן. זייערע ווייבער, די קאלאניסטיכעס און די ישובניצעס, האבן ניט געוואלט יוצא זיין מיט די מתנות פון זייערע מענער, און האבן געבראכט פון די בעסטע און פון זייערע שענסטע הינער, הענער, גענדז און קאטשקעס, וואס האבן מיט זייער גארגאטשעריי און קרייען אנגעמאכט אז געפילדער אין שטעטל, ווי עס וואלט געווען ערב יום־כיפור צו כפרות שלאגן.

אין קורצן — איטלעכער אין און פון ארום שטעטל, האט זיך באמיט מיט אלע כוחות צו זען, אז מלכה דעם מורה הוראהס חתונה זאל זיין כיד הגביר, און וואס איז טאקע אזוי געווען.

אין די סאמע לעצטע טעג פאר דער חתונה, איז אראפגעקומען חוה לאה, די בארימטע חתונה־קעכין, מיט איר גאנצן קלאפערגעצייג, מיט אירע גרויסע, קופערנע טעפ, פאנען און מעדניצעס, און זיך געשטעלט באקן און קאכן. א פאררויטלטע, א פארשוויצטע, איז זי געשטאנען ביים הייסן באק־

אויוון און געהאַלטן אין איין קאָמאַנדירן מיט די ווייבער, אירע אַרויסהעלפּע־רינס. די ווייבער האָבן איר געזאָגט, אַז זינט חוה־לאה איז אַ חתונה קעכין, האָט זי נאָך אַזעלכע שיינע, געראָטענע, געפלאָכטענע חלות און קוילעטשן, טאָרטן און לעקעכער ניט געבאַקן, און אַזעלכע טייערע, געשמאַקע פאַנען־פיש און "גאָלדענע יויכן" ניט געקאָכט. דאָס איז אַ סימן, אַז דער כלהס מזל וועט אם ירצה השם אַזוי שיינען, ווי עס שיינען די אַלע חתונה־געבעקסן און די כּלערליי חתונה־מאכלים.

ענדלעך איז געקומען דער מזלדיקער און געבענטשטער יום־החופה, אויף וואָס שטעטעלע האָט שוין אַזוי לאַנג געהאַט אַרויסגעקוקט. נאָך מיטן ערשטן שפּראָץ אויפן טאָג, האָבן זיך אָנגעהויבן ציען צום שטעטל מחנות אָרעמעלייט, מדינה־גייערס, וויסטע קאַליקעס, וואָס זיינען געקומען כאַפּן אַ זאַטן, געשמאַקן מאָלצייט און טאַנצן אַ מצווה־טענצל לכבוד חתן־כלה.

באַלד האָבן זיך אָנגעיאָגט, איינע נאָך די אַנדערע, פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, באַלעגאָלעס מיט פולע, אָנגעפּאַקטע פורן מיט חשובע געסט: רבנים, דיינים, ראשי ישיבות מיט זייערע תלמידים, אַלע אויסגעפּוצט אין לאַנגע זשופּיצעס, אין רבנישע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, מיט זיידענע גאַרטלען, מיט כּלערליי קאַפּעליושן און שטריימלעך אויף די קעפּ. און הינטער מחותנים און מחותנתטעס מיט זייערע משפּחות, אָנגעטאָן אין שענסטן און אין בעסטן, די ווייבער באַהאַנגען מיט שנירלעך פּערל, מיט גאָלדענע קייטע־לעך, מיט אָרמבענדער און בריליאַנטענע, דימענטענע אוירינגלעך, וואָס האָבן מיט זייער שיינקייט און שימער פאַרכאַפּט ממש דאָס אויג.

און אָט האָט זיך דערטראָגן פון דער ווייטנס אַ פריילעכער געזאַנג, מיט אַ ליאַרעם און אַ געפּילדער. דאָס זיינען געקומען צו לויפן די שכנישע קאָלאָניסטן, מיט אַ גאַנצן אַבאָז פערד און וועגענער, באַזעצט מיט ווייבער, מיט זין און טעכטער, די אמתע הוליאַקעס, די באַרימטע טענצער אויף יידישע חתונות. נאָך זיי זיינען געקומען ישובניקעס, פּאַכטערס פון די אַרומיקע דערפער און פּריצישע הויפן, מיט טומל און רעש.

די שערשעווער קאַפּעליע קלעזמער, מיט דעם באַרימטן קאָמעניצער קאַפּעלמייסטער, יאַרע פּויקער, מיט זיין קעסל־פּויק בראש, זיינען געשטאַנען אינדרויסן פון ר' לייבע אהרן משהס קרעטשמע, און אָפּגעשפּילט לכבוד די אָנקומענדיקע פורן מיט געסט, אַ פריילעכן מאַרש. דער לוסטיקער אבא וועלוול בדחן האָט מיט אַ לידל און מיט אַ גראַם אויסגערופן איטלעכן גאַסט ביי זיין נאָמען.

די שטעטלשע באַלעבאַטים, אַלע אָנגעטאָן אין בגדי יום־טוב, ווי זיי וואָלטן געווען די הויפּט־מחותנים אויף דער חתונה, האָבן אויפגענומען די אָנגעפאָרענע חתונה אורחים בסבר פּנים יפות, און זיי אַריינגענומען צו זיך אין די הייזער און זיי אָפּגעטראָטן זייערע געלעגערס.

פונם גרויסן אָנגעפאָרענעם און אָנגעלאָפענעם המון רב, האָט שטע־

טעלע געקראָגן דעם אַנבליק ווי זי וואָלט מיטאמאָל אויסגעוואקסן אין אן עיר ואם בישראל.

* * * * *

פארנאכט. דער הימל איז געווען באזעצט מיט גרויסע, בלישטשענדיקע שטערן, ווי ער וואָלט זיך אויך געפרייט מיט מלכה דעם מורה הוראהס חתונה . . . מען האָט גענומען פירן די חתן־כלה צו דער חופה. מחותנים און מחותנתטעס האָבן געטראָגן אין די הענט אָנגעצונדענע ליכט און הבדלות. די קלעזמער האָבן געשפילט אויף אלע כלים. יארע פויקער האָט געבאראבאנעוועט מיט אלע כוחות אין זיין גרויסער פויק און יאָסקע דער פידלער האָט שיר ניט צעריסן די סטרונעס פון זיין באס. חברה קליינוואַרג האָט געוואָרפן אין דער הויך פייערווערק. די ישיבה בחורים האָבן געטראָגן ברענענדיקע שטורקאצן, וואָס האָבן באלויכטן דעם גאנצן ארום, אזוי אז עס איז באמת געווען א זעלטןשיין, פארכאפנדיק בילד.

אלץ איז געגאנגען כשורה, די הקפות ארום דעם חתן און דאָס מסדר קידושין זיין. אָבער ווען מען האָט גענומען פירן די חתן־כלה פון דער חופה, איז אנטשטאנען אזא געדרענגעניש, אזא שטופעניש, אז מען האָט שיר ניט צעטראָטן די חתן־כלה מיט די אונטערפירערס און מיט די מחותנים אינייגעם. איטלעכער איז געלאָפן פאָרויס, געוואָלט כאפן א קוק אויפן אויסטערלישן פּאָרל. אפילו די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס, מיט זייערע ווייבער און קינדער, זיינען אויך געקומען צו לויפן אָנצוקוקן די רבנישע חתונה.

און כ'לעבן, ס'איז טאקע געווען וואָס צו זען. די כלה, א הויכע, א דארע, מיט פארזשמורעטע, שיקלדיקע אויגן, איז געווען פארשלייערט פון קאָפּ ביז די פיס. ביי איר זייט האָט זיך געפלאָנטערט מיט זיינע קורצינקע פיסעלעך דאָס חתנדל, א קליינינקער, א דארינקער, מיט א לאנגן קיטל פון אונטער זיין לאנגער קאפּאָטע, מיט א שיטער, געל בערדל און מיט לאנגע, דינינקע, געקרייזלטע פאהלעך; אויף זיין שפּיציק קעפּל האָט זיך געבאָמבלט א גרויסער, רבנישער קאפּעליוש. ער האָט געהאלטן אין איין ציטערן אויפן גאנצן לייב. ארום און ארום — א ים מיט שטריימלעך, קאפּעליושן, הויכע סאמעטענע היטלען, מיט שווארצע, זיידענע און ליסטרינענע קאפּאָטעס, זשופּיצעס און בעקעשעס, מיט ווייבערשע זיידענע, אטלאסענע קרינאָלינעס, זשאקעטן, רעטאָנדעס, פארוקן און אויפגעטורעמטע "הויבן". און פון דעם אלעמען האָבן שעמערירט בריליאנטענע אוירינגלעך, שנירלעך פערל און נאָך אזעלכע אבנים טובות ומרגליות ,וואָס זיינען איבערגעגאנגען בירושה פון דורות עלטערבאָבעס צו זייערע טעכטער און אייניקלעך.

ערשט נאָך דער סעודת מצווה מיט דער "גאָלדענער יויך" און נאָכן חתנס לאנגער דרשה, און נאָכן שטראָם דרשה־געשאנקען, האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע הילולא וחינגא. ר' לייבע אהרן משהס גרויסע קרעטשמע איז געווען געפּאקט מיט מענטשן. די קלעזמער האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן א פריילעכס.

דער עולם האָט זיך אָוועקגעלאָזן טאַנצן, פאַרשטייט זיך, די מאַנצבילן באַזונדער און די ווייבער באַזונדער. באַלד האָבן זיך אַריינגעריסן די קאַלאַניסטן, די אמתע, פייערדיקע טענצער, און גענומען באַווייזן וואָס זיי קאָנען. זיי האָבן געטאַנצט מיט אַזאַ ברען און מיט אַזאַ התלהבות, אַז זיי האָבן שיר ניט צעלייגט די קרעטשמע. דער גרויסער עולם וואָס איז געשטאַנען צונויפגעדריקט ביי די ווענט, אויף די טישן און בענק, און אינדרויסן פאַר די אָפענע פענצטער, האָבן אַזש געגאַפט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דאָס טאַנצן נאַרניט קיין מענטשן־קינדער, נאָר הייליקע צדיקים לכבוד דער תורה. דער גרויסער, אָנגעלאָפענער עולם, וואָס האָט שוין ניט געקאָנט אַריין אינעווייניק, און איז געשטאַנען אינדרויסן ביי די פענצטער, איז געוואָרן אַזוי פאַרכאַפּט פון דער פרייליכער מוזיק און פון די קאַלאַניסטן מיט זייערע פייערדיקע טענץ, אַז ער האָט זיך אויך אַוועקגעלאָזט אין אַ גרויסן טאַנץ, אונטערן פרייען הימל.

אַזוי האָט מען אָפּגעהוליעט און אָפּגעטאַנצט אַ גאַנצע וואָך "שבע ברכות". מען האָט געטאַנצט אין און אַרום בית־מדרש, פאַרן דאַוונען און נאָכן דאַוונען, אין די שכנישע הייזער און אין די גאַסן, אַלץ מיטן זעלבן ברען און מיט דער זעלבער התלהבות.

און דער שענסטער, און דער הייליקסטער טאַנץ פון אַלע טענץ, איז געווען דעם מורה הוראהס מיט זיין טאָכטער, דער כלה. ער האָט איר דערלאַנגט אַ ברעג פון זיין באַבלימטער פאַטשיילקע און דעם צווייטן ברעג זיך גענומען. און מיט שטילע, געמאָסטענע טריטעלעך גענומען טאַנצן אַ מצווה־טענצל. די קלעזמער האָבן שטיל געשפּילט. דער עולם האָט צוגעפּליעסקעט מיט די הענט, און אַ פריידיק געזאַנג האָט זיך צעשאָלט איבערן שטעטל און איבער די שכנישע פעלדער און לאָנקעס: — די מיזינקע אויסגעגעבן! די מיזינקע אויסגעגעבן!

יאָ, דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ חתונה! זינט שטעטל איז אַ שטעטל, האָט זי נאָך אַזאַ פרייליכע, רבנישע חתונה ניט געזען.

# ר׳ ניאָכקע דער שוחט

ער איז געווען א הויכער, געשטאַלטנער ייד, מיט א ברייטער, לאַנגער, שוואַרצער באָרד אין וועלכער ס׳האָט זיך שוין געהאַט דורכגעוואָרפן זילבערנע האָר־פעדימלעך; מיט לאַנגע, געקרייזלטע פאות, ווי די הבדלות; מיט געדיכטע, שוואַרצע, בושיקע ברעמען פון וואַנען ס׳האָבן אַפּירגעקוקט א פאָר שוואַרצע, גוטע, מילדע אויגן, וואָס האָבן מיט זייערע בליקן איטלעכן געגלעט און גע־לאַשטשעט. פון זיין שיינעם, ליכטיקן הדרת־פנים און פון זיין גאַנצן אויסזען, האָט געווייעט עפּעס מיט אזא גוטסקייט און מיט אזא וואַרעמקייט, אז ס׳איז ממש געווען א מחיה זיך צו געפינען אין זיין סביבה.

און גוט איז ער טאַקע געווען ווי א מלאך. מיט איטלעכן האָט ער זיך געחברט, פאַר אים איז קיין אונטערשייד ניט געווען א רייכער צי אַן אָרימער, א למדן צי א בעל מלאכה — אַלע זיינען פאַר אים געווען גלייך, אַבי א ייד, וואָס איז מזרע אברהם יצחק ויעקב, ווייל צו זיין אהבת ישראל איז גאָר קיין שיעור ניט געווען.

אָבער א ווייב האָט ער געהאַט, זאָל זי מיר מוחל זיין, אַן אמתע ארורה, וואָס אויף אַזעלכער האָט שוין לאַנג געזאָגט דער פּסוק: ״אשה רעה מר ממות״ — ד״ה, א שלעכטע, בייזע פרוי איז ערגער ווי דער טויט, און זי האָט אים טאַקע שיעור ניט דעם טויט געמאַכט. שטענדיק איז זי אַרומגעגאַנ־גען מיט א פאַרזויערט פנים, א פאַרכמורעטע, א דערצאָרנטע: תמיד געהאַלטן אין איין וואָרטשען; שטענדיק געזוכט אויף אים חסרונות. וואָס ער האָט געטאָן איז איר ניט געפעלן געוואָרן. פאַר אַלעמען אין די אויגן פלעגט זי אים זידלען, שעלטן, מאַכן אים מיט דער בלאָטע צוגלייך. ער אָבער, האָט געשוויגן, זיך געמאַכט ווי ער הערט ניט. דאָס פלעגט זי נאָך מער דערצערענען. ״סטייטש, — פלעגט זי שרייען, מאַכן גוואַלדן, — מען רעדט, מען קאָן צעזעצט ווערן, און ער שווייגט, ווי ניט אים מיינט מען!״ ערשט ווען זי איז צוגעשפּרונגען צו אים מיט צונויפגעביילטע פויסטן, און מיט אַזעלכע ווילדע, גזלנישע אויגן, ממש גרייט געווען אים דורס צו זיין, פלעגט ער, ניט טויט, ניט לעבע־דיק, א כאַפּ טאָן דאָס היטל אויף דער יאַרמעלקע און אַנטלויפן ווי פון א פייער, אין בית־מדרש, וואָס איז פאַר אים געווען ניט נאָר א מקום־קדוש, נאָר אויך אַן עיר מקלט, אַן אַנטרינונג־אָרט פון זיין ווייב דער מרשעת.

ווי איר זעט, האָט ער קיין סך נחת פון זיין לעבן ניט געהאַט. זיין

איינציקע פרייד אָבער איז געווען צו זיצן טאָג און נאַכט אין בית־מדרש און לערנען, אַליין אָדער בחברותא מיט נאָך עמיצן, מיט נאָך יידן. און געלערנט האָט ער אָן א סדר, וואָס ס׳איז אים נאָר אונטערגעקומען צו דער האַנט: א בלאַט גמרא, א פּרק משניות, א פּרק "עין יעקב", אָדער גאָר א שטיקל "חיי אָדם" — אבי געלערנט.

און אַז ער האָט זיך שוין גוט, גוט אָנגעלערנט, האָט ער ליב געהאַט "אונטערצולעגן דאָס האַרץ" מיט דערציילן אַן אגדתא פון דער גמרא, פון מדרש, אָדער גאָר מיט אביסל "שיחת חולין של תלמידי חכמים". ער איז געווען געגליכן צו איינעם וואָס וואַנדערט אין א מדבר, די זון ברענט אים איבערן קאָפּ, דער גומעי איז אים פאַרטריקנט פון דאַרשט — פּלוצלונג דערזעט ער א קוואַל וואַסער באַהאַלטן צווישן טייערע פרוכטביימער. פאַלט ער צו צום קוואַל, טרינקט זיך גוט אָן מיט זיינע מים חיים און דערקוויקט זיך מיט די טייערע געשמאַקע פרוכט. אַזוי האָט ער זיך געקוויקט מיט די אגדתאס, מיט די פאַרכאַפּנדיקע "סיפּורי נפלאות" וועגן גרויסע יידן, גרויסע צדיקים און גאוני ישראל. און אַזעלכע מעשהס האָט ער געהאַט א סך, אין די הונדערטער. און דערפאַר טאַקע האָט מען אים שטענדיק געזען אַרומגערינגלט מיט קינדער, וואָס האָבן זיך געקלעפּט צו אים; פאַר זיין גוטסקייט און פאַר זיינע וווּנ־דערלעכע מעשות האָבן זיי אים ממש פאַרגעטערט.

האָט ער דערזען א יידן, אפילו א ייִנגל, וואָס נפשו חשקה בתורה, וואָס גלוסט צו קענען די תורה הקדושה, פלעגט ער זיך שוין צוטוליען צו אים, זיך אוועקזעצן מיט אים לערנען שעהן לאַנג, ביז שפּעט אין דער נאַכט, גאָר ניט געטראַכט אויפצוהערן. ערשט, ווען מ׳האָט אים אָנגעזאָגט, אַז זיין ווייב שטייט שוין ביי דער טיר און וואַרט אויף אים, פלעגט ער מיט א זיפץ און כּיט א קרעכץ צומאַכן דעם ספר און זיך לאָזן אַהיים. און געגאַנגען איז ער הינטער איר מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט שלאָבעריקע פיס, ווי זי וואָלט אים איצט געפירט גאָט ווייס וווּהין . . .

האָט ווען ס׳איז געטראָפן א צרה, אַן אומגליק אין שטעטל, איז ער באַלד געווען דער ערשטער אויפן אָרט. דאָ איז ער געקומען מבקר חולה זיין א קראַנקן; דאָ זיצן א "לינה" צו פאַרגרינגערן דעם קראַנקן זיינע יסורים, אריינגעבן אים מוט און ביטחון, אָדער "בלע המות לנצח", "אָפּהייבן" א מת און קומען מנחם אבל זיין. יענעמס צער איז געווען זיין צער. אפילו דעם צער פון א בעל חי האָט ער ניט געקאָנט פאַרטראָגן. האָט ער עמיצן געזען שלאָגן א פערד, א בהמה, א קאַץ אָדער אפילו א הונט, פלעגט ער באַלד צולויפן צום שלעגער און נעמען אים זאָגן ווייכן מוסר:

— ניט שיין אַזוי, מ׳טאָר ניט שלאָגן. א שטומע־צונג נעבעך, ס׳איז א צער בעלי חיים.

האָט אים אָבער דער גורל דווקא, ווי אויף צו להכעיס, אָפּגעטאָן א שפּיצל, אַז ער, דער מזג טוב, דער רך לב, וואָס האָט אין זיין לעבן אפילו קיין

פליג ניט אנגערירט אויף דער וואנט, זאלן ווערן א שוחט און גיין מיטן חלף שעכטן שטומע־צינג . . .

יעדער מאל ווען ס'איז געקומען יאנקל ידידיהס, אדער נפתלי דער קצב, אים רופן צו גיין קוילענען א בהמה דקה: א קעלבל, א שעפס, און ווער רעדט נאך א בהמה גסה, פלעגט ביי ר' ניאכקען אנהייבן טיאכקען דאס הארץ, אזש הענט און פיס האבן אים געציטערט. א שווערער קרעכץ פלעגט זיך ארויסרייסן פון אים, אז ס'איז געווען ממש א רחמנות צו קוקן אויף אים. ער פלעגט פרובירן זיך אפבעטן ביים קצב, אז ער קאן איצט ניט, אפשר שפעטער אביסל, ער זאל צוווארטן, מחמת ער האלט איצט אין סאמע מיטן פון א שווערן ענין אין דער גמרא; אפשר נאכן דאוונען, וואס איז דאס געאייל? . . אבער דער קצב, ניט געדאכט זאל ער ווערן, טרעט ניט אפ, ער שלעפט אים ביים ארבל און טענהט:

— ר' ניאכקע, גאט איז מיט אייך! וואס רעדט איר? פארגעסט ניט, אז ס'איז שוין היינט דאנערשטיק; א "שטאט" מיט יידן קאנען נאך חלילה בלייבן אן פלייש אויף שבת! קומט שוין! גיכער! עס ווערט שפעט! דאס קעלבל ליגט א געבונדנס, רייסט איין די שטאל; עס איז א צער בעלי חיים! . .

דעמאלט דערפילט ר' ניאכקע, אז ער מוז שוין גיין. ער האט ניט קיין ברירה. פארפאלן! ער פארמאכט ניט ווילנדיק די גמרא, נאר אנשטאט באלד צו גיין מיטן קצב, טוט ער זיך א שטעל אוועק מיטן פנים צו דער וואנט און בלייבט שטיין א ווײַלע א שווייגנדיקער, א פארזונקענער אין שווערע, פינצטערע מחשבות.א. ווער ס'האט דעמאלט ניט געהערט זיינע הארצרייסנדיקע זיפצן און קרעכצן, דער וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין דעם צער און פיין פון א צעבראכענער, איידעלער, יידישער נשמה . . . און ווען ער האט זיך שוין גוט אויסגעזיפצט און אויסגעקרעכצט, פלעגט ער, א רעזיגנירטער, זיך לאזן גיין נאכן קצב, ווי דער קצב וואלט אים, ניט דאס קעלבל, געפירט צו דער שחיטה.

און גיין פלעגט ער דעמאלט מיט שלאבעריקע פיס, א געבויגענער אין דרייען, מיט אן אראפגעזונקענעם קאפ, ווי ער וואלט זיך געשעמט צו קוקן דער וועלט אין פנים אריין. . . . די אויגן זיינען ביי אים געווען צעצונדן, דאס פנים בלייך, ווי ביי א מת. און אלע ווײַלע האט זיך ארויסגעריסן פון אים א שווערער קרעכץ ,א פארשטיקטער זיפץ, און מיט זיינע ציטערדיקע, בלאסע ליפן געשעפטשעט עפעס א תפילה.

אבער מיטאמאל האט ער זיך געטאן א גלייך אויס, ווי א סטרונע, פארריסן דעם קאפ אין דער הויך, צום הימל, און גענומען שפרייזן מיט גיכע, האסטיקע טריט, באָרד און פיאות צעוויכערט פון ווינט, די פאלעס פון זיין לאנגן קאפטן צעבראסטשעט. ער גייט דאך איצט טאן א הייליקע שליחות! אזוי איז גאטס ווילן! ער מוז! . . אזוי איז זיין גורל! . . אזוי איז אויף אים נגזר געווארן מן השמים! . .

אַט דעם דאָזיקן שטילן, ערלעכן יידן, דעם אמתן צדיק תמים, האָט דער רבונו של עולם דווקא אויסגעקליבן, ווי זיין שטיינער איז שווין, צו שטעלן אים פאַר שווערע נסיונות. אָבער ער איז זיי אַלע ביינעשטאַנען און קיינמאָל חלילה ניט נכשל געוואָרן, ווי צום ביישפּיל:

דאָס איז געשען אין אַ היימן, זומערדיקן פרייטיק בייטאָג. זיין עלצטער זון פון אַ יאָר 15־16, וואָס האָט געהאַט געשמט אין דער גאַנצער געגנט מיט זיין גוטן, עלוישן קאָפּ, איז פאַרשלאָפּט געוואָרן אויף אַ שווערער קרענק, און ווען קיינער איז אין אַ געוויסן מאָמענט ניט געווען אין שטוב, האָט ער, אין אַן אָנפאַל פון אַ שטאַרקן פיבער, אַ כאַפּ געטאָן זיין טאַטנס חלף און זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז. גאַנץ שטעטל זאַסטאַוויע און אויך די שכנישע שטאָט קאַמעניץ, האָט כיטגעטרויערט מיט ר׳ ניאַבקען אויף זיין גרויסן אומ־גליק, וואָס איז צו אים פּלוצלונג געשען.

אָבער ווי נאָר די זון האָט גענומען פאַרגיין, און ס׳איז געקומען די צייט צו בענטשן ליכט, האָט דער אומגליקלעכער טאַטע, ר׳ ניאַבקע, זיך אַרומגע־וואַשן, זיך איבערגעטאָן אין אַ ריינעם, ווייסן העמד, אָנגעטאָן זיין שבתדיקן סורדוט מיט סאַמעטענעם היטל אויף דער יאַרמעלקע, און איז אַוועק אין בית־מדרש ווי אַלעמאָל, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען. דעם גאַנצן טאָג שבת, האָט ער נאָך מער געדאַווענט און נאָך מער געלערנט. מען האָט אויף אים ניט אָנגעזען קיין סימן פון אבלות.

אויף מאָרגן, צו דער לוויה, איז אין שטעטל געווען חורבן בית המקדש. אַלע, פון קליין ביז גרויס, האָבן געוויינט און געקלאָגט אויפן גרויסן בראָך. די אומגליקלעכע מאַמע האָט מיט אירע געוויין און געיאָמער שיר ניט די הימלען צעלייגט. דער איינציקער, וואָס האָט ניט געוויינט און ניט געקלאָגט, איז געווען דער שווער־געפּרוווטער טאַטע, ר׳ ניאַבקע, דער צדיק תמים. ער האָט מצדיק געווען אויף זיך דעם פינצטערן גזר־דין מן השמים. ער האָט עס אָנגע־נומען ווי אַ קרבן חטאת פאַר זיינע זינד, וואָס ער האָט יאָרן־לאַנג געשניטן העלדזער ביי שטומע־צינג . . .

# ר׳ משהלע דער מתמיד

איז דאָך אָבער, כידוע, דער רבונו של עולם אַן אל רחום וחנון, אַ דערבאַרימדיקער און אַ לייטזעליקער גאָט, וואָס מיט איין האַנט שטראָפט ער און מיט דער צווייטער האַנט בענטשט ער. האָט ער ר׳ ניאַכקען, דעם בעל־הנסיון, געשאָנקען אַביסעלע נחת און פרייד, כאָטש אויף אַ שטיקעלע צייט. ער האָט אים צוגעשיקט אַ זיווג פאַר זיין איין און אייציקער טאָכטער, פריידע, וואָס איז געווען כולו זייד, אַן אמתער "פּרי עץ הדר", מיט אַ כשרער, איידעלער נשמה און אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ מופלג בתורה, מיטן נאָמען ר׳ משה. און היות ער איז געווען שיין ווי די זון, גוט און צאַרט ווי אַ מלאך, האָבן זיינע טאַטע־מאַמע, זיינע שווער און שוויגער, זיין יונג ווייבל און גאַנץ שטעטעלע זאַסטאַוויע אים גערופן ניט אַנדערש ווי ר׳ משהלע זאָל לעבן.

געשטאַמט האָט ער פון אַ באַרימטער למדנישער משפּחה, וואָס האָט געצויגן איר יחוס פון דורות תלמידי חכמים, אנשי מעשה, אין דער גרויסער שטאָט בריסק דליטא, וואָס איז געווען אַן עיר ואם בישראל. געגאַנגען איז ער געקליידעט ווי אַלע ווײַלגעלערנטע, חסידישע יונגעלייט פון יענער צייט, אין אַ לאַנגן, שוואַרצן סורדוט מיט אַ קליינינקן חסידישן קאַשקעטל אויפן קאָפּ, ווי די דאָזיקע אויסדערוויילטע מלבושים וואָלטן געווען אַ שמירה, אַ מחיצה קעגן דער דרויסנדיקער, פרעמדער, פרייער וועלט . . .

ר׳ משהלע האָט פאַרמאָגט אַ זעלטן־שיין געשטאַלט, מיט אַ ליכטיקן הדרת־פּנים, וואָס איז געווען איינגעפאַסט אין אַ ראַם פון אַ בלאָנדן, קײַלעכדיקן בערדל, וואָס האָט זיך ערשט געהאַלטן אין פאַנאַנדערוואַקסן. געווען איז ער אויך פון דער נאַטור אַ גרויסער אסתנים, אַ זעלטענער מפונק: זיינע מלבושים, סיי די וואָס ער האָט געטראָגן אין שטוב און סיי די וואָס ער האָט געטראָגן אין גאַס, וואָכעדיקע און שבת יום־טובדיקע, זיינען שטענדיק געווען אויסערגעווײנלעך ריין, ציכטיק, זויבערדיק, אַזוי אַז קיין שפּרענקעלע האָט זיך אויף זיי ניט אָנגעזען; אַזוי ריין, ציכטיק און אויסגעגלעט זיינען געווען זיין בלאָנד בערדל און פּאהלעך — יעדער הערעלע אַ גאָלדן־פלאַטערדיק פעדימל, נאָר צום איבערציילן; זיינע שטיוועלעטן, שטענדיק אָפּגעפּוצט מיט אַן עניוותדיקן גלאַנץ.

ווען נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן אין גאַס, מיט זיין זעלטן־שיינעם, ליכטיקן פּנים, פלעגן זיך אַלע אָפּשטעלן קוקן, בלייבן פאַרגאַפט. מיט גרויס

ליבשאפט און יראת הכבוד האט אים איטלעכער אנטקעגן געטראגן דעם ״גוט־מארגן״ און דעם ״גאט־העלף״. גאטספארכטיקע ווייבער פלעגן באלד אנהייבן שעפטשען צווישן זיך און זאגן: זעט, קוקט, די שכינה הקדושה רוט דאך אויף זיין פנים, הלוואי אויף מיינע קינדער און קינדס־קינדער אזוי געזאגט געווארן. טראגנדיקע יונגע מאמעס האבן געזוכט כלערליי עצות ווי צו פארקוקן זיך אויף אים, כדי זייערע צוקונפטיקע, געבארענע קינדער זאלן זיין אין אים געראטן.

און ווי שיין, מלכותדיק ער איז געווען, אזוי גוט און איידל איז ער געווען. גערעדט האט ער צו איטלעכן שטיל, בנעימותדיק; יעדער ווארט גע־ציילט, באטאנט, אזוי אז ס׳האט ארייגעדרונגען טיף אין הארצן אריין. האט ער דערזען א קינד איז געפאלן, זיך צעקלאפט און איז זיך פארגאנגען אין א געוויין, פלעגט ער ווערן בלייך ווי די וואנט, אזוי אז יעדער טראפן בלוט פון זיין פנים פלעגט פארשווינדן. האט ער דערהערט אן עלטערן מענטשן קרעכצן, האט זיך ביי אים דאס הארץ צונויפגעקארטשעט פון שרעק און רחמנות.

נאך מער האט אים וויי געטאן, ווען ער האט געזען עמיצן ליידן נויט און דחקות. ווארים לשיטתו, האט ער געהאלטן, אז כל־זמן דער מענטש, דער ״בחיר היצירה״, גייט ארום מיט דאגות און זארג, איז א סימן, אז די וועלט איז נאך פול מיט פגימות . . . איז כדי מתקן צו זיין ״במלכות שדי״, דארף איטלעכער זען צו פארטרייבן פון זיך און פון אנדערע דעם אומעט, די עצבות. איז ווי נאר ער האט באמערקט עמיצן זיצן א פארדאגהטן, פלעגט ער אים אנטקעגן טראגן זיין הארציקן, ליבלעכן שמייכל. ארויפלייגן אויף יענעם זיין איידעלע, ווייסע האנט, נעמען אים טרייסטן, אויסריידן דאס הארץ, ביז ס׳איז אים געלונגען צו פארטרייבן פון יענעם דעם אומעט.

נו, איז א חידוש וואס איטלעכער אין שטעטל האט געטראגן צו אים א ליבשאפט און א ברכה אויף זיינע ליפן און אים גערופן ניט אנדערש ווי ״ר׳ משהלע זאל לעבן״, ״אונדזער ר׳ משהלע, זאל זיין געזונט און שטארק״, און נאך אזעלכע הארציקע אויסדרוקן.

ער אליין אבער האט אויך געטראגן אין הארצן א גרויסע זארג, וואס ער דארף זיין אנגעוויזן מיט חיונה אויף עמיצן, בפרט נאך אויף זיין שווער, ר׳ ניאכקע, וואס איז געווען אן עני מדוכא. האט ער, נאך איידער ס׳האט זיך אויסגעלאזן דער זמן פון זיין עסן קעסט, צונויפגעשטעלט פאר זיך א ״מעמד״, א קנעלונג, פון עטלעכע באלעבאטישע קינדער, און מיט זיי געלערנט א גאנצן טאג חומש מיט רש״י, גמרא מיט תוספות, אבי חלילה ניט פאלן קיינעם צו לאסט.

און כאטש ער איז נאך געווען אזוי יונג, ערשט אין די אנהייב דריי־סיקער, איז ער שוין געווען א גרויסער למדן, א בקי אין ש״ס און פוסקים, און דערצו נאך א גרויסער מתמיד. צו זיין התמדה איז גאר קיין שיר ניט געווען. ווי נאר ער פלעגט זיך אפפארטיקן מיט זיינע תלמידים, פלעגט ער באלד

אוועקלויפן אין בית־מדרש, זיך אוועקזעצן אין זיין שטענדיקן ווינקל, ביי א שטענדער און גמרא, און אנהייבן לערנען פאר זיך. און געלערנט האט ער דווקא שטיל ,אין זיך, מער מיטן אויג, מיט די ליפן, ווי אויפן קול, געהאלטן נאר אין איין שאקלען זיך גיך, מיטן גאנצן גוף, אזוי אז ס׳איז קאנטיק געווען, אז ער לערנט מיט אלע זיינע רמ״ח אברים. אזוי פלעגט ער אפזיצן ביז א שטיק אין דער נאכט. דאס איז אבער פאר אים נאך ניט געווען גענוג. ער פלעגט נאך אויפשטיין פארטאג, מיט הנץ החמה, און געלערנט ביז ס׳איז געקומען זמן קריאת שמע של שחרית.

ער איז אבער ניט געווען צופרידן וואס ער אליין לערנט. ער האט געוואלט זיין ניט נאר ״הלומד״ נאר אויך ״המלמד״, דער וואס לערנט מיט אנדערע, כדי אנדערע זאלן אויך קאנען געניסן פונם אייביקן, זיסן, יידישן קוואל. פלעגט ער יעדער ביין מנחה למעריב צונויפנעמען פשוטע יידן, ערד־ארבעטער, באלמעלאכעס, דארפס־גייער, וואס זיי אליין איז נעבעך שווער געווען דורכצוקריכן די שווארצע פינטעלעך, און געלערנט מיט זיי א פרשה חומש מיט רש״י, א פרק ״עין יעקב״. נאך מעריב האט ער פאר יחידי סגולה געלערנט א בלאט גמרא. שבת און יום־טוב — אווארע און אווארע געלערנט.

ווען ער האט דערזען ,אז ער קאן זיך שוין מער ניט ״ספראווען״ מיט אזויפיל דערוואקסענע תלמידים, קיין ע״ה ניט, וואס האלטן אין איין צוקומען, האט ער גענומען צו הילף זיין שווער, ר׳ ניאכקע דעם שוחט, ר׳ ישראל לוס־קעלער דעם גמרא מלמד, און נאך אזעלכע יודעי ספר, צונויפגעשטעלט פאר זיי נייע ״טישן״, מיט נייע ״תלמידים״, און מען האט געלערנט און טאקע מיט גרוים חשק. ביז ער האט מיט זיין פייערדיקער התמדה צום לערנען אנגעצונדן כמעט דאס גאנצע שטעטל. ס׳האבן אנגעהויבן צו לערנען יונג און אלט, באלמעלאכע און קרעמער, ערד־ארבעטער און שענקער, בחורים און באלע־באטים, אזוי אז ווען ס׳איז געקומען שבת און יום־טוב, איז דער זאסטאווער בית־מדרש געווען געפאקט מיט לערנער און דער קול התורה האט אפגע־קלונגען אזש ביז צום באלקן.

אפילו די עטלעכע שטעטלשע לצים, די שטענדיקע ליידיקגייער, די פוסטע־פאסניקעס, וואס האבן געהאט א טבע צו זיצן ביין מנחה למעריב, ווינטער ביים ווארימען אויוון, זומער אינדרויסן אויפן בית־מדרש בריקל, געטריבן ליצנות און גערעדט לשון הרע; דערציילט רכילות, אפגעחוזק פון אלץ און פון אלעמען, און אז איידעלן יידן פיינט געהאט בתכלית השנאה, ווי ס׳איז דער שטייגער פון עם הארצים, האבן ביסלעכווייז אנגעהויבן איינער נאכן אנ־דערן פארלאזן דעם בריקל, אריין אין בית־מדרש, זיך צוגעשארט צו א ברעג טיש און אויך צוגענויגט אן אויער, הערן א יידיש ווארט.

צו ר׳ משהלעס פרייד איז גאר קיין שיר ניט געווען. ער איז ארומגע־גאנגען פון טיש צו טיש מיט א קינדיש גליקלעכן שמייכל אויף זיין, ליכטיקן ווייסן פנים. דא און דארט אריינגעשטעלט א ווארט, א חכמהלע; אויף איינעם ארויפגעלייגט א ווארעמע האנט אויפן אקסל, א צווייטן א גלעט געטאן איבער

דער פּלייצע, און פון גרויס חדווה צוגעקנאקט מיט א פּאר פינגער, צוגעפּליעס־קעט האנט אין האנט, כדי צו געבן איטלעכן מער מוט און מער חשק צום לערנען.

אין די עטלעכע, געציילטע יאר, וואס אים איז באשערט געווען צו לעבן, האט שטעטעלע זאסטאוויע באקומען גאר אן אנדער פּנים. ווי מיט א כישוף־שפּרוך זיינען פארשוואונדן געווארן די אפּטע קריגערייען און מחלוקתן צווישן איין שכן און דעם אנדערן, צווישן איין צד און דעם צווייטן, ווי ס'איז שוין דער שטייגער אין א קליין שטעטל, אין א יידישער קהילה . . . ס'האט זיך מער קיינער ניט געקריגט מיט קיינעם, ווייל איטלעכער האט זיך עפּעס געשעמט און מורא געהאט ווי צו טאן דעם יונגן למדן, ר' משהלען, וואס מיט זיין גוטסקייט און צדקות האט ער ביי איטלעכן אין הארצן אנגעצונדן א ליבשאפט צו זיך; איטלעכער, סיי יונג און סיי אלט, האט זיך געפּלייסט נושא־חן צו זיין אין זיינע גוטע, ווייכע, סאמעטענע אויגן; איטלעכער האט זיך באמיט מיט אלע כוחות צו זען, אז זיין זיסער, ליבער שמייכל אויף זיין הייליקן קלסתר פּנים זאל קיינמאל ניט פארשווינדן. און טאקע א דאנק זיין השפעה, האט זיך איבערן שטעטל פארשפּרייט עפּעס אזא גייסטיקע איידלקייט, אזא שבת יום־טובדיקייט, וואס ס'איז שווער אויסצודריקן אין ווערטער, נאר יעדער איינער האט עס געפילט אין הארצן.

די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס האבן אויך באלד דערשפּירט, אז ער איז עפּעס ניט קיין געוויינלעכער ייד. ווען נאר זיי פלעגן אים דערזען, פלעגן זיי אויף גיך אראפּכאפּן דאס היטל, זיך בוקן פאר אים, ווי פאר א הייליקן. ניט איינער פון זיי פלעגט אינסטינקטיוו כאפּן זיך צלמען, ווי זיי וואלטן פלוצלונג דערזען פאר זיך, להבדיל, זייער ישו הנוצרי . . . ווייל ר' משהלעס פּנים מיט זיין רונדן, בלאנדן בערדל און מיט זיינע טיף־בלויע אויגן, האט טאקע געהאט א שטארקע ענלעכקייט צו א יעזוס־פּנים, לויט די פּאטרעטן פון די קלאסישע מאלערס, ווי א רעמבראנדט, א מיכל אנדזשעלא און אנדערע. און טאקע אין זיין זכות האט אין יענער צייט די גוישע גאס געטראגן א געוויסן דרך־ארץ פאר דער יידישער גאס.

די שכנישע שטאט קאמעניץ, וואס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך לעשנא, האט ניט פארגונען דעם קליינינקן שטעטעלע זאסטאוויע, אזא גליק און אזא כבוד צו האבן ביי זיך אזא למדן, אזא תלמיד־חכם, וואס מען איז זיכער געווען, אז זיין נאמען וועט באלד נעמען קלינגען איבער נאענטע און ווייטע יידישע קהילות. האט זי אנגעהויבן זוכן כלערליי עצות ווי אזוי אים ארויסצוקריגן פון דארטן. זי האט שוין ניט איינמאל געשיקט צו אים שליחים, וואס האבן אים פארגעשלאגן צו קומען זיך באזעצן אין זייער מיט, ווערן דער "ארי שבחבורה", צווישן אירע תלמידי־חכמים, און ער זאל אויך פאר־נעמען די שטול פון ראש הישיבה. אבער ר' משהלע, וואס איז בטבע געווען א גרויסער עניו און א שונא בצע, האט זיך אפּגעזאגט אי פונם כבוד און אי פון די גוטע אויסזיכטן אויף א בעסערער און גרינגערער פרנסה. ערשטנס, איז ער שוין געווען אזוי גייסטיק צונויפגעבונדן מיטן שטעטעלע זאסטאוויע

און מיט אירע איינוווינער, אזוי אז "נפשו קשורה בנפשם"; צווייטנס, נאך וואס האט ער געדארפט גיין זיך באזעצן אין קאמעניץ און ווערן דארט א ראש־ישיבה איבער א צאל ישיבה־בחורים, בעת ער האט דא פארוואנדלט א גאנץ שטעטל אין א ישיבה.

אבער ווי עס ווייזט אויס איז דעם קליינינקן זאסטאוויע ניט באשערט געווען לאנג צו טראגן אויף זיך די "קרוין פון דער תורה". זיין יונגער, גייס־טיקער מנהיג, דער צדיק ר׳ משהלע, איז פלוצלונג שטארק פארשלאפט געווארן און אין משך פון עטלעכע טעג האט ער אויסגעהויכט זיין גרויסע, איידעלע, ליכטיקע נשמה. דער גאלדענער פאדים, וואס ער האט דא געשפונען פון תורה ועבודה, איז אין סאמע מיטן איבערגעריסן געווארן.

א, ווי שטעטעלע האט עס געקעמפט און זיך געראנגלט מיט אלע כוחות צו פארטרייבן פון אים דעם מלאך־המות! אבער "ולא עלתה בידו", עס איז אים ניט געלונגען. קליין און גרויס, מאן און פרוי, האבן טאג און נאכט תהילים געזאגט; ווייבער האבן קברים איינגעריסן, דעם ארון־קודש איינגע־לייגט, תעניתים אפגעריכט; איטלעכער האט אים פון זיך יארן געשאנקען — ס׳האט אבער גארנישט ניט געהאלפן. דער פינצטערער גזר דין איז שוין לאנג געווען א פארחתמעטער. דער "הייליקער ארון איז צוגענומען געווארן!" און צוזאמען מיט אים איז צוגענומען געווארן די פרייד און דער שטאלץ פונם שטעטל.

צו זיין לוויה איז אפילו א קינד ניט געבליבן אין וויג. די גאנצע שכנישע שטאט קאמעניץ, בראש מיט איר מרא דאתרא, ר׳ ראובן בורשטיין, און די דיינים, זיינען געקומען אזש קיין זאסטאוויע, צוצוטיילן אים דעם לעצטן כבוד. איינדרויסן פארן בית־מדרש, אונטערן פרייען, זוניקן הימל, האט מען אפגעריכט ניט איין הספד. דער רב בכבודו ובעצמו, מיט די שענסטע פני העיר, תלמידי חכמים, האבן געטראגן זיין "מיטה" ביז צום הייליקן ארט.

און ווען שטעטעלע זאסטאוויע האט דערזען, ווי מען נעמט אים שוין אוועק אינגאנצן פון זיי, האט אויסגעבראכן אזא יללה און אזא געוויין, וואס האט שיר ניט די הימלען צעריסן. ניט איין שוואכע פרוי איז אוועק־געפאלן אין חלשות און אפילו דער שטארק־הארציקער צווישן די מענער האט געוויינט און געכליפעט ווי א פאריתומט קינד.

דער איינציקער וואס האט ניט געוויינט, איז געווען זיין שוואגער, ר׳ ניאכקע דער שוחט, דער שווער־געפרוווטער צדיק־תמים. ער איז נאכגעגאנגען נאך זיין איידעמס לוויה מיט א וויים־בלייכן פנים, מיט ציטערדיקע ליפן און עקשנותדיק געשוויגן.

און ערשט ווען ס׳איז געקומען צו סתימת הגולל, ווען די ערשטע לאפעטעס ערד האבן גענומען פאלן אין קבר אויף זיין יונג־בליענדיקן איידעם, האט ר׳ ניאכקע דער שוחט שוין מער ניט געקענט שווייגן. ער האט פאררים

דעם קאפ אין דער הויך, אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל און אויסגע־שריען ווי ניט מיט זיין קול:

— רבונו של עולם! אלה הצאן מה חטאו?! אויב איך, דיין קנעכט, האב געזינדיקט, טא וואס זיינען נעבעך שולדיק די שעפעלעך?!

ער האט זיך אבער באלד דערשראקן פאר זיינע אייגענע רייד . . . האט ער אויף גיך א כאפ געטאן מיט ביידע הענט זיין לאנגע צעפלאשעטע בארד און זי אריינגעכאפט אין מויל און אנגעהויבן זי קייען מיט פארשטשע־מעוועטע ציין.

ווי איוב איז זיין צייט, האט דער שטארקער, גייסטיקער ייד, ר' ניאכקע אויך דאס מאל אויסגעהאלטן דעם שווערן נסיון.

# אבא־וועלוול דער חזן

גערופן האט מען אים חזן בלשון סגי נהור, ד״ה, אין שפאס, ווייל אין דער אמתן איז ער גאר קיין חזן ניט געווען: ערשטנס, האט ער געהאט א קליינינקע, דינינקע שטימעלע, וואס האט זיך לגמרי ניט הארמאנירט מיט זיין פיזישן אויסזען, מיט זיין גידול, מיט זיינע ברייט־צעוואקסענע פלייצעס; צווייטנס, האט ער אפילו ניט געקאנט קיין צורת־אות פון דער מוזיק שפראך, ד״ה, די חכמת הנאטן, און דריטנס, וואס דאס איז דאך דער עיקר — ער איז נעבעך אויך געווען אביסל שטומפיק אויף דער עברי.

נו, טא זאגט אליין, ווי האט אזעלכער געקאנט זיין א חזן ביי יידן?

ער אבער האט זיך דווקא געריסן צום עמוד און געוואלט פראווען חזנות אויף זיין שטייגער. די באלעבאטים אין בית מדרש האבן אבער בשום אופן ניט געוואלט הערן און געניסן פון זיין געזאנג, און נאך געמאכט חוכא וטלולא פון אים און פון זיין נגינה.

אבער צוריק שמועסנדיק, האט אבא־וועלוול דער ״חזן״ ניט פארדינט, אז א גאנצע עדה יידן זאל זיך אזוי שטארק איזדיעקעווען איבער אים, פארשאפן אים אזויפיל צער און אזוי שטארק מזלזל זיין אין זיין נגינה.

ווארים ווען איז דאס געזעדט געווארן, אז א חזן דארף האבן א שטארקע שטימע, קאנען לייענען נאטן און פארשטיין פירוש המילות, ווען מען זינגט בלויז פון גארגל ארויס. אבער ביי אונדזער אבא־וועלוולען האט עס ארויסגעזונגען פון אינעווייניק, ווי אין פסוק שטייט: ממעקים, פון די סאמע טיפענישן פון זיין נשמה האט זיך געריסן ביי אים דאס געזאנג, אפילו אן זיין אייגענעם ווילן, אט ווי עס זינגט זיך דעם פויגל אויפן בוים, ווי עס וואַרקעט און עס ברומט די טויב פון איר נעסט און ווי עס זשומעט די בין אין פעלד.

טא, צו וואס האט אזא גרויסער בעל מנגן ווי אבא־וועלוול, געדארפט האבן די אלע ״חזנישע כלים״, א שטארקע קאלאראטור, נאטן, א ״געזונטע עברי״ וכדומה? דאס איז אן ענין בלויז פאר פראפעסיאנעלע, אויסגעשולטע חזנים. ער אבער, האט געקאנט זינגען אן דעם אלעמען. און ער האט טאקע געזונגען! און נאך א מין זינגען! מיט אזויפיל חדווה און פרייד, ווי עפעס אן אומזעבארער כוח וואלט אים באפעלן: ״זינג, אבא־וועלוול, זינג!״ און ער

האט געזונגען בייטאג און ביינאכט,ביים לייגן זיך און ביים אויפשטיין, אזוי אז דאס געזאנג האט אים באגלייט אויף טריט און שריט.

אבער פונקט ווי דער בוים, דער צומח, האט הנאה ווען מען קומט צו אים געניסן פון זיינע צייטיקע, געשמאקע, פּירות, אזוי אויך האט ער זיך אבא־וועלוועלען שטארק געגלוסט, ממש עד כלות הנפש, צו האבן פאר וועמען אויסצוזינגען זיינע זיסע, הארציקע ניגונימלעך, וואס ער האט אליין פארפאסט.

אבער ווי אויף צו להכעיס, האט דאס "בית מדרש" געזאגט: "לא מיט אן אלף!" א, וויפל ער האט זיך דאס ביי זיי ניט צעבעטן, אז זיי זאלן אים כאטש איינמאל, שבת, צולאזן צום "ברעטל", מחמת ער האט היינט יארצייט נאך זיין טאטן עליו השלום, נאך זיין מאמען עליה השלום און נאך זיינע שווער און שוויגער, זאלן האבן א ליכטיקן גן־עדן — האט עס ניט געהאלפן, כאטש שריי חי וקים! זיי מאכן נאך חוזק פון אים און פון זיינע יארצייטן.

באשר בכן עס געפעלט זיי ניט זיין דינינקע פאלצעטא שטימעלע, וואס קלינגט, זאגן זיי, ווי דאס קול פון א פרויענצימער . . . און האלטן רק אין איין זוכן חסרונות אויף זיין עברי. און דער גרעסטער חסרון זיינער איז, זאגן זיי, וואס ער פראוועט בדחנות אויף חתונות, זינגט דארט עפּעס אזעלכע נארישע לידלעך, טאנצט און האפקעט, מאכט כלערליי תנועות און האוואיעס, גאר מעשה ליץ.

— נו, אדרבא, זאגט אליין, — פלעגט אבא־וועלוועל טענהן מיט א רחמנות־פּנים, — וואס איז דא די עוולה צו זינגען געגראמטע לידלעך און טאנצן אויף חתונות? פארקערט, ס'איז דאך גאר א מצווה משמח צו זיין חתן־כלה? אבער גיי, האב טענות צו די פרומאקעס, די "שיינע" באלעבאטים פון מזרח־וואנט! זיי זאגן אז דאס וואס פאסט זיך פאר די ווייבער אויף חתונות, פאסט זיך ניט פאר די מאנצבילן אין בית־מדרש.

אבער פונקט ווי איר קאנט ניט אפּשטעלן א שטראמיקן טייך אין זיין אימפּעטיקן גאנג, אזוי אויך האט מען ניט געקענט אפּשטעלן ביי אבא־וועלוועלען דאס געזאנג, וואס האט זיך געריסן פון אים ווי מיט א סטיכישער קראפט.

ניט איינמאל, שבת אדער יום־טוב, אין מיטן דאווענען, פלעגט ער זיך פּלוצים צעזינגען הויך אויפן קול, ווי ער וואלט געווען דער חזן. דער עולם, וואס איז געשטאנען "שמונה עשרה" מיטן פּנים צום מזרח, פלעגט נעמען קלאפּן מיט די פויסטן אין וואנט און שרייען אויף שטום־לשון:

— אי, נא! אי, נא! — ד"ה, ער זאל פארשטומט ווערן! ער איז מבלבל זייערע כוונות.

ערשט דעמאלט פלעגט אבא־וועלוועל זיך כאפּן, וווּ ער איז אין דער וועלט, און אז ער איז נעבעך ניט מער ווי איינער צווישן די פּשוטע מתפּללים.

און ווען דער בעל תפילה פלעגט נעמען זאגן הויך אויפן קול די "הויכע" שמונה עשרה, פלעגט ער אים זייער שטארק מקנא זיין, ווי ס'איז מקנא א הונגעריקער ארעמאן א רייכן גביר בעת ער זעט אים זיצן איבער א פולן שיסל געבראטנס.

דערפאר אבער, איינמאל אין יאר, שמחת תורה, ווען גאנץ שטעטל, פון גרויס ביז קליין, האט זיך געטאן משמח זיין מיט דער תורה, איז כדי די שמחה זאל זיין נאך גרעסער, האט מען אים דערלויבט צו גיין דאווענען מוסף.

אבא־וועלוול פלעגט זיך דעמאלט געבן א כאפ צו צום עמוד מיט אזא פרייד, ווי להבדיל. א פארליבטער חתן, וואס לויפט מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס אנטקעגן זיין כלה. דעמאלט האבן אלע זיינע בענקענישן און אלע זיינע גלוסטעניש צו דער הייליקער נגינה, געקראגן ביי אים זייער תיקון. ער האט געדאווענט מיט אזא התלהבות און מיט אזא השתפכות הנפש, אז מען האט געזען ממש בעשיינפערלעך ווי זיין זינגענדיקע נשמה פליט איצט אין די הויכע עולמות.

אבער דער שמחת־תורהדיקער עולם, וואס האט שוין געגארט צו מאכן "לחיים", נעמען צו ביסעלעך משקה, כאפן א ריקודל, א טענצל לכבוד דער תורה, האט ניט געשענקט קיין מינדסטן אכט אויף זיין שיינעם, חזנישן, יום־טובדיקן דאווענען. ס'האט זיי נאך שטארק פארדראסן וואס ער ציקלט זיך אזוי ביים עמוד, ציט ארויס ביי זיי די עצמות. חברה שקצים, פון הינטערן אויוון, האבן אנגעהויבן פאטשן מיט די הענט איבער די טישן און גענומען שרייען אויפן קול:

— וואס האט ער זיך דארט אזוי צעיאכמערט? וואס מיינט ער זיך, עס איז היינט יום־כיפור? א סוף זאל עס נעמען! גענוג! גענוג! . .

געזען אז עס העלפט ניט, האבן די גרויסע יונגאטשעס, וואס זיינען שוין געווען היבשלעך בגילופינדיק, גענומען אים באווארפן מיט "פעלצלעך", מיט צונויפגעוויקלטע, נאסע האנטיכער, אזוי אז דאס בית־מדרש איז גע־גאנגען ממש כאדראם, ווי עס פאסט פאר שמחת־תורה.

אבא־וועלוול אבער האט זיך געמאכט כלא ידע, ווי ניט אים מיינט מען. ער האט נאך מער אריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאפ און ווייטער געדאווענט מיט דער זעלבער דביקות ביזן סוף.

ערשט, ווען ער האט זיך שוין געהאט גוט "אנגעזעטיקט" מיט די תפילות און מיט זיינע זיסע, הארציקע ניגונימלעך, האט ער זיך אומגעדרייט מיט א צעשטראלטן פנים צום עולם און מיט א גליקלעכן שמייכעלע א זאג געטאן:

— נו, וואס זאגט איר עפעס אויף מיין היינטיקן מוסף, הא? און ווי געפעלט אייך עפעס מיין ניי ניגונדל צו דער "קדושה"? א, דאס איז שוין איינ־מאל געווען א "זאגעכץ"! . .

נאָר אָנשטאָט צו הערן פון זיי אַ גוט וואָרט אויף זיין דאַוונען, פלעגן לצים אומישנע אים אָנטקעגן טראָגן אויסגעשטרעקטע הענט, גוט־ברודעריש קלאַפּן אים אויף דער פּלייצע און זאָגן מכלומרשט מיט אַן ערנסטער מינע:

— אַ גרויסער יישר כוח דיר, אבא־וועלוול, פאַר דעם גרויסן עונג יום־טוב, וואָס דו האָסט אונדז היינט פאַרשאַפט . . . נאָר דו זאָלסט למען השם ניט פאַרגעסן, אַז דעם קומענדיקן שמחת־תורה זאָלסטו עס מאַכן אַביסל קירצער.

דאָס איז געווען פאַר אים אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, אַז ער איז פאַר זיי ניט מער ווי אַ שמחת־תורהדיקער חזן, וואָס מיט זיין חזנות פּראַווען מאַכט ער פריילעך אין בית־מדרש.

אַז אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט פון אַזאַ "יישר כוח", פון אַזאַ "קאָמפּלימענט" געהאַט גרויס צער, אָבער ניט אונדזער אבא־וועלוול. ער האָט עס אָנגענומען מיט אַ גוטמוטיקן שמייכעלע. ווייל, ווי שוין געזאָגט, איז ער געווען אַ פריילעכע נשמה: כעס און פאַרדראָס איז ניט געווען אין זיין נאַטור.

און כאָטש ער איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, דאָך האָט ער זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט אויף זיין שווערער דאָליע. ער האָט דעם דלות זיינעם, וואָס האָט ביי אים געפּייפט אין אַלע ווינקעלעך, פאַרזונגען און פאַרקלונגען מיט זיינע פריילעכע, לוסטיקע זמרלעך און ניגונימלעך.

האָט ער עמיצן דערזען זיצן אַ פאַרדאַגהטן, אַ פאַרזאָרגטן, פלעגט ער זיך באַלד צורוקן צו יענעם, פאַרציען אַ לידל, אַ ניגונדל, און דערביי מאַכן מיטן פּנים, מיט די אויגן, עפּעס אַזעלכע משונהדיקע תנועהלעך, פריילעכע האַוואַיעלעך, ביז דער פאַרמרה־שחורהטער האָט זיך געמוזט צעשמייכלען.

עס איז אים שוין ניט איינמאָל געהאַט אויסגעקומען פריטיק צו נאַכט צו מאַכן קידוש איבער אַ שוואַרצן לאַבן־ברויט, האָט ער, ווי אויף צו להכעיס דעם דלות זיינעם, געזונגען די שבתדיקע זמירות נאָך מיט מער ברען און מיט נאָך מער חדווה, ווי זיין שבתדיקער טיש וואָלט איצט געווען באַדעקט מיט מעדני מלך. ווען ער פלעגט דערזען ווי זיין ווייב זיצט אַ פאַרצאָגטע, אַ פאַר־טרויערטע, וואָס איר שבתדיקער טיש שטייט נעבעך אַ פאַרשעמטער, פלעגט ער אויפשפּרינגען פון אָרט, אַ כאַפּ טאָן זי מיט זיינע שטאַרקע, געזונטע ידים און זיך אַוועקלאָזן מיט איר אין אַ טענצל. אָט אַזאַ הוליע קבצן איז ער געווען.

שטעטל אָבער האָט אים ניט פאַרשטאַנען, האָט געקוקט אויף אים ווי אויף עפּעס אַ טשודאַק, אַ ווילדע בריאה. ניט איינער פלעגט זאָגן, אַז עס פעלט אים נעבעך אַ "קליעפּקע אין מוח". אַ צווייטער פלעגט אָנווייזן מיט אַ פינגער אויף זיך און זאָגן, אַז ביי אבא־וועלוולען איז דאָרט "קאַליע אַ שרייפעלע", און נאָך אַזעלכע "שבחים", מ'שטיינס געזאָגט.

* * * * *

פּונקט ווי אונדזער אבא־וועלוול האָט נעבעך ניט געהאַט קיין מזל צו חזנות, אַזוי אויך האָט ער נעבעך ניט געהאַט קיין מזל און קיין הצלחה צו

פרנסה. ער האט שוין געהאט איבערגעטאן כל המלאכות שבעולם און ס'איז אים אלץ געגאנגען, ווי מען זאגט, מיט דער פוטער אראפ.

דאס איז ניט געווען חלילה מחמת ער איז געווען א שלימזל, א פויליאק, פארקערט, ער איז גראד געווען א סאטאראטעלנער מענטש. נאר אלע צרות האבן זיך גענומען ביי אים צוליב זיין מסוכנדיקער גלוסטעניש צום זינגען, וואס איז געזעסן אין אים, ווי א קליפה, רחמנא לצלן, און אים פארשאפט אומזיסטע ליידן.

דאכט זיך וואס קאן שוין זיין א בעסערע און א שענערע פרנסה ווי צו זיין א פאסטוך ביי יידן ? . . דאך האט די דאזיקע בכבודיקע מלאכה, מ'שטיינס געזאגט, ניט געהאט ביי אים קיין אריכת ימים, אלץ צוליב זיין משונהדיקער תאווה צו נגינה.

אבא־וועלוועלען איז די דאזיקע פרנסה גראד געווען שטארק צום הארצן. יעדער באגינען, כלחוד השור, ווען גאנץ שטעטל איז נאך געשלאפן, פלעגט ער קומען מיט זיין גרויסן פאסטוך־שטעקן אין האנט, זיך אוועקשטעלן אין מיטן גאס און אנהייבן צו קרייען ווי אן אמתער, גאלאגאנסקער האן. אויף זיין שטארקן קריי, האבן באלד געענטפערט מיט א קרייעריי און מיט א גארגאטשעריי אלע הינער און הענער און פון שטעטל.

דאס איז געווען א סיגנאל, אז עס איז שוין צייט ארויסצולאזן די יידישע טשערעדע אויף דער "ראסע", אויף דער פרימארגנדיקער פאשע. מיט געזאנג פלעגט ער זיי פירן אויפן וויהאן און מיט געזאנג פלעגט ער זיי ברענגען אהיים. די יידישע בהמהלעך האבן גאר אנגעקוואלן פון אים. ער האט אויף זיי קיינמאל קיין בייטש ניט אויפגעהויבן, אפילו קיין הויכן געשריי ניט געטאן. יעטווידער בהמהלע האט ער אנגערופן מיט א לאסקאוון, צערטלעכן נאמען, ווי זיי וואלטן געווען זיינע אייגענע. זיי זיינען אים דערפאר געווען זייער "פאסלושנע" (געהארכזאם).

האט דאך געדארפט זיין גוט און וווילו. ווי זאגט איר, ניט אזוי? אבער די באלעבאטים איז ניט געפעלן געווארן זיין דרך ביים פאשען זייערע בהמות. באשר בכן זיי האבן געטענהט, זיי האבן אים אנגעשטעלט פאר א פאסטוך און ניט פאר א חזן פאר זייערע "סקאטינעס". . . ווארים אנשטאט ער זאל אכטונג געבן אויף זייערע בהמות, אז זיי זאלן זיך ניט ארייננכאפן אין א שכנישן גארטן, ניט פארקריכן ערגעץ אין א טיפן זומפ, זיצט ער זיך גאר, מעשה פריץ, ביים ברעג טייך, קוקט ווי קאטשקעס שווימען, ווי פייגעלעך פליען און האלט אין איין זינגען זיינע חזנישע שטיקלעך . . .

ביז איינמאל, אין א שיינעם פרימארגן, ווען אבא־וועלוועל איז געקומען פארנעמען די בהמות אויף דער פאשע, האט ער, צו זיין גרויסער פארוווּנדערונג, געטראפן אפענע, ליידיקע שטאלן. דער נייער, גוישער פאסטוך האט זיי שוין געהאט פריער פארנומען אויפן וויהאן, און ער איז נעבעך געבליבן מיטן הויכן ביי טשל.

אבא־וועלוול, דער גרויסער סטאראטעלנער מענטש, האט באלד געפונען פאר זיך א שפאגל־נייע פרנסה. ער איז געווארן א טראטש, ד"ה, ער איז געשטאנען, פון פרימארגן ביז שפעט אין אוונט, אין דער הייד, אויף צוויי פיר־פיסיקע קאזלעס איבער וועלכע עס איז געלעגן אויסגעצויגן א לאנגער קלאץ, און געהאלטן אין איין ציען א־לאנגע, שארפע זעג ארויף און אראפ, ביז די קלאץ איז צעשניטן געווארן אויף ברעטער, דיליעס און אפאלקעס.

אבא־וועלוול האט זיך גאר מחיה געווען מיט זיין נייער מלאכה. ער איז געווען לעילא ולעילא. ער שטייט אין דער הויך, מיטן קאפ צום בלויען הימל, צו דער ליכטיקער זון; ער זעט די וועלט, און די וועלט זעט אים. פון גרויס חדווה האט ער זיך אזש צעזונגען.

אבער זיינע צוויי באלעבאטים, די צוויי טראטשעס, וואס זיינען געשטאנען מיט די פיס אויף דר'ערד, איז ניט געווען צום הארצן זיין געזאנג. זיי האבן געהאלטן, אז חזנות מיט טראטשעריי איז ניט קיין פאר . . . אנשטאט צו האלטן אנגעשטעלט זיינע צוויי "קוקערס" אויפן קלאץ, אויף דער אנגעצייכנטער ליניע מיטן שווארצן קויל, פארדרייסט ער אלע ווייל זיין קאפ צום הימל מיט א געזאנגל און פארקריכט מיטן זעג קיין בויבעריק . . . זיי האבן שוין ניט איינמאל אויסגעלאזן כל חמתו צו זיין קאפ, און ניט איינמאל אים מכבד געווען מיט א דריי־גארנדיקן "מי שברך", ווי טראטשעס קאנען . . . ס'האט אבער גאר נישט ניט געהאלפן. האבן זיי געכאפט א שטעקן און אים אראפגעיאגט פון די הויכע קאזלעס און אים געשיקט צו אל־די שווארצע יאר, און דארט זאל ער זינגען . . . אזוי ארום איז ער געווארן אויס טראטש און פארלארן אזא טייערע, גאלדענע פרנסה.

איז דאך אבער דער רבונו של עולם אן אל רחום וחנון, א דערבארימדיקער, הארציקער גאט, וואס שפייזט אפילו א ווערימל אונטער א שטיין, האט ער אבא־וועלוולען באלד צוגעשיקט א נייע פרנסה — ער איז געווארן מיט מזל א מילנער. ער האט אנגעהויבן דרייען ביי מנשהקע דעם קאשע־מאכער די זשארנע, וואס האט צעמאלן האבער אויף גריץ, גערשטן אויף פערלגריץ, רעטשקע אויף קאשע און נאך אזעלכע מיני מזונות.

אבא־וועוול האט זיך צוגעכאפט צו דער זשארנע און צום קאשע־מילכל מיט אזא ברען, ווי ס'וואלט להבדיל געווען דער עמוד איז בית־מדרש.

ער איז דעמאלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. דער ווייסער כאלאט, וואס מנשהקע דער קאשע־מאכער האט אים צוגעווארפן אויף אנצוטאן ביי דער ארבעט, האט אויסגעקוקט אין זיינע אויגן ווי ס'וואלט געווען אן אמתער קיטל, און די ווייסע קעפקע אויפן קאפ, ווי ס'וואלט געווען א ימים־נוראימדיקע, חזנישע יארמעלקע.

ער האט געארבעט זייער פלייסיק. מיט איין האנט האט ער געדרייט דאס רעדל פונם קאשע־מילכל און מיט דער צווייטער דעם הויכן שטעקן פון דער זשארנע. און בשעת מעשה האט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אונ־

טערגעברומט פאר זיך א שיינעם ניגונדל, א פרייל עכן זמרל, ווארים אז מען זינגט אונטער, ארבעט זיך נאך געשמאקער.

איז אבער, צו זיין שלימזל, זיין נייער ברויטגעבער, מנשהקע דער קאשע־מאעכר, געווען א שלעכטער מענטש, א מוראדיקער קמצן, האט ער זיין שכר יומניק, אבא־וועלוולען, ניט פארגונען דאס ביסעלע פרייד פון געזאנג. באשר בכן, ער האט געטענהט, ער האט אים געדונגען בלויז פאר א "ראבוטניק" פאר דער זשארנע, און ניט פאר קיין חזן. און אויב ער וויל פראווען חזנות, זאל ער מוחל זיין גיין אין בית־מדרש.

אט אזוי, ווי איר זעט, האט אבא־וועלוול געהאלטן אין איין פארלירן איין פרנסה נאך דער אנדערער, און אלץ צוליב זיין חולשא צו געזאנג, וואס האט זיך געריסן פון אים, ווי פון א קוואל.

אן אנדערער אויף זיין ארט, וואלט נאך אזעלכע שווערע קלעפ, וואס ער האט געקראגן פון אלע זייטן, געווען אריינגעפאלן אין יאוש, אין עצבות, אבער ניט אבא־וועלוול. ער, דער שטענדיק פרייל עכער און לוסטיקער, האט עס אנגענומען גוטמוטיק, ווי א שפאס. ער האט אויף קיינעם ניט געטראגן קיין ביטער הארץ. ער האט נאר באדויערט וואס מענטשן זיינען אזוי מזלזל אין זיין הייליקן געזאנג.

— א, — פלעגט ער זאגן מיט א קרעכץ, — ווען זיי וואלטן נאר פארשטאנען, ווי איך, דעם זיסן טעם וואס ליגט אין א שיינעם ניגונדל און אין א געשמאקן, פרייל עכן זמרל, וואלט דעמאלט געווען א מחיה צו לעבן אויף דער וועלט . . .

אבער אויך דאס מאל איז אבא־וועלוול לאנג ניט געבליבן זיצן א יושב בטל. ער האט זיך באלד גענומען צו א שפאגל־נייער פרנסה, צו וועלכער ער האט שוין געהאט מער מזל. ער איז געווארן א קאלכער.

גלייך אויף מארגן נאך פורים, ווען זיין ווייב, חוה־לאה, וואס איז געווען זיין שטענדיקע ברויט־געבערין, האט זיך געשטעלט קנעטן די "מיירעס" אין מצה־פאדראד, האט ער אנגעהויבן קאלכן די רייכע, באלעבאטישע הייזער לכבוד פסח.

פון דער דאזיקער מלאכה זיינער, האט אבא־וועלוול שטארק אנגע־קוואלן. ערשטנס, איז ער דא געווען א באלעבאס איבער זיך אליין — קיינער האט אים ניט געטריבן אין קארק אריין; צווייטנס, וואס דאס איז ביי אים געווען דער עיקר, ער האט אויך געקאנט זינגען וויפל נאר זיין הארץ האט געגלוסט . . . ער איז מיט דער צייט טאקע געווארן אויף דעם געביט א גרויסער אומן יד, דער בעסטער קאלכער און שטעטל. ווארים ווער נאך ווי ער, האט געקענט, מיט זיין גרויסן ראגאזשע פענזל אין האנט, פארוואנדלען שווארצע, פארקאפטשעטע ווענט און סטעליעס, אין אמתע, כשרע, פסחדיקע, און אלע מיט אזא שיינעם ווייס־גרינלעכן קאליר, אז ס'איז ממש געווען א חיות צו קוקן אויף זיי ? . .

אין דעם חודש, צווישן פורים און פסח, האבן די רייכע, יוסטע באַלעבאַסטעס אין שטעטל זיך געהאַלטן אין איין רייסן איבער אים. יעדע איינע פון זיי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל קומען צו איר צום ערשטן קאַלכן. אָבער אבא־וועלוול האָט זיך ניט געאײַלט. ער איז זיך געשטאַנען אַ רויִקער, אַ געלאַסענער אויפן הויכן לייטער, געפירט מיטן גרויסן פענזל אויף און אָפּ, און בשעת מעשה אויסגעפרוווט אַ נייעם ניגון צום פסחדיקן "חד גדיא" און צום יום־טובדיקן "מוסף", אַזוי אַז די אַלע ווייבער זיינען אים דעמאָלט ניט געלעגן אפילו אין דער לינקער פּאה.

און פון גרויס חדווה, פלעגט ער, ניט איינמאָל, ווי זיין טבע איז געווען, אַפּטאָן ביים קאַלכן כלערליי שקאַצערייען און קאַטאָוועסלעך. ווען קיינער האָט ניט געזען, פלעגט ער שטילינקערהייט, הינטן אַרום, זיך צוגנבענען צו דער באַלעבאָסטע פון דער שטוב און מיטן נאַסן פּינזל אָפּשמירן איר דאָס קאָפּטיכל, אָדער אַוועקלייגן מיטן פּינזל אַ "פּאַטשאַט" דעם באַלעבאָס אין סאַמע מיטן פּלייצע פון דער קאַפּאָטע. ער פלעגט אויך אָפּשמירן דער קאַץ און דער בהמה די ווײַדלען, אַזוי אַז גאַנץ שטעטל האָט שוין געוווסט באַצייטנס ביי וועמען עס קאַלכט היינט אבא־וועלוול.

האָט ער דערזען דורכן אָפענעם פענצטער אַ שיינעם, אויסגעפּוצטן יידן גיין אין "שטאָט" אַריין, פלעגט ער אים אַרויסלויפן אַנטקעגן, פאַרשטעלן אים דעם וועג, און אים אָפּשטעקן אויף גיך מיט זיין נאַסער, פאַרקאַלכטער האַנט אַ ברייטן "שלום עליכם", אַזוי אַז יענער האָט נעבעך געמוזט באַלד פאַרקירעווען דעם דישל צוריק אַהיים.

אַט אַזעלכע און ענלעכע שטיפערייען פלעגט ער אָפּטאָן אין זיין סעזאָן פון קאַלכן.

און איינמאָל טאַקע, אַ דאַנק זיין מלאכת הקאַלכעריי, איז ער פּלוצלונג עולה לגדולה געוואָרן, וואָס איז כ'לעבן כדאי עס צו באַשרייבן:

נאָך לאַנגע אסיפות, האָבן די "פּני העיר" פון שטעטל, באַשלאָסן פּה אחד, אַז ס'איז שוין אויך געקומען די צייט מ'זאָל אויסקאַלכן דעם בית־מדרש. מען האָט באַלד געשיקט רופן אבא־וועלוולען און אים געפרעגט: מה יקר? וויפל אַ שטייגער וועט ער זיך הייסן באַצאָלן פאַר זיין טירחה?

אבא־וועלוול, דערהערנדיק וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים, האָט ער אַנגעהויבן קנייטשן מיטן שטערן, פאַרשזמורעט אַן אויג, זיך געקראַצט אַ ווײַלע אין דער פּאַטיליניצע, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ שווערער דילעמע, געגעבן איינמאָל אַ הוסטל און אַ צווייטן מאָל אַ הוסטל און ענדלעך האָט ער זיך אַנגענומען מיט מוט און אַ זאָג געטאָן קורץ און שאַרף:

— די מוספים . . .

דאָס הייסט, וואָס שייך דעם "בדק הבית", איז ער וויליק צו טאָן אײַנגאַנצן בחינם, אַז אַ גראָשן געלט, נאָר בתנאי "קהל" זאָל אים דערפאַר געבן רשות צו דאַוונען פאַרן עמוד די פּסחדיקע מוספים.

ווען די באלעבאטים האבן דאס דערהערט, זיינען זיי געווארן נבהל ונשתומם. זיי האבן ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן, אז אבא־וועלוול זאל גאר וואגן צו האבן די העזה צו פארלאנגען פון זיי אזא הויכן, געשוואלענעם פרייז . . . זיי זיינען שוין געווען גרייט אויסצובטלען אלע בייזע, וויסטע חלומות צו זיין קאפ. אבער זעענדיק ווי אבא־וועלוול שטייט זיך א רויקער, א קאלטבלוטיקער, ווי דער גאנצער ענין וואלט ניט געהאט קיין שייכות מיט אים, האבן זיי, נאך א לאנגן ישוב־הדעת, איינגעגאנגען אויפן דאזיקן "משא ומתן". . .

אבא־וועלוול האט באלד איבערגעלאזן אלע זיינע רייכע, יוסטע באלעבאסטעס אויף גאטס באראט, און מיט גרויס פליים זיך א נעם געטאן פארן בית־מדרש. ער האט עס געטאן מיט אזא פרייד, ווי ער וואלט להבדיל איצט געקאלכט זיין אייגן שטיבעלע. אויף יעדער בעליק און אויף יעדער אפגעקאלכן ברעט, האט ער געקוקט מיט אזעלכע נחתדיקע אויגן, ווי עס קוקט א גרויסער מאלער אויף זיין קונסט־ווערק.

נאכן אפדאווענען דעם ערשטן פסחדיקן "מוסף", האט אבא־וועלוול זיך דערפילט ווי אויפן זיבעטן הימל. ער האט געקוקט מיט דאנקבארע, גליקזעליקע אויגן אויפן אפגעקאלכטן פאלאב פון בית מדרש, אין וועמעס זכות ער איז זוכה געווען צו ווערן היינט דער שליח ציבור ביי יידן.

אבער חברה לצים, האבן אויך דאס מאל אים ניט געהאט פארגונען זיין גרויסן תענוג, און געזאגט צו אים מיט א חוזק־שמייכעלע:

— אווארע, וואס שייך א קאלכער, ביסטו, אבא־וועלוול, ניט קיין שלעכטער. ווען דו וואלסט נאך געווען אויך אזא גוטער בעל־מנגן, וואלסטו שוין געווען גאר א לייט . . .

אבא־וועלוול אבער האט זיך ניט גענומען צום הארצן פון זייערע שטעכווערטלעך. פארקערט, ער איז געווען ביי זיך זייער שטאלץ, וואס אים האט זיך איינגעגעבן, כאטש איינמאל אין זיין לעבן איבערצוקליגן אזעלכע קלוגע באלעבאטים און איינגעהאנדלט ביי זיי, ממש פאר א שיבוש, אזא ווילדע מציאה: צו דאווענען א גאנץ פסח די מוספים און מיט נאך א צוגאב — "בענטשן טל". . .

# חווה־לאה די חתונה קעכין

חווה־לאה איז גארניט "פּאַכאַזשע" געווען אויף איר מאַן, אבא־וועל־וולען. פּונקט ווי ער איז געווען א פריילעכער, א לוסטיקער, אַן אמתער הוליע־קבצן, אזוי איז זי געווען אן אומעטיקע, א פאַרצאַגטע, ווי דער הימל וואָלט געלעגן ביי איר אויף דר׳ערד.

מען קאָן זי אָבער דערפאַר ניט באשולדיקן. ווארים, זאָגט אליין, ווי קאָן מען זיין אין א גוטע "לוינע", אז מ׳האָט א מאַן, וואָס איז הויך און געזונט ווי א דעמב, און אַנשטאָט צו געבן איר חיונה, ווי עס טוען אלע מענער צו זייערע ווייבער, האלט ער זי טאָג און נאכט אין איין קאַרמענען מיט געזאַנג און מיט זיינע געגראַמטע בדחנישע לידלעך, און וויל נאָך, ניט אנדערש, אז זי זאָל אים אויסהערן און זאָגן מבינות אויף זיי.

זי האָט שוין ניט איינמאָל געפּרוווט, מיט גוטן און מיט בייזן, ארויס־טרייבן פון אים דאָס דאַזיקע משוגעת זיינע, וואָס זיצט אין אים, ווי א ניט־גוטער, רחמנא ליצלן, און ס׳האָט ניט געהאָלפן.

זי איז שוין ניט איינמאָל צוגעפאלן צו אים, מיט געביילטע פויסטן, און געשריען מיט באַנומענע קולות:

— שלימזל מיינער, זאָג, וואָס וועט פון דיר זיין דער תכלית?! אין שטוב איז קאַלט און חושך! דער באַלעבאָס מאָנט דירה־געלט! די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס — און דו, פּויליאַק איינער, זינגסט! אַן איינזינ־קעניש זאָל קומען אויף דיר! א מכה זאָל זיך דיר זעצן אין דיין גרגרת! רבונו של עולם, טאַטע זיסער!

אָט אזוי פלעגט זי אים מאַכן "שוואַרץ שבת", אויסגיסן אויף אים די גאַנצע תוכחה, שעלטן אים מיט טויטע קללות און רופן אים מיט כלערליי צונעמענישן — און ס׳האָט ניט געהאָלפן. אויף אלע אירע געשרייען פלעגט אבא־וועלוול ניט ענטפערן, און אָנהויבן זינגען נאָך העכער, ווי ער וואָלט איצט דערהערט פון זיין דערצאָרנטער ווייב די פריילעכסטע בשורה.

חווה־לאה פלעגט אַזש שפּרינגען פון דער הויט, טופּען מיט די פיס, קריצן מיט די ציין, אז ער זאָל שוין פאַרשטומט ווערן, און ער, ווי ניט אים מיינט מען: ער ציט דעם טאָן ביז צו דער העכסטער אָקטאַווע.

זי פילט אז זי וועט פלאצן; זי קאן עס שוין מער ניט איבערטראגן. זי טוט א כאפ צו אים די אייזערנע קאטשערע און איז גרייט אים, מיט זיינע געזאנגען, צו דערהרגענען.

ערשט דאמאלסט כאפט זיך אבא־וועלוול, אז זיין פלוניתטע, חוה־לאה זאל לעבן, מיינט עס גאר ניט אויף קאטאוועס. דערשרעקט ער זיך פאר איר כעס טוט א כאפ די קאפאטע און לויפט ארויס פון שטוב, ווי אן אונטערגעשאסענער. ער כאפט זיך אריין אין בית־מדרש, פאררוקט זיך אין א ווינקל, און הייבט אן אונטערצוברומען פאר זיך, שוין ניט קיין פרייליכן ניגונדל, נאר אן אומעטיקן.

חברה קליינוואַרג, וואס האט זיך נאר־וואס באפרייט פון די "חדרים", רוקט זיך באלד צו צו אים, און נעמען אים בעטן:

— ר' אבא־וועלוול, זינגט עפעס פאר אונדז פון אייערע שיינע געזאנגען!

אבא־וועלוול לאזט זיך לאנג ניט בעטן. ער הוסט זיך גוט אויס שטעלט אן דעם האלדז און הייבט אן אויסזינגען פאר זיי זיין גאנצן רעפערטואר. פריער זיינע אייגענע געגראמטע לידלעך, און אז "ס'גייט אים שוין אויס דאס פאדים", הייבט ער אן זינגען כלערליי פאלקס־לידלעך, אליקום צונזערס בדחנישע לידער. די חברה יאטן האלטן אנגעשטעלט מויל און אויערן, כאפן באלד אויף דעם ניגון און הייבן אן מיטצוזינגען מיט אים אין כאר.

אבא־וועלוול, וואס איז בטבע אליין געווען א גרויס קינד, האט דעמאלסט פארגעסן, אז דאס איז ער איצט געקומען צו לויפן אין בית־מדרש זוכן אן "עיר מקלט" פון זיין ווייבס צארן. די קינדערשע פרייד גיסט זיך איבער אין אים. עס דוכט זיך אים, ווי ער וואלט איצט געשטאנען און געזונגען פאר א גרויסן עולם און די קינדער, וואס רינגלען אים איצט ארום, זיינען זיינע משוררים.

* * * * *

חוה־לאה, זעענדיק, אז פון איר מאן, דעם שלימזל, וועט זי קיין "ברויט מיטן לעפל" ניט קאנען עסן, איז זי געווארן די גאנצע פרנסה־געבעריןן. זי איז געגאנגען ארבעטן אויפן טאג, "געפלעליעט" פרעמדע גארטנס, געקנאטן דייזשעס ברויט, געוואשן גרעט אין די רייכע הייזער און נאך אזעלכע ארבעטן — אבי ניט דארפן חלילה אנקומען צו קצבה.

און היות זי איז געווען א וואונדערלעכע בריה, איז זי מיט דער צייט אויך געווארן א סעכין און א בעקערין אויף גבירישע חתונות. אירע טארטן און אירע לעקעכער, האבן געהאט א שם אין דער גאנצער געגנט; אירע געפילטע פיש און אירע "גאלדענע יויכן" האט אפילו דער קייסער אליין געמעגט עסן.

פון זיין ווייבס אפטע חתונות האט אבא־וועלוול שטארק אנגעקוואלן. פארשטייט זיך, אז אים איז ניט אזוי געגאנגען אין זיין ווייבס פארדינסטן, נאר

דער עיקר, וואס ער וועט אויף די דאזיקע חתונות האבן די געלעגנהייט צו קאנען אויסזינגען אלע זיינע לידלעך, אלע זיינע בדחנישע שטיקלעך, און אויסטאנצן אלע זיינע פייערדיקע טענץ, אזוי אז עס וועט שוין איינמאל זיין פריילעך!

ער פלעגט דעמאלט קריכן זיין חוה־לאהן ממש אונטער די נעגל. ער פלעגט איר העלפן צוגרייטן אירע חתונה־כלים: אויסשייערן די גרויסע, טשר־הונענע טעפ, די בלעכן, די קופערנע פאנען; צערייבן פאר איר דעם מאן; צעשטויסן דעם צימרינג און נאך אזעלכע מלאכות.

אינם טאג פון דער חופה, איז ער ארומגעלאפן א צעהיצטער, א פאר־שמייעטער, ווי ער וואלט געווען דער הויפט־מחותן אויף דער חתונה, אויף זיין ווונק האבן די קלעזמער אפגעשפילט א "פריילעכן מארש" לכבוד די מחותנים פון חתנס צד און לכבוד די מחותנים פון דער כלהס צד. ער האט אויסגעזועצט די אלע געסט, יעדער איינעם לויט זיין ווערט און לויט זיין שטאנד. ער האט נים געדוט אויף קיין איין מינוט, ווי דאס וואלט געווען זיין אייגענע חתונה.

זיין שענסטער און גרעסטער מאמענט איז געווען ווען ס'איז געקומען די צייט פון "באזעצן" די כלה. דא האט ער ערשט גענומען ארויסווייזן וואס ער קאן. ער פלעגט זיך ארויפוואַרפן מיט זיין גאנצן פייערדיקן, בדחנישן טאלאנט, אויף דער כלה און זי נעמען באוויינען און באקלאגן, אז א שטיין האט געקאנט צעגיין. און אלץ מיט אזעלכע געגארמטע לידלעך:

אוי כלהניו, כלהניו, וויין־זשע וויין!
פון דיין מוטערס לייב ביסטו ארוים מיט געוויין,
און אצינדערט־א, דארפסטו שוין צו דער חופה גיין...
דיין טאטע־מאמע ועסטו דארפן באלד פארלאזן
דיינע שווער און שוויגער וועלן איבער דיר זיך בלאזן...
און דאס איז נאך נים גאר —
א ברית אלע יאר...
טא כלהניו, כלהניו, וויין־זשע וויין!...
צו דער חופה דארפסטו שוין גיין!...

און וואס מער אבא־וועלוול האט געזאגט מיט זיין אומעטיקן ניגונדל, אלץ מער האבן די ווייבער, די מחותנתטעס, געוויינט און געכליפעט, געשנייצט די נעז, ווי חלילה צו א לוויה... און וואס מער די ווייבער האבן געיאמערט, אלץ מער האט אבא־וועלוול זיך צעוואַרעמט און גאר נים בדעה געהאט אויפ־צוהערן, ביז די "אומגליקלעכע" כלה איז שיר נים אוועקגעפאלן אין חלשות.

נאך דער "גאלדענער יויך" און נאך אלע דרשה־געשאנקען, האט דער פריילעכער, לוסטיקער אבא־וועלוול ערשט גענומען משמח זיין די חתן־כלה כדבעי!

ער האט באלד אראפגעוואַרפן פון זיך זיין שבתדיקן סורדוט, פאר־

קאשערט די ארבל, געגעבן א קאמאנדע ארויסצוטראגן די טישן מיט די בענק; אין מיטן שטוב אוועקגעשטעלט א לאנגע באנק, גענומען א שטעקן אין האנט, איינגעשפאנט הינטער זיך א צענדליק מאנצבילן און זיך אוועקגעלאזט מיט זיי טאנצן א שטאק־טאנץ. די קלעזמער האבן צוגעשפילט און ער, ווי א קאפעל־מייסטער, האט צוגעקלאפט מיטן שטעקן צום טאקט פון דער מוזיק. ער האט אזוי לאנג געטאנצט אין א קאראהאד, ארום דער ליידיקער באנק, ביז אלע טאנצנדיקע מאנצבילן האבן געדארפט אויף גיך זיך אוועקזעצן אויף דער באנק. און ווער עס האט ניט באוויזן צו פארכאפן א פלאץ, האט געדארפט באצאלן קנס, וויפל אבא־וועלוול האט אויף אים ארויפגעליינט.

אבער דאס איז נאך ניט געווען אלץ. די הויפט־אטראקציע איז ערשט געקומען, ווען ער האט זיך אוועקגעלאזן טאנצן א "קאזאטשאק". א, ווער ס'האט ניט געזען אבא־וועלוולען טאנצן אויף א יידישער חתונה, דער וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין דעם חן און דעם זיסן טעם פון א יידישן טאנץ! ער האט געטאנצט מיט אזויפיל ברען און מיט אזויפיל חסידישער התלהבות, אז אלץ מיטאנאנדער האט מיטגעטאנצט.

ווען ער האט שוין געהאט גוט איינגעמאטערט דעם עולם מאנצבילן מיט זיינע טענץ, האט ער זיך א נעם געטאן צו די ווייבער. דא האט ער ערשט פאנאנדערגעפירט זיינע הענט און געוויזן וואס ער קאן. דא האט ער פון זיי צונויפגעשטעלט א שערעלע־טאנץ, דארט א קאדריל, דא א וואלץ, און דארט א פאלקע־מאזורקע — און אלץ מיט אזא ברען, ווי ער וואלט נאך געווען גאר א יונגערמאנטשיקל.

שפעט אין נאכט, ווען ביי אלעמען האבן די פיס שוין מער ניט געדינט צום טאנצן, האט אבא־וועלוול זיך ארויפגעטשעלט אויף א בענקל און גענומען "אפפארטרעטלען", נאכמאכן מיט אלע פישטשעווקעס זיינע שכנים פון שטעטל, מיט אלע זייערע גענגעלעד, תנועהלעד און האוואיעלעד, פון וואס דער עולם האט זיך געהאלטן ביים בויך פון געלעכטער.

צום אלעם ערשטן האט ער גענומען מנשהקע דעם קאשע־מאכער, מיטן שווארצן ציגענעם בערדל און מיט זיינע קליינינקע גנבישע אייגעלעד, ווי ער שטייט אויפן מארק און האנדלט איין ביי א גויע א צענדליק אייער. ער ציילט זיי אזוי לאנג, ביז ער לאזט אראפ אן איי צו זיך אין קעשענע . . . די גויע דערזעט עס, פאלט זי ארייַן אין כעס און הייבט אים אן צופן ביים בערדל, ביז מנשהקע מוז נעבעך במחילה אומקערן דאס איי צוריק צו דער גויע אין קאשיק אריין.

אפגעפארטיקט זיך מיט מנשהקען, טוט ער זיך באלד א נעם פאר א צווייטן "פארשוין", יודל שינדלמאכער, ווי אזוי ער רעדט און ווי אזוי ער זופט מיט זיינע גראבע, מגושמדיקע ליפן, לאקשן מיט יויך.

און אט שטעלט ער פאר דעם קליניקן, פיטישנקן שייעלע פאנפע מיטן בלינדן אייגל, ווי ער פאלט אריין אין כעס און הייבט אן, מיט זיין

צוגעפלאטשטער נאז, נאך שטארקער צו פאנפען, אזוי אז די נשמה פליט אים שיר ניט ארויס.

אט אזוי פלעגט ער האלטן אין איין "אפמענטשלען" איין שכן נאכן אנדערן, מיט אלע פאסטאמקעס, וואס אויף דעם איז ער געווען גאר א גרויסער מאדים. ביז דער עולם האט שוין מער קיין כוח ניט געהאט צו לאכן.

דעמאלט, האט אפילו חוה־לאה, די חתונה קעכין, וואס האט שטענ־דיק געהאט געטראגן א בייז הארץ אויף איר מאן דעם שלימזל, זיך אויך פארגונען צו געבן א שמייכל. דאס איז פאר אבא־וועלוולען געווען דער גרעס־טער ניצחון . . .

* * * * *

יארן זיינען געלאפן. חוה־לאה האט אזוי לאנג געהאט געבאקן און געקאכט אויף פרעמדע חתונות, און אבא־וועלוול האט אזוי לאנג געהאט "באזעצט" פרעמדע כלות, ביז עס איז שוין געהאט געקומען די רעכטע צייט חתונה צו מאכן זייער אייגן קינד, זייער עלצטע טאכטער,ביילע־רחל, וואס האט שוין לאנג געמעגט הערן קלעזמער שפילן.

חוה־לאה איז ארומגעגאנגען ווי אונטער דר'ערד. זי האט געהאלטן אין איין זיפצן און קרעכצן אויף איר טאכטערס פינצטערן מזל. און בשעתן באקן אירע טארטן און לעקעכער פאר פרעמדע חתונות, האט זי שטילינקער־הייט פארגאסן הייסע טרערן וואס אלע יידישע טעכטער אין שטעטל האבן חתונה און איר טאכטער זיצט נעבעך נאך אלץ א מויד.

יעדער אוונט, ווען זי פלעגט קומען אהיים נאך א שווערן טאג־ארבעט, פלעגט זי נעמען שרייען מיט איר שארפן מענה־לשון אויף אבא־וועלוולען:

— דארמאיעדניק מיינער (אומזיסטער עסער), וואס וועט זיין דער תכלית? אלע אירע "רעזוועסטניצעס" (מיידלעך פון איר עלטער) האבן שוין לאנג חתונה געהאט, האבן שוין קינדער, און דו גייסט ארום און זינגסט! אז זינגען זאל דיר אין בויך און אין די קישקעס! טאטע זיסער! געדענק, צוליב דיינע נארישע לידלעך און דיינע וויסטע געזאנגעלעך, וועט די טאכטער, חלילה, נאך פארזעסן ווערן ביזן גראען צאפ! טא וואס־זשע שווייגסטו? וואס וועט זיין מיטן נדן, מיט אויסשטייער, מיט חתונה הוצאות?! און דיר, שלימזל, ארט עס גארניט! דו זינגסט און טאנצסט, ארויסטאנצן זאל פון דיר די נשמה!

אט אזוי פלעגט זי אים, נאכט־איין, נאכט־אויס, אפשפילן ניט איין חתונהקע. אבא־וועלוול האט געשוויגן. ווארים וואס דען האט ער נעבעך געקאנט טאן? אבער חוה־לאה האט שוין גאר ניט געשוויגן. זי האט אים געהאלטן אין איין יאדען און גריזשען. ניט פארגומען אים דעם ביסן ברויט אין מויל, גע־טריבן אים פון שטוב, אנגערייצט אויף אים די טאכטער, אזוי אז אבא־וועלוול האט שוין אפילו מורא געהאט אויפצוהייבן זיין קויל און א זינג טאן.

ער האט געזען, אז די שפיל איז פארן טייוול! און אויב ער וועט זיך ניט ראטעווען באצייטנס פון זיין ווייבס גיהנום, וועט זיין א סוף צו אים און צו זיינע געזאנגען.

ביז איינמאל אין א באגינען, ווען גאט איז נאך געשלאפן, האט ער געכאפט דעם טלית און תפילין־זאק, מיט זיין שבתדיקן ראק, און אן א "זיי געזונט", זיך ארויסגעשליכט פון שטוב, און איז אוועק וווהין די אויגן וועלן אים טראגן.

עס זיינען אוועק וואכן און חדשים, שוין באלד א יאר, און עס איז שוין געגאנגען דאס צווייטע יאר, און פון אבא־וועלוולען איז געווען ניע אוקאז און ניע פריקאז" — ווי ער וואלט אין וואסער אריין.

נאר געשמועסט האט מען אין שטעטל, אז אבא־וועלוול גייט ארום ערגעץ איבער דער מדינה וואלין און פאדאליע, פראוועט חזנות, בדחנות אויף חתונות און קלייבט געלט אויף "הכנסת כלה".

די ווייבער האבן שוין געקוקט אויף חוה־לאהן ווי אויף א וויסטער עגונה און באדויערט נעבעך איר פינצטערע דאליע. חוה־לאה אבער, וואס האט געקאנט איר שלימזל, אבא־וועלוולען, בעסער פון אלע ווייבער אין שטעטל, האט זיך גאר ניט גענומען צום הארצן. זי איז געווען ביי זיך מער ווי זיכער, אז פריער צי שפעטער, וועט דער "שארן" אירער זיך אפזוכן. און ער האט זיך טאקע אפגעזוכט, ווי דאס הארץ האט איר געזאגט.

עס איז געווען פרייטיק, ערב שבת הגדול, צו ליכט־בענטשן. פלוצלונג האט זיך אנגעיאגט מיט א רעש, מיט א טומל און מיט א גלאק־קלינגעריי דער קאמעניצער "ראזנאסטשיק", מיט א פולן אנגעזעצטן וואגן מיט "פאר־שוינען".

באלד איז זיך צונויפגעלאפן גאנץ שטעטל זען ווער די פסחדיקע געסט זיינען. ערשט, מען טוט א קוק, סקאצל קומט! אבא־וועלוול "חזן" קריכט אויך פון וואגן!

ס'איז געווארן א גדולה, א שמחה! איין "שליח" איז געלאפן פארן צווייטן צו פארדינען די גרויסע מצווה — אנצוזאגן חוה־לאהן, דער עגונה, די פרייליכע בשורה.

דער אנגעלאפענער עולם האט זיך באלד א לאז געטאן צו אבא־וועלוולען גענומען אים "שטעקן" שלום עליכמס פון אלע זייטן; איטלעכער האט אים באקוקט און באטאפט פון קאפ ביז די פיס. מען האט זיך גארניט געקאנט אפוואונדערן פון זיין רייכער, גרויסשטאטישער הלבשה, וואס ער האט געטראגן, פון זיין הארטן קאפעליוש, פון זיין טייערן ראק, און נאך מער פון זיין גרויסן, שווערן, אנגעפאקטן טשעמאדאן.

אבא־וועלוול א פרייליכער, גליקלעכער, האט, ווי זיין שטייגער איז

געווען, צו איטלעכן געשמייכלט מיט זיינע גוטע, קינדערשע אויגן. און אזוי שמייכלענדיק, האט אים שטעטל, פון קליין ביז גרויס, באגלייט מיט גרויס פאראד ביז צו דער טיר פון זיין שטיבל, וווּ ס'האט שוין אויף אים געווארט זיין פלוניתטע, חוה־לאה שתחי'.

ס'האט זיך באלד פארשפרייט א קלאנג איבערן שטעטל, אז אבא־וועלוול דער חזן איז געקומען פון דער ווייטער מדינה מיט א היבשער אפּותיקא, פון אווארע דריי הונדערט קערבלעך (רובלס), און אפשר נאך מער, ווער ווייס?

שבת אינדערפרי, ווען אבא־וועלוול איז אריינגעקומען אין בית־מדרש, האבן אלע באלעבאטים פון מזרח־וואנט אים אנטקעגן געטראגן א ברייטן "שלום־עליכם", ווי אבא־וועלוול וואלט פלוצונג האבן געווונען דאס גרויסע געווינס . . .

אין ווייבערשער שול, האבן די שענסטע, יוסטע באלעבאסטעס גענומען "ארומפּאדיען" ארום חוה־לאהן, און ניט געוווסט ווי זי אוועקצוזעצן, ווי זי וואלט געווען די גרעסטע נגידיתטע.

אבא־וועלוול און זיין ווייב חוה־לאה, האבן ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן, אז דאס אלץ קומט פאר מיט זיי אין דער ווירקלעכקייט, נאר ווי ס'וואלט געווען ניט מער ווי א שיינער, זיסער חלום.

זייער גרעסטע איבערראשונג איז געווען, ווען דער גבאי אליין, בכבודו ובעצמו, איז צוגעקומען צו אים און אים מכבד געווען צו גיין שטעלן זיך דאווענען פארן עמוד.

אבא־וועלוול האט זיך געגעבן א כאפּ צו צום עמוד מיט אזא פרייד ווי נאך קיינמאל ניט. ער האט געדאוונט פון "שוכן עד" ביז צום סוף "מוסף", מיט אזויפיל הארץ און מיט אזויפיל דביקות; ער האט "אוועקגעלייגט" א "געזונטע" עברי מיט אזא "זאגעכץ", אז זינט ער איז אבא־וועלוול, האט מען פון אים נאך אזעלכעס ניט געזען און ניט געהערט; ער האט זיך צעטרעלט אויף אלע זיינע אויבערשטע און אונטערשטע טענער און מיט אזא שטארקער קאלאראטור, ווי ער וואלט טאקע געווען אן אמתער חזן.

דאס בית מדרש האט זיך ממש געווינט. איטלעכער האט געגאפט. איטלעכער האט געהויבן מיט די פּלייצעס. איינער האט זיך איבערגעוווּנקען מיטן צווייטן: "זעט נאר וואס א 'מדינה' האט געקענט מאכן פון א מענטשן"!..

די שווער־פאר־הארעוועטע חוה־לאה איז געווען ווי אויפן זיבעטן הימל פון איר גליק. ווארים זינט זי איז די ווייב פון אבא־וועלוולען, האט זי נאך ניט געהאט פון אים אזא נחת און אזא כבוד . . . זי איז געשטאנען פאר די טירלעך, וואס האבן געפירט פון דער ווייבערשער שול צו די מאנצבילן, זיך געווישט די טרערן פון די אויגן און געשעפּטשעט מיט ציטערדיקע ליפּן א תפילה, אז קיין בייז אויג זאל איר חלילה ניט שאדן . . .

נאָד אינם זעלבן חול המועד פסח, האָבן די שטעטלשע שרכנים גענומען אָפּשלאָגן ביי חוה־לאהן און אבא־וועלוולען די שוועלן. ס'האָט זיך אָנגעהייבן א "סדרה" "זעעניישן" צווישן די פאַרגעשלאָגענע חתנים מיט דער כלה, ביילע־רחל שתחי'.

וואָס שייך אבא־וועלוולען, וואָס איז געווען א גוטע נשמה, א מזג טוב, זיינען אים באלד אלע חתנים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער איז מיט איטלעכן פון זיי באלד געוואָרן "נאָש־בראַט"; פאַר איטלעכן פון זיי דערציילט וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט אויף זיינע לאַנגע נסיעות איבער דער מדינה. אָבער זיין ווייב, חוה־לאה, וואָס איז געווען א שווער־געפּרווּוטע יידענע, האָט געהאַלטן אין איין קלייבן איר טאָכטערס חתנים, ווי מען קלייבט ווערימדיקן ארבעס . . . ביז זי האָט ענדלעך אויסגעקליבן דעם פּאַסיקן זיווג פאַר דער טאָכטער, וואָס איז באַשאַנקען געווען מיט אלע מעלות.

אוואדע, וואָס אמת איז אמת. דער דאָזיקער חתן הנקרא משה־געצל, איז קיין גרויסער קענער אין די שווארצע פּינטעלעך ניט געווען, דערפאַר אָבער איז ער געווען א גרויסער פאַרדינער, א גוטער באַלמעלאָכע, געווען יאָרן לאַנג א "טשעלאַדניק" ביי לייזער דעם שמיד, און האָט פאַרמאָגט א פּאָר געזונטע ידים, אַזוי אַז ווען ער האָט געגעבן א זעץ מיטן שווערן האַמער איבער דער קאַוואַדלע, האָבן די ווענט פון דער קוזשניע אַזש א ציטער געטאָן . . . און זיין גרעסטע מעלה, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביי חוה־לאהן, איז געווען וואָס ער איז געווען א שטיל מענטשל, ניט געטשעפּעט אפילו א פליג אויף דער וואַנט. ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז ס'איז בעסער פאַר א ווייב צו האָבן א מאַן א שווייגער, איידער א מאַן א זינגער און א טענצער . . .

ווי גיך מען האָט זיך דערוווּסט, אַז ביילע־רחל, אבא־וועלוולס טאָכטער, איז א כלה געוואָרן, איז געוואָרן ששון ושמחה אין שטעטל. פון אלע זייטן איז מען געקומען זיי אָפּגעבן מזל טוב. איטלעכער אין שטעטל האָט זיך גענומען גרייטן צו דער דאָזיקער חתונה. יעדער איינער האָט זיך באַטראַכט ווי ער וואָלט געווען א גאָר נאָענטער מחותן. וואָרים ס'איז דאָך עפּעס ניט קיין קלייניקייט! זייער חוה־לאה, זאָל לעבן, וואָס האָט יאָרן לאַנג געבאַקן און געקאָכט פאַר פרעמדע חתונות, און זייער אבא־וועלוול, וואָס האָט יאָרן נאָכאַנאַנד משמח געווען פרעמדע חתן־כלה, און איצט, אַז גאָט ברוך־הוא האָט זיי באַגליקט מיט א נחת ביי זייער אייגן קינד, טאָ ווי זאָל מען זיך ניט מיטפרייען?

ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגערוקט דער זמן החתונה און חוה־לאה די קעכין האָט זיך געשטעלט באַקן פאַר איר טאָכטערס חתונה, זיינען באַלד געקומען צו לויפן אירע געטרייע שכנהס, האָבן פאַרקאַשערט די אַרבל און איר גענומען אַרויסהעלפן מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. איינע האָט אָפּגעשאַבן די בינטלעך פיש, א צווייטע האָט געהאַקט די פיש, א דריטע האָט צעשטויסן די צימרינג און א פערטע האָט "געכשרט" דאָס פליישׂ — אלע האָבן צוגעלייגט א האַנט.

חוה־לאה, א פאַררויטלטע, א פאַרשוויצטע, איז געשטאַנען ביים באַק־

אויוון און געהאלטן אין איין שיבן, אין איין אריינזעצן און ארויסנעמען פון אויוון איין טאָפּ נאָכן אנדערן, איין בלעך געבעקס נאָך דער צווייטער. זי האָט געקוקט מיט נחתדיקע אויגן אויף די שיינע, געראָטענע בולקעס, קוילעטשן טאָרטן, האָניק־לעקעכער און קומיש־ברויטן, און בשעת מעשה האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט א תפילה צו גאָט, אז פּונקט ווי עס שיינען און עס לייכטן אירע חתונה־געבעקסן און חתונה־מאכלים, אזוי אויך זאָל שיינען און לייכטן איר טאָכטערס מזל...

די ווייבער, אירע געטרייע ארויסהעלפערינס, האָבן איר אויך אין דעם צוגעהאָלפן מיט ברכות און ווינטשעוואַניעס, אז דער זיווג זאָל עולה־יפה זיין.

דער פריילעכער און לוסטיקער אבא־וועלוול, דער מחותן, איז אין דעם טאָג פון זיין טאָכטערס חתונה געווען ממש פארשיכורט פון נחת און גליק. ער האָט איינגעלייגט וועלטן, אז די חתונה זאָל זיין כיד הגביר. ער האָט זיך ניט געוואָלט פארלאָזן אויפן שמש מיט גיין פארבעטן זיינע געסט, די שכנים. נאָר ער איז אליין געגאנגען א טענצלדיקער, מיט א ניגונדל און מיט א פריילעכן זמרל, פון שטוב צו שטוב, און איטלעכן פארבעטן אויף זיין חתונה, און מיט איטלעכן געטרונקען לחיים, און דערביי געזונגען דאָס באקאנטע פאָלקס־לידל: "אוי דאָס גלעזעלע משקה". ער האָט אנדערש ניט געוואָלט, ווי נאָר גאנץ שטעטל זאָל קומען און זיך משמח זיין אויף זיין גרויסער שמחה.

אין קורצן — זינט אבא־וועלוול איז געווען א בדחן, א זינגער און א טענצער אויף פרעמדע חתונות, האָט ער נאָך אזוי שוין ניט געבדחנט, אזוי שוין ניט געזונגען און אזוי שוין ניט געטאנצט, ווי ביי זיין אייגענער טאָכטערס חתונה.

וויפל חוה־לאה, די מחותנתטע, האָט זיך ביי אים ניט געבעטן, אז ער זאָל זיך "האלטן אין דער מעלה", ווי עס פּאַסט פאר א בכבודיקן מחותן, האָט עס ניט געהאָלפן. ער האָט ניט גערוט, ער האָט געשטורעמט. ער האָט קיינעם ניט געלאָזט שטיין אויף די פיס. ער האָט איטלעכן אריינגעשלעפּט אין טאנץ, אין קאראהאָד, אזוי אז אלט און יונג, מאן און פרוי, האָבן געמוזט ביי אים טאנצן. דער עולם האָט זיך געוווּנדערט און געשטוינט: ווי דערנעמט זיך עס צו יידן אזא כוח, אזא גבורה און אזא פייער?

ערשט נאָך האלבער נאכט, ווען אלע געסט זיינען שוין אוועקגעפאָלן פארמאַטערטע פון אזויפיל הוליען און טאנצן, האָט דער פריילעכער, לוסטיקער מחותן, אבא־וועלוול, זיך צוגעגנבעט שטילינקערהייט צו זיין מחותנתטע, חוה־לאהן, א כאַפּ געטאָן זי אין זיינע שטאַרקע אָרעמס און זיך אוועקגעלאָזן מיט איר טאנצן א ברוגז־טענצל.

א, דאָס איז שוין געווען איינמאָל א טאנץ! ממש עין לא ראתה! דער גאנצער עולם איז געשטאנען אויף די קעפּ, געקוקט און געגאַפט ווי שיין, ווי וווּנדערלעך עס טאנצט אבא־וועלוול, דער מחותן, מיט זיין שטענדיק ברוגזער חוה־לאה.

מילא, וואָס שייך אבא־וועלוולען, איז ניט געווען קיין גרויסער חידוש. ווייל ער האָט עס ניט געזען דעם גרויסן טענצער טאַנצן א ברוגז־טאַנץ? נאָר דער וווּנדער איז געווען די מחותנתטע, חוה־לאה: זי, די שטענדיק פאַרהאַרעוועטע און פאַרצאַגטע יידענע, זאָל קאָנען אַזוי שיין טאַנצן?.. און נאָך וואָס פאַר א טאַנצן!.. מיט אַזאַ ברען און מיט אַזאַ פייער, ווי זי וואָלט נאָך געווען א יונג מיידל!..

און כ'לעבן, ס'איז טאַקע געווען וואָס צו זען. אַלע אירע שווערע, ביטערע יאָרן פון נויט און דלות, וואָס זי האָט זיך געהאַט אָנגעליטן ביי איר אבא־וועלוולען, דעם שלימזל, האָבן איצט אַרויסגעטאַנצט פון איר... אַט האָט זי געקוקט אויף אים פון דער זייט, מיט בייזע, צאָרנדיקע אויגן, און אַט האָט זי אים געלאַשטשעט מיט איר וואַרעמען בליק; אַט האָט זי זיך פון אים אוועקגעריסן, געוואָלט דאַכט זיך פון אים אַנטלויפן, און אַט איז זי געלאָפן צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי עס לויפט א פאַרליבט כלה־מיידל אַנטקעגן איר געליבטן חתן.

דער עולם האָט געפּליעסקעט מיט די הענט, געשריען פון פרייד און זייערע אויגן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אַט דעם וווּנדערלעכן, פאַרכאַפּנדיקן ברוגז־טענצל.

וואָכן לאַנג האָט מען געהאַלטן אין שטעטל אין איין ריידן פון צַט דער פריילעכער חתונה, וואָס אַזאַ האָט נאָך שטעטל ניט געהאַט געזען. און נאָך מער האָט מען ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם אומגעריכטן, אויסטערלישן ברוגז־טאַנץ צווישן חוה־לאהן, דער מחותנתטע, און דעם מחותן, אבא־וועלוול.

# ר׳ משה דער שמש

אין זיינע יונגע יארן האט מען אים גערופן פראסט און פשוט: משה סטאראשעווער, אויפן נאמען פון זיין דארף סטאראשעווע, ווו ער האט געהאלטן אין ארענדע א ווינט־מיל. נאר היות ווי דער רוסישער קייסער האט אים, ווי א סך אנדערע יידישע ישובניקעס, געהאט ארויסגעטריבן פון דארף, האט ער זיך באזעצט אינם שכנישן שטעטעלע זאסטאוויע, און איז געווארן א שמש אין בית מדרש, האט מען אים פון דעמאלט אן אנגעהויבן רופן ר׳ משה דער שמש.

דער אמאליקער ישובניק, משה סטאראשעווער, און דער שפעטערדיקער ר׳ משה דער שמש, איז טיף אין הארצן געווען זייער דאנקבאר דעם רוסישן קייסער, וואס האט אים ארויסגעטריבן מיט זיין ווייב און קינדער פון דארף . . . ווארים ווען ניט דער קייסער, דער גרויסער צורר ישראל, וואס איז געזעסן אין פעטערסבורג, וואלט ער קיינמאל ניט געווען דערגרייכט צו אזא הויכער מדרגה — צו ווערן א שמש אין זאסטאוויער בית־מדרש, וואס אין זיינע אויגן, פון א פראסטן ישובניק, האט עס אויסגעזען ווי ס׳וואלט געווען דאס בית־המקדש אליין . . .

און נאך מער איז ער געווען דאנקבאר, להבדיל אלף אלפי הבדלות, דעם רבונו של עולם, וואס האט געטאן צו אים אזא גרויסן חסד און גענאד, און אים, דעם איינציקן, אויסדערוויילט צו ווערן דער שומר, דער היטער. פון זיין מקום קדוש.

און דערפאר טאקע האט ער אים געדינט געטריי, בלב ונפש. יעדער באגינען איז ער געלאפן אין מקווה זיך טובלען; געדאוונט מיט גרוים כוונה; טאג און נאכט געזאגט תהלים און מעמדות; קיינמאל ניט אפגעטאן זיין אויג פון גאטס הויז, אזוי אז קיין שטויבעלע זאל חלילה אויף אים ניט פאלן.

געווען איז ער א גבר אלים, הויך ווי א ריז און שטארק ווי א דעמב. צו דעם האט ער נאך פארמאגט א זעלטן שיינעם הדרת־פנים, וואס איז געווען איינגעפאסט אין א גרויער, זילבערנער בארד, מיט לאנגע, אויסגעדרייטע פאות, וואס האבן ביי אים דערגרייכט שיר ניט ביזן גארטל. זיין הויכער שטערן איז געווען ווייס, ווי אקארשט געפאלענער שניי; די באקן רויט, ווי רייפע, צייטיקע עפל; זיין גאנצער אויסזען, מיט זיין גלייכער, געשטאלטנער

פיגור, האָט פאַרמאָגט עפּעס אויסטערלישעס אין זיך, גאָרניט פון א געוויינלעכן, פשוטן בשר־ודם, נאָר ווי ער וואָלט געווען פון אונדזערע הייליקע אָבות, אברהם יצחק ויעקב, ווי מיר, חדר־יינגלעך, פלעגן זיי אויסמאָלן אין אונדזער פאַנטאַזיע.

ווי אַלט ער איז געווען, האָט קיינער אין שטעטל באַשטימט ניט געוווּסט. וויפל מען האָט אים ניט געפרעגט, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט אויסזאָגן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר א "גוט־אויג"...

געשאַצט האָט מען אים אין די שפּעטע זיבעציקער, אַנדערע אין די אכציקער. און ווערליך זקנים האָבן געהאַט אויסגערעכנט, איז ער שוין העט־ווייט "אַריינגעפאָרן" אין די ניינציקער, וואָרים זיי געדענקען, אַז ווען זיי זיינען נאָך געווען בר־מצווה יינגלעך, איז ער שוין געווען א בעל מטופל מיט קינדער.

האָט עמיצער פון די יונגעלייט אין בית־מדרש, געפּרוּווט אַמאָל, אויף טשיקאַוועס, פאַרפירן מיט אים א שמועס, מיט דער כוונה צו דערגיין ביי אים דעם סוד פון זיינע יאָרן, פלעגט ער שטענדיק זיך אויסדרייען פון געבן א תשובה.

און אַז דער "פרעגער" איז שוין גאָר שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים און דווקא געוואָלט אַרויסקריגן פון אים אן ענטפער, פלעגט ער מיט א ביטערן שמייכעלע "אַריינכאַרן" יענעמס האַנט אין זיינער און מיטן גאַנצן כוח זי געבן א קוועטש, אַז יענער פלעגט אַזש נעמען צאַפּלען זיך פון גרויס ווייטיק, ווי זיין האַנט וואָלט פּלוצים אַריינגעכאַפּט געוואָרן צווישן צוויי מילשטיינער. דעמאָלט פלעגט ר' משה דער שמש אויפמאַכן זיין פאַרשלאָסענע האַנט, זיך צעשמייכלען מיט א מויל ווייסע, פּערלדיקע ציין, און זאָגן מיט א ניצחון־שמייכעלע:

— נו, שייגעץ און יונגאַטש איינער, דו ווילסט שוין נאָכאַמאָל האָבן די עזה צו פרעגן ווי אַלט איך בין?..

וועגן זיין משונהדיקער גבורה זיינען אין שטעטל אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע מעשׂות, איינע פאַנטאַסטישער פון דער אַנדערער. אָבער דער שפּאַס איז געווען, וואָס אַט דער גרויסן גבֿרן, אויף וועלכן מ'האָט געהאַט געזאָגט, אַז ער קאָן מיט די הוילע הענט צערייבן אפילו א שטיין, און מיט די ציין צעקייען א קופּערנעם זעקסער (א מטבע), האָט געציטערט, ווי א בלאַט אין ווינט, פאַר שדים, רוחות און מזיקים. ווי נאָר ס'איז געוואָרן נאַכט, האָט ער מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז אינדרויסן. סיידן ער האָט זיך פריער גוט באַוואָפנט מיט זיין גרויסן סוקעוואַטן שטעקן אין דער רעכטער האַנט, און מיט דער אָנגעצונדענער לאַמטערנע אין דער לינקער האַנט, און מיטן "שמע ישראל" אויף די ליפּן. אַנדערש האָט ער ניט געוואָלט גיין אין א שליחות.

* * * * *

ר' משה דער שמש איז ביי זיך געווען זייער שטאָלץ, וואָס גאָט ברוך

הוא, האט אים באשאנקען מיט אזעלכע טייערע מתנות: אי מיט א שיינעם הדרת פנים און אי מיט אזא גבורה, און נאך מער מיט אזא מלאכת הקודש ווי שמשעריי. אט די דאזיקע פרייד זיינע, האט ארויסגעזונגען פון אלע זיינע רמ״ח אברים.

און באמת, ס׳איז געלעגן אויסגעגאסן אויף אים עפעס אזא אויסער־לעבע, גייסטיקע שיינקייט, וואס האט פארכאפט דאס אויג. למשל, יעדער פרייטיק, ערב שבת און ערב יום־טוב, ווען ער האט זיך גוט אויסגעבאדן און זיך אויסגעטובלט, און זיך אויסגעפוצט אין זיין לאנגער, שווארצער, אט־לאסענער קאפאטע, מיטן שניי־ווייסן העמד, מיטן אריבערגעלייגטן, ווייכן קאלנער, און אויפן קאפ דאס הויכע, גרינלעכע סאמעטענע היטל, האט זיין קלסתר פנים געשיינט מיט אזא לויטערקייט, מיט אזא נשמה יתירהדיקייט, אז מען האט ממש געקאנט זען ווי די שכינה הקדושה רוט אויף אים.

דעמאלט האט מען געהאט פארגעסן, אז דאס איז משה דער שמש, דער בייזער ייד, דער שווייגער און דער ניט־איבעריקער חכם, נאר ווי עס וואלט פאר אייך פלוצלונג זיך האבן באוויזן איינער פון יענע ״אנשי מעשה״, די בעלי מקובלים, וואס איז געקומען אהער, מיט קפיצת הדרך, אזש פון דער עיר הקדושה ירושלים . . .

און ס׳האט טאקע ניט געדויערט לאנג ווי ר׳ משה דער שמש האט גענומען קוקן אויף זיך ווי ער וואלט געווען אן אדם העליון, א מענטש פון גאר א הויכער מדרגה, און ער האט געגלויבט אין דעם מיט זיין גאנצער קינדישער נאַיוויטעט. ערשטנס, איז ער געווען ״משכמו ומעלה גבוה מכל עם״, פונם אקסל אן און ווייטער איז ער געווען העכער און גרעסער פון יעדער איינעם אין שטעטל; צווייטנס, ווער נאך ווי ער האט פארמאגט אזא בכבודיקע, לאנגע, זילבערנע בארד און מיט אזעלכע לאנגע, הבדלותדיקע פאות, וואס דערגרייכן ביי אים שיר ניט ביזן גארטל; און דריטנס, ווער נאך פארמאגט אזא זיס קול נגינה ווי ער?

און ווירקלעך, ווער ס׳האט ניט געהערט ר׳ משה דעם שמש דאווענען פארן עמוד, דער וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין דעם זיסן טעם וואס ליגט אין א יידישער תפילה!

ווען ס׳איז געקומען ימים־נוראים און ער האט אנגעטאן אויף זיך זיין לאנגן, ווייסן קיטל, אויפן קיטל דעם טלית מיט דער גרויסער, זילבערנער עטרה איבער דעם קאפ און אויסגעדונערט מיט זיין געזונטער, לייבן־שטימע, פון באלעמער אראפ: ה מ ל ך י ו ש ב ע ל כ ס א ר ם ו נ ש א! איז אלעמען באפאלן אן אימה. די ווענט פון בית־מדרש האבן אזש א ציטער געטאן. עפעס א קלייניקייט, איר שפילט זיך מיט ר׳ משה שמשס דאווענען; אזוינס האט מען, דאכט זיך, ביי יידן ניט געזען און ניט געהערט! דעמאלט האט ער טאקע אויסגעזען ווי דער כהן גדול, בעת ער איז אריינגעגאנגען יום־כיפור אין קדשי קדשים אפצוטיכטן די הייליקע עבודה . . .

ער האט טאקע דערפאר אנגעהויבן שטארק מקפיד צו זיין, אז איט־

לעבער זאָל אים אָפּגעבן דעם געהעריקן כבוד, וואָס אים קומט. ער האָט זיך ניט געבויגן, ניט פאַרן למדן און ניט אפילו פאַרן גרעסטן תקיף אין שטעטל: ער האָט געפירט זיין "כהונה גדולה", די שמשעריי, ביד חזקה, מיט א שטאַרקער האַנט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויסדערוויילטן "עבד אלוקים", פאַר א גאָטס־דינער.

ער האָט זיך דערפאַר שטענדיק געהאַלטן אין איין פּוצן, ווי א חתן־בחור. אפילו זיינע וואָכעדיקע מלבושים, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך, האָבן תמיד געפינקלט מיט שבת־יום־טובדיקייט. זיין לאַנגע, פּאַטריאַרכאַלישע באָרד און פּאות, זיינען שטענדיק געווען אויסגעקעמט און אויסגעגלעט. יעדער הערעלע אין זיי איז געווען ווי א זילבערן פעדימל — נאָר צום איבערציילן.

דאָס בית מדרש האָט ער געהאַלטן אויסערגעוויינלעך ריין און ציכטיק, ווי עס פּאַסט פאַר גאָטס הויז. ער האָט שטאַרק אכטונג געגעבן, אז דער "נר תמיד" זאָל חלילה קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן. ערב שבת און ערב יום־טוב האָט ער אויפגעהאַנגען דעם נייעם פּרוכת אויפן אָרון קודש און איבערגעביטן די "מענטעלעך" אויף די ספרי תורות. אָבער וואָס שייך די פּשוטע מלאכות, ווי אָפּשייערן די מעשענע הענגלייכטער, די גרויסע חנוכה־מנורה, און אָנפילן דעם קופּערנעם האַנטפאַס מיט וואַסער, דאָס האָט ער שוין איבערגעלאָזן פאַר די "פּרחי כהונה" — צו די עטלעכע אָרימע חדר־יינגלעך, וואָס ער האָט ספּעציעל מחנך געווען פאַר דעם צוועק. צו אָט דער דאָזיקער "מלאכת־הקודש", האָבן ביי אים נאָר יחידי סגולה, אויסדערוויילטע, געהאַט די זכיה צוגעלאָזן צו ווערן . . .

* * * * *

עס האָט אים אָבער איין זאַך שטאַרק נעערגערט, וואָס ער, א געוועזענער ישובניק און איצט א שמש פון א מקום־קדוש, איז נעבעך אַזוי ווייניק באַהאַוונט אין די "שוואַרצע פּינטעלעך".

האָט ער זיך אָנגעגורט מיט כוח און גענומען לערנען גאָטס תורה, וואָס עס איז אים נעבעך אַנגעקומען זייער שווער. ער איז געזעסן יום ולילה אין בית מדרש און געהאַלטן אין איין "זוברעווען", א פּסוק נאָך א פּסוק, חומש מיט רש"י, נאָכדעם האָט ער זיך גענומען פאַרן משניות. ער האָט אַזוי לאַנג געהאָרעוועט און זיך געמאַטערט, ביז ס'איז אים געלונגען צו ווערן א נאָענטער מחותן מיט די הייליקע אותיות פון דער תורה הקדושה, אַזוי אַז אין משך פון די יאָרן האָט ער שוין געהאַט באַוויזן צו קאָנען ניט נאָר חמשה חומשי תורה, נאָר אויך אפילו די ששה סדרים פון משניות בעל פּה, אויף אויסנווייניק. ער האָט זיך שוין אפילו געהאַט אונטערגענומען צו לערנען יעדער טאָג בין מנחה למעריב, מיט א מנין יידן א פּרק משניות.

און כאָטש די "שיינע יידן", די למדנים פון מזרח־וואַנט, האָבן ניט איינמאָל חוזק געמאַכט פון זיין למדנות און אויף זיין "פּראַווען טיש"; ניט איינער פון זיי פלעגט זאָגן מיט הלצה, אז דער דאָזיקער "רבי" פאַרשטייט

אזוי וואס עס טוט זיך אינם משניות מיטן "ברטנורה", ווי א האן אין "בני אדם" — דאך איז אים געלונגען, מיטן כוח פון זיין שיינעם, זיסן ניגונדל, צו צוציען א "טיש מיט יידן", וואס האבן זיך מיט אים איניינעם אוועקגעלאזט שפרייזן איבער די שווערע, הארטע הרודעס פון דער משנה.

און ווי אויף צו להכעיס די שיינע יידן, די למדנים, האט ער ניט איינ־מאל מיט זיינע "תלמידים" געפראוועט א סיום אויף א "סדר" משניות, גע־זאגט א שיינעם, קלינגענדיקן "הדרן עלך", גענומען צו ביסעלעך משקה, אויף וואס ער איז געווען גאר א גרויסער בעלן...

* * * * *

געהאפט האט ר' משה דער שמש, אז ער וועט קאנען פירן זיין "כהונה גדולה", די שמשעריי, אין מנוחה און אין שלווה. אבער, ווי עס ווייזט אויס, איז דאס אים ניט באשערט געווען. ס'זיינען מיטאמאל אויפגעשטאנען קעגן אים שדים, רוחות ומזיקים, אין געשטאלט פון די שטעטלשע ווייסע־חברה־ניקעס, די אמתע, גרויסע שטיפערס, וואס האבן מיט זייערע שקאצערייען אים שיר ניט מקצר ימים געווען. ווארים זיי האבן געטענהט, אז זיי האבן אויך א חלק אין "גאטס נחלה", אינם בית מדרש, פונקט ווי ער, דער גרויסער "משה רבנו", ווי זיי האבן אים גערופן אין שפאס.

אבער ר' משה דער שמש האט בשום אופן ניט געוואלט אנערקענען זייערע טענות. ער האט זיי געטריבן פון גאטס הויז מיט אזא רציחה, ווי זיי וואלטן געווען טמאים, אומריינע, וואס מ'דארף האלטן מחוץ למחנה. ווארים ער האט שטארק מורא געהאט, אז זיי זאלן אים חלילה ניט פארשוועכן זיין מקום קדוש, וואס ער האט אפגעהיט ווי דאס שווארצאפל פון זיין אויג.

אבער וואס מער ער האט זיי געטריבן פון זיין גבול, אלץ מער האבן זיי זיך געריסן צום בית מדרש. זיינען דערפאר אנגעגאנגען צווישן אים דעם היטער פון גאטס הויז, און די ווייסע־חברהניקעס, שווערע, הארטנעקיקע מלחמות, אז גאט זאל שומר ומציל זיין!

בילא, וואס שייך זומער־לעבן האבן אים די יונגאטשעס מוחל געווען דאס בית־מדרש. ווארים וויניק פלאץ איז דעמאלט פאראן אויף גאטס וועלט? אבער ווינטער, ווען מען קומט אהיים פון חדר, און ווער רעדט שבת בייטאג, נאכן אפעסן דעם טשאלנט, און שבת צו נאכט, נאך דער הבדלה, ווען מ'איז פריי פונם בייזן רבין מיטן קאנטשיק, איז דעמאלט א מחיה אריינצוכאפן זיך אין בית מדרש, כאפן א שמועס, א "קאמאנדעווע", אויף דעם איז מען דאך עפעס יינגלעך! ווי זאגט איר, ניט אזוי? איז לאזט ער ניט, אט דער גרויסער "משה רבנו"! ער שלאגט, ער הרגעט, ער קאטעוועט — גאר אן רחמנות!

איז טא וואס זאל מען פארט טאן ווען עס גלוסט זיך אביסל צו שטיפן? אין שטוב קאן מען דאך ניט, מ'קאן נאך חלילה אויפוועקן דעם טאטן פון שלאף און כאפן פון אים א ווייסטן פסק. שטיפט מען אינדרויסן, מ'ווארפט זיך מיט שניי־קוילן מען מאכט שניי־מענטשן, אדער מען לאזט זיך אוועק אויף

די איינענע געמאכטע "קאנקעס" גליטשן אויפן פארפרארענעם טייך. דאס איז שוין איינמאל א פארגעניגן! אמתע עולם הזה! . . גליטשט מען זיך אזוי לאנג, ביז דער פראסט הייבט אן צו סמאליען די נאז און די באקן. כאפט מען זיך אריין אין בית־מדרש אנווארימען זיך, און פאר איין וועגס בראט מען שוין אפ עטלעכע קארטאפל אין אויוון, וואס מען האט צוגעלקחנט ביי דער מאמען אין שטוב. נאכדעם, ווען מען האט שוין אביסל אונטערגעלענט דאס הארץ, הייבט מען אן שטיפן כדבעי! מען שפילט אין באהעלטעניש, אין "קלמן, קלמן סלמנטשיכע", אין דריידל, אין דאמינא, און אויך טאקע אין קארטן, אין א "זעקס־און־זעכציק", אין אן "איין און צוואנציק", אדער גאר אין אן "אקע"! ווייניק שפילעריען זיינען פאראן אויף דער וועלט?

שבת בייטאג אבער טאר מען דאך ניט שפילן אין קארטן און אווודע און אוואדע ניט בראטן קארטאפל, איז דעמאלט די פאסיקסטע צייט צו פארפירן א מלחמה צווישן דער "מחנה ישראל" מיט אירע אייביקע שונאים, די פלישתים, ווו דער קליינער דוד המלך האט מיט איין איינציקן שטיין פון זיין שטיינוווארפער געטראפן דעם גרויסן, שטארקן ריז גלית הפלישתי אין שטערן און אים אוועקגעלייגט א טויטן גלייך אויפן ארט.

פארשטייט זיך, ווי אין יעדער מלחמה, דארף מען האבן כלי־זין, געווער. איז אויף דעם אויך דא אן עצה: מען ברעכט אויף דעם שלאס פון דער גרויסער שאפע, ווו ר' משה דער שמש האלט פארשלאסן זיין גרויס פארמעגן, די האנטיכער, די טישטוכער, די קיטלען, און מען מאכט פון זיי "פעלצלער", וואס זעען אויס ווי אמתע באמבעס. נאכדעם נעמט מען די שטענדערס, די טישן און מען קערט זיי איבער מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף, מען פארוואנדלט זיי אין פעסטונגען, געמויערטע ווענט און אמתע פארטיפיקאציעס, און נאך אזעלכע תכסיסי־מלחמה, און עס פאנגט זיך אן די אמתע שלאכט, אז עס גייט אזש א רויך!

אבער פונקט אין סאמע מיטן פון דער צעפלאקערטער מלחמה, ווען ס'האט שוין געהאלטן אט־אט די "מחנה ישראל" זאל פארניכטן און פארטיליקן די "מחנה פלישתים", אזוי אז ס'זאל פון איר קיין שריט ופליט ניט פארבלייבן, טוט זיך פלוצלונג א רייס אריין דער הויכער "משה רבנו", דער שמש, און הויבט אן מיט זיין לעדערנעם פאס פון זיינע הויזן, צו שלאגן און קאטעווען אויף רעכטס און אויף לינקס, אן אונטערשייד צי מען געהערט צו דער "מחנה ישראל" אדער צו דער "מחנה פלישתים", דעם בלוטיקן שונא . . .

עס ברעכט באלד אויס א שרעקלעכע מהומה, א צעמישעניש צווישן די קריגערישע מחנות. די חברה קונדסים, וואס האבן אקארשט געשפילט די ראל פון גרויסע העלדן, גיבורים, הייבן אן שפרינגען ווי צעשראקענע, ווילדע ציגן, איבער די איבערגעקערטע טישן און שטענדערס, און צעלויפן זיך ווי דער שווארצער פעפער וואקסט.

דעמאלט האט דער בייזער, צארנדיקער משה דער שמש שוין גארניט

אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי משה רבנו, ווי זיי האָבן אים גערופן מיט חו״ס, נאָר ווי ער וואָלט געווען דער אשמדאי אליין.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַזעלכע עובדאָס זיינע, האָבן די ווייסע־חברה־ניקעס געטראָגן אויף אים אַ ביטער האַרץ. זיי האָבן אים אָפּגעטאָן כלערליי שפּיצלעך און צו להכעיסן, אַבי אים צו דערצערענען, אויסעסן אים דאָס האַרץ, אַזוי אַז ער האָט נעבעך געהאַט אויסצושטיין פון זיי געברענטע ליידן.

און איינמאָל האָבן זיי אים אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל, פון וואָס ער איז פאַר שרעק שיר פון דער וועלט ניט געגאַנגען:

עס איז געווען אין אַ ווינטערדיקן שבת צו נאַכט. שטעטעלע זאַסטאַוויע איז שוין געהאַט געשלאָפן דעם שלאָף פון גערעכטע. האָט חברה זיך אַריינגעגנבעט אין בית מדרש, אַרויפגעדרייט דעם ״נר תמיד״, מיט אַלע יאָרצייט לאָמפּן, אָנגעצונדן תּפילה־ליכט ביים עמוד, אומגעדרייט די שטענדערס מיטן פּנים צו דער מזרח־וואַנט, אַרויפגעלייגט אויף זיי שטויסן ספרים, פון אונטן גרעסערע און פון אויבן קלענערע, אויף די ספרים צונויפגעוויקלטע האַנטוכער, טישטוכער, פּסולע טלתים, אין דער פאָרמע פון מענטשלעכע קעפּ, אַזוי אַז פונדערווייטנס האָבן די הויכע שטענדערס מיט די איינגעוויקלטע טליתים איבער זייערע קעפּ, געהאַט אויסגעזען ווי אמתע מתים, וואָס האָבן, כידוע, אַ מאָדנע טבע, פּונקט נאָך האַלבער נאַכט אַרויסצוקריכן פון זייערע קברים און קומען אין בית־מדרש אָפּריכטן אַ תּפילה בציבור . . .

ווי גיך חברה האָט זיך געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט די מתים אין בית־מדרש, איז מען באַלד אַוועקגעלאָפן צו ר׳ משה דעם שמשס שטיבל, אָנגעקלאַפּט אין זיין פענצטער, און מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווי פון קבר אַרויס, גענומען רופן:

— משה, משה, קום! שטיי אויף פון דיין געלעגער! נעם די שליסלען אין דיינע הענט און עפן אויף פאַר אונדז די טויערן פון גאָטס הויז! וואָרים מיר, די שוכני עפר, ווילן אָפּריכטן ״חצות״ ! . . .

אַז ר׳ משה דער שמש האָט דערהערט וואָס די מתים פאַרלאַנגען פון אים, איז ער פאַר שרעק שיר ניט אַוועקגעפאַלן אין חלשות. עס האָט אים גענומען טרייסלען און וואַרפן אין היץ און אין קעלט, ס׳האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. ער האָט גענומען לייענען קריאת שמע, געזוכט רעטונג ביי די ציצית פון זיין טלית־קטן. ער האָט שוין אַ גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט געקענט צומאַכן. ער איז געלעגן אין טויט־אַנגסטן און געציטערט אימת־מות. וואָרים ס׳איז עפּעס אַ שפּילעכל, האָבן צו טאָן מיט מתים! זיי קאָנען נאָך דיך חלילה פאַרשלעפּן אין בית מדרש און אויפרופן דיך צו דער תּורה! און כידוע, ווי ס׳איז באַוווּסט, קאָן מען נאָך חלילה פון אַזאַ ״אויפרופעניש״ אַליין אויך ווערן אַ מת . . .

משה דער שמש האָט קוים דערלעבט ס׳זאָל שוין נעמען שאַריען אויף טאָג. ער האָט מיט ציטערדיקע, טרייסלענדיקע הענט זיך אָנגעטאָן, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, גענומען זיין גרויסן שטעקן אין דער רעכטער האַנט, די גרויסע

הילצערנע לאמטערנע אין דער לינקער האנט, און מיט שלאבעריקע טריט זיך אוועקגעלאזט אין בית מדרש אריין איינצוהייצן דעם אויוון, ווי זיין שטייגער איז געווען.

אבער ווי נאר ער איז צוגעקומען צום בית מדרש און דערזען, אז ס'איז דארט אזוי ליכטיק; די יארצייט־לאמפן ברענען אזוי שטארק: און אן דארטן,ביים עמוד, שטייט עפעס אזא הויכע געשטאלט מיט א טלית איבערן קאפ; און ארום אים שטייען נאך אזעלכע מתפללים, שיר ניט א גאנצע עדה — איז אים באפאלן א טויט־שרעק, ער האט אנגעהויבן ציטערן אויפן גאנצן לייב. ניט אנדערש, איז אים דורכגעפלויגן א געדאנק אין מוח, אז דאס מוזן טאקע זיין די זעלבע מתים, וואס זיינען געקומען צו אים נאך די שליסלען ! . . ער איז געבליבן שטיין א פארשטארטער און פון ארט זיך ניט געקאנט רירן, ווי מ'וואלט אים פלוצלונג איבערגעהאקט די פיס מיט א האק. ער האט אנגעהויבן שרייען מיט באנומענע קולות:

— ישובו רשעים לשאלה! רשעים אין גיהנום אריין! גיים אין אייער רו אריין ! . .

די שכנים, דערהערנדיק אין מיטן דער נאכט אזעלכע ווילדע געשרייען און גוואלדן, האבן זיך אויפגעכאפט ניט טויט, ניט לעבעדיק, און גענומען לויפן זען וואס ס'איז געשען. ערשט, זיי טוען א קוק, משה דער שמש ליגט אן אויסגעצויגענער אויף דר'ערד, אויפן שנײ, זיין שטעקן ביי דער זייט, און האלט די ציצית פון זיין טלית קטן אין די הענט, און מיט זיינע טויט־בלאסע, ציטערדיקע ליפן מורמלט ער עפעס אומפארשטענדלעכע ווערטער, אזוי אז קוים די נשמה האלט זיך אין אים.

קוים א לעבעדיקן האט מען אים אריינגעטראגן אין בית מדרש. און ערשט דא האט מען זיך דערוווסט וואס ס'איז די סיבה פון זיין פלוצלונגדיקער שרעק און ווער די מתים זיינען . . . שטעטל האט זיך ממש געהאלטן ביי די בייכער פון געלעכטער. אבער דער אלטער ר'משה דער שמש, דער שטענדיקער היטער פון גאטס־הויז, האט שוין גארניט געלאכט: ער איז געווען ביי זיך מער ווי זיכער, אז ער האט ווירקלעך אליין געזען מיט זיינע אויגן אמתע מתים.

אבער ווי עס זאל ניט זיין, צי דאס זיינען געווען פאלשע צי אמתע מתים, האבן די שטעטלשע קונדסים פארט אפגעהאלטן א גרויסן ניצחון איבער זייער שטענדיקן שונא, דעם ביינזן ר' משה שמש. פון דעמאלט אן, האט ער שוין מער ניט געפירט מיט זיי קיין מלחמות. ער האט געשלאסן מיט זיי א דויערהאפטן שלום און זיי נאך געצאלט "קאנטריבוציע", וואס איז באשטא־נען פון חלבנע ליכטלעך און די "שיריים" פון די יום־כיפורדיקע ליכט. אבי זיי זאלן זיצן וואס לענגער אין זיין בית־מדרש; זאלן זיי שטיפן, שפילן אין קארטן און בראטן קארטאפליעס, וויפל נאר זייער הארץ גלוסט . . .

ענדלעך איז דער ניט־איבערגעשפיצטער משה דער שמש געקומען צום שכל , אז עס לוינט זיך פאר אים בעסער האבן צו טאן מיט די לעבעדיקע, שטיפערישע שקצים, די עבֿבֿרשים ,איידער האבן צו טאן מיט די מתים נאך האלבער נאכט . . .

# פייגע־לאה די שמשטע

ר׳ משה דער שמש, וואס האט נעבעך געהאט צו זינגען און צו זאגן פון די שטעטלשע קונדסים, די ווייסע־חברהניקעס, האט אויך נעבעך זייער ווייניק נחת געהאט פון זיינע ווייבער. עפּעס האבן זיי ביי אים קיין אריכת ימים ניט געהאט, ניט פאר קיין יידן געדאכט . . . ווארים ווערליק מ׳האט געשמועסט אין שטעטל, האט ער, דער זקן ורגיל, דער שיינער בעל־תפילה, שוין געהאט באוויזן צו האבן א האלב צענדליק ווייבער. אנדערע זיינען געגאנגען נאך ווייטער און האבן אויסגערעכנט, אז זיין ערשט ניט לאנג פארשטארבענע ווייב, כאנטשע די שמשטע, איז שוין ביי אים געווען די זעקסטע. אט אזא גרויסער "טארעס" אויף ווייבער איז ער געווען, ניט פאר קיין מענטשן געדאכט.

און ווערליק מ׳האט אויך געהאט געשמועסט אין שטעטל, האבן זיי אלע ביי אים קיין האניק ניט געלעקט. הפנים, אז ס׳איז גארניט אזוי גרינג צו זיין א ווייב פון א מאן, וואס האט זיך געהאלטן אין דער מדרגה, אז נאר אים האט דער רבש״ע אויסדערוויילט צו זיין זיין "שומר החומה", דער היטער פון גאטס הויז, ווי ס׳האט געקוקט אויף זיך ר׳ משה דער שמש.

און ווען ער איז שוין געווארן אן אלמן צום פינפטן מאל, צי צום זעקסטן מאל, איז אים שוין אנגעקומען זייער שווער צו שליסן באלד א נייעם שידוך, מחמת די שטעטלשע אלמנות און גרושות האבן מורא געהאט אז זיי זאלן חלילה ניט האבן דעם זעלבן סוף, ווי ס׳האבן געהאט ביי אים זיינע פריער־דיקע ווייבער, זאלן האבן א ליכטיקן גן־עדן.

אן אנדערער אויף זיין ארט און אין זיינע יארן, וואלט זיכער שוין מער ניט געוואלט האבן דעם גאנצן טאראראם פון גיין נאכאמאל זיך שטעלן מיט א יידענע אונטער דער חופה . . . איז דאך אבער ר׳ משה דער שמש גע־ווען אן עבד אלוקים, האט ניט געפאסט און ס׳איז ניט געווען שיין פאר גאט און פאר לייט צו זיצן אן א ווייב . . .

איז בלית ברירה האט ער באלד אויף מארגן נאך שבועות זיך אויסגע־פוצט אין זיינע בגדי־שבת, גענומען זיין "מקלו ותרמולו", דעם טלית און תפילין־זאק אונטערן ארעם, דעם שטעקן אין האנט, און זיך אוועקגעלאזט איבער די שכנישע שטעטלעך זוכן זיין באשערטע . . .

ער איז געגאנגען פון איין קרעטשמע אין דער אנדערער, פון איין

שטעטל צו דער צווייטער, ביז דער רבש״ע האָט אים צוגעשיקט זיין אמתן זיווג, ערגעץ אין א שטעטל, וואָס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך בוג, אין דער מדינת פוילן.

דאָס איז געווען א יידענע באַשאַנקען מיט אַלע מעלות: מיט א ברייטן פאַרנעם און מיט א געשטעל, א וווילגעלערנטע, פון גרויס יחוס און שטאַנד, און א גרויסע אשת חיל, געפירט מסחרים מיט פּריצים, מיט פּוילישע אדליים. זי האָט אויך פאַרמאָגט א היבשן ״קניפּל״, מיט פולע אָנגעפּראָפּטע קופערטן מיט ווייס־צייג, מיט זילבערוואַרג, און פון וואָס נאָר א מויל קאָן אַרויסריידן, ווי עס פּאַסט פאַר א נגידיתטע. דאָס אַלץ האָט זי אים אריינגע־געבן אין נדן.

דעם ערשטן שבת אינדערפרי, ווען ר׳ משה האָט געפירט זיין נייע ווייב, מרת פייגע־לאה שתחי׳, אין שול אריין, איז גאַנץ שטעטל, פון קליין ביז גרויס, געקומען צו לויפן צו כאַפּן דעם ערשטן קוק אויף זייער נייער שמשטע.

און כ׳לעבן, ס׳איז טאַקע געווען וואָס צו זען: זי איז געווען א הויכע, א געשטאַלטנע, אָנגעטאָן אין אטלאָס און אין זייד, באַהאָנגען מיט שנירלעך פּערל און מיט לאַנגע בריליאַנטענע אוירינגלעך, וואָס האָבן שעמערירט ווי די שטערן אין הימל. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן א הויכע, אויפגעטורעמטע הויב, באַפּוצט מיט כלערליי בלימעלעך און קווייטעלעך, ווי להבדיל, אַן אמתע פּריצטע.

די יוסטע באַלעבאָסטעס פון שטעטל, האָבן זי מיט גרויס פּאַראַד, אריינגעפירט אין דער ווייבערשער שול, אָוועקגעזעצט זי לעבן זיך, סאַמע אויבנאָן, ווי זי וואָלט גאָר ניט געווען קיין שמשטע, נאָר א רייכע, גרויס־שטאָטישע מחותנתטע.

די נייע שמשטע איז געווען, פאַרשטייט זיך, זייער שטאַרק גערירט פון אזא שיינעם, וואַרעמען קבלת־פּנים. זי האָט צו איטלעכן געשמייכלט, איטלעכן אנטקעגן געטראָגן א ברייטן ״גוט שבת״. זי האָט שוין געוווסט אָנ־צורופן יעדער שכנה ביים נאָמען, ווי זי וואָלט שוין דאָ געווען א תושבטע.

דאָס ווייבערשע פאָלק האָט זיך באַלד גענומען קלעפּן צו איר, ווי בינען צו האָניק. אָרעמע, דערשלאָגענע יידענעס האָבן אָנגעהויבן קומען צו איר נאָך עצות; ניט איינמאָל זיך אראָפּגערעדט פאַר איר פון האַרצן, אזוי אז די פרעמדע, אראָפּגעקומענע פייגע־לאה, האָט אָנגעהויבן באַלד קוקן אויף זיך ווי זי וואָלט דאָ געווען ניט קיין שמשטע, נאָר א גאַנצע רביצין.

און היות זי איז אויך געווען א וווילקענעוודיקע אין אַלע ווייבערשע ספרימלעך, איז זי באַלד געוואָרן פאַר זיי א ״זאָגערין״, א שליח ציבורטע: געדאַוונט פאַר זיי, פאַרגעלייענט פאַר זיי די הייליקע ש״ס תחינות, און די תחינות און תפילות פון ״שרה בת טובים״. און זיי, די ״שטומע נשמות״, די ווייבער וואָס האָבן נעבעך אַליין ניט געקאָנט זיך צונויפריידן מיט גאָט

מיט דער הילף פון זיינע קליינינקע אותיותלעך. האבן, ווי דורשטיקע, גע־שלונגען אירע פערלדיקע ווערטער, אזוי אז ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי זי איז געווארן די הויפט־זאגערין, און די שטענדיקע זאגערינס אין דער ווייבערשער שול, ווי דינה אייזיקס און פריידע־מיכלע די גראבע, זיינען צוליב איר נעבעך געבליבן, ווי מען זאגט, "כצאן בלי רועה", ביי ליידיקע טישן, אן ווייבער, אן צוהערערינס, וואס דאס האט זיי נעבעך שטארק געערגערט.

* * * * *

פייגע־לאה, די נייע שמשטע, וואס האט געהאט פרעטענזיעס אויף גרויס־שטאטישקייט, איז מיט דעם אליין נאך ניט געווען צופרידן. זי האט זיך אונטערגענומען "אויסצומענטשלען" דאס שטעטעלע זאסטאוויע און איינפירן נייע מנהגים, אויף וואס די פרומע, גאטספארכטיקע ווייבער האבן געקוקט מיט קרומע אויגן.

— נו, זאגט אליין, — האבן די נשים צדקניות געטענהט מיט צו־גויפגעצויגענע, פרומע ליפעלעך, — ווי איז דאס געהערט געווארן, אז א יידענע אין די יארן, און נאך א שמשטע דערצו, זאל איינפירן אין א יידיש שטעטל גוישע זיטן?! זי האט דאך פארפלאנצט ארום איר שטיבעלע א גארטן, ניט מיט שאר ירקות, ווי דאס טוען אלע אין שטעטל, נאר מיט כלערליי בלי־מעלעך־שמימעלעך! פאדיעט ארום איבער זיי, ווי א הון א קוואקע איבער אירע הינדעלעך; רופט אן איטלעכן פון זיי מיט עפעס אזעלכע גוישע נעמען, ווי דאס טוען די מעשטשאנקעס פון דער גוישער גאס! .. נו, איז דאס שיין אזוי?

— אבער דאס איז נאך ניט אלץ, — האבן די ווייבער ווייטער גע־טענהט און געפונען אויף איר נאך חטאים, — יעדער שבת בייטאג, נאכן אפעסן דעם טשאלנט, קלייבן זיך צונויף צו איר אין שטיבל א כאליאסטרע ווייבלעך און זי לייענט פאר פאר זיי, ניט דעם טייטש־חומש, נאר להבדיל עפעס אזעלכע מעשה־ביכלעך, פון וואס די ווייבלעך פאסמאקעווען זיך אזוי שטארק. דאס פאסט זיך גארניט פאר קיין שמשטע! ..

אבער פייגע־לאה די שמשטע, וואס איז געווען א יידענע א גרויסע עקשנטע, האט זיך גארניט געקימערט וואס די פרומע, גאטספארכטיקע יידענעס גייען ארום איבערן שטעטל, דערציילן פליאטקעס, טראגן "פאטשטן",ריידן רכילות אויף איר. זי האט זיך געטאן אירס, ווי ניט איר מיינט מען.

זי האט אפילו געוואגט צו גיין נאך ווייטער: זי האט גענומען לערנען איר מאן, דעם גאטספארכטיקן ר' משה דעם שמש, הלכות דרך־ארץ, שיינע, איידעלע מאניערן. ווארים ניט קוקנדיק אויף זיין שיינער "אסאבע", אויף זיין ליכטיקן הדרת פנים און אויף זיין שיינעם קול נגינה, מיט וועלכן ער האט ביי איר אזוי שטארק אויסגענומען, פירט ער זיך גארניט אויף ווי עס פאסט פאר אן איידעלן יידן, א למדן . . .

ערשטנס, איז ער א מוראדיקער קמצן, טיילט איר אויס אויף דער הוצאה, מאנט דין וחשבון פון יעדער גראשן וואס זי גיט אויס, ווי זי וואלט

געוועז זיינע א דינסט. עס קומט אין אוונט, ווען עס ווילט זיך איר זיצן נאך אביסל און לייענען אירע שיינע, אינטערעסאַנטע מעשה־ביכלעך, לאָזט ער ניט. באשר בכן ס'איז אים א שאָד דאָס ביסל נאַפט אין לעמפּל. און אויפשטיין הייסט ער איר גלייך מיטן ערשטן קריי פון האָן, כדי אָנצושטעלן פאַר אים דעם גרויסן, בייכיקן סאַמאָוואַר, ווי דאָס האָבן געטאָן פאַר אים זיינע ערשטע ווייבער, וואָס האָבן אים קאָנטיק שטאַרק צעבאַלעוועט . . .

צווייטנס, וואָס דאָס איז נאָך ערגער, ער איז געוועזן א מוראדיקער אכלן, א פרעסער, אז גאָט זאָל גאָר שומר ומציל זיין! ער האָט געקענט אויפ־עסן ממש א שור הבר! וויפל מ'זאָל אים ניט געווען אָנקאַרמענען, האָלט ער רק אין איין טענהן, אז ער איז טויט־הונגעריק, עס חלשט אים דאָס האַרץ, ווי א "מיט־עסער" וואָלט אין אים געזעסן, רחמנא לצלן!

בקיצור, פייגע־לאה, די גרויסשטאָטישע יידענע, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פוילישע אדלליט, פריצים און שררות, האָט באַלד איינגעזען, אז זי איז דאָ באַגאַנגען א "מקח טעות". אן אַנדערע אויף איר אָרט, וואָלט מסתמא באַלד פאַרקירעוועט דעם דישל אויף צוריק און געזאָגט: מוחל במחילה גמורה אויפן גאַנצן "משא ומתן" און פּטור אָן עסק! איז דאָך אָבער פייגע־לאה געווען א יידענע א קאָזאַק, האָט זי זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. זי האָט אריינגענומען איר צווייטן "געמאַל" אין די הענט אריין און געוואָלט מאַכן פון אים א לייטישן מענטשן.

ר' משה דער שמש, וואָס איז שוין געפּרוווט געוואָרן מיט א האַלבן צענדליק ווייבער, וואָס זיינען אַלע געשטאָנען פאַר אים ווי פאַרן קייסער, האָט בשום אופן ניט געוואָלט גיין אויף דער עלטער, צו זיין נייער ווייב אין חדר אריין זיך לערנען ביי איר נייע דרכים, ניין פירונגען מיט נייע פאַראַנד־קעס. ער וועט איר שוין ווייזן ווער עלטער עס איז ! . .

פייגע־לאה אָבער האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר זיינע סטראַשונקעס. ביז איינמאָל, אין א שיינעם פרימאָרגן, האָט זי געמאַכט א "זאַבאַסטאָווקע", וואָס אויף אונדזער היינטיקן לשון ווערט עס אָנגערופן א "זיץ־סטרייק". . . זי האָט אויפגעהערט צו קאָכן פאַר אים, צו ראַמען און צו וואַשן, און נאָך אַזעלכע ווייבערשע מלאכות, ביז זי וועט אים אויסלערנען צו וויסן ווי צו "פּאַשאַנעווען" א ווייב . . .

ר' משה דער שמש, אָדער "משה רבנו", ווי די קונדסים האָבן אים גערופן, איז נעבעך ארומגעגאַנגען א דערשלאָגענער, א הונגעריקער. אויף אזא צרה, א יידענע, האָט ער זיך גאָרניט גערעכנט. כאָטש גיי אויף דער עלטער "עסן טעג" אין די הייזער . . . ער האָט שוין געפּרוווט מיט גוטן און מיט בייזן; ער האָט איר אפילו געסטראַשעט, אז פאַר ווידערשפּעניקן א מאַן קומט גיהנום, מ'קאָן נאָך חלילה פאַרלירן דעם חלק לעולם הבא, ס'האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפן. פייגע־לאה די עקשנטע, האָט זיך געהאַלטן ביי אירס, סיידן ער זאָל איר לאָזן זיין די גאַנצע עקרת הבית, און אויב ניט, וועט זי ווייטער "שטרייקן", און זי האָט טאַקע געשטרייקט!

שטעטל איז געגאנגען כאדאראם. די גאטספארכטיקע יידענעס האבן ממש איינגעלייגט וועלטן, ווארים ס'איז דאך עפעס ניט קיין שפילעכל! אזא זאך האט מען נאך ניט געהערט אין קיין יידישן גבול, אז א באיארנטע יידענע, און נאך א שמשטע דערצו, זאל פארפירן א "מלחמה" קעגן איר איי־גענעם מאן, וואס איז נאך דערצו א כלי־קודש, א שמש פון גאטס הויז?! עס איז דאך א חרפה און א בושה פאר לייטן; די דאזיקע "פריצטעלקע" מיט אירע מעשים תעתועים, קאן נאך חלילה ארויפברענגען אלע ווייבער אויפן פייער! מ'טאר אזעלכעס ניט פארשווייגן! מ'דארף די שמשטע נעמען צום רב! מ'דארף זי קנסן פאר אזא זאך! — האבן די פרומע ווייבער זיך גע־קאכט און געהיצט, און געהאט טענות צו די באלעבאסטעס פארוואס זיי שווייגן און טוען גארנישט ניט צו דעם.

חברה לצים האבן זיך באלד אנגעכאפט אן דער אויסטערלישער מעשה, ווי אן אן אבן טוב, האבן עס "צעלייגט אויף טעלערלעך", "צוגעלייגט א קנייטל" און נאך צוגעגעבן אייגענע "פירושים", אזוי אז ס'איז שיין געווען איינמאל פריילעך אין שטעטל ! . .

אבער פלוצלונג איז געשען א מעשה נורא, וואס צוליב איר האט פייגע־לאה, די נייע שמשטע, שיר ניט אנגעצונדן א פייער פון מחלוקת אין שטעטל, אז גאט זאל שומר ומציל זיין!

דאס איז געשען אין סאמע מיטן ווינטער, אין א דאנערשטיק ביינאכט, ערב "קורץ פרייטיק", פאר וועלכן אלע ווייבער אין שטעטל האבן שטארק געציטערט, מחמת מ'קאן נאך חלילה פארשפעטיקן און אריינפארן אין שבת אריין . . . אינדרויסן האט געבושעוועט א שרעקלעכע זאווערוכע, אזוי אז ס'איז געווען ממש א צער בעלי חיים ארויסצולאזן אפילו א הונט אינדרויסן.

אבער צוליב דער שרעק פארן מארגנדיקן "קורץ־פרייטיק", האבן די ווייבער אין שטעטל ממש איינגעשטעלט זייער לעבן, געבראדזשעט ביז די קני אין שניי, קוים מיט די לעצטע כוחות זיך געהאט דערשלאגן צו דער קהלשער באד, ווו ס'האט זיך געפונען די ווייבערשע מקווה.

די קהלשע באד אבער איז שוין געווען זייער אן אלטע, א זקנה, האט זיך געהאלטן אויף משקולות, אזוי אז ווען מען איז אריין און ארויס פון איר בשלום, האט מען געדארפט גומל בענטשן.

פלוצלונג, אין סאמע מיטן פון דער טבילה, ווען רוחמה די "טיקערין" האט זיך געפארעט ארום די ווייבער אין מקווה, האט פון דער הויך, פון פאלאב, גענומען פאלן שטיקלעך האלץ, ליים פון "טאס", גלייך אויף די ווייבער.

די ווייבער זיינען אריינגעפאלן אין א היסטעריקע, האבן אנגעהויבן שרייען און קוויטשען מיט באנומענע קולות. אנדערע זיינען אוועקגעפאלן אין חלשות. אויף זייערע געשרייען און גוואלדן איז באלד נעקומען צו לויפן גאנץ שטעטל און ארויסגעראטעוועט די ווייבער פון דער "מפולת". ס'איז געשען א גרויסער נס מן השמים, וואס מען איז אפגעקומען בלויז מיט שרעק

און מיט צעקלאפּטע נעז און קעפּ, ווי דאָס האָט שוין ניט איינמאָל געטראָפן אין שטעטל . . .

די ווייבער זיינען באַלד געקומען צו זיך. ווי גיך ס'האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג, האָט איטלעכע פון זיי זיך גענומען פאַר דער ראַשטשינע, צו פאַרקנעטן די חלה און דאָס ברויט. ווייל, ווי שוין געזאָגט, איז דאָס דאָך געווען "קוריץ-פּרייטיק", ווען מ'דאַרף זיך איילן, וואָס גיכער, אַריינצוברענגען דעם שבת קודש אין שטוב . . . אַזוי, אַז שטעטל האָט באַלד אָנגענומען איר געוויינלעכן גאַנג, און אינגאַנצן פאַרגעסן אויף דער ביינאַכטיקער פּאַסירונג, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען.

אָבער אויף דער גרויס-שטאָטישער פייגע-לאַהן האָט די שרעקלעכע פּאַסירונג מיט די ווייבער אין דער מקווה, געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, אַזוי אַז זי האָט שוין געהאַט פאַרגעסן אויף אַלע אירע קריוודעס וואָס זי האָט געהאַט צו איר "געמאָל" ר' משה דעם שמש, און זי האָט זיך גענומען אָננעמען די קריוודע פון די ווייבער:

נאָך דעם זעלבן שבת אינדערפרי, ביים דאַווענען, ווען ביי די מאַנצ-בילן אין בית-מדרש האָט מען שוין געהאַלטן ביים "לייענען", האָט פייגע-לאַה, די "זאָגערין", אָנשטאָט פאַרצולייענען פאַר אירע ווייבער די שבתדיקע תחינות, זיך געגעבן אַ שטעל אויף, אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט איבער איר גרויסן "קרבן מנחה"-סידור און גענומען האַלטן פאַרן ווייבערשן עולם אַ פלאַם-פייערדיקע דרשה, בזה הלשון:

— טייערע ווייבעלעך מיינע! איך פרעג אייך, ווי לאַנג איז דער שיר זיך צו לאָזן טרעטן מיט די פיס?! ווער ווערט פאַרשוואַרצט טאָג און נאַכט? — איר! איר! ווער האָרעוועט און ווער ניאַנטשעט זיך מיט די קינדער? — איר! איר! און צום סוף באַהאַנדלט מען אונדז ווי מיר וואָלטן געווען דינסט-מוידן, וואָס דאַרפן אויספּאָלגן יעדער באַפעל פון זייער האַר ! . .

— געדענקט, טייערע שכנהס מיינע, — האָט זי אָנגעהויבן ריידן נאָך העכער און מיט אַ שאַרפן חיתוך הדיבור, — די אַמאָליקע צייט, ווען אונדזערע מאַמעס און באָבעס, זאָלן רוען אין ליכטיקן גן-עדן, פלעגן דאַרפן גיין צום טייך מיט העק און אויסהאַקן "פּאָלאָנקעס" צו קאָנען זיך טובלען, איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען! איך באַשווער אייך מיט כל השבועות שבעולם, אַז איר זאָלט מער ניט אַריבערטרעטן די שוועל פון דער באָד, דער חורבה, כל-זמן "קהל" וועט ניט אויפבויען פאַר אייך אַ נייע מקווה, אַ מאָדערנע מקווה, מיט ווייסע קאַכליעס — ווי ביי לייטן ! . .

אין דער ווייבערשער שול איז אַנטשטאַנען אַ טויטע-שטילקייט. אַלע ווייבער זיינען געזעסן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, געקוקט מיט צעשראָקענע, אויסגעסטאַרטשעטע אויגן אויף דער בעל דרשנטע, פייגע-לאַה דער שמשטע, וואָס האָט נאָך אַלץ גערעדט און געשריען אויפן קול:

— טייערינקע מיינע! גאָט איז מיין עדות, אַז איך קום זיך דאָ ניט

אנצונעמען מיין קריוודע, נאר אייער קריוודע און די קריוודע פון אייערע טעכטער, וואס וועלן אם ירצה השם איינגיכן אויך דארפן ווערן ווייבער! טא העלפט מיר, טייערינקע מיינע, אויסצוקעמפן פאר אייך גערעכטיקייט, צדק און יושר! דעריבער פון היינט אן און ווייטער זאל קיינער פון אייך ניט גיין אין וואסער אריין, ביז מיר וועלן מיט גאטס הילף האבן א נייע באד, מיט א נייער, שיינער מקווה.

— און איך האף, — האט פייגע־לאה די שמשטע, אויסגעלאזן איר דרשה מיט א טאן פון א תחינה, — אז דער רבונו של עולם וואס איז אן אל רחום וחנון, א דערבארעמדיקער און לייטזעליקער גאט, וועט אונדז בייי־שטיין און אונדז העלפן געווינען אונדזער גערעכטן משפט, אמן ואמן! . .

די ווייבער, וואס זיינען די גאנצע צייט געזעסן מיט אויסגעבויגענע העלדזער, ווי די גענדז, זיינען געבליבן ווי געפּלעפטע. אויף אזעלכע רייד פון א שמשטע, א "זאגערין", האבן זיי זיך ניט געריכט. א ציטער איז זיי אזש אריבער איבערן לייב.

מיטאמאל האט זיך געגעבן א שטעל אויף דינה אייזיקס, זייער א גאטספארכטיקע יידענע און זייער אן אנגעזעענע באלעבאסטע אין שטעטל, און אנגעהויבן שרייען מיט כעס:

— ווי שעמט זיך דאס ניט א יידענע אין טיפן עלטער, זאל זיך אוועקשטעלן ריידן אין א מקום־קדוש אזעלכע דיבורים?! פע! א חרפה און א שאנדע! שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האלדז אריין!

אויף איר קוקנדיק איז באלד אויפגעשפרונגען פריידע־מיכלע די גראבע, איינע פון די הויפּט־זאגערינס אין דער ווייבערשער שול, וואס האט שוין לאנג געהאט געטראגן א ביטער הארץ אויף פייגע־לאהן פארן אוועקנעמען פון איר אלע אירע ווייבער, אירע שטענדיקע צוהערערינס, און מיט א גרויסן ירגזון גענומען שרייען און ליארעמען אויף איר קאנקורענטין, דער נייער שמשטע:

— א גאנצע גבאיטע דא געווארן! געקומען אהער איינפירן נייע פאר־ראנדקעס! א חוצפה פון א פּוילישער דריפּקע! עם "געשוועלט" איר ניט ווי מיר פירן זיך דא אויף! ארויסטרייבן דארף מען זי פון דאנען!

פריידע־מיכלע, וואס האט געשמט אין שטעטל מיט איר שארפן "מענה לשון", האט זיך אזוי צעקאכט און אזוי שטארק געשריען, אזש א שוים האט ארויסגעזעצט פון איר מויל. זי האט געגעבן א לויף צו מיט האסטיקע טריט צו דער שמשטע, א כאפּ געטאן זי ביים ארבל און זי גענומען שלעפּן מיט אלע כוחות, און געשריען מיט באנומענע קולות:

— ארויס פון דאנען דו חצופה! אזא מרשעת, וואס רעדט אן יידישע טעכטער צו זינד, טאר זיך ניט געפינען אין א מקום קדוש! ארויס! איר "דור" זאל דא מער ניט זיין!

ביידע ווייבער, די הויכע פייגע־לאה און די גראָבע פריידע־מיכלע, האָבן זיך גענומען ראַנגלען. ס'האָט שוין געהאַלטן, אַז אַט־אָט וועלן זיי זיך איינע די אַנדערע די אויגן אויסדראַפּען.

ס'איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, אַ געשריי. און ווי ביי יעדער מחלוקת, האָבן זיך אויך דאָ באַלד געשאַפן צוויי צדדים: איין צד, די ייִנגערע און אויך די אָרימע צווישן די ווייבער, האָבן זיך איינגעשטעלט מיט לייב און לעבן פאַר זייער "רביצין", פייגע־לאהן. די עלטערע, די יוסטע, בכבודיקע באַלעבאָסטעס, האָבן געהאַלטן שטאַל און אייזן מיט פריידע־מיכלע דער גראָבער.

די געשרייען און די גוואַלדן זיינען שוין געהאַט דערגאַנגען צו די מאַנצבילן אין בית מדרש.

די "שיינע" באַלעבאַטים פון מזרח־וואַנט האָבן געקלאַפּט מיט די פויסטן אויף די טישן און אויף די חומשים און געשריען, אַז די ווייבער זאָלן שוין דאָרט אַנטשטומט ווערן! וואָרים מען קאָן ניט הערן אַ וואָרט פון בעל קורא! ר' משה דער שמש האָט שוין אויך ניט איינמאָל געקלאַפּט אויפן "שלחן" פון באַלעמער. אָבער די צעקאָכטע ווייבער האָבן איצט אַלעמען געהערט ווי המן דעם גראַגער. זיי האָבן געשריען און געליאַרעמט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, ווי ס'וואָלט חלילה פּלוצלונג דאָרט אויסגעבראָכן אַ שריפה.

עטלעכע מאַנצבילן, וואָס זיינען געזעסן ביים אויוון, נאָענט צו די טירלעך פון דער ווייבערשער שול, האָבן מיט די טליתים אויף די אַקסלען, זיך אריינגעריסן צו די ווייבער, כדי צו זען מאַכן דאָרט אַ שטיקל טאָלק, אַז מען זאָל קאָנען אָנגיין ווייטער מיטן דאַוונען, אָבער זייער גאַנצע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפן. די צוויי קריגערישע מחנות ווייבער, זיינען געשטאַנען איינע קעגן דער אַנדערער, ווי די הענער, האָבן אַזוי געשריען, געפּילדערט און געקוויטשעט, אַז מ'האָט אַזש געקאָנט טויב ווערן.

מיטאַמאָל האָט פריידע־מיכלע די גראָבע, זיך געגעבן אַ ריס צו פייגע־לאהן דער שמשטע, און זי גענומען שלעפּן צו די מאַנצבילן אין בית־מדרש אַריין. דער גאַנצער עולם ווייבער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר מיט געשרייען און מיט גוואַלדן, ביז צו דער מזרח־וואַנט, וווּ עס זיינען געזעסן די שענסטע באַלעבאַטים.

פריידע־מיכלע איז באַלד ווידער אַרויס מיט איר שאַרפן מענה־לשון און מיט אַ פינגער געטייטלט צו דער שמשטע אין פּנים אַריין און געשריען, אַזוי אַז איר שווער־לייביקער גוף האָט זיך אַזש געטרייסלט:

— ייִדן, וואָס שווייגט איר! די נייע שמשטע איז געקומען צעשטערן ביי אונדז דעם שלום־בית! זי האַלט דרשות! זי בונטעוועט די ווייבער, אַז זיי זאָלן מער ניט גיין אין וואַסער אַריין! וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ מכשפה? אויף אַזאַ חוצפּה?! אַזאַ מרשעת! מען דאַרף דער דאָזיקער הולטייקע אַרויסיאָגן פון דאַנען! איר פוס טאָר זיך דאָ מער ניט געפינען!

— גערעכט! גערעכט! — האָבן די עלטערע ייִדענעס פּאַטאַקעוועט.

— ניין, עס איז ניט אמת! עס איז א ליגן! — האָבן געשריען די ייִנגערע ווייבער, — מיר ווילן א נייע מקווה, ווילן מיר ! . .

די מאַנצבילן, דערהערנדיק וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, זיינען געבליבן ווי פּריטשמעליעט. זיי האָבן ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן. דאָס איז דאָך עפּעס ניט קיין שפּילעכל . . . עס שמעקט דאָך שוין באַלד מיט א ווייבערשער רעוואָלוציע, רחמנא ליצלן ! . . די נייע שמשטע, פייגע־לאה, האָט דאָך אויפגעהויבן א האַנט קעגן אַלע מאַנצבילן אין שטעטל ! . . וואָרים אַזוי לאַנג ווי זי האָט געהאַט אָנגעפירט א „מלחמה" קעגן דעם אַלטן ר' משה דעם שמש, איז דאָס געווען, ווי מען זאָגט, א פּריוואַטע זאַך, קיינעמס דאגה. אָבער דאָ, איז דאָך שוין אַן ענין וואָס איז נוגע א גאַנצע עדה יידן . . .

עס איז געוואָרן א סומאַטאָכע אין בית־מדרש. אַנדערע האָבן געלאַכט, זיך געוויצלט איבער דער ווייבערשער קאָמעדיע. די פרומע, גאַטספאַרכטיקע, באַלעבאַטים האָבן געשריען, אַז די ווייבער זאָלן גלייך, די מינוט, פאַרלאָזן דאָס בית־מדרש. ס'איז א חילול השם! מ'דאַרף זיך שטעלן דאַווענען מוסף!

די חברה לצים אָבער, האָבן זיך גאָרניט געוואָלט צעשיידן מיטן אויסערגעוויינלעכן, אומגעריכטן, שיינעם ספּעקטאַקל. האָבן זיי מכלומרשט זיך גענומען איינשטעלן פאַר דער שמשטע, דער רעוואָלוציאָנערקע, און געטענהט, אַז מ'דאַרף און עס איז א יושר גדול מען זאָל פריער אויסהערן פייגע־לאהן.

— נערעכטס! גערעכטס! — האָט חברה אונטערגעכאַפּט דעם רוף.

— זאָל זיין שטיל! לאָמיר הערן וואָס זי האָט צו זאָגן! — האָבן אַלע געשריען אין איין קול.

פייגע־לאה וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט א בלייכע, מיט ציטערדיקע ליפּן, אָבער נאָך אַלץ פול מיט עקשנות אין איר גערעכטן קאַמף פאַר איר אונטערדריקטן ווייבערשן פאָלק, איז שוין גרייט געווען צו נעמען ריידן, אויפקלערן פאַרן עולם מאַנצבילן דעם גאַנצן ענין. אָבער ווי נאָר זי האָט געעפנט דאָס מויל, האָט דער גרויסער לץ, עליע ידידיהס, גענומען אויסזינגען הויך אויפן קול מיטן באַקאַנטן ניגון פון „מגילת אסתר":

— ותמאן המלכה ושתי לבוא כדבר המלך! — און די מלכה ושתי האָט ניט געוואָלט קומען פאַרן קעניג אחשורש, דעם טפּש ! . .

דער עולם האָט אויסגעבראָכן אין א הילכיקן געלעכטער. חברה קונדסים האָבן באַלד אויפגעכאַפּט דעם מגילה־ניגון און גענומען מיטזינגען אין א כאָר. פייגע־לאה, א טויט־בלאַסע, א צעשראָקענע, האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט און מיט האַסטיקע טריט גענומען לויפן צו דער טיר. די קונדסים, ווי ווייסע־חברהניקעס, האָבן זיך א לאָז געטאָן נאָך איר מיט א קאַצניאַמער, מיט געשרייען און מיט זלזולים:

— הור־ראַ! הורראַ! לאָמיר פירן די שמשטע, ושתי המלכה, צו משה דעם שמש, דעם מלך אחשורוש! הור־ראַ ! . .

פייגע־לאה, א פארסאפעטע, מיט אן אפגעדעקטן קאפ, אין איין האנט איר גרויסן "קרבן מנחה סידור" און אין דער צווייטער האנט איר שבתדיקע הויב פון קאפ, איז געלאפן ווי דורך א "סטראי", די יונגאטשעס נאך איר, ווי זי וואלט געווען א משומדתטע. קוים א לעבעדיקע איז איר געלונגען זיך אריינצוכאפן צו א שכנה אין שטוב אריין.

א גאנצן שבת האט זיך גערעשט און געטומלט אין שטעטל מיט פייגע־לאהן און מיט איר מכלומרשטער ווייבערשער רעוואלוציע, פון וואס האט זיך אויסגעלאזט א טייך. אלע האבן געלאכט און זיך געוויצלט, אזוי אז ס'איז שוין איינמאל נעווען פריילעך אין שטעטל!

די איינציקע אין שטעטל וואס האט שוין גארניט געלאכט, איז געווען אונדזער העלדין, פייגע־לאה, די שמשטע, די ערשטע קעמפערין אין שטעטל פאר פרויען־רעכט. זי איז געזעסן א גאנצן טאג א פארשפארטע אין שטוב און מורא געהאט ארויסצושטעקן די נאז אינדרויסן.

און גלייך אויף מארגן, נאך דעם "שווארצן שבת", וואס די שטעטלשע ווייסע־חברהניקעס האבן פאר איר אפגעשפילט, האט זי געכאפט און פארפאקט אירע זאכן אין אירע גרויסע קופערטן, געדונגען א באלעגאלע און אנטלאפן פון שטעטל — אן א זיי־געזונט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר וועט דאך אוודע וועלן וויסן, וואס איז נאכדעם געשען מיט אונדזער אלטן ר' משה שמש, וואס איז אויף דער עלטער נעבעך געבליבן איינער אליין, א וויסטער עגון?

וועלן מיר אייך טאקע באלד דערציילן:

פון די אלע צרות, חרפות און בושות, וואס ער האט זיך געהאט אויס־געשטאנען פון די שטעטלשע ווייסע־חברהניקעס און נאך מער פון זיין לעצטער ווייב, פייגע־לאה, האט זיך אויף אים, דעם נייניציק־יאריקן יידן, פלוצלונג אנגערוקט די זקנה . . . זיין הויכע, קרעפטיקע פיגור איז געווארן געבויגן אין דרייען. דאס פנים געל, צעקנייטשט ווי א שטיקל פארמעט, די באקן איינגע־פאלן. אין קורצן — ער איז נעבעך געווארן א שברי כלי. מיט יעדער טאג איז ביי אים דער דעת און זיכרון געווארן אלץ שוואכער און מטושטשער, אזוי אז ער האט שוין ניט געוווסט ווו ער איז אין דער וועלט.

און איינמאל אין א פארנאכט, בין מנחה למעריב, האט ער אנגעצונדן א יארצייט־לאמפ און פארגעסן אראפצודרייען דעם קנויט. ס'האט זיך באלד אנגעכאפט דער "שולחן" מיטן קאסטן "שמות" פון אונטערן באלעמער. ס'איז געווארן א געשריי, א גוואלד. דער עולם האט זיך ארויפגעווארפן מיט עמער וואסער און מיט נאסע האנטיכער און טישטוכער איינצולעשן די שריפה.

ר' משה דער שמש, דערזעענדיק ווי זיין בעלעמער פון וועלכן ער האט א משך פון א האלבן יארהונדערט געהאט אנגעפירט זיין ממשלה, איז איינגע־

הילט אין פלאמען, איז ער באלד געקומען צו זיך, געוואָרן שטארק אויפגעבראכט, ארויס פון די כלים, געכאפּט זיין גרויסן שטעקן און גענומען שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, איבער די "גאַלקעס" און איבער די "זיילן" פונם באַלעמער, און דערביי געשריען און געקלאָגט מיט א טאָן פון "קינות", מיט באַנומענע קולות:

— אלהים, באו גויים בנחלתך, טמאו את הכל קדשך! — גאָט, גויים זיינען געקומען אין דיין נחלה, האָבן פארברענט (פאראומריינינקט) דיין הייליקן טעמפּל.

אין זיין קראַנקהאפטער, צעהיצטער פאַנטאַזיע, האָט ער זיך איצט דערזען איינער אַליין אין דעם פלאַמיקן בית המקדש, וואָס דער שונא האָט אונטערגעצונדן. און ער, דער שטענדיקער שומר פון גאָטס הויז, וועט ניט דערלאָזן, אז די פייערן זאָלן עס צעשטערן, אפילו ווען ער וועט דארפן אומקומען על קידוש השם, ווי דאָס האָבן געטאָן די אַמאָליקע כּוהנים.

ער האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן און זיך געראַנגלט, ביז ער איז אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן און איז אַוועקגעפאַלן ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים. א שווער פּאַראַליזירטן האָט מען אים אַוועקגעטראָגן אַהיים, אַריינגעלייגט אין בעט, פון וועלכן ער איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען.

# ר׳ ישראל דער גמרא־מלמד

אַט דער דאָזיקער ייִד, ר׳ ישראל דער גמרא־מלמד, אָדער ווי מ׳האָט אים אויך גערופן „ר׳ ישראל לוסקעלער״, איז ווירקלעך געווען אַ זעלטענער טיפּ מענטש, וואָס אַפילו אין יענע צייטן, איז צו אים קיין גלייכן ניט געווען.

ערשטנס, איז ער געווען אַ גבר אלים, שטאַרק ווי אַ דעמב. ער האָט געקענט, אַז אַ גוזמא, זיך פאַרמעסטן אין גבורה אַפילו מיטן שטאַרקסטן גוי, וואָס מיט דעם אַליין איז ער שוין געווען אַנדערש פון אַלע מלמדים אין זיין צייט.

צווייטנס, איז ער געווען אַזוי פאַרקאָכט אין דער פּויערשער עבודת־אדמה, וואָס איז שלא כדרך הטבע פאַר אַ ייִדן אַ למדן, און בפרט אַ גמרא־מלמד.

טאָ פרעגט זיך: היתכן? ווי קומט עס טאַקע צו אַזאַ איידעלן ייִדן זאָל האָבן אַזאַ גלוסטעניש צו ערד אַרבעט, וואָס ניט זיינע אָבות אבותיו האָבן צו איר ניט געהאַט קיין שייכות און אויך ניט צוליב פּרנסה, ווייל, ווי שוין געזאָגט, האָט ער זיין בידנע חיונה געהאַט געצויגן פון מלמדעריי?

נאָר וועדליק מיר האָבן אים גוט געקאָנט... איז אין זיין איידעלער נשמה געהאַט פאַרגעקומען אַ געראַנגל, אַ שטענדיקער „ויתרוצצו״, וואָס האָט אים פון איין זייט געצויגן צו די „אהלי שם ועבר״ און פון דער צווייטער זייט צו דער אַזויגערופענער „יפיפותו של יפת״: אַ גאַנצן ווינטער, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, איז דער דאָזיקער ר׳ ישראל, ווי יעדער מלמד, זיך געזעסן אין זיין ענגען שטיבעלע, ביי זיין גרויסן חדר־טיש, אַרומגערינגלט מיט אַ צענדליק תלמידים און געלערנט מיט זיי גמרא פון „שנים אוחזין בטלית״, אָדער דעם „שור שנגח את הפרה״ — ווי אַן אָקס האָט געשטויסן אַ קו. אָבער ווי נאָר ס׳איז געקומען דער ליבער, וואַרעמער פרילינג, דער זומער, האָט זיין בענקענדיקע, צאַרטע נשמה אָנגעהויבן אַרומבלאָנקען איבער ווייטע, רחבותדיקע תבואה־פעלדער און גרינע לאָנקעס.

דאָס איז געווען ביי אים, אַזוי צו זאָגן „אהבה שאינה תלויה בדבר״ — אַ ליבשאַפט צו אַ זאַך אָן קיין שום נוצן פאַר זיך, אַט ווי אַ מאַמע האָט ליב איר קינד. אַזוי אויך האָט עס אים געצויגן, ממש עד כלות הנפש, צו דער פּויערשער ערד־אַרבעט, ניט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס.

אבער צו וואס דאס חקרנען זיך? אמער לאמיר בעסער זיך באקענען מיט זיין לעבנס־געשיכטע. דאס וועט אונדז געבן א שליסל צו זיין ארגינעלן, איידעלן כאראקטער, וואס ווי שוין געזאגט, איז נאך אזעלכער אין שטעטל גאר ניט געווען בנמצא.

* * * * *

געבארן געווארן איז ער אין א קליין שטעטל מיטן נאמען טשעכאנאָ־ווימש, וואס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך בוג, אין דער מדינת פוילן. צו אכט־ניין יאר איז ער נעבעך געבליבן א קיילעכדיקער יתום, געווען עלנט, אן א גואל און אן א פריינד; ווו ער האט געטאגט, האט ער ניט גענעכטיקט, געליטן הונגער און קעלט. ער האט אנגעהויבן וואנדערן פון שטעטל צו שטעטל, ביז ער האט זיך דערשלאגן צו דער גרויסער שטאט בריסק דליטא, וואס איז געווען אן עיר ואם בישראל.

ער האט געלערנט אין דער ישיבה, "געגעסן טעג", געהונגערט טעג, און געלעבט אויפן חסד פון די נשים צדקניות, וואס האבן זיך דערבארעמט אויף אים און פון צייט צו צייט אים אונטערגערוקט א שטיקל ברויט, אן אלטן בגד, א פאר פארלאטעטע שטיוועלער. דאס בית־מדרש, אדער דאס חסידים־שטיבל, איז געווען זיין היים: די הארטע באנק זיין געלעגער; א שטרוי־זאק — זיין קישן צוקאפנס.

און געצאלט האט ער פאר דער דאזיקער "דירה" מיט ארבעט — מיט ארויסהעלפן דעם שמש אין זיין "מלאכת הקודש"; געטראגן וואסער פארן האנט־פאס, געהאקט האלץ, געהייצט דעם אויוון, געשייערט די מעשענע לייכ־טער מיט דער גרויסער מנורה, געקערט און גערייניקט גאנץ הויז, און אויך באדינט די תלמידי־חכמים, די "פרושים", וואס זיינען געזעסן יומם ולילה על התורה ועל העבודה. ער האט אבער אויך פון זיי זייער פיל גענאסן: ער האט אזוי לאנג "געוואלגערט זיך אינם שטויב פון זייערע פיס און געטרונקען מיט דארשט זייערע רייד" — געלערנט פון זיי תורה און מידות טובות, ביז ער איז אליין געווארן א בן־תורה, און א "בן שמונה עשרה לחופה".

אבער דער דאזיקער יונגער ישיבה־בחור, ישראל, האט גארניט גע־טראכט פון א תכלית, פון "בויען א הויז בישראל", ווייל "נפשו חשקה בתורה" — זיין חשק צו לערנען גאנץ תורה איז געווען אין לשער. איז וועלן מיר אים דערווייל לאזן זיך זיצן און לערנען, און איבערגיין צו א צווייטן קאפיטל.

* * * * *

אין א דארף מיטן נאמען לוסקעלע, וואס איז געלעגן אין שכנות פונם שטעטעלע זאסטאוויע, האט געוווינט דער גאטספארכטיקער ר' ירמיה, מיט זיין ווייב און קינדער, זין און טעכטער. ער האט געהאלטן א קרעטשמע און איז אויך געווען אן עובד אדמה. אבער זיין הויפט־פרנסה האט ער געצויגן פון שמידעריי: פון באגינען ביז שפעט אין אוונט, איז ער געשטאנען אין קוזשניע, געשמידט פערד און וועגענער, פלוגעס און בארענעס, העק און סערפן פאר די ארומיקע פויערים און פריצים. ער איז אבער ניט געווען קיין פשוטער

קאוואל. ר׳ ירמיה איז אויך געווען א יודע ספר, א גרויסער ירא שמים און א פארברענטער קאצקער חסיד.

זיין ווייב, רחל שתחי׳, איז אויך ניט געווען קיין פשוטע ישובניצע. זי איז געווען א אשה צנועה וחשובה, א מלומדת אין אלע ווייבערשע ספרימלעך, און א גרויסע אשת חיל, האט אנגעפירט מיט דער קרעטשמע און מיטן קרעמל.

געשמט האט ר׳ ירמיה און זיין זוגתו רחל, אין דער גאנצער געגנט מיט זייער גוטסקייט און מעשים טובים. זייער קרעטשמע, וואס איז געשטאנען "על אם הדרך",ביים ברייטן שליאך, איז שטענדיק געווען ברייט־אויפגעעפנט פאר אורחים און פארבייפארער; אן ארעמער מדינה־גייער האט דארט געפונען א דאך איבערן קאפ; א הונגעריקער, א זאטן מאלצייט און א שיינע נדבה; א מידער, א ווארימען, ווייכן געלעגער. אזוי אויך זיינען געווען זייערע קינדער, זין און טעכטער, אלע שיינע און געראטענע; אלע מיט ווארעמע, יידישע הערצער, ווי עס פאסט פאר אזעלכע גאטספארכטיקע טאטע־מאמע, ווי עס זאגט זיך: דאס עפעלע פאלט ניט ווייט פונם ביימעלע . . .

ווען זייער עלצטע טאכטער, אסתר־יהודית, איז געווארן א בוגרת פון א יאר 15־16, אזוי אז עס איז שוין געקומען די צייט אויסצוגעבן זי פאר א כאן, האט דער פרומער, גאטספארכטיקער ר׳ ירמיה, באלד נאך שבועות, איינגעשפאנט זיין פערד־און־וואגן, אריינגעלייגט אין אים א פאר צענדליק העק, האק־מעסערס, העמערלעך, סערפן און נאך אזעלכע "נכסי ברזל", וואס ער האט געהאט אויסגעקאוועט ביי זיך אין קוזשניע; זיין ווייב, רחל, האט מיטגענומען אביסל מילכיקס, עטלעכע טרוקענע קעזלעך, א פאר פונטלעך פוטער, א קאשעק אייער און אביסל שאר ירקות, און מיט דעם אלעמען זיך אוועקגעלאזן אין דער ווייטער שטאט בריסק דליטא, צום גרויסן יאר־מארק, און פאר איין וועגס, שוין אויך זען, הערן, א שמועס טאן מכוח א שידוך פאר זייער עלצטער טאכטער, אסתר־יהודית.

אנגעקומען קיין בריסק, האט ר׳ ירמיה באלד איבערגעלאזן זיין ביסל סחורה, די העק, די מעסערס און די סערפן, אויף זיין ווייב, און אליין איז ער אוועק אין דער ישיבה, אפשר וועט אים גאט ברוך הוא, העלפן דארטן געפינען דעם אמתן זיווג פאר זיין טאכטער.

נאך א לאנגן ישוב הדעת, צווישן אים און דעם ראש־ישיבה, איז געבליבן בהסכם כלם, אז קיין שענערער און קיין גרעסערער למדן ווי דער טשעכאנאווער בחורל, הנקרא ישראל בר׳ אליעזר־יהודה, איז ניטא אין דער גאנצער ישיבה, צווישן די פאר הונדערט ישיבה־בחורים.

און היות דאס בחורל, ישראל, איז נעבעך א יתום מאביו ומאמו, האט דער ראש הישיבה זיך איינגעשטעלט פאר זיין תלמיד מובהק, ווי ער וואלט געווען דער אבי החתן, דער מחותן, און "במעמד שלשתן", האט דער ראש־ישיבה געהייסן אריינשרייבן אין די "תנאים" די פאלגנדיקע פונקטן: ראשית, דארף דער מחותן, דער אבי הכלה, זיך מתחייב זיין צו געבן דעם חתן כך

וכד נדן; והשנית, דארף מען אים געבן כמה וכמה שנים "קעסט" — עסן, כדי דער יונגער איידעם זאָל קאָנען זיצן און לערנען בשלווה, ביז ער וועט, אם ירצה השם, קריגן סמיכה אויף רבנות; והשלישית, וואָס דאָס איז דער עיקר, דארף דער אבי־הכלה זען מיט אלע זיינע כוחות ארויסנעמען דעם חתן־דנן פון די "גוישע הענט", ד"ה, ער זאָל חלילה ניט דארפן גיין דינען דעם קיסער . . .

אויף די אלע פּונקטן אין די תנאים, האָט דער ישובניק, דער שמיד און דער קרעטשמער, ר' ירמיה, מקבל קנין געווען און זיך געחתמעט, אז עס וועט אם ירצה השם זיין הכל שריר וקים . . .

ר' ירמיה האָט באַלד געשטעלט משקה מיט דער ברייטער האַנט, און אזוי איז מיט מזל געשלאָסן געוואָרן דער שידוך.

* * * * *

צווישן דעם יונגן איידעם, ישראל, און זיינע שווער און שוויגער זיינען פאָרגעקומען אפּטע סכסוכים: ר' ירמיה, דער שווער, האָט געטענהט, אז לויטן מדובר, דארף דער איידעם, מיטן שארפן קאָפּ, זיצן טאָג און נאכט און לערנען תורה. אָבער דער יונגער איידעם וואָס האָט זיין גאנצע יוגנט פארבראכט אין די ענגע "אהלי שם ועבר", האָט שוין גאָר קיין חשק ניט געהאַט צו זיצן און קוועטשן די באַנק. ער איז איצט גאָר פארכאַפּט געוואָרן פון דער שיינער, רייכער, דאָרפישער נאַטור; פון די רחבותדיקע תבואה־פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף מײלן ווייט, און פון די ברייטע, ווייטע, גרין־סאַמעטענע לאָנקעס, ווו ס'האָבן זיך געפּיטערט שאָף און רינדער, אז דאָס אויג זיינס האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָנזעטיקן מיט אָט דער גרויסער נאַטור־שפע, וואָס האָט זיך פּלוצלונג געהאַט אַנטפּלעקט פאַר אים.

דער יונגער בית־מדרשניק האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אין זיך עפּעס אזעלכע פרישע כוחות, וואָס ער אליין האָט פון זיי פריער גאָרניט געוווּסט. פון איין זייט האָט עס אים שטאַרק גערייצט און געצויגן, ווי מיט א כישוף, דאָס קלאַפּן מיטן האַמער אין קוזשניע, ווו פון א שטיק אָנגעגליטן אייזן ווערט פארוואַנדלט אין א האַק, אין א מעסער, אין א סערפּ און אין שלאָס. און פון דער צווייטער זייט, האָט אים אויך געצויגן אין פעלד, צום אקער, צו די שניטער: ס'האָט זיך אים אויך שטאַרק געוואָלט אליין, מיט די אייגענע הענט, אקערן און זייען, שניידן און דרעשן; און טאַקע אליין אויך פארזוכן דעם זיסן טעם פון ארויסכאַפּן זיך אויף א יונג פערדל, אַנהאַלטנדיק זיך ביי זיין גזשיווע און אוועקלאָזן זיך מיט א גאַלאָפּ, העט־ווייט, איבער די רחבותדיקע לאָנקעס, און זאָלן גוים זען, אז א ייד קאָן אויך די דאָזיקע מלאכה! . .

האָט עס דעם אַלטן ר' ירמיה, דעם קאַצקער חסיד, שטאַרק ווי געטאָן, וואָס זיין ערשטער איידעם איז מבטל די תורה הקדושה; אַנשטאָט ער זאָל זיצן ביי דער גמרא, ביי דער "יורה דעה" און ביים "חושן משפט" — און מיט דער צייט טאַקע ווערן א מורה הוראה בישראל — ליגט ער גאָר איבער

גאנצע טעג אין פעלד, אקערט, שניידט און גראבט, אדער ער שטייט אין קוזשניע, ווו ער האלט אין איין דרייען שרויפן, כאטערקעס, שארפן העק, מעסערם און סערפן, מאכט עפעס אייגענע אויסגעטראכטע פורעמס — שפילט זיך גאר מעשה ייִנגל . . .

האבן שווער און שוויגער געשריען, פראטעסטירט, געטענהט און אים געמוסרט, מיט גוטן און מיט בייזן, געסטראשעט אז מ'וועט צונעמען ביי אים זיין יונג ווייבל — ס'האט אבער גארנישט ניט געהאלפן. עפעס נאר ווי א "ניט־גוטער", רחמנא לצלן, האט זיך אין אים ארייננעכאפט און לאזט אים ניט אפ . . .

ווער ווייס מיט וואס די דאזיקע מחלוקתן צווישן איידעם און שווער און שוויגער וואלטן זיך געוועז געענדיקט, ווען ניט דער זאסטאוויער מורה הוראה, ר' לייזער־וועלוול, נרו יאיר, וואס פלעגט ארומגיין פון דארף צו דארף, פון ישובניק צו ישובניק, קלייבן געלט פאר ארעמע, נויטבאדערפטיקטע און פאר די צאן קדשים און די ישיבה־בחורים, וואס לערנען גאטס תורה. האט ער אויסגעהערט ביידע צדדים, און נאך א לאנגן ישוב הדעת, האט ער געמאכט א פשרה: יעדער באגינען, כלחוך השור, זאל דער איידעם, ישראל, זיך אוועקזעצן לערנען, און ערשט נאכדעם ווי ער וועט אפלערנען זיין "דף יומי", וועט ער שוין מעגן זיך פארנעמען מיט דער "מלאכה בזויה" אין קוזשניע, אדער מיט דער פויערשער עבודת אדמה. און ס'איז געווארן צווישן שווער און איידעם שלום ושלווה. ס'האט טאקע ניט געדויערט לאנג ווי דער פריערדיקער ישיבה־בחור איז שוין געשטאנען מיטן האמער אין קוזשניע און געהאלפן דעם שווער זיינעם ארבעטן אדער ער איז נאכגעגאנגען דעם אקער אין פעלד.

יעדער זומער, ערב שניט־צייט, פלעגן הונדערטער פויערים פון די ארומיקע, שכנישע דערפער קומען צו ר' ירמיהון דעם שמיד איינקויפן נייע סערפן און אנשארפן די אלטע, ווייל ר' ירמיה האט געשמט אין דער גאנצער געגנט אלם דער גרעסטער אומן יד. ס'האט אבער לאנג ניט געדויערט ווי די פויערים האבן פלוצלונג, אין א שיינעם פרימארגן, זיך גענומען רייסן, אז דווקא דער יונגער "ראבין סרול", ווי זיי האבן אים גערופן, זאל נעמען שארפן זייערע שניידמעסערס. באשר בכן, זיי האבן אויסגעפונען, אז ער האט אמתע, געבענטשטע הענט; עפעס ליגט אין זיי גאר א באזונדער מזל־ברכה; פון דעם סערפ און פון דער קאסע, וואס ער שטאלט אן, גייט אויף עפעס אזא מין געזאנג, וואס צעטראגט זיך איבער פעלד און לאנקע . . .

הגם פון איין זייט האט דעם שווער זיינעם, ר' ירמיה, דעם פארברענטן קאצקער חסיד, נאך אלץ שטארק געערגערט אויף זיין איידעמס ביטול תורה, דערפאר אבער, פון דער צווייטער זייט, האט עס אים הנאה געטאן, וואס זיין ארבעט, די מלאכת השמידעריי, האט צוגעקראגן א נייעם יורש . . .

* * * * *

ווען דער יונגער איידעם, ישראל, איז ארויס פון קעסט, האט ער פארן

נדן, וואס זיין שווער האט אים געסילוקט, אפגעדונגען ביי א שכנישן פריץ א פאלווארק, א "הויף", און איז אליין געווארן אן ארענדאר, א פאכטער. דא האט ער ערשט געקראגן די מעגלעכקייט אליין פאנאדערצופירן די הענט; צו שטיין אליין מיט אייגענע פיס אויף דר'ערד. ער האט אליין געבויט שטאלן פאר זיינע שאף און רינדער, פאראשעקעס פאר זיינע עופות, געפלאנצט ביי־מער, געזייט גערטנער, פון צווייג און ווארצל געפלאכטן צוימען, פלויטן פאר "זיינע" פעלדער. ער האט געארבעט טאג און נאכט מיט חדווה און מיט שמחה, ווי דאס אלץ וואלט טאקע געווען זיין אייגנטום.

גאר איינגיכן האט ער באקומען א שם אלס דער פעיקסטער ארענדאר אויפן גאנצן געגנט. דער פוילישער פריץ האט פון אים גאר אנגעקוואלן. ער האט זיך אויך גיך אויסגעלערנט ריידן גוייש — ווייסרוסיש און פויליש — פריציש לשון. ווינטער, אין די לאנגע אוונטן, האט ער ליב געהאט צו פאר־ברענגען מיט די שכנישע פויערים, מיט פריצים און גלחים, פירן מיט זיי לאנגע שמועסן, וויכוחים איבער דער אייביקער פראגע פון "נאש באג" און "וואש באג", פון אונדזער גאט און אייער גאט. און פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך ליב האבן ארייננצוקוקן און כאפן א קליינינקן "נאש", אין די ספרים חיצונים, אין דער השכלה ליטעראטור, וואס ער פלעגט בשתיקה קריגן צו לייען ביי די שכנישע קאמעניצער משכילים, זיינע "פארבארגענע" גוטע־פריינט.

אבער צום באדויערן, ווי עס ווייזט אויס, איז דעם יונגן ארענדאר, דעם געוועזענעם ישיבה־בחור, ניט באשערט געווען צו זיצן לאנג "אל המנוחה ואל הנחלה". די צארישע רעגירונג האט אנגעהויבן טרייבן די יידן פון אירע "הייליקע" דערפער. באזונדערס האט די דאזיקע גזירה געטראפן שווער די נייע, אנגעקומענע, וואס האבן זיך ערשט דא ניט לאנג געהאט באזעצט. זיין כוואטסקע, יונג ווייבל, אסתר־יהודית, וואס איז געווען א גרויסע אשת חיל, איז געלאפן צום פריץ, געפאלן דעם רוסישן גלח צו די פיס, אז זיי זאלן זיך איינשטעלן פאר איר און פאר אירע קליינע קינדער, און דער פאטער אירער, ר' ירמיה, להבדיל, איז אוועקגעלאפן אזש קיין קאצק צום רבין. מ'האט איינ־געלייגט וועלטן, ס'האט אבער גארנישט ניט געהאלפן, ווארים די גזירה איז שוין געווען פארחתמעט. ס'האט ניט לאנג געדויערט ווי פונם יונגן ארענ־דארס "אימעניע" מיט זיין גאנצן אנגעפראצעוועטן האב און גוטס, איז גע־ווארן א תל.

א, ווי שווער ס'איז אים נעבעך געווען זיך צו צעשיידן מיט "זיין הויף", מיט זיין דארף און מיט זיינע ארענדירטע פעלדער און לאנקעס, און גיין ערגעץ אין דער וועלט אריין! אבער ס'איז קיין ברירה ניט געווען. ער האט איינגעשפאנט פערד און וואגן, ארויפגעזעצט אויף אים זיין ווייב מיט די קינ־דער, מיט די בעבעכעס, מיט דעם ביסל "נאזשיוועטן" כלי־בית, צוגעבונדן דאס אייגענע, אויסגעהאדעוועטע בהמהלע צו דער דראבינע פון וואגן, און אזוי איז מען ארייגעפארן אין דעם נאענטסטן שטעטעלע זאסטאוויע, וואס איז געלעגן בסך־הכל זעקס־זיבן וויארסט פונם דארף לוסקעלע.

אזוי איז דער יונגער ר' ישראל, דער למדן, געווארן אוים ישובניק,

אויס ארענדאר. אלץ איז פארשוווּנדן געווארן ווי א שיינער חלום. געבליבן איז אים פון דער דאַזיקער קורצער, גליקלעכער צייט ניט מער ווי דער נאָמען: ר' ישראל לוסקעלער, אויפן נאָמען פונם דאָרף לוסקעלע.

* * * * *

די ערשטע צייט איז ר'ישראל לוסקעלער ארומגעגאנגען אין שטעטל א צעבראָכענער, א צעטומלטער און א פארלאָרענער. ער האָט ניט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען. ער האָט שטארק חשק געהאַט זיך אוועקצושטעלן ארבעטן אלס פּועל ביי איינעם פון די שטעטלשע קאַוואַלעס. אָט דער פארלאנג זיינער איז געווען ניט אזוי צוליב באַזאָרגן זיין ווייב מיט די קינדער מיט חיונה, נאָר דער עיקר האָט ער דאָ אין זינען געהאַט, אז א דאנק דער ארבעט ארום דעם אקער און סערפּ, וועט ער נאָך אלץ זיין פארבונדן מיט דאָרף, מיט ערד...

אבער דאָס ווייב זיינס, וואָס איז געווען א פרומע, כשרע, יידישע טאָכטער, האָט אנדערש ניט געוואָלט, אז אירע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אויך אזעלכע גרויסע תלמידי חכמים, ווי איר מאַן איז און ווי איר טאַטע איז, האָט אנגעהויבן וויינען, טענהן, בעטן זיך רחמים ביי אים, אז ער זאָל זי ניט פארשעמען פאר איר משפחה און פאר לייטן, און ניט מאכן אירע קינדער פאר פּראָסטע שטאָטישע קאַוואַלעס . . . זי האָט אים פארזיכערט, אז זי איז גרייט צו עסן איינמאָל אין טאָג א שטיקל ברויט, אבי אירע קינדער זאָלן קאָנען זיצן און לערנען. זי האָט אזוי לאַנג געטענהט און נאָך צו הילף גענומען די שטעטלשע למדנים, דעם מורה הוראה ר' לייזער־וועלוול, ר' ניאָכקע דעם שוחט און נאָך אנדערע תלמידי חכמים, ביז מ'האָט קוים געפּועלט ביי ר' ישראל לוסקעלער, אז אין "שטאָט" מוז ער ציען זיין חיונה פון דער תורה הקדושה — איז ער בעל כרחו געוואָרן דער "באַלעבאַטישער" גמרא מלמד.

די ערשטע צייט איז אים דאָס קנעלן אנגעקומען זייער שווער. ער האָט געפילט ווי אן ארעסטאנט וואָס מ'האָט צוגעשמידט צו א טאַטשקע און פארשפּארט אין אן ענגער, פינצטערער תפיסה. ער האָט ניט איינמאָל שוין געהאַט געכאַפּט דעם טלית און תפילין און געוואָלט אנטלויפן וווּהין נאָר די אויגן וועלן אים טראָגן. אבער דאָס געוויין פון זיין ווייב און קינדער פלעגט אים צוריקהאַלטן פון אויספילן זיין באַשלוס. ס'האָט אים רק געצויגן, ווי דעם פויגל, אין פעלד אריין.

זיין קליינינקן, אָפּגעזונדערט שטיבעלע, האָט ער ארומגערינגלט מיט כלערליי בלומען און פלאנצונגען, אזוי אז ווער נאָר ס'איז פארביי־געגאנגען, פלעגט זיך אָפּשטעלן קוקן מיט פארוווּנדערונג. ער פלעגט ניט איינמאָל איבעררייסן דאָס לערנען, אריינכאַפּן זיך אין קליינינקן גערטל, וואָס איז געלעגן הינטערן שטיבל, זיך ארויפוואַרפן, ווי א הונגעריקער, אויף דער ערד־ארבעט. ער האָט אויף גיך גענומען "ארוממאַטיקען" די קאַרטאָפל, ארומגעבונדן די פּאַסאָליעס ארום די הויכע "טיטשקעס" (שטעקנס); דאָ האָט ער ארויסגעריסן א ווילד־גרעזל און דאָרט א ברענענדיקע קראָפּיווע. ער פלעגט זיך גאָר מחיה זיין; דער ריח פון ערד פלעגט אים ממש פארשיכורן — ביז דאָס ווייב זיינע,

די מלמדקע, פלעגט קומען צו לויפן מיט א געשריי: "ישראלקע, ישראלקע, די תלמידים דיינע צעטראגן מיר די שטוב ! . ." דעמאלט פלעגט ער אויסלאזן כל חמתו אויף זיינע תלמידים, די שטיפער, וואס האבן אים צעשטערט אזא נחת־רוח.

און אפילו בשעתן לערנען, ס'האט געמעגט זיין די שווערסטע סוגיא פון "תגרי לוד", האבן זיינע הענט קיינמאל ניט גערוט. ער האט שטענדיק געהאלטן אין איין מיסטערן. מיט זיין שארפן, טייערן, באליבטן פען־מעסערל, האט ער פון ביין אויסגעשניצט אן אויער־לעפעלע, פון האלץ — א שיין טאבעק פושקעלע — א מתנה פאר זיינעם א גוטן־פריינד; דא האט ער געמאכט א שיין שקאטולקעלע — א קעסטעלע מיט זאוויעסעלעד און מיט א שלעסעלע צו פארשליסן; און דא האט ער גאר אויסגעפלאכטן פון הושענא־ריטלעך א שטייגעלע מיט פענצטערלעך און מיט טירעלעך. דאס שטייגעלע אויפגעהאנגען אונטערן שטרויענעם דעכל, זאל זיין א נעסט פאר די פייגל, פאר די טויבן . . . דעמאלט איז צו זיין פרייד גאר קיין שיר ניט געווען. דעמאלט האט זיך אים נאך געשמאקער געלערנט מיט די קינדער.

יעדער פרייטיק, נאכן אפלערנען מיט זיינע תלמידים, און ווער רעדט נאך אין זיינע פרייע "בין הזמנים", פלעגט ער באלד אפשליסן זיין קעסטל מיטן געצייג, וואס איז אים געווען אזוי טייער, ווי ס'וואלט דארט געלעגן זיין טייערסטער אוצר, ארויסנעמען פון דארטן דאס שארפע העקל, דאס העמערל, דאס האנט־זעגעלע, די קאלבע מיט דער דלאטע און זיך נעמען פאר דער ארבעט. דא האט ער געמאכט א טישל, א בענקל, דא א שאפקעלע פאר ספרים, דא א סטופע אויף צו שטויסן מצה אויף פסח, דא א קאטשעלקע, א וועלגערהאלץ צו וועלגערן גרעט, דא א חנוכה מנורהלע אדער גאר א גראגער איינאיינעם מיט א המן־קלאפער, צי גאר א וועגעלע מיט פיר רעדלעך פאר די קינדער.

זיין ווייב, אסתר־יהודית, די צדיקת, פלעגט ניט איינמאל טענהן צו אים און אים מוסרן, אז ער פארזינדיקט זיינע טעג און יארן, ווארים אנשטאט "צו שפילן זיך מיט קינדערשע צאצקעלעך", האט ער בעסער געדארפט נעמען א ספר אין האנט אריין און לערנען מיט אייגענעם קינד, וואס צוליב זיינע תלמידים, פארנאכלעסיקט ער אזוי שטארק . . . ס'האט אבער גארנישט ניט געהאלפן, ווארים ער האט געהאלטן פונם מאמר חז"ל, וואס זאגט: "חייב אדם ללמוד את בנו אומנות", אז פונקט ווי א ייד איז מחויב צו לערנען זיין זון תורה, אזוי אויך דארף ער אים לערנען צו האלטן א האק, א זעג אין דער האנט.

ערב סוכות פלעגט מען שוין צו אים ברענגען די לולבים פון שטעטל, ער זאל אויספלעכטן פאר זיי די רינגעלעך, די "כפות", די לעפל, אויף אריינשטעלן אין זיי די הושענות מיט די הדסים. ער האט שוין אויך געהאט א חזקה צו גיין צו זיינע חברים און גוטע־פריינט, צום מורה הוראה, צום שוחט, אויפצושטעלן פאר זיי די סוכות. און זיין אייגענע סוכה איז טאקע געווען די שענסטע אין שטעטל, אזוי אז מ'פלעגט טאקע גיין זי אנקוקן אויף חידושים.

און פּונקט ווי ער האָט פֿאַרמאָגט אַ פּאָר גאָלדענע הענט פֿון אַ באַגאַבטן באַלמעלאָכע, אַ קינסטלער, אַזוי אויך האָט ער פֿאַרמאָגט אַ גאָלדן האַרץ. איז חלילה עמיצער אין שטעטל "איינגעפֿאַלן" אויף אַ "שווערער שלאָפֿקייט", אָדער אויף דער "שווערער קרענק" וואָס איז געווען אַ גרויסע סכּנה פֿון זיך אָננעמען, איז ער שוין ניט אָפּגעטראָטן פֿונעם קראַנקנס בעט; געריבן אים מיט ספּירט; ניט איין נאַכט געזעסן אויף אַ "לינה". האָט מען דעם מסוכּנדיקן חולה געדאַרפֿט לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ, איז ער באַלד אוועקגעלאָפֿן, אַפֿילו אין אַ זאַווערוכע און אין מיטן אַ פֿאַרגאַסענער נאַכט, אין דער שכנישער פּיוואָוואַרניע און געבראַכט צוטראָגן פֿון דאָרטן אַ שווערן זאַק מיט אייז. האָט מען דעם קראַנקן געדאַרפֿט וויקלען אין "נאַסע ליילעכער", האָט ער געוויקלט. ער האָט גאָר קיין מורא ניט געהאַט ער זאָל זיך "אָננעמען", ווייל ער אַליין האָט קיינמאָל ניט געוווּסט פֿון קיין שום קרענק; ער איז שטענדיק געווען געזונט און שטאַרק ווי אַ דעמבענער בוים.

ער פֿלעגט טאַקע ניט איינמאָל ליב האָבן צו פֿאַרמעסטן זיך אין כּוחות מיטן שטאַרקסטן שכנישן גוי, ווער וועמען ס'וועט אַוועקלייגן; ווער וועמען ס'וועט גובר זיין. ניט איינמאָל פֿלעגט ער ליב האָבן צו באַווייזן זיינע גבֿורהשע קונצן אין אויסבייגן אַ טשוואָק מיט די הוילע הענט, אָדער אויפֿהויבן מיט איין האַנט די שווערסטע כּישאַ, און נאָך אַזעלכע ענלעכע קונצן און שטיפֿערייען, וואָס האָבן זיך גאָרניט געפּאַסט פֿאַר אַ יידן אַ תּלמיד־חכם.

* * * * *

זומער, אין די שבתדיקע בין השמשותן, בין מנחה למעריבֿ, פֿלעגט ער נעמען זיינע קינדער און זיך אַוועקלאָזן מיט זיי אויף אַ שפּאַציר אויסערן שטעטל, זען, באַקוקן די גויישע תּבֿואה־פֿעלדער, ווי ווייט זיי זיינען שוין אויסגעוואַקסן, צי וועט היי־יאָר זיין אַ גוטע גערעטעניש . . . און שטייענדיק אַזוי פּנים אל פּנים פֿאַר די הויכע קאָרן, גערשטן און ווייץ־פֿעלדער, פֿלעגן זיך אים דעמאָלט אָנצינדן די אויגן מיט אַזאַ מאָדנעם בלישטשענדיקן פֿייערל און ער פֿלעגט קוקן לאַנג־לאַנג ערגעץ ווייט . . . ביז פֿון דער הויך, פֿונעם האַלב־טונקעלן בלויען הימל פֿלעגט נעמען אַראָפּקוקן, ווי מיט אַן אויגל, אַ קליין שטערנדל, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דער ליבער שבת קודש איז שוין אַוועק און די גרויע וואָך קומט שוין ווידער אָן . . . פֿלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אינמיטן פֿעלד, מיטן פּנים צום מזרח און נעמען דאַווענען מעריבֿ. דעמאָלט האָט ער געדאַוונט מיט גרויס כּוונה מיט האַרץ און מיט אַזאַ אומעטיקן, בענקענדיקן ניגון, וואָס איז גאָר ניט געווען שלא כּדרכּו, ניט ווי זיין שטייגער איז . . . דאָס האָט פֿון אים, ווייזט אויס, אַרויסגעוויינט און אַרויסגעקלאָגט זיין שטענדיקע בענקשאַפֿט צו ערד, צו תּבֿואה און פֿעלד . . .

און ווען ס'פֿלעגט זיך אָניאָגן די צייט פֿון שנים, האָט ער שוין גאָר ניט געקענט איינזיצן אין שטוב. ער פֿלעגט איבערלאָזן דעם "חדר" זיינעם אויף גאָטס באַראָט, און אַוועקלויפֿן צו אַ שכן, צו זיינעם אַ גוטן פֿריינד אין פֿעלד, העלפֿן בינדן די סנאָפּעס, צונויפֿשטעלן די "סקירדעס", ביז ער פֿלעגט

זיך גוט, גוט אנזעטיקן מיטן ריח פון פעלד און זאנגען . . . דעמאָלט פלעגט ער זיך אומקערן אהיים א צופרידענער און א גליקלעכער . .

* * * * *

און כאָטש ר' ישראל, דער גמרא־מלמד, איז געווען א פרומער, עכט־רעליגיעזער מענטש, דאָך האָט ער קיין מורא ניט געהאַט ארויסצוזאָגן בפומבי, פאַר אלעמען אין די אויגן, זיינע ספקות אין באַצוג צו געוויסע איינגעשטעלטע יידישע מנהגים, וואָס אין יענער צייט, האָט מען פאַר דעם אליין געקענט שיר ניט פאַררעכנט ווערן פאַר אן אפיקורס, רחמנא ליצלן . . . ווי צום ביישפּיל: פּרייטיק צו נאַכט, ווען מ'קומט פון שול, האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט זאָגן "שלום עליכם" לכבוד די מלאכי השרת, וואָס באַגלייטן די שבתדיקע יידן אהיים. ער האָט אויך ניט געהאַלטן פון גיין אויף "קבר אבות" בעטן פאַר א חולה מסוכן אָדער צוליב אן אנדער צרה. ער פלעגט אויך שטאַרק אָפּלאַכן פון גיין צו "תשליך" און נאָך מער פון שלאָגן ערב יום־כיפור כפרות. אָט די אַלע מנהגים האָט ער באַטראַכט פאַר זאַבאָבאָנעס, נאַרישקייטן, וואָס פאַסן זיך גיכער פאַר ווייבער.

ער האָט אויך שטאַרק ליב געהאַט צו לייענען ביכער פון רייזע־באַשרייבונגען, קלמן שולמאַנס "דברי ימי עולם" און סתם וואונדערלעכע מעשות, וואָס פאַרכאַפּן דאָס הארץ און די פאַנטאַזיע. פרייטיק צו נאַכט, נאָכן עסן, פלעגט ער פאַרלייענען פאַר זיינע קינדער קאַפּיטלעך פון "מסתרי פאַריז", "דרייפוס פּראָצעס", "אהבת ציון" פון אברהם מאַפּו, און נאָך אזעלכע יידישע און העברעישע מעשה ביכער.

ס'איז כדאי צו דערציילן נאָך א זעלטענעם שטריך פון זיין אָריגינעלן כאַראַקטער: פּונקט ווי ער האָט ארויסגעוויזן א גרויסע לײדנשאַפט צו מלאכה און באַזונדערס צו דער עבודת אדמה, ערד־אַרבעט, אזוי אויך האָט ער, להבדיל, שטאַרק ליב געהאַט צו גריבלען זיך אין תנ"ך מיט אַלע זיינע מפרשים, אין דעם מלבי"ם, רד"ק, אין דעם "אבן עזרא" און נאָך מער אין דיקדוק שד"ל. שבת אָדער יום־טוב אין בית־מדרש, ווען ער האָט דערהערט דעם בעל־קורא מאַכן א גרייז אין דער נגינה, אנשטאָט "מלעיל" האָט ער די הברה ארויסגערעדט "מלרע", ד"ה, אנשטאָט צו אַקצענטירן די ערשטע זילבע פונם וואָרט האָט ער על פי טעות אַקצענטירט די לעצטע, פלעגט ער ווערן אזש אויפגעקאָכט. און טאַקע באלד, אויפן אָרט, נאָך קריאת התורה, אים אָנגעוויזן אויף דעם שרעקלעכן טעות.

און כאָטש ער איז געווען אזוי באַהאַוונט אין תנ"ך און אין דיקדוק, אָבער אז ס'איז אים אויסגעקומען אָנצושרייבן א לשון־קודשדיקן בריוו, פלעגט ער שרייבן "נח מיט זיבן גרייזן"... נאָך די ערשטע פאָר שורות פלעגט ער נעבעך בלייבן שטיין א פאַרלאָרענער, ווי איינער וואָס וואַנדערט אין א הייסן מדבר און לעכצט נאָך א טרונק וואַסער, אזוי אויך פלעגט ער שטיין א הילפלאָזער און בשום אופן ניט געקאָנט כאַפּן דאָס וויטערדיקע לשון־קודשדיקע וואָרט . . .

דערפאר אבער, ווען ס'איז געקומען צו א שווערן עניו, אין שייכות מיט דיקדוק, האט ער שוין ארויסגעוויזן גאר גרויסע בקיאות. ער האט זיך געקענט פארמעסטן אפילו מיט די גרעסטע משכילים, די העברעער פון דער שכנישער שטאט קאמעניץ, וואס האבן געשמט אלס גרויסע בעלי דיקדוק. פון אזעלכע אפטע "געוועטן" פלעגט ער שטענדיק ארויסקומען דער זיגער...

אט די אלע איינגנשאפטן זיינע, זיינען ביי אים געווען נית מער ווי א טפל, א ביי־זאך, ווי א מיטל צו דערשטיקן אין זיך זיין שרייענדיקע בענקשאפט, וואס ער האט געטראגן ביי זיך טיף אין הארצן צו דער מאמע־ערד... דאס איז, ווירקלעך, פאר אזא יידן אין אזא טיף־רעליגיעזער סביבה, געווען א זעלטענע דערשיינונג. דערפאר אליין, האט ער פארדינט, אז מיר זאלן אים ווידמענען אט דעם קאפיטל — שטעלן אים כאטש א פשוטע מצבה, ווי אויף איינעם פון "די לעצטע פון א דור"...

# דער רעוויזאָר און יודל קאָטיק דער שתדלן

יעדער זומער, ווי גיך די בלאָטיקע וועגן וואָס האָבן געפירט צום שטע־טעלע זאסטאוויע, זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן, און די גאנצע נאטור האָט זיך צעבליט און צעוואקסן, האָבן די זאסטאוויער אנגעהויבן שטארק ציטערן פארן רוסישן קייסער . . . ווי נאָר מ׳האָט דערהערט פונדערווייטנס עפּעס א קלינגען מיט א גלעקל, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אז דאָס פאָרט א ״נאטשאלניק״, פלעגן די זאסטאוויער יידן ווערן בלייך ווי קאלך, אזש הענט און פיס פלעגן ביי זיי זיך נעמען טרייסלען.

דאָס האָט מען זיך אזוי געשראָקן פארן רעוויזאָר, וואָס פלעגט יאָר־איין, יאָר־אויס, אראָפּקומען פון דער גובערניע אָדער ״אזש פון פּעטערסבורג״ צו קאָנטראָלירן די פּאטענטן און אויך אויפצומאנען ביי די יידן ״די דריי הונדערט״ רובל שטראָף, פארוואָס זייערע זין זיינען אנטלאָפן פונם פּריזיוו (מיליטער־דינסט), אזש קיין אמעריקע. געווען שוין אויך אין שטעטל אזעלכע טאטעס פון צוויי און דריי זין, וואָס האָבן אויך אָנגעפּייפּט דעם רוסישן קייסער און אויך געמאכט ויברח צו קאָלאמבוסעס מדינה, אזוי אז זייער חוב צו ״קאזנא״ איז געשטיגן ביז צו זעקס הונדערט און צו ניין הונדערט רובל.

איז נאָר ווי ס׳איז געקומען דער ליבער זומער, האָט מען זיך געקענט ריכטן, אז א ליאדע טאָג זאָל פּלוצלונג אראָפּקומען דער אסעסאָר, צי דער רעוויזאָר, און אָפּשרייבן דאָס גאנצע ביסל באלעבאטישקייט, מיט די בעבע־כעס, מיט די קופּערנע ירושה־פאנען, מיט דעם סאמאוואר, מיט די מעשענע לייכטער, מיט הכל, בכל מכל... מילא, וואָס שייך די נכסי דלא ניידי, די אומ־באוועגלעכע פארמעגנס, ווי די הייזקעס און שטיבלעך, פעלדער און גערט־נער, איז פאר זיי ניט געווען וואָס מורא צו האָבן — זיי זיינען שוין לאנג געווען איבערגעשריבן אויף פרעמדע נעמען . . . אָבער די שרעק איז געווען פארן ביסל מטלטלין און פארן ביסל סחורה אין די קרעמלעך און אין די שענקען.

איז ווי נאָר מ׳האָט דערהערט, אז ס׳איז אָנגעקומען א ״קנעפּל״ פון דער גרויסער שטאָט, האָט אלעמען ארומגעכאפּט א שרעק.

ערשט, ווען גאָט האָט געהאָלפן, דער ליבער, טייערער זומער איז פארשוואונדן געוואָרן, און דער קאלטער, נאסער הארבסט האָט זיך ווידער אָנגערוקט מיט זיינע רעגנס און פארגאָסן אלע וועגן און שטעגן מיט א נע־

דיכטער, קלעפיקער בלאטע, דעמאלט האבן די זאסטאוויער יידן פרייער אפגעאטעמט. דעמאלט האבן אויך זייערע קינדער שוין געקענט רויִק שלאפן אויף זייערע מאמעס קישעלער צוקאפנס . . .

אבער ניט נאר אין דעם זכות פון דער טיפער, קלעפיקער בלאטע איז זייער שווער־פארהארעוועט ביסל פארמעגן ניצול געווארן פון ארייגפאלן אין גוייִשע הענט, נאר דער עיקר האבן זיי דאס געהאט צו פארדאנקען דעם שטא־טיקן יידישן "טשלען" (מיטגליד) פון דער "מעשטשאנסקער אופראווע", יודל קאטיקן, וועלכער האט געהערט צו דער בארימטער קאמעניצער קאטיק משפחה, וואס האט אין משך פון דורות געפירט די גאנצע שטאט ביד חזקה. ביי זיי אין די הענט איז שטענדיק געלעגן די "קאראבקע", די טאקסע און אנדערע שטאטישע הכנסות. פאר זייערם א ווארט האט איטלעכער געציטערט, און טאקע דערפאר האט מען זיי גערופן, אין קאמעניץ און אין זאסטאוויע, "די קייזערלעכע גווארדיע" (זע, יחזקאל קאטיקס, "מיינע זיכרונות").

יודל קאטיק איז אויך געווען, ווי זיין זיידע און עלטער־זיידע די "נאבארשטשיקעס", די "פרנסים", אויסגעבונדן מיט דער רוסישער נא־טשאלסטווא, מיט איטלעכן געווען א "פאני־בראט". יעדער נאטשאלניק, יעדער גרויסער מענטש, וואס איז געקומען פונם אויעזד, אדער פון דער גו־בערניע, צוליב רעגירונגס עסקים, האט אפגעשטאט דעם ערשטן וויזיט ביי יודל קאטיק אין שטוב, וואס איז געשטאנען אין סאמע צענטער פון מארק.

אט די דאזיקע שטוב האט טאקע געטראגן דעם כאראקטער פון א רוסישן סאלאן. אהין פלעגן זיך אפט צונויפקומען די שטאטישע פני, די רוסישע אינטעליגענץ, ווי דער רוסישער גלח, דער יידישער דאקטאר, דער פוילישער אפטייקער, דער פריסטאוו (פאליציי־באאמטער), דער פאטשט־מייסטער, דער סודיא (ריכטער) און אנדערע. מען האט געשפילט אין קארטן, אין שאך, געטרונקען בראנפן, וויין און טיי פונם גרויסן סאמאוואר, און פארביסן מיט די געשמאקע, יידישע פאטראוועס, וואס זיין ווייב, מאטקע, די בארימטע אשת חיל, פלעגט שוין באצייטנס צוגרייטן פאר זיי . . .

יודל קאטיקס קינדער זיינען אויך געווען די ערשטע אין שטאט, וואס האבן שוין געלערנט אין דער בריסקער גימנאזיע, געטראגן מונדירן מיט זילבערנע קנעפ, גערעדט רוסיש און אונטערגעפייפט א רוסיש לידל.

איז ווי א קהלשע צרה, ווו אן אומגליק און ווו א גזירה, איז מען שוין געלאפן צו קאטיקן, דעם שתדלן, ער זאל שרייבן "א פראשעניע צום קייסער". האט מען געכאפט א יידן אן "אקט", א "פראטאקאל" — איז מען ווידער געלאפן צו קאטיקן. ער פלעגט איטלעכן אויסהערן מיט ווירדע, מיט חשיבות, ווי ער וואלט טאקע געווען דער גובערנאטאר אליין . . .

אט דער יודל קאטיק האט, ווי א רייכער גביר, וואס האלט אויס מיט זיין פילאנטראפיע א געוויסע קהלשע אינסטיטוציע, גענומען אויף זיך צו באשירעמען דאס ביסל ארעמקייט פון זיינע קאמעניצער און זאסטאוויער יידן, עס זאל חלילה ניט ארייגפאלן צום קייסער אין די הענט אריין. ווי

גיך ער האט דערשמעקט, אז ס'איז אראפגעקומען אין שטאט א רעוויזאר צו מאנען ביי יידן די "דריי הונדערט רובל", אדער צו קאנטראלירן צי אלע קרעמער און שענקער האבן די ריכטיקע פאטענטן, פלעגט ער באלד צו וויסן געבן זיינע קאמעניצער "מקורבים" און אויך שיקן א שליח מיוחד קיין זאס־טאוויע, אז מען זאל וואס גיכער "אויסראמען דעם חמץ"...

באלד פלעגט ווערן אין שטעטל א סומאטאכע, אן איבערקערעניש. שכנים, גוטע־פריינט פלעגן באלד קומען צו לויפן צום "דריי הונדערט רובלדיקן יידן" נעמען כאפן דער א פערענע, דער א קישן, דער א מעשענעם שטייסל און דער א קופערנעם טשייניק און עס אוועקטאסקען צו זיך אהיים. איבערגעלאזט האט מען בלויז א הילצערנעם הינקענדיקן בעט, וואס איין פוס זיינער איז געווען אנגעשפארט אויף א קלעצל האלץ, א שלאף־באנק, וואס איז געווען אנגעשטאפט מיט שטרוי. נאך אזא גרינדלעכן "בדיקת חמץ", האט דעמאלט ניט איין יידיש שטיבעלע אויסגעזען ווי אקארשט נאך א פאגראם...

דער רעוויזאר, אין באגלייטונג פון יודל קאטיקן, מיטן דיקן פארטפעל אונטערן ארעם, וואס איז געווען אזוי זיכער, אז אט־אט באלד וועט ער שוין בארייכערן דעם רוסישן מלוכה־אוצר, איז ווי נאר ער האט דערזען דאס פנים פונם קליינשטעטלדיקן יידישן דלות, וואס איז איצט געלעגן א נאקעטער, פלעגט בלייבן שטיין ביים שוועל און מורא געהאט מאכן א טריט ווייטער... און כדי יוצא צו זיין פאר זיין קייסער, פלעגט ער א פרעג טאן איינעם פון זיינע "קייזערלעכע בעלי חובות":

— פון וואנען לעבסטו מיט דיין "סעמעיסטווא" (הויז־געזינד)?

— פון שטעטלשער קצבה, — פלעגט דער ייד ענטפערן, ניט אויפהויבנדיק דעם קאפ.

— ווו זיינען דיינע זין?

— ווער ווייס? צעלאפן זיך ערגעץ אין דער וועלט אריין, זוכן ברויט, — פלעגט דער דאזיקער "דריי הונדערט רובלדיקער" טאטע ענטפערן מיט א קרעכץ.

יודל קאטיק, וואס איז בטבע געווען א גרויסער וויצלער, א קאטאוועס־טרייבער, דערצו נאך איז ער געווען העכסט צופרידן, וואס זיין שפיל מיטן רוסישן רעוויזאר האט זיך אים אזוי איינגעגעבן, פלעגט פון זיין זייט נאך צוווארפן א ווערטל, זאגנדיק:

— ווערליק אזא ארנטלעכער "יעווריי" (ייד), ווי דער איז, וואלט געווען א יושר גדול, אז דער "צאר באטיושקא", דער קייסער ירום הודו, זאל אים נאך ארייַנשיקן א פאר רובל מיט וואס שבת צו מאכן...

דער רעוויזאר פלעגט זיך צוזעצן אויף א האלבן בענקל, הייסן א פאר אנגעזעענע באלעבאטים זאלן זיך אונטערחתמענען שווארץ אויף ווייס,

אז ביי דעם און דעם "יעווריי" האט ער צום באדויערן גארנישט ניט געפונען, ווייל ער איז נעבעך א גרויסער קבצן אין זיבן פאלעס, און דעריבער איז ער געצוווּנגען אוועקצופארן מיט ליידיקע הענט...

אזוי האט זיך געפירט יאר־איין, יאר־אויס.

* * * * *

איינמאל איז געשען אזא מעשה, וואס יארן־לאנג האט מען וועגן איר גערעדט אין "שטאט" קאמעניץ און אין שטעטלע זאסטאוויע, און דערביי ניט אויפגעהערט צו רימען און צו לויבן דעם קלוגן, שארפן קאפ פון יודל קאטיק, דעם יידישן שתדלן.

די מעשה איז געווען אזא:

פלוצלונג, אין א שיינעם זומער־טאג, איז אראפגעקומען קיין קאמעניץ א רעוויזאר, וואס איז איינגאנצן אנדערש געווען פון אלע רעוויזארן. דאס איז געווען נאך גאר א יונגער שנעק, מיט א פאר דינינקע, בלאנדע וואנצעלעך, א זון פון א רייכן, דארפישן בעל־גוף, וואס האט דורכגעמאכט א רוסישע שקאלע און האט זיך גיך דערדינט צו ווערן א "טשינאווניק", און וואס איז נאך דערצו געווען א שונא ישראל. האט ער, פון גרויס דאנקבארקייט צו זיין "צאר באטיושקא", וואס ער האט געטאן מיט אים אזא חסד און גנאד, זיך פארגענומען צו דינען אים בלב ונפש, אפילו ער וועט דארפן פאר אים גיין אין פייער און וואסער. האט ער שוין, ביי זיין ערשטער שליחות, געוואלט באווייזן, אז ניט געקוקט וואס אלע פריערדיקע רעוויזארן, וואס זיינען געווען פאר אים, האבן געהאט צוגעשטעלט ראפארטן, אז די זאסטאוויער און די קאמעניצער יידן זיינען, לא עלינו, אמתע "בעזדניאקעס" ,וואס פארמאגן אפילו ניט קיין איינגענעם צעבראכענעם שערבל, וועט ער דווקא באווייזן אויפצומאנען ביי זיי מיט איין קנאק די "דריי הונדערט רובלדיקע" שטראף פאר זייערע אנטלאפענע זין פונם פריזיוו.

מיט דעם באשלוס איז ער דאס געקומען אין שטעטל. ער האט אבער קיינעם דערפון ניט געוואלט דערציילן, ווי ער וואלט מורא געהאט, אז די כיטרע שטעטלשע "זשידעס" זאלן אים דא עפעס ניט אפטאן א שפיצל, ווי דאס הארץ האט אים געזאגט.

ער איז פארפארן אין אן אכסניא. ארומגעגאנגען אן אנגעכמורעטער, א בייזער. מיט קיינעם קיין ווארט ניט גערעדט. פון צייט צו צייט געכאפט א שפאציר איבער די גאסן, איבערן מארק, צווישן דעם ריאד־קראמען; געקוקט, געזוכט ,געפארשט מיט זיינע כיטרע, בייזע אויגן, וואס האבן אנגעווארפן א שרעק אויף אלעמען.

אויף וויפל דער קלוגער יודל קאטיק האט זיך ניט באמיט מיט כל המצאות שבעולם ארויסצוקריגן פון אים דעם סוד פון זיין קומען אהער, איז אים ניט געלונגען .ער האט אים שוין ניט איינמאל געפרווט געבן אנצו־

הערעניש, אז אדרבא, זאָל נאָר דער "פריץ לעבן" זאָגן וואָס ער וויל, וואָס ער פאַרלאַנגט און וואָס איז ער דאָ אויסן מיט זיין זיין אין שטעטל, ווער ער, אלס דער "טשלען" פון דער "מעשטשאַנסקער אופּראַווע", איז אים אַנט־קעגן קומען, אים אַרויסהעלפן מיט אַלעם גויטיקן, ווי ער איז זיך נוהג מיט אַלע רעוויזאָרן, וואָס זיינען געקומען פאַר אים . . . עס האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפן. דער גוי איז אַלץ געבליבן איינגעשפּאַרט ווי אַ יונג פערד, וואָס מען האָט אים צום ערשטן מאָל איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן.

יודל קאַטיק, דער שטאָלצער יידישער שתדלן, איז געווען אויסער זיך פון פאַרדראָס. אים איז איצט ניט געגאַנגען אַזוי אין דעם וואָס דער רע־וויזאָר וועט דאָ אומגליקלעך מאַכן ניט איין אָרעמען יידן, נאָר דער עיקר האָט אים געאַרט, וואָס זיין גאַנצע רעפּוטאַציע אַלס דער באַשיצער פון פון זיינע יידעלעך שטייט איצט אינגאַנצן אין קאָן . . . ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע, פאַרביטערטע "מלחמה" צווישן דעם כיטרען, קלוגן יידן, יודל קאַטיקן, און דעם בייזן גוי, דעם רעוויזאָר, ווער וועמען ס'וועט דאָ בייקומען . . .

אין שטעטל איז דערווייל געוואָרן אַ בהלה: ווער ווייס וואָס פאַר אַ צרות אַט דער ערל, ימח שמו, וועט נאָך דאָ אָפּטאָן? — האָבן יידישע קרעמער, שענקער און "די דריי הונדערט רובלדיקע יידן", די "קייזערלעכע בעל חובות", זיך געשושקעט איינער מיטן אַנדערן.

באַלד האָט איטלעכער אָנגעהויבן באַשטאַטן זיין "טריפענע סחורה": איינער די פּעקלעך טיטון אין די באַנדעראָלן, אַ צווייטער די פלעשלעך קוואַס, די "מאַנאָפּאָלקעס" בראָנפן, אַ דריטער די פּעקלעך שוועבעלעך און נאָך אַזעלכע מינים סחורות פון וואָס שטעטלשע יידן האָבן געצויגן זייער בידנע חיונה. מלמדים, וואָס לויטן געזעץ האָבן זיי אויך געדאַרפט האָבן פּאַטענטן, האָבן פאַנאַנדערגעלאָזן די חדרים. יידן זיינען אַרומגעגאַנגען ווי אָן קעפּ. מען האָט זיך געשראָקן פאַר יעדער שאָרך, פאַרן אייגענעם שאָטן. אומעטום זיינען געשטאַנען קופּקעלעך מענטשן און האָבן זיך געסודעט; איטלעכער האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו הערן וואָס מען רעדט; יעדער איינער האָט געגעבן אַן אַנדער עצה, ווי אַזוי איבערצוקומען אַט דעם נייעם רעוויזאָר, דעם מלך חדש . . . שטעטל האָט זיך געוויגט. מען האָט זיך אַרומגעדרייט פאַר דער אכסניא, ווו ער איז איינגעשטאַנען. מען האָט געשנאָפּט, געפאָרשט — אפשר וועט מען פון דאָרטן עפּעס דערגיין . . . וואָרים ניט אומזיסט זיצט שוין דאָ דער פריץ דעם דריטן טאָג, און שטאָט ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס ער איז און וואָס ער וויל . . . און די שעהן, און די טעג האָבן זיך געצויגן אַזוי לאַנג ווי דער יידישער גלות.

יודל קאַטיק האָט אויך ניט גערוט. אין דער שטיל, אַז קיין בן־אָדם זאָל ניט וויסן, האָט ער פאַררופן צו זיך די "פּני" פון שטאָט, און זיך מיט זיי לאַנג מתיעץ געווען. ער האָט אויך אַרויסגעשיקט "מרגלים", שטאַפעטן, וואָס זיינען אַלע ווייַלע געקומען צו לויפן און אים אָפּגעגעבן ראַפּאָרטן. אָבער די אַלע עצות ותחבולות זיינע, האָבן גאָרנישט ניט געהאָלפן. דער רעוויזאָר האָט

נאך אלץ געבלאזן פון זיך, ארומגעגאנגען א ברוגזער, און אנגעכמורעטער אי־בערן שטעטל, געקוקט מיט ביסטרע אויגן, ווי ער וואלט געלויערט וועמען דעם ערשטן פון די זשידעס אנצוכאפן ביים גארגל.

יודל קאטיק איז אוועק צום רב, זיך פארשפארט מיט אים אין א חדר־מיוחד איף היבשע עטלעכע שעה. וואס זיי האבן דארט גערעדט און באשלאסן האט קיין ילוד אשה ניט געטארט וויסן. שטעטל אבער האט פארשטאנען, אז עפעס וואס וועט ארויסקומען פון אט דער דאזיקער געהיימער אסיפה.

און טאקע באותו היום, נאך אינם זעלבן טאג, האט שטעטל פלוצלונג דערהערט ווי אלטערקע דער אונטער־שמשל רופט אויף זיין קוויטשיקן קול "אין שול אריין", ווי ס'וואלט איצט גאר ניט געווען אין א פראסטן מיטוואך, נאר פרייטיק, ערב שבת, צו ליכט בענטשן. עס איז באלד געווארן א טרעוואגע. מ'האט אנגעהויבן לויפן פון די הייזער, פון די קראמען און געוואלט דערגיין פון אלטערקען דעם שמשל די סיבה פון זיין פלוצלונגדיקן רופן אין שול אריין, אבער מ'האט פון אים גארנישט ניט געקאנט ארויסקריגן. אויף אלע זייערע פראגן, האט ער געהאט בלויז איין ענטפער:

— דער רב האט געהייסן רופן, רוף איך!

— אין שול אריין! אין שול אריין ! . .

און ער האט באלד אוועקגעהאפסלט אויף זיין הינקענדיקן פוס, ווייטער איבערן שטעטל און זיך נאך העכער צעשריען:

— אין שול אריין! אין שול אריין ! . .

קרעמער האבן אויף גיך געגומען פארהאקן זייערע קרעמלעך. באל־מעלאכעס האבן אוועקגעלייגט שער און אייזן, און אלע, ווי איינער, האבן זיך אוועקגעלאזט צום גרויסן "מויער" בית־מדרש, וואס איז בהרף עין פול געווארן מיט מאנצבילן, ווייבער און קינדער. אלע זיינען געווען געשפאנט. אלע האבן שוין געגארט צו הערן וואס דער רב זייערער האט צו זאגן.

מיטאמאל האט זיך באוויזן דער רב מיט יודל קאטיקן ביי זיין זייט. דער געפאקטער עולם האט געמאכט פאר זיי א ווארע. באלד זיינען ביידע, דער רב און קאטיק, ארויף מיט ניכע טריט אויפן באלעמער. דער אלטער אויבער־שמש, ר' יודל, האט געגעבן א שטארקן קלאפ אין "שלחן". ס'איז אנשטאנען אן אויסערגעוויינלעכער שטילקייט. דער גאנצער עולם האט געווארט מיט א פארכאפטן אטעם, געקוקט מיט נייגעריקע אויגן דא אויפן רב און דא אויף יודל קאטיקן, זייער "פרנס העיר".

דער רב האט אנגעשטעלט זיין שארפן בליק אויפן פארזאמלטן עולם און ארויסגעלאזן א שווערן קרעכץ, אפגעצויגן דעם אטעם, ווי ס'וואלט אים פארפעלט לופט, ארויסגעצויגן פון זיין הינטערשטער קעשענע זיין באבלימטן טיכל, אפגעווישט מיט אים דעם שוויים פון זיין וויים־בלייכן שטערן, אפגעהוסט און גענומען ריידן שטיל, געלאסן, ווי ער וואלט געוואלט זיך צוהערן צו זייגע אייגענע רייד.

— מורי ורבותי, ווי איר ווייסט אלע, איז איצט אן "עת צרה ליעקב". אונדזער קהילה קדושה שטייט איצט בין המצרים . . . עס דראָעט אַ געפאַר, אַז ניט איין ייִד זאָל חלילה פאַרלירן זיין חיונה. מיר האָבן שוין אויסגעפּרווט אַלע מיטלען, פּונקט ווי אונדזער פּאָטער יעקב, בעת ער האָט געדאַרפט גיין זיך באַגעגענען מיט זיין ברודער עשו הרשע, אָבער דער היינטיקער עשו הרשע איז נאָך אַלץ געבליבן איינגעעקשנט . . . — האָט דער רב גערעדט בלשון רמיזה . . . אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען וווהין ער צילט מיט זיינע ווערטער . . .

— דעריבער, מורי ורבותי, דאַרפן מיר מפשפש במעשים זיין, תשובה טאָן, תפילה טאָן, אַז רבש"ע זאָל זיך מרחם זיין אויף אונדז און צעשטערן די בייזע מחשבות פון אונדזערע שונאים.

— לכן, דעריבער, בין איך אַלס מרא דאתרא, דער רב פון שטאָט, גוזר באלה ובשבועה, אַז פון איצט אָן און ווייטער, זאָל קיינער ניט אַרויסגיין און ניט אַרויספאָרן פון שטאָטישן גבול. דער סוחר זאָל ניט פירן קיין משא ומתן; דער קרעמער זאָל ניט עפענען זיין קראָם; דער באַלמעלאָכע זאָל זיך ניט דער־נעענטערן צו זיין וואַרשטאַט; און דער בעל עגלה זאָל ניט איינשפּאַנען זיין פערד און וואָגן, אַזוי ווי ס'וואָלט געווען שבת שבתון. יעדער ייִד, פון דרייצן יאָר אָן און ווייטער, זאָל זיך געפינען אין בית־מדרש און זיך אָפּגעבן מיט תורה און מיט תפילה.

— און ווער ס'וועט חלילה עובר זיין אויף מיין געבאָט, — האָט דער רב אויסגערופן שוין הויך מיט אַ ציטערדיקער שטימע, — וועט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּורץ־גדר, ווי אַ מחלל־שבת בפרהסיא. ביז דער רבש"ע וועט זיך דערבאַרעמען איבער אונדז און אויסלייזן אונדזער שטאָט פון גלות, בתוך כלל ישראל . . . און ודי לחכימא ברמיזה. איך האָף, האָט דער רב אויסגעפירט, אַז איר וועט אַלע אויספילן מיין געבאָט על צד היותר טוב . . .

א ציטער איז אַריבער דער עדה יידן איבערן לייב. וואָרים אַזוינס האָט מען נאָך ניט געהערט אין קיין שום ייִדישן גבול, אַז מ'זאָל נעמען אין סאַמע מיטן דער וואָך און פאַרוואַנדלען אין שבת. וואָס הייסט מ'וועט ניט אַרבעטן? ניט האַנדלען? ווי וועט שטאָט קאָנען דורכלאָזן דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג? אָבער, אַז דער רב, זאָל לעבן, מיט זייער "טשלען" ייִדל קאָטיק האָבן אַזוי באַשלאָסן, איז מסתמא ווייסן זיי וואָס זיי טוען, איז דאָך ניט שייך צו פרעגן קיין קשיות.

און טאַקע נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט שטעטל מיטאַמאָל באַקו־מען אַ שבתדיקן אויסזען. אַלע קרעמלעך זיינען באַלד געשלאָסן געוואָרן; אַלע מאַרק־געשטעלן זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. די מייסטערס האָבן אַוועק־געשיקט אַהיים זייערע פּועלים, די מלמדים האָבן פאַנאַנדערגעלאָזן זייערע חדרים, ווי איטלעכער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער זאָל חלילה ניט מחלל־שבת זיין. און כדי דער "יום מנוחה" זאָל אויסקוקן ווי אַן אמתער טאָג שבת, האָט איטלעכער, פון קליין ביז גרויס, זיך אויסגעפּוצט אין זיינע שבת־יום־טובדיקע קליידער. אין די הייזער אויף די טישן האָט מען פאַרשפּרייט ווייסע טישטוכער. ס'האָט נאָר געפעלט אַז מ'זאָל אָנצינדן די שבתדיקע בענטש־ליכט.

דאָנערשטיק אינדערפרי, זיינען די פויערים פון די אַרומיקע דערפער געקומען צו פאָרן קויפן אויפן שטעטלשן מאַרק, ווי אין יעדער דאָנערשטיק פון דער וואָך און צו פאַרקויפן זייערע דאָרפישע פּראָדוקטן: הינער, העגער, אייער, תבואה, חזיר־האָר וכדומה. אָבער צו זייער גרויסער דערשטוינונג האָבן זיי געטראָפן אַ שבת־יום־טובדיקע שטאָט: די קראָמען געשלאָסן, די שענקען פאַרמאַכט. זיינען זיי געבליבן שטיין צעטומלטע און ניט געוווּסט וואָס איז דאָ געשען. ווער ווייס, אפשר האָבן זיי געמאַכט אַ טעות אין חשבון פון די טעג פון דער וואָך?

די פויערים האָבן זיך איבערגעקוקט איינע מיט די אַנדערע מיט שרעק און גענומען ציילן אויף די פינגער די טעג: זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך — דאַכט זיך עס שטימט ריכטיק — היינט איז פּאָרט דאָנערשטיק און ניט סובאָטאַ — שבת?! טאָ וווּ זיינען אַהינגעקומען אַלע זשידקעס פון שטאָט? . .

מיטאַמאָל האָבן די יידן, אויסגעפּוצטע אין זייערע שבתדיקע קליידער, זיך אַרויסגעלאָזן פון די בתי־מדרשים, געגאַנגען איבערן מאַרק מיט שטילע, געמאָסטענע, שבתדיקע טריט, צו זיך אַהיים עסן "וואַרעמעס", און האָבן אפילו ניט געשענקט קיין מינדסטן בליק צו די גויים, וואָס זיינען געשטאַנען ביי זייערע וועגענער.

די גויים זיינען געבליבן שוין גאָר צעמישט. זיי האָבן זייערע אייגענע אויגן ניט געגלויבט וואָס זיי זעען. עפּעס אַ שרעק איז זיי באַפאַלן פאַר די שבתדיקע יידן . . . ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן, איז טאַקע היינט שבת ביי די זשידעס, טאָ ווי איז פּאָרט אַהינגעקומען דער טאָג דאָנערשטיק און דער טאָג פּריאַטיק? עס שטימט דאָך גאָר ניט מיטן חשבון? ניט אַנדערש, אַז זיי האָבן, מיט זייערע גראָבע, פויערשע קעפּ, געמאַכט אַ טעות, אַ פּלאָנטער? זיי האָבן זיך געקראַצט אין די פּאַטיליניצעס, געוויקלט פּאַפּיראָסן מאַכאָרקע, געוויכערט און געשפּיגן און געשאָלטן . . .

עס איז אַוועק אַ שעה, צוויי און דריי שעה; די זון איז שוין געשטאַנען העט־ווייט אין מיטן הימל. און די גאַנצע צייט איז אפילו קיין זשידעק און קיין איין זשידאָווקע ניט צוגעקומען צו זייערס אַ וואָגן, אַ שמעק טאָן, אַ טאַפּ טאָן און זיך אַ דינג טאָן. אַנשטאָט דעם זיצן זיך איצט די זשידקעס אויף זייערע גאַניקעס און בריקלעך, אַנדערע שפּאַצירן אַרום איבער די גאַסן, ווי עס וואָלט היינט געווען ביי זיי דער גרעסטער "פּראַזדניק" (יום־טוב). איז זיי באַפאַלן אַ טויט־שרעק. זיי האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך. דער טאָג וועט באַלד "אויסרינען" און זיי וועלן דאַרפן אַוועקפאָרן צוריק אין דאָרף אַריין מיט זייערע פּראָדוקטן און וועלן ניט האָבן מיט וואָס איינצוקויפן שטאָטישע סחורות.

פון גרויס פאַרצווייפלונג, האָבן זיי אָנגעהויבן לויפן, ווי די פאַרסמטע מייז, איבערן מאַרק, געקלאַפּט אין די טירן פון זייערע גוט־באַקאַנטע קרעמער און שענקער, מיט וועלכע זיי האָבן יאָרן־לאַנג געהאַנדלט, און זיך גענומען

בעטן ביי זיי, אז מען זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיי און זיי באַרגן כאָטש א פּאָר פונט זאַלץ, א פּעקל שוועבעלעך, א ליאַטשיקל גאַזע, א פּעקל טיטון אויף צו רויכערן און נאָך אַזעלכע נויטיקע זאַכן.

די קרעמער האָבן אויף זיי מכלומרשט געשריען און געהאַט צו זיי טענות, למאַי זיינען זיי גאָר געקומען אויפן מאַרק אין אַזא יום־טובדיקן טאָג . . . פונדעסטוועגן האָבן די יידן, ווי רחמנים בני רחמנים, אַריינגענומען די גויים דורך דער הינטער טיר און זיי געגעבן די סאַמע נויטיקסטע זאַכן אויף באָרג, ווייל, כידוע, איז פּיקוח נפש דוחה שבת . . .

די גויים האָבן געכאַפּט פון די יידישע קרעמער די אַרטיקלען מיט ציטערדיקע הענט, זיי שטאַרק באַדאַנקט און אָנגעווונטשן זיי א פולן קאָפּ מיט ברכות און זיי פאַרזיכערט, אַז נאָך אַמאָל וועלן זיי שוין זיין קליגער און פאָרזיכטיקער און ניט אַריינפאָרן אום שבת אין שטעטל . . .

יודל קאַטיק, אָן אויסגעפּוצטער אין זיין שבת־יום־טובדיקן גאַרניטור, מיטן האַרטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, און זיין ווייב מאַטקע, די שיינע אַריס־טאָקראַטישע פרוי, אויך אָן אויסגעפּוצטע אין אירע שענסטע קליידער, מיט די גאָלדענע פּענסנע אויף דער נאָז, האָבן, ווי יעדער שבת בייטאָג, זיך אַרויסגעלאָזן אויף א שפּאַציר איבער די גאַסן און איבער דעם ליידיקן מאַרק.

יודל קאַטיק, דער גרויסער תקיף, דער שטאָט־באַלעבאָס, איז זיך געגאַנ־גען מיט א שמייכעלע און ס'האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער מיט זיין שאַרפן קעפּעלע, האָט מיט איין "שמע ישראל" געקאָנט פאַרוואַנדלען א גאַנצע שטאָט מיט יידן אין שבת־יום־טובדיקע, און אַלץ גייט לויט זיין פּלאַן. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז פון דער שטילער "מלחמה" צווישן אים און דעם בייזן, משוגענעם רעוויזאָר, וועט ער אַרויסקומען דער זיגער.

אויף אים קוקנדיק איז באַלד גאַנץ שטאָט, מאַנצבילן, ווייבער און קינדער, און די גאַנצע יוגנט, אויך אַרוים שפּאַצירן איבער די גאַסן, פריילעך געקנאַקט דיניע־קערלעך, ווי ס'וואָלט טאַקע געווען שבת אויף דער גאַנצער וועלט . . .

דער נייער, יונגער, שטרענגער רעוויזאָר איז געווען צעמישט. אויף אַזא אומגליק האָט ער זיך גאָר ניט געריכט. זינט ער איז געקומען אין שטעטל האַלטן די זשידעס עפּעס אין איין "פּראַזדניעווען"? ער איז שוין געלאָפן צום סוויאַשטשעניק, צום רוסישן גלח און צום רוסישן שטעטלשן "סודיאַ" (ריכטער), פרעגן אפשר ווייסן זיי וואָס איז דאָס פאַר א זשידאָווּ־סקע יום־טוב און ווי לאַנג וועט ער זיך אַזוי ציען? אָבער אויף אַלע זיינע פראַגעס, האָבן זיי געהויבן מיט די פּלייצעס, זיך געמאַכט כלא ידע. זיי האָבן נאָך פון אַזא יום־טוב ניט געהערט, און ווייסן אפילו ניט וואָס זיין נאָמען איז . . .

דער רעוויזאָר איז געווען ממש פאַרצווייפלט. ער האָט זיך גאָר קיין עצה ניט געקענט געבן. ער האָט קיין צייט ניט. עס ברענט אויף אים די הויט,

ווארים לויט זיין פלאן, האט ער שוין לאנג געדארפט זיין אין א צווייטן שטעטל. ער איז דאך ניט געקומען אהער צו פראוועו אינאיינעם מיט די פארשאלטענע זשידעס זייער "פראזדניק"! ער האט שוין אפילו בדעה געהאט זיך אנצו־פרעגן אין "אויעזד", ביי זיין העכערער נאטשאלסטווא, וואס צו טאן. איז אבער די צרה, וואס דער ראזנאסטשיק, וואס פירט די פאטשט, איז אויך א זשיד און וויל ניט פארן אום שבת...

ער האט אייגנטלעך געדארפט קלאפן א טעלעגראמע, האט ער אבער מורא, אז ער קאן נאך חלילה דערצערענען זיין העכערן נאטשאלניק, וואס ער דרייט אים א קאפ. פאר כעס קאן ער נאך אים אראפזעצן פון זיין "מלוכה־שטעלע"...

אבער דאס ערגסטע איז פאר אים, וואס ער האט ניט וואס צו עסן און וואס צו רויכערן. זיין יידישער בעל אכסניה, וואס איז די ערשטע פאר טעג געשטאנען פאר אים ווי פאר א פריץ — ארייננעטראגן צו אים אין צימער צוויי מאל א טאג א הייסן סאמאוואר מיט א געשמאקן מאלצייט, האט זיך פלוצלונג אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און וויל אים מער ניט באדינען, ס'איז, — זאגט ער, קעגן זיין "זאקאן" (געזעץ) ס'איז ביי אים יום־טוב...

דער רעוויזאר האט געקריצט מיט די ציין, געשאלטן אלע "זשידעס" מיט אלע זייערע יום־טובים. ס'האט אים אבער גארניט געהאלפן. דער זשי־דאווסקי פראזדניק האט אים געהאלטן ווי א געפאנגענעם, איז אים געשטא־נען ווי א ביין אין האלדז, אזוי אז ער האט זיך גאר קיין ריר ניט געקאנט טאן. ער איז געווען ממש א פארצווייפלטער.

ענדלעך פון גרויס דערשלאגנקייט, האט דער רעוויזאר געשיקט רופן צו זיך אויף דער אכסניא יודל קאטיק, דעם טשלען פון דער מעשטשאנסקער אופראווע, אז ער וויל זיך מיט אים דורכריידן אויג אויף אויג. און אגב זיך פון אים דערוויסן ווי לאנג עס וועט נאך געדויערן די יידישע "חגא"...

יודל קאטיק, ווי א דורכגעטריבענער דיפלאמאט, האט באלד דערשפירט ווי זיין קעגנער איז שוין א דערשלאגענער. און כדי דער ניצחון זאל אים זיין נאך זיסער, האט ער, דער תקיף, באשלאסן צו שפילן זיין ראל ביזן סוף, ביזן סאמע קלימאקס, און אנרייבן דעם יונגן, נארישן רעוויזאר אזוי די מארדע, אז ער זאל שוין האבן צו געדענקען! האט ער זיין שליח געענטפערט, מכלומרשט קאלטבלוטיק, בזה הלשון:

— גיי, זאג דיין אדון הגדול, אז היינט איז ביי מיר יום־טוב, א גרויסער יום־טוב!.. דעריבער וויל ער ניט און טאר זיך ניט פארנעמען מיט זיינע אמטלעכע פליכטן אלס דער פארשטייער פון דער "יעווריעיסקאי אב־שטשינע" (קהילה). נאר אויב דעם נאטשאלניק איז ווילגעפעלן, און ער וויל זיך מטריח זיין און אריבערקומען צו אים אין הויז, זיך דורכשמועסן אביסל, איז פאזשאלויסטא, מהיכא תיתי, פארוואס ניט?..

דער רעוויזאָר האָט בלית ברירה געמוזט נעבעך פאַרבויגן זיין כבוד, און אין דעם זעלבן אָוונט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון יודל קאַטיקס הויז, ווו ער האָט געטראָפן אַ גרויסן באַדעקטן טיש מיט כל־ערליי יום־טובדיקע מאכלים, ווײַן און בראָנפן כיד המלך, וואָס די קלוגע און די גרויסע אשת חיל, מאַדאַם מאַטקאַ קאַטיק, האָט צוגעגרייט . . .

די באַלעבאָטים האָבן דעם "גאַסט" באַלד פאַרבעטן צום טיש. דער רעוויזאָר האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. ער, אַ שטאַרק אויסגעהונגערטער, האָט זיך באַלד אַרויפגעוואָרפן ווי אַ הונגעריקער וואָלף אויף די געשמאַקע יידישע מאכלים און זיי פאַרצערט ביזן סוף. יודל קאַטיק האָט אים אַלע ווײַלע אָנגעגאָסן איין גלעזל בראָנפן נאָכן אַנדערן. דער רעוויזאָר האָט אַזש געשוויצט, געריבן אויף בײַדע באַקן און אַלע ווײַלע אַרײַנגעגאָסן אין זיך איין גלעזל משקה נאָכן צווייטן, אַזוי אַז ער האָט זיך אַזש פאַסמאַקעוועט און שטאַרק געלויבט פרוי קאַטיקס געשמאַקע, ווונדערלעכע מאכלים . . .

און ערשט "כטוב לב המלך ביין", ווען דער ערל איז שוין געווען היבשלעך פאַרשניאַשקעט, האָט יודל קאַטיק אים אונטערגערוקט דעם גאַנצן פּאַק פּאַטענטן פון די שטעטלשע קרעמער און שענקער צום אונטערשרײַבן.

דער אָרון הגדול, דער רעוויזאָר, האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און האָט אויף איטלעכן יידישן פּאַטענט אָוועקגעלייגט זײַן "כשרע" חתימה, ד"ה, אַז נאָך אַ לאַנגער חקירה ודרישה, האָט ער אויסגעפונען, אַז אַלץ איז דאָ שריר וקים, פײַן און אָרנטלעך . . . און דערפאַר האָט יודל קאַטיק, דער יידישער שתדלן, פון זײַן זײַט, אים באַלד אויסגעריכט בכבוד גדול אין וועג אַרײַן, און אים נאָך געגעבן צושטײַער אַ פּאָר רובל אויף הוצאות הדרך . . .

עס איז באַלד געוואָרן ששון ושמחה אין שטעטל. מ'האָט זיך אָפּגעגעבן אײנער דעם אַנדערן מזל־טוב. גאַנץ שטאָט, פון קליין ביז גרויס, האָט זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צו יודל קאַטיקס הויז, מען האָט יודל קאַטיקן אַ נעם געטאָן אונטער די אָרעמס און אים געפירט מיט גרויס פּאַראַד צום רב אָנצוזאָגן אים די גרויסע בשורה.

דער רב, אַ צופרידענער, אַ גליקלעכער, האָט פון גרויס פרייד זיך געריבן די הענט און געזאָגט מיט אַ הלצהלע:

— אויב אַזוי, דאַרף מען טאַקע מאַכן "הבדלה", נעמען צו ביסלעך משקה.

און טאַקע באַלד איז אויסגעוואַקסן בײַם רב אויפן טיש דאָס ביסעלע גוטע משקה, מיטן אמתן, זיסן, שטאַרקן ווישניאַק. מען האָט געטרונקען לחיים און זיך געווונטשן צו דערלעבן ישועות ונחמות אויף יידן . . .

און ווען ס'איז שוין נעהאָט אַריבער די ערשטע התלהבותדיקע פרייד, האָט דער רב אַ גלעט געטאָן, מיט זײַן אײדעלער, ווײַסער האַנט, איבער זײַן שוואַרצער באָרד, און מיט אַ שטילן, געמיטלעכן קול גענומען זאָגן פאַרן עולם אַ קורצע דרשה מיט אַ מוסר־השכל:

— אַ, ווען אלע יידן וואָלטן אזוי אָפּגעהיט דעם אמתן שבת־קודש, ווי מיינע קאַמעניצער און זאַסטאַוויער יידן האָבן אָפּגעהיט דעם "יום מנוחה" צוליב דעם רשע מרושע, דעם רעוויזאָר, וואָלט שוין טאַקע לאַנג געווען געקומען די אמתע גאולה שלמה אויפן כלל ישראל . . . — האָט דער רב פאַרענדיקט מיט א קרעכץ . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אויפן פאַרלאַנג פונם רב, דעם מרא־דאתרא, האָט מען די דאָזיקע אויסטערלישע פּאַסירונג, ווי אזוי דער קלוגער יודל קאַטיק האָט געפירט דעם רוסישן רעוויזאָר אין באָד אריין, באַלד פאַרשריבן אינם שטעטלשן פּנקס, כדי צו צוקונפטיקע דורות זאָלן וויסן וואָס פאַר א כוח עס ליגט אינם יידישן שבת . . . און אינם אייביקן יידישן ביטחון . . .

דער מזכיר, דער פּנקס־שרייבער, וואָס איז געווען א גרויסער בעל־מליצה, האָט דעם שלעכטן, בייזן רעוויזאָר אָנגערופן מיטן נאָמען — המן הרשע, יודל קאַטיקן דעם שתדלן — מרדכי הצדיק, און זיין ווייב, די קלוגע אשה צנועה וחשובה מרת מאַטקע קאַטיק — מיטן נאָמען אסתר המלכה, ווייל א דאַנק איר גוטער געשמאַקער סעודה, איז שטעטל פּטור געוואָרן פונם צורר היהודים — דעם רוסישן רעוויזאָר . . .

# שאול־נחום דער קארגער גביר

## א

געוועזן איז שאול־נחום דער גביר א ייד א בעל מגושם, א הויכער, מיט א שווערן, לייביקן גוף, מיט א גרויסן, אומגעלומפערטן קאפ; דאס פנים באוואקסן מיט א ווילדער בארד; אויגן קליינע, פארזשמורעטע; די נאז — א היבשע, א פליישיקע, אויף וועלכער ס'האט שטענדיק געריטן א פאר טונקעלע, שווארצע ברילן, כדי צו באשיצן זיינע אויגן פון דער זון; ליפן גראבע, ווי ביי אן אפריקאנער זולו; הענט — לאנגע, שווערע, מיט אנגעבלאזענע פינגער, ווי פעטע פאמפושקעס; פיס — גרויסע, שווערע, קלעצלדיקע, וואס האבן זיך אזש געבויגן אונטער דער שווערער משא פון זיין מאסיוון גוף, וואס זיי האבן נעבעך געדארפט טראגן אויף זיך.

פארשטייט זיך, ווען אזא ייד, מיט אזא שווערער "מעכאנינע" וואלט געדארפט ציען זיין חיונה, ווי יעדער איינער אין שטעטל, פון שווערער מי און פראצע, וואלט ער געווען אן ארימאן אין זיבן פאלעס. עס וואלט אים שוין אויך ניט געלעגן אין זינען צו פראווען זיינע ווילדע שטיק, כלערליי משוגעתן און קאפריזן, וועגן וועלכע מיר וועלן שפעטער דערציילן.

איז ער דאך אבער געווען א גביר, און כידוע, איז א גביר שטענדיק א בר־מזל, אניט וואלט ער דאך קיין גביר ניט געווען . . . האט אים גאט, ברוך הוא, צוגעשיקט זייער א גרינגע פרנסה — וווכעריי, ד"ה, ער פלעגט אנטלייען געלט אויף פראצענט צו גויים, צו סוחרים, וואס האבן געפירט גרויסע מסחרים, און אויך צו פריצים, וואס האבן פארמאגט גרויסע מאיאנטקעס.

אבער ניט אזוי גרינג איז אנגעקומען צו קריגן ביי אים א נויטיקע הלוואה. ווייל בטבע איז שאול־נחום, דער גביר, געווען זייער א פינקטלעכער און א פארזיכטיקער מענטש; אלץ וואס ער האט געטאן, האט געמוזט זיין מיט א סדר, מיט א טאלק און מיט א פלאן. האט ער זיך געהייסן פריער צושטעלן שוה־כסף, ווערטפולע משכנות, ווי שנירעלעך פערל, דימענטענע אוירינגלעך, גאלדנע בראסלעטן, קייטעלעך און רינגעלעך, זיי אפגעשאצט און אפגעוווגן אז זיי זאלן זיין ווערט "עובר לסוחר". און ווער ס'האט ניט פארמאגט אזעלכע טייערע שמוק־זאכן, איז אויך געווען גוט "אייזערנע" דאקומענטן: שטר־מכירהס, "קופטשעס" אויף הייזער און ברייזער, אויף פעלדער, גערטנער און נאך אזעלכע "נכסי דלא ניידי". ערשט דעמאלט האט ער אויפגעשלאסן זיין אייזערנעם קופערט און אויסגעצאלט די מזומנים . . .

געווען איז ער אויך א יודע ספר, א גרויסער קענער אין חשבון, אין דער חכמת המאטעמאטיקע; געקענט אנשרייבן א לשון־קודשדיקן בריוו מיט אלע פליטערלעך: גערעדט רוסיש, ווי א רוסאק; פויליש — ווי דער גרעסטער שררה; און ווען מען האט געדארפט, האט ער אפילו אויך געקאנט ריידן א גוטן לשון אשכנז — דייטש, כאטש ער איז קיינמאל ניט געווען אין דעם לאנד פון דייטש. דאס האט ער זיך שוין געהאט אויסגעלערנט אליין, מיט דער הילף פון "משה מענדלסאנס תנ"ך" מיט דער דייטשישער איבערזעצונג . . .

אן אנדער שטעטל וואלט זיכער געווען שטאלץ מיט אזא גביר, וואס איז א מושלם בכל המעלות, אבער שטעטעלע זאסטאוויע האט ניט נאר ניט געהאט פאר אים קיין דרך־ארץ, נאר זי האט אים אויך פיינט געהאט בתכלית השנאה, ווי א פרומער ייד האט פיינט חזיר. דאס איז שוין געווען זיין אייגענע שולד, מחמת ער איז געווען, ניט פאר קיין יידן גערעדט, א ווילדע בריאה, א גרויסער טשודאק און א מוראדיקער קמצן, וואס נאך אזעלכן איז שווער געווען צו געפינען, אפילו ווען איר וואלט אויסגעפארן א גאנצע מדינה.

ווארים זאגט אליין, פלעגן די זאסטאוויער ווייבער טענהן מיט כעס, ווו איז דאס געהערט געווארן, אז א גביר, וואס פארמאגט קורחס אוצרות, זאל ניט וועלן אריבערלאזן אן ארעמאן איבערן שוועל?! קומט מען צו אים אמאל בעטן אביסעלע יויך, צי איינגעמאכץ צו דערקוויקן א חולה מסוכן אדער אן ארעמע קימפעטארין, טרייבט ער פון שטוב ארויס! און אליין זיצט עס איבערן שיסל געבראטנס און פאשעט דעם אייגענעם טרעלבויך! זאל עס אים נאר אויספאלן באקאם, רבונו של עולם! ווערים זאלן אים עסן לעבעדיקערהייט! איבער די הייזער זאל ער נאך גיין! אין הקדש זאל ער ליגן און פוילן! אין פרעמדע תכריכים זאל מען אים באגראבן!

אט מיט אזעלכע "טויטע" קללות פלעגן די שטעטלשע פרומע יידענעס, זיינע שכנהס, אים שעלטן, אויסגיסן אויף אים די גאנצע תוכחה. אבער ס'האט אים גארניט געשאדט, ווי ניט אים מיינט מען. און ס'האט אים כלל גארניט געקימערט וואס שטעטל טראכט וועגן אים. פארקערט, ער האט זיך נאך באמיט צו זיין וואס ווייטער פון זיינע שכנים, וואס האבן געקוקט אויף אים ווי ער וואלט געווען א פרעמדער אין זייער מיט. אויסער שבת און יום־טוב, איז ער אפילו ניט געקומען אין בית־מדרש צום מנין דאווענען. און ווען ער איז שוין יא געקומען, פלעגט ער זיך אוועקשטעלן אויף זיין מזרח־שטאט, לעבן ארון־קודש, מיטן פנים צו דער וואנט און מיטן רוקן צום עולם און מיט קיינעם קיין ווארט ניט גערעדט.

אבער וויפל ער האט זיך ניט געסטארעט זיך אפצוזונדערן און זיך אפצושליסן פון דער דרויסנדיקער וועלט, האט די "גרויסע וועלט" — שטעטעלע זאסטאוויע, זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, און דווקא געוואלט וויסן וואס עס קאכט זיך ביי אים אין טעפל . . . ס'האבן זיך אפילו געפונען טשיקאווע מענטשן, וואס האבן אויסגערעכנט און אויסגעחשבונט וויפל אן ערד הינער, גענדז און קאטשקעס ער עסט אויף אין משך פון יאר . . .

און וויפל א שטייגער בארעס־געלט און וואסערע טייערע משכנות עס ליגן ביי אים פארשלאסן אין זיינע אייזערנע קופערטן, וואס שטייען ביי אים אין זיין "ספאלניע", אין זיין שלאפצימער . . .

אבער עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן זאגן, אז אט דער גביר, שאול־נחום, איז מיט זיין גאנצער עשירות געווען אפשר דער אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט, אזוי אז עס איז אים גארניט געווען וואס מקנא צו זיין, ווי מיר וועלן עס אייך באלד דערציילן.

ווי א גביר, וואס האט געלעבט פון פראצענט אויף פראצענט, האט ער זיך אריינגענומען א מאנקאליע אין קאפ אריין, א משוגעת אזא, אז ער איז ארומגערינגלט מיט שונאים, וואס לויערן אויף זיין גרויסן פארמעגן, ווילן אים רק באגנבענען, בארויבן און אונטערצינדן, ווי דאס האט שוין געטראפן אין דער געשיכטע ניט מיט איין יידישן מלווה, א פראצענטניק . . .

איז כדי זיך צו באשיצן פון זיינע בלוטיקע שונאים, וואס ווילן אים דערפירן, ניט אנדערש, ווי צו בעטל־ברויט, האט ער זיין גרויסן הויף מיט דער כודאבע, מיט אלע זיינע בנינים, הייזער, שפייכלערס, שטאלן און שייערן, וואס האבן זיך געהאט געפונען אין סאמע מיטן שטעטל, ארומגעצוימט מיט הויכע פלויטן און פארקאנעס פון שווערע צאליקע ברעטער און אפאלקעס, וואס זיינען געווען העכער פון א מאן די הויך, זיי באשלאגן מיט "באנדארקע", מיט דיקן בלעך און שטארקן דראט, אז קיין פרעמד אויג זאל אהין ניט קאנען אריינקוקן. די טירן און לאדן פון זיין הויז, האט ער, פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק, פארקאוועט מיט שווערע פרענטעס, מיט אייזערנע גראטעס, פארריגלט און פארשלאסן אויף זיבן שלעסער.

און כדי זיך צו באווארענען קעגן זיינע אונטערצינדער, קעגן שריפות, האט ער לעבן יעדער וואנט פון זיינע "בודינקעס" אוועקגעשטעלט גרויסע באטשקעס און עמערס מיט וואסער, נאסע "פאמעלעס", אייזערנע בארסיקעס, אזוי אז טאמער חלילה וחס עס ברעכט אוים א פייער זאל ער האבן מיט וואס צו לעשן . . .

א חוץ דעם פלעגט ער צוויי־דריי מאל דורך דער נאכט זיך אראפכאפן פון זיין געלעגער, אנצינדן די לאמטערנע, נעמען דעם שווערן בונטשליסלען און זיך ארויסלאזן איבער זיין גרויסן הויף, אויפשליסן די שפייכלערס, די שטאלן, איבערציילן די בהמות, די קעלבלעך, די הינער, די קאטשקעס און די גענדז, וואס ער אליין האט "געזעצט" און אויך די וואס ער פלעגט קריגן במתנה פון די פריצים, זיינע בעלי חובות.

זיינע שכנים פלעגן זיך וויצלען איבער אים און זאגן, אז ער פוילט זיך אפילו ניט יעדער פרימארגן איבערצוציילן די צאל עפל, בארנעס און פלוימען אויף דיביימער פון זיין גרויסן סאד. ווארים א קשיא אויף א גביר, א טשודאק און נאך א קמצן דערצו ? . .

און ערשט ווען ער האט זיך געהאט גוט איבערצייגט, אז אלץ איז אין

אָרדענונג; קיין זאַך איז חלילה ביי אים ניט געמינערט געוואָרן, פּלעגט ער זיך צוריק אומקערן אויף זיין געלעגער. אָבער ווי גיך ער האָט מיט זיינע שאַרפע, אָנגעשפּיצטע אויערן, אויפגעכאַפּט עפּעס א פרישן שאָרך פון דרויסן, איז ער שוין ווידער געווען אויף זיינע פיס . . .

אזוי נאַכט־איין, נאַכט־אויס. ווען שטעטל איז געווען פאַרזונקען אין שלאָף פון גערעכטע, פלעגט ער ארומגיין ווי א נאַכט־וואַנדלער, זוכן מיט א ליכט זיינע גנבים, זיינע רויבער, זיינע אונטערצינדער, אזוי אז ער האָט נעבעך מיט קיין אויג ניט געקענט צומאַכן.

שטעטעלע זאַסטאַוויע האָט געלאַכט און חוזק געמאַכט פון זייער צעדרייטן גביר, וואָס האָט זיך איינגערעדט "א לונג און לעבער אויף דער נאָז", א קרענק אַזאַ, טראָגט זיך כסדר ארום מיט א ווילדער שרעק, אזוי אז ער קאָן נעבעך קיין הנאה ניט האָבן פון זיין עשירות . . . איז גוט אזוי! א מצווה אויף אים! זאָל ער ניט זיין קיין קאַרגער הונט! הלוואי אויף אַלע גבירים־קמצנים געזאָגט געוואָרן אזא ווילדע שטראָף!

און כ'לעבן, ס'איז טאַקע געווען פון וואָס צו לאַכן. וואָרים אזא שטראָף אויף א גביר, א קמצן, וואָס האָט נעבעך ניט געקענט נהנה זיין פון זיין אייגענעם פאַרמעגן, האָט נאָר דער שטן געקאָנט צוטראַכטן . . .

ב

ווי עס ווייזט אויס, אז דאָס וואָס אונדזערע חז"ל האָבן געהאַט געזאָגט, אז "הרבה שלוחים למקום" איז טאַקע אמת. וואָרים אז דער רבונו של עולם שיקט אָן דעם שטן אויף א מענטשן זיך א שפּיל צו טאָן מיט אים, וועט אים דער שטן המשחית שוין אזוי גיך פון זיינע הענט ניט ארויסלאָזן. האָט ער אָנגעשיקט אויף אונדזער שאול־נחומען, דעם קאַרגן גביר, נאָך א גרעסערע צרה, און דאָס איז דעם "שונא פון דער מענטשהייט" . . . וואָס איז פאַר אים געווען נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי זיין פינצטערע שרעק פאַר גנבים, רויבער און אונטערצינדער.

וואָרים קעגן גנבים קאָן מען נאָך ווי עס איז געפינען אן עצה: מען הענגט אויף נאָך א שלאָס אויף דער טיר, מען קלאַפּט צו נאָך א פּרענטע, נאָך אן אייזערנע גראַטע צום פענצטער, צום לאָדן. אָבער פון די קליינינקע ברואים־לעך, די מזיקים קטנים, מיט די שאַרפע ציינדלעך וואָס זיינען בבחינת "רואה ואינו נראה" איז דאָך גאָר קיין אַנטרינונג ניטאָ! זיי קריכן אריין אין דיר, אין דיין איינגעווייד, אין דיינע גלידערים, אין דיין שפּייז און אויף דיין געלעגער. אָט פּונקט ווי די מכה "כנים", די אומפּליי, מיט וועלכע גאָט האָט געשלאָגן דעם רשע, פּרעה מלך מצרים, וואָס אויפן היינטיקן מעדיצינישן לשון ווערן זיי אָנגערופן מיטן נאָמען באַצילן, מיקראָבן און נאָך אַזעלכע נעמען! . . איר שפּילט זיך עפּעס מיטן שונא פון דער מענטשהייט? . . .

אזוי שטייט דאָך פאַרשריבן אין די גרויסע מעדיצינישע ביכער, וואָס שאול־נחום דער גביר, דער משכיל, דער וווילגעלערנטער, האָט געהאַט ספּע־

ציעל אויסגעשריבן פון די גרויסע שטעט, כדי צו פארהיטן דאָס געזונט, ניט פון זיינע שטעטלשע שכנים, וואָס זיינען אים אפילו ניט געלעגן אין דער לינקער פּאה, נאָר פון זיין אייגענעם גוף און דאָס געזונט פון זיינע בני־בית, ווייב און קינדער.

— וואָס, איר גלויבט אפשר ניט דערין?! — פלעגט שאול־נחום טענהן צו זיין איינציקן גוטן־פריינט, ר׳ ישראל לוסקעלער, דעם גמרא מלמד, וואָס איז שוין אויך געווען אביסעלע אָנגעשטעקט מיט די אידייען פון דער ״בת השמים״, דער השכלה . . . — טאַ, נאַט און לייענט וואָס עס שרייבן די רופאים מומחים, די גרעסטע וועלט־באַרימטע דאָקטוירים, די בעלי מחב־רים פון די דאָזיקע מעדיצינישע ביכער! קוקט אויף די ״קאַרטינקעס״, אויף די אויסגעמאָלטע בילדער, זעט די צעגעסענע און די צעגריזשעטע מענטש־לעכע סקעלעטן, שטיקער אברים, קעפּ, הענט, פיס, לונגען, בייכער מיט צו־נויפגעדרייטע קישקעס, מיט אלע זייערע נקבים־נקבים, חלולים־חלולים, וועט איר זען וואָס פאַר א חורבן עס האָט אָנגעמאַכט אין זיי ״דער שונא פון דער מענטשהייט״ — די פאַרשאָלטענע מילבעלעך, די מחבלים קטנים, די מיקראָבן, ימח שמם וזכרם! וואָס האָבן נאָך א טבע זיך צו פרוכפּערן און זיך צו מערן אין דעם מענטשלעכן קערפּער! מ׳דאַרף דאָך האָבן צו זיי ממש טויזנט אויגן צו קאָנען זיך אויסהיטן פון זייער טויטלעכן גיפט !. . . ווען מען טוט נאָר א טראַכט וועגן זיי, כאַפּט דאָך אָן אן אימה, א שרעק! אזש דער מוח שפּאַלט זיך דיר! מען טאָר דעריבער ניט זיצן מיט ציגויפגעלייגטע הענט! מ׳דאַרף עפּעס טאָן! עפּעס א קלייניקייט — איר האָט דאָך עפּעס צו טאָן מיט א מוראדיקן שונא ! . .

שאול־נחום האָט זיך טאַקע באַלד גענומען פאַר דער אַרבעט. ער, דער גרויסער עקשן, האָט זיך א נעם געטאָן מיט זיין גאַנצער ענערגיע צו פאַר־טיליקן דעם ״שונא פון דער מענטשהייט״ פון זיין גבול . . .

לויט די עצות און די אָנווייזונגען פון די דאָקטוירים מומחים, אין זיינע מעדיצינישע ביכער, האָט ער געהאַלטן אין איין צונויפשטעלן כלערליי רפואות, שמירעכצן, אַזעלכע ״מאַשטשעס״, וואַסערלעך און זאַלבן, וואָס ער האָט אָנגעפילט אין צענדליקער טעפּעלעך, פלעשער, פלעשלעך, סלאָיעס, צעשטעלט אויף אלע טישן, אויף ספּעציעלע צוגעגרייטע פּאָליצעס און שאַ־פעס, ווי אינם גרעסטן אַפּטייק. און פון דעם אַלעמען האָט זיך געטראָגן א שאַרפער ריח פון טראָן, דזשעגעכץ, קאַראַבאָל, יאָד, נאַפטאַלין, וואָס האָבן געקיצלט אין די נאָזלעכער ביז צום ניסן און געקרעקט אין האַלדז ביז צום פאַרהוסטן זיך.

ער האָט אויך באַלד אָנגענומען זייער שטרענגע פאַרהיטונגס מיטלען: ער האָט פאַרזאָגט זיינע בני־בית מיטען האַרבן וואָרט, אז פון היינט אָן און ווייטער זאָל קיינער פון זיי ניט וואָגן צו טרינקען דאָס וואַסער פונם ברונים, סיידן מ׳זאָל עס פריער גוט איבערקאָכן און עס האַלטן אין ספּעציעלע פאַר־קאָרקעוועטע פלעשער.

צוווייטנס, דארפן זיי ווי ווייט מעגלעך, זיך דערווייטערן פון פרעמדע מענטשן, ומהאי טעמא, האט ער מורא געהאט אריבערצולאזן אן ארעמאן איבער זיין שוועל, ווייל ווער נאך ווי ארעמעלייט, זיינען אזויפיל באלאדן מיט מיקראבן און באצילן, און קאנען נאך חלילה מיט זיי פארפעסטן זיין הויז? . .

און דריטנס, און דאס איז ביי אים געווען דער עיקר, האט ער, נאכט־איין, נאכט־אויס פארן שלאפן גיין, גענומען יעדער איינעם פון זיינע בני־בית בודק זיין די . . . צונג. ווי נאר די מראה פון עמיצנס א צונג האט געהאט ארויסגערופן ביי אים א שטיקל חשד, האט ער גלייך געכאפט א פולן לעפל פון זיינע שארפע רפואות און עס אריינגעגאסן אויף גיך גלייך צו יענעם אין מויל אריין . . .

פארשטייט זיך, אז ביים איינגעמען די דאזיקע מיתה־משונהדיקע רפואות, האבן זיינע קינדער זיך אזש געקארטשעט אין דרייען, געבראכן מיט דער גרינער גאל. ס'האט זיי אבער גאר ניט געהאלפן; זיי האבן ניט געטארט מזלזל זיין אין זייער טאטנס רפואות און מעדיצינען און געמוזט נעבעך אראפ־שלינגען.

ערשט ווען זיי זיינען אונטערגעוואקסן, זיינען אלע ווי איינער זיך צעלאפן פון אים און פון זיינע ווילדע משוגעתן, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט. זיי זיינען אים מוחל געווען במחילה גמורה זיין "שמירת הגוף", זיין געטרייִשאפט און אויך אפילו זיין רייכע ירושה, וואס ער האט זיי געזאלט איבערלאזן לאחר מאה ועשרים שנה, אבי ניט דארפן זיין געצוווּנגען יעדער נאכט, פארן שלאפן גיין, איינצונעמען זיינע ביטערע סם־המותדיקע רפואות.

און זיך אליין, האט שאול־נחום אויך ניט פארזען. ער האט ניט אפ־געטאן זיין אויג פון זיין אייגענעם גוף אפילו אויף קיין איין מינוט ניט. ער האט אלע ווײַלע געטאפט ביי זיך דעם דופק, געמאסטן מיט א "גראדוסניק" זיין טעמפעראטור. און ווי נאר ער האט באמערקט א מינדסטן צייכן, א קראץ אויף זיין הויט וואס איז אים מסתמא געקומען פון א ביס פון א פליג, צי פון א קאמאר אדער גאר פון א פלוי, האט ער באלד געכאפט און אנגעשמירט דאס ארט מיט א זאלב, מיט א שמירעכץ און מיט אזא מאשטש, אזוי אז ס'האט פון אים שטענדיק זיך געהאט געטראגן א שארפער גערוך, ווי פון א גייענדיקער אפטייק . . .

ביי יעדער ענדערונג פון דער "פאגאדע", פונם וועטער, האט ער גלייך אנגענומען געהעריקע מיטלען; זומער, אפילו אין די גרעסטע היצן, האט ער ניט ארויסגעשטעקט די נאז אינדרויסן, סיידן ער האט פריער זיך גוט אנגעפעלצט, זיך ארומגעבונדן מיט ווארעמע פאטשיילעס און מיט וואלענע שאלן, כדי ער זאל חלילה ניט כאפן קיין פארקילונג . . . ווינטער אבער, פלעגט ער אויפשטיין אינדערפרי, נעמען א האק, אוועקגיין צום טייך, אויס־האקן א "פאלאנקע" און זיך אפטובלען אינם אייז־קאלטן וואסער. דאס האט ער געהאלטן איז איינע פון די גרעסטע סגולות קעגן דעם "שונא פון דער מענטשהייט" — די מזיקים קטנים, די מיקראבן, ימח שמם וזכרם . . .

איז אזוי ווי איר זעט, האָט שאול־נחום דער גביר, מיט זיין שווערן, מאַסיוון גוף, געהאַלטן אין איין פירן אַ שווערע, האַרטנעקיקע מלחמה קעגן די אומזעבאַרע מחבלים קטנים, די מיקראָבן. אַ, וואָס האָט ער שוין ניט איבערגעטאָן איבער זיך!

פונקט ווי די "אנשי מעשה", די שטרענגע בעלי מקובלים, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פּייניקן זייערע גופים, אָפּגעריכט סיגופים, געפּראַוועט תעניתים, זיך געקייקלט אין שניי, כדי צו ריייניקן זייערע נשמות פון זינד, אַזוי אויך האָט שאול־נחום דער גביר געהאַלטן אין איין פּייניקן זיין גוף, גע־גאָסן זיך אין האַלדז אַריין ביטערע, סם המותדיקע רפואות, זיך געטובלט אינם פאַרפּאַרענעם טייך, אַלץ צוליב די נאַרישע, איינגערעדטע מחבלים קטנים, די קליינינקע מילבעלעך, די רואה ואינו נראהדיקע ברואימלעך, וואָס זיינען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן . . .

אָט די דאָזיקע איינגערעדטע קרענק, די שטענדיקע שרעק זיינע, האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַטעטישער פיגור, אין אַ טראַגי־קאָמישער פּערזאָן, אַזוי אַז שטעטלע זאַסטאַוויע האָט שוין ניט געוווסט צי זיי זאָלן ווייטער לאַכן און חוזק מאַכן פון זייער גביר מיט זיינע ווילדע משוגעתן, אָדער מ'דאַרף גאָר אויף אים רחמנות האָבן ? . .

און ווירקלעך, עס איז טאַקע געווען אויף אים אַ ביטערער רחמנות. וואָרים שטעלט זיך פאָר, אַ גביר וואָס האָט געקענט לעבן אין ווווילטאָג, אין ראַסקאָש, אין נחת און אין פריידן, האָט געציטערט ווי אַ בלעטל אין ווינט, זיך געשראָקן פאַרן אייגענעם שאָטן, דאָ פאַר גנבים, רויבער און אונטערצינ־דער, און דאָ גאָר פאַר נישטיקע ברואימלעך, וואָס מיטן אויג ניט צו זען, אַזוי אַז מיט יעדער ביסן וואָס ער האָט אַראָפּגעשלונגען, האָט זיך אים רק געדוכט, אַז ער שלינגט אַראָפּ אַ שונא צו זיך אין די גדערים אַריין . . .

די זאַסטאַוויער יידן, וואָס האָבן געשמט מיט זייערע שאַרפע, קלוגע, ווערטלעך פלעגן שאָקלען מיט די קעפּ און זאָגן:

— ניט אַנדערש, אַז ביי שאול־נחומען אין מוח איז קאַליע געוואָרן אַ שרייפעלע . . . .

— אַ קלעפּקע איז אַרויסגעפאַלן, — האָט באַמערקט אַ צווייטער.

אַ דריטער האָט געגעבן אַ שפּיי און געזאָגט:

— פוי! איידער אַזאַ גביר צו זיין, איז שוין פיל בעסער צו זיין אַן אָרעמאַן און גיין איבער די הייזער.

ג

אָבער נאָך ערגער פון אַלע זיינע שטענדיקע שונאים, גנבים, גזלנים און די ברענער און די קליינינקע באַשעפעניש, די מיקראָבן, האָט שאול־נחום, דער איינציקער גביר אין שטעטל, געליטן פון די שטעטלשע קונדסים, די יונגאַטשעס, די עבּבּרשים, גרויסע שטיפער, די אמתע ווייסע־חברהניקעס,

וואס האבן אים אנגעטאן כל ענויים קשים. וויפל דער קלוגער און געלערנטער שאול־נחום האט זיך ניט געקליגט זיי בייצוקומען, איז אים ניט געלונגען. זיי פלעגן אים אפטאן בלעראיי צו להכעיסן און שפיצלעך פון וואס ער איז שיר ניט פון זינען געקומען.

טא פרעגט זיך: מיט וואס האט זיך שאול־נחום דער גביר אזוי פאר־זינדיקט קעגן די שטעטלשע ווייסע־חברהניקעס?

איז דער ענטפער: זיי האבן אים פיינט געהאט, ווייל עס איז ניט געווען ווער ליב צו האבן. און צווייטנס, ווי איר ווייסט שוין, האט אים גאנץ שטעטל, מיט אלע טאטעס און מאמעס, פיינט געהאט. טא, פארוואס זאלן זיי אים ליב האבן?

אבער די אמתע סיבה, פארוואס זיי האבן שטענדיק געטראגן אויף אים א ביטער הארץ, איז געווען צוליב זיין גרויסן סאד, וווּ עס זיינען געוואקסן די שענסטע עפל, בארנעס, וועגערקעס, פלוימען, וואס האבן געשמט אין דער גאנצער געגנט מיט זייער געשמאקן, זיסן טעם.

שאול־נחום, וואס האט טאג און נאכט געהאלטן אין איין אפהיטן דאס געזונט פון זיין גוף און פון זיינע בני־בית, האט אויך נאך מיט מער עקשנות און לײדנשאפט געהאלטן אין איין אפהיטן דאס געזונט פון זיין סאד. יעדער צווייגעלע איז אים געווען טייער ווי דאס אויג פון קאפ.

ווארים שאול־נחום, דער משכיל, דער גרויסער קענער פון תנ"ך, האט געהאלטן פונם פסוק "כי האדם עץ השדה" — דער בוים, דער צומח, איז געגליכן צו א מענטש. פונקט ווי אויפן מענטשן האלטן אין איין לויערן בלעראיי שונאים, די מיקראבן און באצילן, וואס ווילן רק צעשטערן זיין געזונט און לעבן, אזוי אויך לויערן אויף יעדער בוים, אויף יעדער פלאנץ און געוויקסל בלעראיי משחיתים, זשוקעלעך, ווערימלעך און פליגעלעך, וואס זייער איינציקע עובדא איז נאר אומצוברענגען און צו פארטיליקן די צמחים פונם פנים פון דער ערד, ווי דאס ווערט באשריבן אין זיינע רוסישע און דייטשישע אגריקולטורעלע ביכער, וואס ער האט אויך געהאט ספעציעל אויס־געשריבן פון די גרויסע שטעט, כדי צו באשיצן זיינע טייערע פרוכטביימער פון זייערע שונאים.

איז ווי גיך ס'איז געקומען דער ווארעמער פרילינג, פלעגט שאול־נחום ארויסקריכן פון זיין גרויסער שטוב, ווי דער בער פון דער נארע, און זיך אריבערגעקליבן אין זיין זומער־וווינונג, אין זיין "ליעטאנקע", וואס איז גע־שטאנען אין סאמע מיטן פון זיין גרויסן סאד. ער האט דארט אפגעהיניעט א גאנצן זומער, דארטן געגעסן און געשלאפן, ביז העט אין שפעטן הארבסט, ביז ער האט שוין געהאט אראפגענומען דעם גאנצן "לקט" — דאס לעצטע עפעלע פון בוים.

אין די דאזיקע פרילינג־טעג פלעגט שאול־נחום דער גביר "כורת ברית זיין", ווערן "פאני־בראט" מיט זיינע שכנישע קינדער. ער פלעגט זיי געבן אין די הענט אריין גרויסע עמערס מיט קאלך און מיט וואפנע, בערשט און פענזלען, אפצוקאלכן יעדער בוים פון אונטן ביז צו די צווייגן.

אביסל שפעטער, ווען זיין גרויסער סאד האט זיך צעבליט, פלעגט ער ווידער צונויפנעמען א מחנה יינגלעך און ארויסגיין מיט זיי אין א מלחמה קעגן די שונאים פון זיינע ביימער. און כ׳לעבן, עס איז טאקע געווען וואס צו זען: פארויס איז געגאנגען דער שוואר־לייביקער גביר, ווי א קאמאנדיר, אנגעטאן אין א ווייסן כאלאט. הינטער אים די מחנה יינגלעך, באלאדן מיט גרויסע קאנען, מיט פולע עמערס מיט אזא פליסיקן סם, וואס ער האט נאך אין ווינטער געהאט צוגעגרייט, און מיט אזעלכע ספעציעלע שפריצערס צו באשפריצן די "שרצים ורמשים", די ווערים, די פליגעלעך און די זשוקעלעך וואס הייבן ערשט אן ארויסצוקריכן פון זייערע אייעלעך.

פאר דער דאזיקער ארבעט, פלעגט ער צאלן זיינע יונגע פועלים מיט פאראיאריקע, צוגעלעגענע עפעלעך, אדער מיט בינטלעך גרינע "טאטערקעס" די פעדערן פון די אויסגעוואקסענע ציבעלעס . . .

אין די הייסער זומער־טעג, פלעגט ער אויך ארויסשיקן קינדער "מרגלים" זיי זאלן גיין צונויפקלייבן פאר אים אלע פגירות פון שטעטל, געפגרטע הינער, געפגרטע הינט און קעץ, פאר וועלכע ער האט געצאלט איינגעשטעלטע פרייזן: פאר א געפגרטע הון — א גראשן, און פאר א געפגרטע קאץ אדער א הונט — א קאפיקע. די דאזיקע נבילות און פגירות פלעגט ער זיי הייסן באגראבן אונטער זיינע ביימער, מחמת דאס גיט זיי צו א סך חיות און געזונט, ווי עס שטייט געשריבן אין זיינע מעדיצינישע ביכער איבער פלאנצן און געוויקסן.

פארשטייט זיך, אז זיינע יונגע ארעמע פועלים־ארבעטער, וועלכע ער האט געצאלט אזעלכע מיזערנע שכירות, האבן געטראגן אויף זייער "ברויט־געבער", דעם קארגן גביר, א ביטער הארץ, בפרט נאך ווען ער האט זיי געהיט אויף יעדער שריט און טריט, ווי זיי וואלטן חלילה געווען די גרעסטע גנבים . . . אין ווען נאר זיי האבן געקענט, האבן זיי זיך איזדיעקעוועט איבער אים, אנגעטאן אים כלערליי צולהכעיסן, ביטערע שפיצלעך, פון וואס דער גביר, דער קמצן, האט נעבעך געהאט פון זיי צו זינגען און צו זאגן.

למשל, פורים ביינאכט, נאכן אפלייענען די מגילה, איז שוין ביי דער חברה קונדסים געווען איינגעפירט א מנהג צו קומען צו לויפן מיט זייער גאנצן פורימדיקן קלאפערנצייג צום גביר הינטער די פענצטער און נעמען גראגערן, פויקן און טראסקען מיט די המן־גראגערס און מיט די המן־קלאפערס און קאלאקאטקעס, געקלאפט מיט שטעקנס איבער זיינע שטאכעטן וואס פאר זיין שטוב, געווארפן שטיינער אויף זיין דאך, אזוי אז אויב דער גביר, שאול־נחום איז פון אט דער דאזיקער פורימדיקער קאקאפאניע ניט פון זינען אראפ, האט ער געדארפט זיין שטארקער פון אייזן.

תשעה־באב איז דאך כידוע, א מנהג ביי יידן, פון קדמונים אן, זיך צו ווארפן מיט ווילדע, שטעכיקע בערעלעך, וואס ווען זיי טרעפן אין א יידישער בארד, איז אפילו ווען איר וועט זיין מיט צען קעפ, וועט איר עס שוין פון דארט ניט קאנען ארויסנעמען. איז אנשטאט זיך צו ווארפן מיט בערעלעך,

פלעגן די ווייסע־חברהניקעס זיך ווארפן מיט שאול־נחומס עפל און בארנעס.

און כאטש ס'איז פיל גרינגער געווען דורכצופירן אן עלעפאנט דורך א לעכל פון א נאדל, איידער אריינצובאקומען זיך צום גביר אין סאד, וואס איז געווען ארומגעצוימט מיט א הויכן פארקאן, ווי א מויער די גרויס, דאך האבן די שטעטלשע קונדסים שוין געפונען א פארטל דווקא צו גנבענען ביי אים עפל, וויפל נאר זייער הארץ האט געגלוסט.

איז ווי נאר ר' שואלקע דער מלמד האט גענומען לייענען מיט אן אומעטיקן ניגון די "מגילת איכה" און זאגן די קינות, האט חברה גענומען באווארפן שואל־נחומען מיט זיינע אייגענע עפל. שאול־נחום, וואס איז געזעסן אויף דר'ערד, אויף זיין איבערגעקערטן שטענדער, לעבן ארון־קודש, האט פון די קלעפ זיך אזש געקארטשעט אין דרייען. יעדער עפעלע, וואס איז געפאלן אויף אים, האט אים געטראפן ווי מיט א קויל אין קאפ. ס'האט אים שטארק וויי געטאן וואס מען ווארפט זיך מיט פרוכט, מיטן גאטס־גאב . . . האט ער אלע ווײלע זיך געבויגן צו דר'ערד זיי אויפצוקלייבן. ערשט, ער טוט א קוק, ס'איז אים אזש פינצטער געווארן אין די אויגן! דאס זיינען דאך זיינע עפל! זיינע בארנעס! זיינע ווענגערקערס ! . . ער האט זיך אזש געצאפלט. ער האט געקריצט מיט די ציין. זיך געטרייסלט ווי אין א קדחת. ער האט שוין דעמאלט געהאט דעם אמתן תשעה באב . . .

ער פלעגט אויפשפרינגען פון ארט, אנהייבן שרייען, מאכן גוואלדן אויף זיינע שכנים, וואס דערלאזן אז אזעלכע ווילדע יונגאטשעס זאלן זיך ווארפן מיט זיינע עפל, מיט זיין שווערער מי און פראצע . . . אבער די באלעבאטים, די טאטעס פון די דאזיקע קונדסים, האבן זיך געמאכט כלא ידע און נאך אונטערגעשמייכלט אין בארד אריין . . .

נאכן אפזאגן די קינות, פלעגט דער גביר זיך א נעם טאן צום קליינוואַרג, מאכן א "סליעדסטוואַ", א חקירה ודרישה, אפשר וועט ער פון זיי קאנען דערגיין ווער עס זיינען די גנבים פון זיינע עפל. אבער ס'איז געווען אומזיסט זיין טירחה. די קינדער האבן ניט געוואלט "אויסזאגן פון חדר", ווייל פתח שין, מאכט — שא ! . .

אבער אך און וויי איז נעבעך געווען צו דעם גנב וואס ער האט געכאפט ביי דער האנט: מיט קיין גאנצע ביינער איז ער שוין פון זיינע הענט ניט ארויס. קודם־כל האט ער ביים יינגל, דעם גנב, צוגענומען דאס היטל, וואס דאס אליין איז שוין געווען די גרעסטע שטראף . . . אבער פארן בייזן גביר, דעם קמצן, איז דאס נאך געווען ווייניק. האט ער זיין "קרבן" נאך געצווונגען במחילה אראפצולאזן די הייזלעך און מיט א בונט ברענענדיקע קראפיווע אים גוט אריינגעצימבלט אויפן נאקעטן, ווייכן געזעס, אזוי אז ער זאל שוין פארזאגן א צענטן מער ניט צו גנבענען קיין עפל ביי אים אין סאד.

ד

און טאקע איינמאל, נאך אזא שרעקלעכער עקזעקוציע, וואס דער גביר האט דורכגעפירט איבער א יינגל א יתום, האט חברה באשלאסן צו נעמען פון דעם קארגן גביר, דעם אכזר, די אמתע נקמה.

דאָס איז געווען אין שפּעטן זומער, אין סאַמע סעזאָן פון פּרעגלען אײַנגעמאַכטס, מאַכן פּאָווידלע, טריקענען באַרנעס. איז ווי נאָר חיה־זלאַטע שאול־נחומס ווײַב, האָט אײַנגעהייצט דעם גרויסן באַק־אויוון, איז די גאַנצע שטוב אײַנגעהילט געוואָרן אין א געדיכטן וואָלקן רויך. סאיז געוואָרן א טומל, א געשריי, ווי ס׳וואָלט אויסגעבראָכן א פּאָזשאַר, א שריפה.

שאול־נחום האָט באַלד געשיקט רופן דעם מוליער, אז ער זאָל גלייך קומען זען וואָס איז פּלוצלונג געוואָרן דער מער מיט זײַן אויוון.

מאיר־מתית, דער מוליער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַרן גרעסטן מעכאַניקער פון אויוונס, האָט, ווי א רופא מומחה, גענומען באַטראַכטן דעם קראַנקן אויוון פון אַלע זײַטן. געכאַפּט א קוק אין די יושקעס, אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ טיף אין קוימען, אפשר, ווער ווייס, א קשיא אויף א מעשה, צי האָבן דאַרט ניט אַמאָל די קראָען פאַרלייגט א נעסט און מיט דעם פאַרשטאָפּט די לאָד פונם קוימען? אָבער מ׳זעט דאָרט אפילו ניט קיין סימן פון קיין קראָ, והא ראיה, אין לאָד פון קוימען קוקט אַרײַן א קלאָרער, בלויער הימל, ווי אין אַלע קוימענס אין שטעטל . . .

טאָ וואָס־זשע איז פּאָרט דער מער מיטן אויוון וואָס איז פּלוצלונג, פון דער העלער הויט משוגע געוואָרן?

האָט מאיר־מתית געטראַכט, געקנייטשט מיטן שטערן, זיך געקראַצט אין דער פּאַטילניצע, און ענדלעך אַרויסגעזאָגט זײַן פּסק דין:

— ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה ווי צעוואַרפן דעם אויוון און אויפשטעלן אויף זײַן אָרט א שפּאָגל־נייעם.

ווי שאול־נחום, דער קאַרגער גביר, האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אַזוי אין כעס, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זײַן. ער האָט אָנגעהויבן לויפן איבערן שטוב, ווי א ווילדער, צערייצטער אָקס, געשלײַדערט מיט זײַנע לאַנגע הענט און זיך צעשריען, אַז א שוים האָט אים געזעצט פון מויל:

— וואָס הייסט ער וועט נעמען א פרישן, געזונטן אויוון און אים צעוואַרפן?! ניין און ניין! קיינמאָל אין לעבן ניט ! . . .

ער האָט אויסגעלאָזן כל חמתו אויפן אומשולדיקן מוליער און אים געשיקט צו אַל־די שוואַרצע יאָר.

אָבער דער אויוון האָט אַלץ ניט אויפגעהערט צו רויכערן. שאול־נחום איז געווען אויסער זיך. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אונטער דר׳ערד. עס איז אים געווען א חרפה און א בושה אַזוינס זאָל גאָר טרעפן ביי אים. דאָס האַרץ האָט אים אפילו יאָ געזאָגט, אַז ניט אַנדערש, ווי דאָ שטעקט עפּעס א שפּיצל פון זײַנע שונאים, אָבער וואָס פאַר א שפּיצל, האָט ער ניט געוווסט. וויפל ער האָט זיך ניט געפּאָרעט ביים אויוון, האָט ער בשום אופן ניט געקענט אויסגעפינען ווו עס ליגט אין אים די צרה. ער איז אַרומגעגאַנגען א פאַרקאָפּטשעטער און א פאַררויכערטער, מיט רויטע פאַרשוואָלענע אויגן, אַזוי אויך זײַן הויזגעזינד; זיי האָבן געהוסט, געשפּיגן און געכראַקעט מיט רויך, אַזוי אַז ס׳איז געווען אויף זיי ממש א צער בעלי חיים.

די נייעס וועגן שאול־נחומס קראנקן אויוון האט זיך באלד פארשפרייט איבערן שטעטל. יעדער איינער איז געקומען צו לויפן אנקוקן אט דעם בייזן וווּנדער. איטלעכער האט ארויסגעזאגט אן אנדער השערה, יעדער איינער האט געגעבן אן אנדער עצה. אבער אלע זייערע עצות האבן געהאלפן ווי א טויטן באנקעס. דער אויוון האט זיך געטאן דאס זייניקע — געוואליעט מיט רויך גלייך אין שטוב אריין.

פרומע, גאטספארכטיקע ווייבער האבן צווישן זיך געשושקעט, אז דא איז עפּעס ניט גלאטיק; זיי קאנען שווערן ביי אלץ וואס ס'איז הייליק, אז דאס איז די ארבעט פון יענער חברה, די "ניט־גוטע" רחמנא לצלן, וואס האבן זיך אנגעזעצט אויפן קארגן גביר און ווילן אים ניט אנדערש, ווי נאר אויסרויכערן פון דאנען . . .

ערשט, אז ס'איז שוין געהאט אריבער א וואך און באלד די צווייטע, און דער אויוון האט נאך אלץ געשפּיגן מיט רויך, האט שאול־נחום, שוין א רעזיגנירטער, געשיקט נאכאמאל רופן מאיר־מתית דעם מוליער און אים גע־געבן רשות צו טאן וואס ער פארשטייט . . .

אבער דא איז פּלוצלונג געשען אזוינס, אויף וואס קיינער האט בשום אופן ניט געקאנט איינפאלן: ווען מאיר מתית דער מוליער, מיט דער קעלניע אין האנט, איז ארויפגעקראכן אויפן דאך און איז שוין געווען גרייט פאנאנ־דערצענעמען דאס קעפל פון קוימען, האט ער, צו זיין גרויסער דערשטוינונג, דערזען ליגן א שויב פון א פענצטער אויפן מויל פּותם קוימען.

פארשטייט זיך, ווי גיך מאיר־מתית האט אראפּגענומען פון אים די שטיק גלאז, איז דער קראנקער, רויכערנדיקער אויוון באלד געזונט געווארן.

שטעטעלע זאסטאוויע האט פון איין זייט שטארק אנגעקוואלן פון זייערע קונדסים, די גרויסע שטיפער מיט זייערע קלוגע קעפּעלעך, וואס האבן אויף אזא קלוגן אופן נקמה גענומען פונם גביר, דעם קמצן, פארן שמייסן א יינגל א יתום, מיט קראפּעווע. אבער פון דער צווייטער זייט האט זיי שטארק פארדראסן וואס דעם גבירס אויוון איז ניצול געווארן פון צעווארפן ווערן . . . אט א מזל פון א גביר ! . .

אבער ניט אלעמאל האט עס אים אזוי אפּגעגליקט. אוודאי, וואס אמת איז אמת, אין זיינע שטענדיקע מלחמות קעגן גנבים, קעגן די מחבלים קטנים, די מיקראבן, און קעגן די שרצים ורמשים, די ווערימלעך און זשוקע־לעך, די שונאים פון זיינע פּרוכטביימער, איז דער גביר שטענדיק ארויס דער זיגער. אבער אין זיינע אפּטע מלחמות, וואס אים איז אויסגעקומען צו פירן קעגן די שטעטלשע קונדסים, די ווייסע־חברהניקעס, האט שאול־נחום דער גביר, אליין געמוזט מודה זיין, אז ער האט שטענדיק געליטן איין מפּלה נאך דער אנדערער . . .

## יודל שינדלמאכער און שייעלע שינדלקלאפּער

ביידע האָבן געצויגן זייער בידנע חיונה פון שינדלען. דער ערשטער האָט זיי "פאַבריצירט" און דער צווייטער האָט מיט זיי באַשלאָגן די דעכער פון די רייכע, באַלעבאַטישע הייזער. וואָרים אין יענער צייט, האָט נאָר אַ רייכער, יוסטער באַלעבאָס זיך געקאָנט פאַרגינען צו זיצן אונטערן שאָטן פון אַ שינדל־דאַך. אָרעמעלייט אָבער, זיינען נאָך אַלץ געהאַט געזעסן אונ־טער שטרויענע דעכלעך . . .

האָט דאָך געדאַרפט זיין סיי על פּי שכל און סיי על פּי לאָגיקע, אַז די צוויי באַלמעלאָכעס האָבן געדאַרפט לעבן צווישן זיך בשלום, ווייל ווען ניט יודל שינדלמאַכער וואָלט שייעלע ניט געקענט זיין קיין שינדלקלאַפּער, און אַזוי אויך פאַרקערט: ווען ניט שייעלע שינדלקלאַפּער, וואָלט יודל שינדל־מאַכער ניט געהאַט פאַר וועמען צו "סטרוגעווען" זיינע טייערע שינדעלעך. וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. ווי זאָגט איר, ניט אַזוי? דאָך האָט צווישן זיי שטענדיק געהערשט קידער־ווידער, כעסן און ברוגזן.

און שולדיק אין דעם איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי נאָר שייעלע שינדלקלאַפּער, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן שייעלע פּאַנפּע, וואָס איז געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ בייז ווערעמדיק יידל, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין.

און טאַקע מהאי טעמא, וועלן מיר אָנהויבן דאָס קאַפּיטל פון אים דעם ערשטן, ווייל, ווער ווייס, ער קאָן נאָך חלילה דאָרט אַריינפאַלן אין כעס און רופן דעם שרייבער צום בית־דין של מעלה . . .

שייעלע איז געווען אַ קליין, פּיטשינק יידעלע, מיט קורצינקע פיסע־לעך, מיט אַ קליין שיטערן בערדעלע, מיט קלייניקע איינגעגראָבענע אייגע־לעך, וואָס איינס, דאָס רעכטע, איז געווען פאַרצויגן מיט אַ בעלמע, און דאָס צווייטע, דאָס לינקע, אַ שאַרפס, אַ שניידנדיקס, ווי ס'וואָלט געווען פון גלאָז. און אין סאַמע מיטן פון זיין קליינינקן, באַבערדלטן פּנימל איז געלעגן אויס־געשפּרייט אַ היבשע, ברייטע, צעפּלאַטשעטע נאָז, וואָס האָט נעבעך, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט, שטאַרק אונטערגעפּאַנפּעט.

די דאָזיקע צעפּלאַטשעטע נאָז זיינע, האָט ער טאַקע געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין מלאכת השינדלקלאַפּעריי. וואָרים נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַנטשיקל, איז ער זיך געהאַט געזעסן אויף

א הויכן דאך און געקלאפט שינדלען. האט ער זיך, מעשה שטן, געהאט אויס־געגליטשט, פארלארן זיין גלייכגעוויכט און איז, פאר קיין מענטשן גערעכט, אראפגעפאלן צו דר'ערד, ווי אן אונטערגעשאסענער פויגל. פון דעמאלט אן האט ער נעבעך געקראגן א שטארק צוגעפלאטשעטע נאז, וואס האט נעבעך שטארק, שטארק געפאנפעט. און פון דעמאלט אן האט מען אים שוין אויפ־געהערט צו רופן שייעלע שינדלקלאפער, נאר שייעלע פאנפע.

אט דעם צונאמען "פאנפע" האט ער שוין געטראגן זיין גאנצן לעבן, ביז אין קבר אריין, און אים נאך איבערגעגעבן בירושה צו זיינע קינדער און קינדס־קינדער, וואס זיינען כמעט אלע געווען אזוי קליין און אזוי קורצפיסיק ווי ער. און ווען שטעטל האט עמיצן געוואלט אפסדרענען, "אפמענטשלען" ווי הויך יענער איז, אדער ווי קליין יענער איז, פלעגט מען שוין זאגן: "ער איז דאך אזוי קליין ווי יאנקעווקע שייעלע פאנפעס זונדל", אדער "זי איז אזוי קורץ ווי שפרינצעלע שייעלע פאנפעס טאכטערל"...

זינט פון שייעלע שינדלקלאפער איז געווארן "שייעלע פאנפע", איז ער נאך געווארן בייזער און צארנדיקער ווי פריער. פאר א ליאדער קלייניקייט פלעגט ער זיך אנצינדן מיט א ירגזון, גרייט געווען יענעם די אויגן אויסצור־דראפען. ווארים סהאט זיך אים רק אויסגעדוכט, אז אומעטום, אין בית־מדרש און אין גאס, האלטן אלע אין איין קוקן אויף זיין צעפלאטשעטער נאז און אויף זיין רעכטן אויגל מיט דער געל־ווייסלעכער בעלמע...

באזונדערס האט ער געטראגן א בייז הארץ אויף די קונדסים, די ווייסע־חברהניקעס אין בית־מדרש, וואס האבן זיך געריסן צו זיצן פונקט אנטקעגן אים, נאר אנשטאט אריינצוקוקן אין די סידורים, צי אין די מחזורים און זאגן א יידיש ווארט, האלטן זיי גאר אין איין קוקן מיט זייערע שטיפע־רישע אייגעלעך אויף אים. האט ער זיי דערפאר געטריבן און געיאגט פון זיך מיט אזא כעס, מיט אזא רציחה, ממש גרייט געווען זיי דורס צו זיין.

אבער וואס מער ער האט זיך געכעסט, אלץ מער האט זיין בלינד אויגל מיט דער בעלמע אנגעהויבן זיך דרייען און שפרינגען ארויף און אראפ מיט אזא שנעלקייט, ווי א שטייף־אנגעצויגן שפרוזשינקעלע וואלט געפלאצט. דעמאלט פלעגט אויך זיין צוגעפלאטשעטע נאז ווערן אזוי משוגע ווילד, האט אנגעהויבן צו פאנפען מיט אזא ירגזון און ארויסגעגעבן פון זיך עפעס אזעל־כע משונהדיקע קלאנגען, אזוי אז מ'האט דעמאלט טאקע גערארפט זיין שטארקער פון אייזן ניט ארויסצושיסן אין א געלעכטער.

ביי זיך אין שטוב, איז דער קליינינקער שייעלע געווען גאר א גזלן. זיין גאנצע ביטערניש אויף זיין פארשעמט לעבן, וואס ער האט זיך געהאט אנגענומען שבת און יום־טוב אין בית־מדרש ביים דאווענען, פלעגט ער אויס־לאזן אויף זיין ווייב און קינדער, וואס זיינען געשטאנען פאר אים ווי פארן קייסער. פאר א ליאדער קלייניקייט פלעגט ער אריינפאלן אין כעס, שרייען, צערענען, געבן פעטש. שבת ביינאג, נאכן אפעסן דעם טשאלנט, ווען ער האט זיך צוגעלייגט צו כאפן א דרעמל, איז שוין דעמאלט געווען חיות ניט זיכער!

זיינע בני־בית האבן מורא געהאט אפילו ארויסצולאזן א פיפס פון מויל. זיי זיינען ארומגעגאנגען אין די זאקן, אויף די שפּיץ פינגער, גערעדט צווישן זיך אויף שטום־לשון, חלילה אים ניט אויפצוועקן.

* * * * *

דער אומגליקלעכער שייעלע פאנפע האט אבער געהאט גרויס נחת און פארגעניגן פון זיין איידעלער מלאכה — שינדלקלאפעריי, אויף וואס ער איז ווירקלעך געווען א גרויסער אומן־יד, אן אמתער קינסטלער.

און כ׳לעבן, ס׳איז טאקע געווען זייער טשיקאווע צו זען ווי דאס קליינינקע, זשוואווע יידעלע קלעטערט ארויף, איינס און צוויי, אויפן העכ־סטן דאך, שפרינגט פון איין קראקווע צו דער אנדערער, ווי א פלינק וועווריקל. איז ווער ס׳איז פארבייגעגאנגען האט זיך געמוזט אפשטעלן קוקן; האט פארריסן דעם קאפ אין דער הויך און איז געבליבן פארגאפט; מ׳האט זיך גארניט געקאנט אפוואונדערן ווי אזא קליין פיטשינק מענטשעלע, וואס פון דער הויך האט עס אויסגעקוקט נאך קלענער, האלט אין איין שווינגען מיט זיין שארפן העקל איבער די ווייסינקע שינדלען, טרייבט אין זיי די נעגל־טשוועקלעך מיט אזא פלינקייט, ווי א רוח, א שד וואלט געזעסן אין זיינע הענט, אזוי אז מ׳האט געזען ממש באשיינפערלעך ווי דער באשינדלטער דאך וואקסט אוים פון אונטער זיינע ספריטנע הענטלעך.

זעענדיק ווי מענטשן שטייען אונטן אויף דר׳ערד און קוקן ארויף צו אים אין דער הויך, פלעגט דער קליינינקער שייעלע פון גרויס הרחבת דעת, ווערן ממש ברייטער ווי לענגער. ער האט דעמאלט נעקראגן די אילוזיע ווי ער וואלט פלוצלונג אויסגעוואקסן און איז געווארן העכער און גרעסער פון אלעמען . . .

יאר־איין, יאר־אויס, ווי נאר ס׳איז אוועק דער קאלטער ווינטער מיט זיינע ברענענדיקע פרעסט און שניי־זאווערוכעס, און ס׳האט זיך געשטעלט דער ליבער, ווארעמער פרילינג, האט מען אנגעהויבן אין שטעטל זיך רייסן איבער דעם קליינינקן שייעלע. איטלעכער האט געוואלט, אז ער זאל קומען צו אים דעם ערשטן צו באשינדלען זיין דאך. אבער שייעלע פאנפע, וואס איז געווען א קלוג, דורכגעטריבן יידעלע, האט זיך ניט געאיילט, זיך געלאזט לאנג בעטן, געהייסן זיך גוט באצאלן פאר זיין טירחה. און ווער ס׳האט אים אנגעבאטן א קאפיקע מער אויפן ״שאק״ שינדלען צו דעם איז ער געגאנגען.

אבער ניט נאר פשוטע מענטשן האבן זיך געריסן איבער אים, נאר אויך אפילו ר׳ אשר גוטערמאן פון דער פיוואווארניע און פריצים פון די ארומיקע הויפן. ווי נאר ס׳האט זיך אויפגעעפנט דער סעזאן פון זיין שינדל־קלאפן, האט מען טאקע ניט איינמאל געזען פארפארן פאר זיין שטיבעלע א פריצישע פורנאלע, געשפאנט מיט א פאר ברענענדיקע סוסים. דאס איז מען געקומען נעמען שייעלען אין א ״הויף״ אריין.

צו אזא וואזשנער נסיעה האט שייעלע שטענדיק אנגעהויבן מאכן גרויסע הכנות. ער האט זיך אויסגעפוצט אין זיין שבת־יום־טובדיקן ראק,

וואס ער האט געטראגן פון זינט זיין חתונה אן, אויפן קאפ אנגעטאן דעם גרינלעכן, סאמעטענעם היטל מיט דער הויכער דענקע, צעקעמט דאס שיטערע בערדל, גענומען אין איין האנט דעם טלית־זאק, אין דער צווייטער, להבדיל, דאס זעקל געציינג, און מיט שטאלצע, דריבנינקע טריטעלעך זיך געלאזן צו דער פריצישער פורנאלע.

דעם פריצס קוטשער טוט אים באלד א כאפ מיט זיינע שטארקע, געזונטע ידים, זעצט אים ארויף אויף דעם הויכן וואגן, סאמע אויבנאן אויף דער "סידעניע", וואס איז באדעקט מיט א שיינעם, רויטן, פריצישן דיוואן. שייעלע פילט זיך דעמאלט שטארק דערהויבן, ווי ער וואלט איצט געפארן צו דער גרעסטער גבירישער חתונה, ווו ער איז דער הויפט־מחותן . . . ער קוקט אראפ מיט זיין איין און איינציק געזונטן אויגל מיט חשיבות, מיט גרויס ווירדע, דרייט מיטן קעפל אויף אלע זייטן. ס'טוט אים שטארק הנאה וואס די אנגעלאפענע שכנים זען אים אין זיין גדולה און ווערן אזש צעפוקעט פאר קנאה . . .

* * * * *

דער קליינינקער שייעלע איז ניט נאר געווען שטאלץ ביי זיך מיט זיין מלאכת השינדל־קלאפן, נאר נאך מער פון זיין ביסל למדנות, וואס ער דאט זיך געהאט דערווארבן מיט אזויפיל מי און מאטערניש אויף די עלטע־רע יארן.

דאס האט ער ערשטנס, געהאט צו פארדאנקען זיין גרויסע אמביציע און זיין שארפן, פלינקן קאפ; און צווייטנס, די לאנגע, קאלטע ווינטערס, ווען מ'האט ניט געקאנט זיצן אויף די דעכער און קלאפן שינדלען. איז ער זיך געזעסן יום־ולילה אין בית־מדרש, בייםווארעמען אויוון און געלערנט מיט גרויס התמדה: ער האט אזוי לאנג געהארעוועט איבער די "שווארצע פינ־טעלעך", פריער איבער א פרשה חומש מיט רש"י, נאכדעם א פרק משניות, "עין יעקב" און נאך אזעלכע זאכן, ביז ער האט זיך איינגעביסן אין זיי, אזוי אז מ'האט אים שוין אין שטעטל געהאט פארערכנט צום "קלאס" פון די "יודעי ספר". . .

פארשטייט זיך, אז מיט זיין שווערן הארעווען אויפן לערנען, האט ער ניט אזוי אויסן געווען מקיים צו זיין די מצווה פון לערנען "תורה לשמה", נאר דער עיקר כוונה זיינע איז געווען צוליב ניצחון, "פאקאזאט" — צו באווייזן די אלע שיינע יידן, די למדנים פון מזרח־וואנט, אז כאטש זיי קוקן אויף אים ווי אויף א פשוטן באלמעלאכע, דאך אבער, ווען ס'קומט צו די "שווארצע פינטעלעך", קאן ער זיך פארמעסטן אפילו מיטן גרעסטן למדן . . .

צווייטנס, האט ער אויך מיט זיין ביסל למדנות געוואלט קריגן כאטש וועלכע ס'איז קאמפענסאציע, א מין נקמה אן זיין ביטערן גורל, וואס איז געווען צו אים אזוי גרויזאם און אים איינגעטיילט אזעלכע שוידערלעכע מומים (דעפעקטן); א קליינינקייט! אי בלינדקייט אויף אן אויג און דערצו נאך א צוגעפלאטשעטע נאז מיט א פאנפע . . .

ווען נאר ער האט דערזען ווי צוויי שיינע יידן, למדנים אין מזרח־וואנט, אמפערן זיך איבער א טייטש־ווארט אין א פסוק, צי איבער א שטיקל פשט אין רש"י, פלעגט ער באלד צולויפן צו זיי מיט זיינע גיכע טריטעלער, צובויגן זיין קליין קעפעלע צום חומש, צום תנ"ך, צונויגן אן אויער, און מיט זיין איין און איינציקן געזונטן אויגל נעמען לויפן גיך־גיך איבער די שורהלעך, און ווי גיך ער האט געכאפט אין וואס דא גייט, פלעגט ער געבן א פאטש מיט זיין קליינינקן הענטל איבערן טיש און אויסשרייען מיט א זיגערישן טאן:

— כ־כ־כ כ'איך כ־כ־כ כ'האב עס! כ־כ־כ כ'דער פ־פ־פ פשט פון ד־ר־ר רש"י איז כ־כ־כ אזוי!...

ס'איז אים ממש געגאנגען אין לעבן צו באווייזן זיי, אז ער איז גערעכט און זיין פשט איז גערעכט. אבער דא איז אים נעבעך געשטאנען אין וועג זיין שוואכער תיתוד־הדיבור, זיין צוגעפלאטשעטע נאז מיט דער פאנפע. איז כדי צו קאנען מסביר זיין דעם ענין, האט ער אנגעהויבן צו ווארפן און צו שליידערן מיט די הענט, אונטערגעשפרונגען אויף זיינע קורצינקע פיסע־לער, אזוי אז זיין גאנצער גופל האט זיך געטרייסלט ווי א לולבל, אזש דער אטעם האט אים פארכאפט. און וואס מער ער האט זיך געהיצט און געקאכט, אלץ מער האט ער אנגעהויבן צו פאנפען און צו כארכלען, ווי עמיצער וואלט אים געשטיקט ביים גארגל, אזוי אז ס'האט זיך גערוכט, אט־אט וועט ביי אים ארויספליען די נשמה דורך דער נאז...

זיינע "בר־פלוגתאס", די למדנים פון מזרח־וואנט, פלעגן זיך אזש דערשרעקן פאר זיין משונהדיקן אויסזען, פאר זיין אנגעצונדענעם בלינדן אויגל מיט דער בעלמע, וואס האלט אין לויפן הין און צוריק, ווי א צעשראקן מייזעלע... זיי זיינען שוין גרייט געווען אנצוטאן אים דעם גרויסן נחת־רוח, צוגעבנדיק אז ער איז גערעכט און זיין טייטש איז גערעכט, אבי ער זאל זיך שוין אפטשעפען פון זיי און א סוף זאל שוין נעמען צו זיין פאנפען!...

אבער דער איינגעשפארטער, איינגענעסענער שייעלע האט גאר ניט בדעה געהאט אויפצוהערן. פארקערט, ער וועט זיי ערשט באווייזן, ער מוז זיי די אוינן אויסשטעכן פאר אלעמען אין די אויגן, אז דער פשט פון רש"י און פון דעם פסוק איז נאר ווי ער זאגט! און זיי, די מכלומרשטע למדנים, הייבן אפילו ניט אן צו וויסן מאי דקאמרי רביצין!...

ער פלעגט אזוי לאנג זיך אמפערן און קריגן מיט זיי און אזוי לאנג פאנפען און כארכלען מיט זיין צוגעפלאטשעטער נאז, ביז ער פלעגט זיך כאפן, אז דאס קריגט ער זיך שוין מיט זיך אליין. די שיינע יידן זיינען פאר שרעק זיך צעלאפן פונם בית־מדרש...

* * * * *

יודל שינדלמאכער איז געווען פונקט דער היפוך פון זיין שכן שייעלע שינדלקלאפער. ערשטנס, אין פארגלייך מיטן קליינינקן שייעלען, האט ער אויסגעזען ווי א ריז, א גדול — אן אמתער גוג ומגוג. ער איז געווען א ברייט־

פלייציקער, מיט א פּאָר לאַנגע, געזונטע ידים; שווערע, גרויסע פיס; א ברייט פּנים, באַוואַקסן מיט א געדיכטן, שוואַרצן בערדל; גראָבע, דיקע ליפּן און מיט א שווערער טשיפּעליאַטער צונג, וואָס האָט זיך קוים געהאַט "פּאַמעש־טשעט" ביי אים אין מויל.

צווייטנס, איז ער געווען א שטילער מענטש, א מוראַדיקער שווייגער. האָט אים א שכן געזאָגט "גוט־מאָרגן", האָט ער געענטפערט "גוט־יאָר". ער זאָל זיין דער ערשטער צו זאָגן, האָט ער קיין מוט ניט געהאַט.

אין בית־מדרש איז ער תמיד געזעסן ביי דער טיר, לעבן האַנטפּאַס, די אויגן פאַרגראָבן אין זיין גרויסן "כל־בו" סידור, מיט דעם תהלים און מעמדות און געהאַלטן אין איין שעפּטשען מיט זיינע גראָבע, דיקע ליפּן. האָט אים דער שמש, אַמאָל אין א יובל, מכבד געווען מיט אַן "עליה", איז ער געווען צופרידן, אַלאַ ניט, האָט ער אויך צו קיינעם קיין טענות ניט געהאַט. ס'האָט אפילו געמעגט פאָרקומען אין בית־מדרש די גרעסטע מחלוקת, וואָס האָט ניט איינמאָל זיך געהאַט פאַרענדיקט מיט פייערדיקע פּעטש, ווי דער שטיינער איז געווען . . . האָט עס אויף אים אויך ניט געמאַכט קיין שום רושם. ער איז זיך געבליבן זיצן א רויקער, א שטילער אויף זיין אָרט און ניט אויפ־געהערט זיך צו שאָקלען איבער זיין גרויסן "כל־בו" סידור, ווי שטענדיק, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען.

ערשט, ווען ער האָט זיך שוין געהאַט גוט אָנגעדאַוונט און אָפּגעזאָגט זיין "יום תהלים" מיט אַלע נויטיקע "שטיקלעך", וואָס א פרומער ייד דאַרף זאָגן, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט מיט א קרעכץ, צוגעגאַנגען מיט שטילע, הכנעהדיקע טריט צום אָרון־קודש, א פיר געטאָן מיטן פרוכת איבערן פּנים, א קוש געטאָן אים מיט די ליפּן און הינטערווייַלעכס צוריקגעגאַנגען צו דער טיר, געגעבן א קוש די מזוזה און מיט א פרישן קרעכץ פאַרלאָזן דעם בית־מדרש. אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען טאָג־איין, טאָג־אויס.

געווען איז ער א וויסטער אַלמן, אָן א ווייב, אָן א קינד. זיין איינציקער זון איז שוין לאַנג געווען ערגעץ אין דער ווייטער אַמעריקע, פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. איז כדי ניט צו זיצן אַליין, האָט ער זיין קליינינקן שטי־בעלע מיטן שטרויענעם דעכל, פאַרדונגען צו ר' ישראל לוסקעלער, דעם גמרא מלמד, פאַר איין רובל א חודש.

יודל שינדלמאַכער, כאָטש ער איז בטבע געווען זייער א קאַרגער, אָבער דאָ האָט ער זיך ניט אַזוי "געלאַקאָמעט" אויפן דירה־געלט, ווי אויפן ביסל תורה: היות ווי ער איז נעבעך געווען שטומפּיקלעך אויף די הייליקע אותיותלעך, האָט ער כאָטש געוואָלט, אַז די ווענט פון זיין שטיבעלע זאָלן איינזאַפּן אין זיך דעם קול התורה, פון זיין "קאַמערניק" דעם מלמד מיט זיינע תלמידים . . .

צווייטנס, ביים אָפּשליסן דעם "משא ומתן" צווישן אים און זיין שכן דעם מלמד האָט ער אויסגענומען א תנאי, אַז זיין ווייב, די מלמדקע, אסתר־יהודית, וואָס האָט געהאַט געשמט פאַר א גרויסער צדיקת, זאָל אים אָפּקאָכן

צוויי מאָל אין טאָג א "לעפל געקעכץ", א טעפעלע קרופניק, א טעפעלע באָרשטש וכדומה, און אויך אויסוואַשן פאַר אים א העמד לכבוד שבת. דערפאַר האָט ער זיך מתחייב געווען אָפּצוצאָלן איר פאַר דער דאָזיקער טירחה מיט די שפּענער און סטרוזשקעס — די "אָפּאַדקעס" פון זיינע שינדלען, אַזוי אַז עס האָט זיך געלוינט פאַר ביידע צדדים. . .

יעדער אינדערפרי, ווען ער איז געקומען פון בית־מדרש, האָט שוין אויף אים געוואַרט זיין טעפעלע קרופּניק. האָט ער זיך געוואַשן, געזאָגט "שאו ידיכם", געמאַכט "המוציא" און אָנגעבראָקט א פולן שיסל מיט האַרטע שטיקלעך ברויט, עס באַגאָסן מיטן הייסן, שימערן קרופּניק און זיך גענומען פאַר דער געשמאַקער סעודה. גענעסן האָט ער פּאַוואָליע, שטיל, באַזאַכט. פון גרויס הנאה ווען, פאַרזשמורעט די אויגן, דאָס פּנים פאַררויטלט, אַזש טראָפּנס שוויים האָבן אַרויסגעזעצט אויף זיין שטערן.

אַזעלכע לאַנגע "סעודות" פלעגט ער אָפּריכטן דריי מאָל א טאָג, פּינקטלעך, ווי א זייגער.

פאַר ר' ישראל לוסקעלערס גמרא־תלמידים זיינען יודל שינדלמאַכערס מאָלצייטן געווען אמתע ספּעקטאַקלען. און כ'לעבן ס'איז טאַקע געווען וואָס צו זען: עס זיצט פאַר אייך א צעוואַקסענער, מגושמדיקער ייד, מיט ברייטע פּלייצעס, אַריבערגעבויגן איבער א גרויסער, ערדענער שיסל, פון וואַנען עס שלאָגט א הייסע פּאַרע, און האַלט אין איין שעפּן פון דאָרט מיטן הילצערנעם לעפל צו זיך אין מויל אַריין. ער אַרבעט אויף אַלע כלים, בלאָזט מיטן מויל, פּאַטשט מיט גראָבע ליפּן, אָטעמט שווער, ווי ער וואָלט געשוווּמען אונטערן וואַסער. פון זיין גאַנצן גוף זעצט א פּאַרע, ער שוויצט, ער ווישט אַלע ווײַלע אָפּ מיטן מויל די ריטשקעלעך שוויים פון פּנים. און פון גרויס תענוג, לאָזט ער אַלע ווײַלע אַרויס א געשמאַקן קרעכצל און שלינגט ווייטער די שטיקלעך צעווייקטע ברויט מיטן קרופּניק.

די חברה קונדסים נעמען די גאַנצע צייט ניט אַראָפּ די אויגן פון אים, פּאָלגן נאָך יעדער ריר און קער זיינעם. און ווען דער רבי זייערער זעט ניט מאַכן זיי נאָך הינטער זיינע פּלייצעס אַלע באַוועגונגען וואָס ער מאַכט מיטן לעפל און מיט די גראָבע ליפּן און שטיקן זיך פאַר געלעכטער. אָבער יודל שינדלמאַכער זעט איצט קיינעם ניט. ער איז מיט אַלע זיינע חושים פאַרטאָן אין דער אכילה, אַזוי לאַנג ביז עס הייבט אָן "טאָגן" אין שיסל.

ענדלעך גיסט ער אָפּ די נעגל מיט "מים אחרונים" וואַסער און הייבט אָן בענטשן מיט גרויס כוונה. אָבער דער הייסער קרופּניק מיטן האַלבן לאָבן ברויט, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהאָט פאַרצערט, און די שטיקנדיקע לופט פונם ענגן, דושנעם חדר־שטיבל, גיסן אָן זיין מאַסיוון קערפּער מיט אַזאַ זיסער, אַנגענעמער וואָרעמקייט. עס באַפאַלט אים א מידקייט. דער קאָפּ ווערט אים עפּעס אַזוי שווערלעך, ווי מיט בליי אָנגעגאָסן. די אויגן קלעפּן זיך אים צו, ער הייבט זיך אָן צו שאָקלען, ביז דער קאָפּ זינקט אַראָפּ צום טיש און באַלד צעטראָגט זיך איבערן ענגן שטיבעלע א משונהדיקער כראָפּען, מיט א פּיפּערײַ און א סוויסטשערײַ אינײנעם.

ר׳ ישראל, דער גמרא־מלמד שפרינגט אזש פון דער הויט: דאס משונהדיקע, גרילצנדיקע כראפען פון זיין באלעבאס פאלט אויף זיינע אויערן זייער שווער. ער קאן עס שוין מער ניט פארטראגן. הייבט ער אן לערנען מיט זיינע תלמידים הויך אויפן קול די גמרא פון ״המניח את הכד ברשות הרבים״ — אז איינער וואס ליגט אוועק א קרוג אין רשות הרבים. אבער עס העלפט ניט — יודל שינדלמאכערס כראפען אין שטארקער פון דעם ״המניח את הכד״. . . טא וואס־זשע טוט מען פארט? ווי אזוי ווערט מען פטור פונם כראפענדיקן באלעבאס ר׳ יודל שינדלמאכער, וואס ליגט מיט א האלבן גוף איבער זיין חדר־טיש און האט גאר ניט בדעה אויפצושטיין? עס איז דאך עפעס ביטול תורה?!

כעסט זיך דער מלמד, ביז ער פאלט אויף א קלוגער המצאה: ער כאפט ארויס אויף גיך א שטרוי פון דער שלאף־באנק און הייבט מיט אים אן צו קיצלען זיין שלאפנדיקן באלעבאס אין דער פאטיליניצע און אין דער נאז.

יודל שינדלמאכער הייבט אן דרייען מיטן קאפ, ווארפן מיט די הענט אויף אלע זייטן, ווי ער וואלט געוואלט פארטרייבן פון זיך די זלידנע פליגן, די איינגעגעסענע קאמארן, וואס בייסן אים און פארגינען אים ניט צו כאפן א זיסן, געשמאקן דרעמל.

די חדר־יינגלעך שפרינגען אזש פאר פרייד פון די ערטער. די סצענע ווי אזוי זייער ״רבי״ שפילט ״קאץ און מויז״ מיטן שטרויעלע איבער דער נאז פונם שלאפנדיקן יודל שינדלמאכער, איז פאר זיי דער שענסטער ספעק־טאקל וואס זיי האבן ווען עס איז געזען. דאס אמוזירט זיי זייער שטארק, אזוי אז זיי קאנען זיך שוין מער ניט איינהאלטן און שיסן אויס אין א היל־כיקן געלעכטער.

יודל שינדלמאכער כאפט זיך אויף ניט טויט, ניט לעבעדיק, קוקט זיך ארום מיט צעטומלטע אויגן וו ער איז דא אין דער וועלט. ער הויבט זיך אן צו טשובען און צו קראצן, געניצט זיך אויס, גיט א קרעכץ און שארט זיך ארויס אויף זיינע שווערע, קלעצלדיקע פיס אינדרויסן ארויס, וו ס׳געפינט זיך זיין גרויסער שינדל־ווארשטאט, און נעמט זיך פאר דער ארבעט.

* * * * *

געארבעט האט ער שטענדיק אינדרויסן, אפילו ווינטער אין די גרעס־טע פרעסט. ער פלעגט זיך גוט אנפעלצן פון קאפ ביז די פיס. אויף זיין ווארעמער וואטווועקע, וואס ער האט קיינמאל פון לייב ניט אויסגעטאן, האט ער אנגעטאן א שעפסענעם פעלצל, זיך ארומגעגארטלט מיט א לעדערנעם פאס; די פיס איינגעוויקלט אין א פאק ״אנוטשעס״, אויף די אנוטשעס א פאר גרויסע וואלענקעס, וואס זיינען געווען אנגעשטאפט מיט שטרוי; אויף די וואלעקעס א פאר קרייקעס; אויפן קאפ א פוטערנעם היטל, אויפן היטל א באשליק, וואס האט זיך פארענדיקט מיט א הויכן שפיץ. מיט דעם דאזיקן

הילוך האָט ער אויסגעזען ווי, להבדיל, גאַנטע קאָזאק, מיט וועלכן מ׳פלעגט אַמאָל שרעקן קליינע קינדער אין די וויגן . . .

מיט אַט דעם שווערן, אַנגעפּאַקטן אַנטועכץ זיינעם, פלעגט ער זיך קוים אַרויפדראַפּען אויף זיין הויכן "סטאַנאָק", דעם שינדל־וואַרשטאַט, וואָס האָט אויך געהייסן "די הילצערנע באָבע". גענומען אין ביידע הענט דעם שאַרפן, שטאָלענעם סטרוג און אָנגעהויבן אויף גיך צו סטרוגעווען איין שינדל נאָכן אַנדערן.

פאַר די שכנישע קינדער און פאַר דעם מלמדס חדר־יינגלעך, האָט דער גרויסער אָנגעפּעלצטער יודל שינדלמאַכער, וואָס איז געזעסן אין דער הייך אויף זיין "הילצערנער באָבע", ווי אַ קעניג אויף זיין טראָן, געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן איצט דערזען פאַר זיך עפּעס אַ פאַנטאַסטישע פיגור, וואָס האַלט אין זיינע ביידע הענט אַ בלאַנקן מעסער און שינדט פאַסן פון די אומשולדיקע, ווייסינקע שינדעלעך . . . ער האָט זיי עפּעס געשראָקן און אין דער זעלבער צייט האָט עס זיי געצויגן צו אים. יודל שינדלמאַכער האָט שטאַרק הנאה געהאַט וואָס חברה קליינוואַרג שטייען אַרום אים, קוקן און גאַפן ווי ער אַרבעט פלינק מיט זיין סטרוג, ווי אַ קלעזמער מיטן סמיטשיק אויף זיין פידל.

ווען יודל שינדלמאַכער איז אַוועק דאַווענען אין בית־מדרש, אָדער ער איז געזעסן ביי זיך אין שטיבעלע איבערן שיסל און געפּראַוועט זיינע לאַנגע סעודות, פלעגט חברה זיך באַלד אַרויפכאַפּן אויף זיין גרויסער, הילצערנער "באָבע" און מאַכן מיט איר לאַנגע, ווייטע "נסיעות" אַזש קיין פדן־ארם אָדער צום לאַנד גושן, וווּ די בני ישראל זיינען געזעסן. און די קלענערע, וואָס האָבן ניט געקאָנט אַרויפקריכן אויפן הויכן שינדל־סטאַנאָק, פלעגן זיך "אַריינוואַליען" אין דעם אָנגעהויפטן באַרג סטרוזשקעס, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ פרישער, געשמאַקער ריח פון זשיוויצע און קאַליפאַניע, וואָס האָבן דערמאָנט אָן גרינעם וואַלד . . .

ווינטער, ווען די טעג זיינען אַזעלכע קורצע, פלעגט ער אַרבעטן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט פאַרן שיין פון דער לבנה אָדער פאַרן ליכט פון זיין גרויסער לאַמטערנע. דאָס איז געווען פאַר אים די בעסטע צייט פון זיין לאַנגן אַרבעט־טאָג. קיינער האָט זיך אים דעמאָלט ניט געפּלאָנטערט פאַר די פיס; דעמאָלט איז ער געווען אַליין מיט זיין הילצערנער באָבע; אַליין מיט זיין סטרוג און מיט דער "פוגע"; אַליין מיט זיין "שלייע" און אַליין מיט זיינע ווייסינקע, גלאַטינקע שינדעלעך, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט . . .

אַזוי פלעגט יודל שינדלמאַכער אָפּאַרבעטן אַ גאַנצן ווינטער, ביז ער האָט שוין געהאַט פאַרבראַוכט זיין גאַנצן צוגעגרייטן האָלץ־זאַפּאַס. דעמאָלט פלעגט ער נעמען אויססאָרטירן זיינע שינדלען, איינטיילן זיי אין קאַטעגאָריעס, און זיי אויסציילן, וויפל "שאָק" (60 שטיק) ער פאַרמאָגט, און וויפל פון זיי געהערן צו "פּערווי" סאָרט און וויפל פון זיי עס געהערן צום צווייטן און צום דריטן סאָרט. און כדי ער זאָל חלילה ניט פאַרגעסן די צאָל פון זיינע שאָקן

שינדלען פלעגט ער פארשרייבן מיט א שטיקל שווארצן קויל אויף די ווענט פון זיין שטיבעלע און פון שטעלכל, מיט עפעס אזעלכע מאדנע פאסיקלעך, האלבע און גאנצע רעדעלעך, וואס נאר ער אליין האט געוווסט דעם מיין פון זיי.

נאכן איבערציילן זיי, פלעגט ער זיי צונויפלייגן אין אזעלכע פיר קאנטיקע "סטויגן", און איבער יעדער סטויג ארויפגעלייגט אין דער הויך שווערע משאות, גרויסע שטיינער, קלעצלעך האלץ. ווארים שינדלען האבן שוין אזא טבע, — פלעגט ער זאגן מיט א שמייכעלע, — וואס לעננער זיי ליגן אונטער א שווערער פרעס, אלץ בעסערע און גלאטער קומען זיי ארויס . . .

ער האט געקוקט מיט נחתדיקע, פארליבטע אויגן אויף זיינע אויסגעשטעלטע שורות "קאסטנס" שינדלען, ווי עס קוקט א טאטע אויף זיינע אונטערגעוואקסענע, געראטענע קינדער.

נאך פסח, ווען ס'האט זיך געשטעלט דער ווארעמער פרילינג, פלעגט יודל שינדלמאכערס הויף פארוואנדלט ווערן אין א יאריד. פון נאענט און פון ווייט איז מען געקומען צו אים איינקויפן שינדלען, מחמת זיינע שינדלען האבן געשמט אין דער גאנצער געגנט פאר די בעסטע און די שענסטע, אזוי אז ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי מ'האט זיי צעכאפט ווי מצה־וואסער.

די ערשטע פאר טעג איז יודל שינדל־מאכער ארומגעגאנגען א צופרידענער, א גליקלעכער, ווי נאך א חתונה, ווי א טאטע וואס האט נאר־וואס געהאט "אויסגעגעבן" זיין מיזינקע. ער האט אלע ווײלע ארויסגענומען פון זיין בוזים־קעשענע דעם לעדערנעם טייסטער מיטן אפגעלייזטן געלט און עס געהאלטן אין איין איבערציילן און איבערחשבונען, אזוי איינמאל און נאכאמאל, אזש טראפנס שווייס פלעגט אים ארויסזעצן אויפן שטערן.

ערשט ווען ער האט זיך שוין געהאט גוט אנגעזעטיקט מיטן קלאנג פון זיינע קופערנע און זילבערנע מטבעות, איז אים באפאלן עפעס אזא אומעט, אזא נאגעניש ביים הארצן, אזוי אז ער האט זיך גאר קיין ארט ניט געקאנט געפינען. דער ליידיקער הויף האט אים עפעס ווי געשראקן. זיינע צוויי גרויסע, שטארקע הענט, וואס זיינען געוויינט געווען צו שווערער ארבעט, זיינען איצט אויף אים געהאנגען ווי צוויי שווערע קלעצער, אזוי אז ער האט ניט געוווסט וו זיי אהינצוטאן.

יעדער אינדערפרי, ווען ער האט זיך געלאזן מיט זיין גרויסן טלית־זאק אין בית־מדרש אריין צום דאווענען, פלעגט ער זיך אוועקשטעלן אין מיטן הויף, וו ס'האט זיך געפונען זיין שינדל־מאסטערסקאיע, קוקן מיט טרויעריקע אויגן צו דר'ערד, וו ערשט ניט לאנג צוריק זיינען געשטאנען זיינע סטויגן שינדלען, און איצט איז פון זיי געבליבן ניט מער ווי הוילע, נאקעטע פלעקן אויף דר'ערד . . . עס ווערט אים עפעס אזוי טרוקן אין שלונג, אז ער קאן אזש מיט דער צונג ניט איבערדרייען. ער הייבט זיך אן קראצן אין דער פאטיליניצע, שעפטשעט מיט די ליפן, און מיט זיינע באהארטע נאזלעכער הייבט ער

אַן צו שנאַפּן די לופט, ווי ער וואָלט געזוכט צו כאַפּן דעם פרישן, טערפּקען ריח פון זיינע פאַרשווונדענע סטויגן שינדלען . . .

* * * * *

ווי שוין געזאָגט האָט צווישן די צוויי גרויסע שינדל־מייסטערס יודל שינדלמאַכער און שייעלע שינדלקלאַפּער, קיין שלום בית ניט געהערשט. שולדיק אין דעם איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי שייעלע אַליין.

ערשטנס, איז דעם קליינינקן, בייזן שייעלע פּאַנפּע, וואָס האָט זיך געהאַלטן מעשה גדול, ניט אַנגעשטאַנען וואָס מיט זיין אייִדעלער מלאכת שינדלעריי, פאַרנעמט זיך אויך אַזאַ פּראָסטער, מגושמדיקער ייִד, ווי יודל שינדלמאַכער. וואָרים ס׳האָט זיך אים רק אויסגעדוכט, אַז ווען ניט אָט דער מגושם, וואָלט שטעטל געהאַט צו אים, דעם בן־תורה און אויך צו זיין מלאכה, שינדל־קלאַפּן, מער דרך ארץ.

צווייטנס, ווי דאָס איז שוין די טבע פון יעדער בעל מום, אַ קאַליקע, האָט דער קליינינקער שייעלע, וואָס איז נעבעך געווען געשטראָפט אי מיט אַ בלינדן אויגל און אי מיט אַ צוגעפּלאַטשעטער נאָז — אַ פּאַנפּע, שטאַרק מקנא געווען יודל שינדלמאַכערס דאַברי־מזל: זיין גידול, זיין הויך, זיינע ברייטע פּלייצעס און נאָך מער זיינע צוויי געזונטע ״קוקערס״. . .

אין די דאָזיקע קנאה צו אים אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאַרקער שנאה, אַזוי אַז ביי יעדער געלעגנהייט, האָט שייעלע געהאַלטן אין איין באַליידיקן דעם שטילן, גאָטספאַרכטיקן יודל שינדלמאַכער. אָנגערופן אים, בפני כל עם ועדה, מיט די ערגסטע צונאָמענס, ווי עם הארץ, גראָבער יונג, פּראָסטאַק, גולם, בעל מגושם און נאָך אַזעלכע מיאוסע זילזולים, אַבי אים צו דערצערענען, אויסעסן אים דאָס האַרץ.

יודל שינדלמאַכער, וואָס איז בטבע געווען אַ גרויסער שווייגער, אַ שטילער מענטש, ניט געטשעפּעט אפילו אַ פליג אויף דער וואַנט, פלעגט ניט ענטפערן אויף אַלע זיינע באַליידיקונגען, זיך געמאַכט טויב און שטום, ווי ניט אים מיינט מען. בלויז שטיל אונטערגעקרעכצט.

דאָס פלעגט דעם בייזן, שלעכטן שייעלען נאָך מער פאַרדריסן, וואָס ער איגנאָרירט אים. סטייטש, אַזאַ גראָבער יונג, מען זידלט אים, מען מאַכט אים צו דער בלאָטע גלייך און ער, דער שוטה שווייגט!?

הייבט שייעלע שוין אָן אומישנע חוזק צו מאַכן פון יודל שינדלמאַכערס ״מעשה ידיו״ — פון זיינע שינדלען, אַז זיי זיינען קרומע, לאָמע, טויגן אויף תשעה ניינציק כפּרות, די פוגעס זיינען קיין פוגעס ניט, אַזוי אַז מען טאָר זיי אין האַנט אַריין ניט נעמען.

דאָס דאָזיקע לשון הרע ריידן אויף זיינע טייערע שינדעלעך, וואָס האָבן אַזאַ גוטן שם ״אויף דער גאַנצער וועלט״, טרעפט יודל שינדלמאַכער ווי מיט אַ שפּיז אין האַרצן. ער קאָן עס שוין מער ניט אַריבערטראָגן. ער הייבט זיך אָזש אָן צו טרייסלען פאַר ווייטיק, ווי אַ שלאַנג זאָל אים אַ ביס טאָן. ער

הייבט אן קלאפן מיט זיינע גראבע ליפן, קענטיק ער וויל געפינען עפעס א שארף ווארט, ארייגצוזאגן אט דעם שלעכטן, בייזן שייעלען, אז עס זאל אים פארגיין אזש אין דער זיבעטער ריפ. אבער ווי אויף צו להכעיס, דינט אים נים די צונג. דאס ווארט בלייבט אים שטעקן אין דער גרגרת און ער קען עס בשום אופן נים ארויסברענגען. ער גיט א בייזן קוק אויף זיין שונא און לאזט באלד צוריק אראפ דעם קאפ צום סידור און זיפצט שווער אפ...

דעם עולם אין בית־מדרש איז אבער א שאד דורכצולאזן אזא שיינעם ספעקטאקל, ווי דער קליינינקער שייעלע פאנפע קריגט זיך שוין ווידער מיטן שווייגנדיקן יודל שינדלמאכער. הייבט כ׳ען אן פון איין זייט אונטערצוהעצען שייעלען, און פון דער צווייטער זייט גיבן זיי צו יודל שינדלמאכער מוט און קוראזש, אז ער טאר נים פארשווייגן. ער מוז זיך אננעמען די קריוודע פון זיינע באליידיקטע שינדעלער, און ער זאל איינמאל פאר אלעמאל "דערלאנגען" שייעלען ווי ער האט פארדינט...

יודל שינדלמאכער, זעענדיק ווי דער גאנצער עולם אין בית־מדרש האלט מיט אים, קאן ער שוין ניםביישטיין דעם נסיון, נעמט ער זיך אן מיט כוח, הייבט זיך אויף פון ארט און טוט א זאג אין איין אטעם מיט זיין טשעפעלאטער, שווערלעכער צונג:

— ש־ש־ש־שייעלע פ־פ־פ־פאנפע, ד־ד־ד־דו ב־ב־ב־ביסט א ר־ר־ר־רשע מרושע, ביסטו! אז מ־מ־מ־מיינע ש־ש־ש־שינדלען וואלסטו ג־ג־ג־געדארפט גיין איבער די הייזער!...

ער טוט באלד א כאפ דעם טלית־זאק מיט זיין גרויסן "כל־בו" סידור, גיט א שטארקן שפיי אין שייעלע פאנפעס זייט, און לויפט ארויס פון בית־מדרש, ווי אן אונטערגעשאסענער...

דער עולם ברעכט אויס אין א געלעכטער.

דער קליינינקער שייעלע שינדלקלאפער בלייבט שטיין ווי אן אפגעשמיסענער. אויף אזא שארפן ענטפער פונם שווייגנדיקן יודל שינדלמאכער האט ער זיך גארנים גערעכט.

אט אזוי איז אנגעגאנגען צווישן די צוויי שכנים באלמעלאבעס, יודל שינדלמאכער און שייעלע שינדלקלאפער, א שטענדיקער רוגז, א קידער־ווידער, נים וויסנדיק אליין פארוואס. און אפשר איז דא געווען שולדיק דער רבונו של עולם אליין, וואס איינעם גיט ער מיט דער פולער האנט און דעם צווייטן שטראפט ער. יודל שינדלמאכער האט ער געבענטשט מיט אלע מעלות, און דעם אומגליקלעכן שייעלע שינדלקלאפער האט ער געשטראפט אי מיט קליינקיים, אי מיט א בעלמע אויפן אויג און דערצו נאך מיט א נאז — א פאנפע...

# די ווארטע

יארן זיינע געלאפן. דער קליינינקער שייעלע שינדלקלאפער האט שוין מער קיין כוח ניט געהאט צו קריכן און צו קלעטערן אויף די דעכער, און צו שפרינגען פון איין קראקווע צו דער צווייטער און שלאגן מיט זיין שארפן העקל די נעגל־טשוועקלעך אין די שינדלען. זיינע זינדלעך, וואס האבן אים געהאט ארויסגעהאלפן אין דער מלאכה, זיינען זיך שוין געהאט צעלאפן אזש קיין אמעריקע. איז ער צו דער עלטער געבליבן, ווי מען זאגט: "דיעד דא באבא", ער מיט זיין אלטיטשקע ווייב, שייעכע, ווי מ'האט זי גערופן אין שטעטל אויף זיין נאמען.

יודל שינדלמאכער, וואס האט א גאנץ לעבן געסטרוגעוועט שינדלען פאר דער גאנצער געגנט, איז שוין אויך געווארן אויס שינדלמאכער, מחמת פון אלטקייט ווענן האבן זיינע הענט זיך שטארק געטרייסלט. האט ער בלית ברירה געמוזט אוועקלייגן די שווערע "שלייע" מיט דער שארפער האק, מיט וועלכע ער האט געשפאלטן די "יאלענע" קלעצלעך האלץ אויף שינדלען.

ווען דער שווייגנדיקער יודל שינדלמאכער פלעגט פארבייגיין און דערזען ווי זיין "הילצערנע באבע" שטייט נעבעך אן עלנטע, א פארלאזטע אונטערן "פאדאשעק", פלעגט אים פארקלעמען דאס הארץ, נעבן א שווערן קרעכץ און מיטן ארבל פון זיין וואטוווקע, אפווישן א טרער פון אויג . . .

זיינען ביידע אלטיטשקע מייסטערס, יודל שינדלמאכער און שייעלע שינדלקלאפער, זיך געזעסן א גאנצן טאג אינם לײדיקן בית־מדרש און האבן זיך געהאט פארנומען מיט תורה און עבודה. שייעלע, דער למדן, האט ארײנגעקוקט אין א ספר, און יודל שינדלמאכער, וואס איז נעבעך ניט געווען "שוה בשוה" מיט די "שווארצע פינטעלעך", האט געהאלטן אין איין זאגן תהלים און "מעמדות".

ערשט דעמאלט האט דער קליינינקער, בייזער שייעלע, וואס האט א גאנץ לעבן זיך אזוי שטארק איזדיעקעוועט איבער דעם שטילן, תמימותדיקן יודל שינדלמאכער, גענומען זיך צוצוטוליען צו אים, פלעגט ניט איינמאל ארויסנעמען פון זיין קעשענע א קיכל, א שטיקל האניק־לעקעך, וואס זיין פלוניתטע, שייעכע, פלעגט ספעציעל אפבאקן פאר אים, אז ער זאל האבן מיט וואס אונטערצולעגען דאס הארץ, און מכבד זיין מיט דעם זיין שכן יודל שינדלמאכער, דעם עלנטן, וויסטן אלמן.

דער אלטער ר' יודל דערפילט זיך זייער געהויבן פון שייעלעס פריינד־שאפט צו אים. ס'איז דען עפעס א קלייניקייט, שייעלע דער למדן, וואס האט אים שטענדיק מדחה געווען, אנגערופן עם הארץ, איז איצט צו אים אזוי גוט, ווי ער וואלט געווען זיינס גלייכן. טוט עס אים שטארק הנאה.

ער נעמט אן שייעלעס אויסגעשטרעקטע האנט מיט דער מתנה, מאכט מיט גרויס כוונה א ברכה אויפן נעשענקטן קיכל, "צו וואס מ'דארף זיך נים וואשן". שייעלע פאנפע ענטפערט אויף זיין ברכה "מזונות" אמן, און יודל שינדלמאכער ענטפערט אויך אויף זיין ברכה "אמן". אזוי זיצן זיך ביידע אלטיטשקע, עסן געמיטלעך און שווייגן. נאר אלע ווײלע גיט דער א קרעכץ און דער א זיפץ, און פארשטייען זיך איינע די אנדערע . . .

נאכן צוביים און נאכן אפזאגן דעם "על המחיה", הייבט אן שייעלע ריידן און דערציילן פאר יודל שינדלמאכער וועגן די אמאליקע גוטע צייטן, ווי אזוי רייכע פריצים האבן זיך געריסן איבער אים און ווי אזוי ס'איז געקומען צו אים אמאל א גלח פון א שטעטל, אז ער זאל גיין באשלאגן א דאך פון א קלויסטער. אבער שייעלע האט זיך אפגעזאגט אי פונם כבוד און אי פונם פארדינסט.

— ער האט נים געוואלט גיין אנטאן א קלויסטער א היטל אויפן קאפ, — פארענדיקט שייעלע מיט א דריבנינקן געלעכטערל.

ער וואלט נאך און נאך געוואלט דערציילן פון זיינע "אמאליקע גוטע צייטן", אבער דא גיט אים א שפאר דער הוסט און ער מוז איבעררייסן.

יודל דער שינדלמאכער, וואס איז שוין אביסל טויבלעך אויף אן אויער, איז שווער אויפצוכאפן וואס שייעלע פאנפעט ארויס פון אונטער זיין צוגעפלאטשעטער נאז. קוקט ער אים אין מויל אריין, שאקלט צו אויף יעדער ווארט זיינעם מיטן קאפ. ער וואלט אויך חשק געהאט עפעס צו דער־ציילן פון זיינע אמאליקע גוטע יארן, ווען ער האט מיט זיין גרויסער שארפער האק און מיט זיין שווערער "שלייע" געקענט צעשפאלטן אין איין טאג נים איין וואגן קלעצער אויף שינדלען, אבער ער, דער שטענדיקער שווייגער, ווייס נים ווי אזוי צו באנוצן זיך מיטן גערעדטן ווארט. שווייגט ער ווי זיין שטיי־גער איז, לאזט ארויס א קרעכץ און שווייגט ווייטער . . .

אט אזוי פארברענגען זיי געמיטלעך זייערע אלטע טעג אינם ווארע־מען בית־מדרש. נים איינמאל ווערט שייעלע א "רבי", פרווום מסביר זיין פאר אים א פרשה חומש און דער גרויסער יודל שינדלמאכער ווערט זיין "תלמיד", נייגט צו אן אויער, וויל אויפכאפן וואס שייעלע לערנט פאר אים, ביז דער שלאף איבערוועלטיקט אים און ער ווערט פארזונקען אין א דרעמל . . .

* * * * *

אט דער דאזיקער "שלום־בית", וואס האט גענומען הערשן צווישן די צוויי הארעפאשנע יידן אויף דער עלטער, האט אויך געהאט געשפילט א

גרויסע ראָל די אַזוי גערופענע "וואַרטע", וואָס איז כדאי עס צו באַשרייבן.

ווארים בימים ההם, אין יענער צייט, איז אין אַלע יידישע שטעטלעך געווען איינגעפירט אַ מנהג, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטרענגען געזעץ, דאָס איז די וואַרטע, וואָס האָט געאַרבעט אויף אַזאַ שטייגער:

נאַכט־איין, נאַכט־אויס, האָבן צוויי שכנים, באַלעבאַטים, געדאַרפט, לויט אַ ריי, אַרויסגיין זאַלבענאַנד אויף שמירה. ד"ה, אָפּהיטן די גרעניצן פון שטעטל; זען, אַכטונג געבן, אַז קיין גנבים זאָלן ניט אַרויספירן יענעמס פערד, צי יענעמס בהמה פון שטאַל; זען אַז קיין שריפה זאָל חלילה ניט אויסברעכן אין מיטן נאַכט, און נאָך אַזעלכע זאַכן, מאַלע וואָס עס קאָן נאָך חלילה טרעפן ביינאַכט אין אַ יידישן שטעטל ? . .

און לויט די "פאַרשריפטן" פון דער דאָזיקער "וואַרטע", האָבן די "וואַרטאַוווניקעס", די צוויי שומרים, געדאַרפט אַרויסגיין באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט "קאָלטן" כלי־זין, מיט גראָבע שטעקנס, מיט שווערע דובי־נעס אין די הענט. און יעדער שעה אויסשרייען אויף רוסיש לשון בקול רם, אַז אַלע זאָלן הערן:

— אַסטאָראָזשנאַ ! . . אַסטאָראָזשנאַ ! . .

דאָס האָט געזאָלט זיין, ערשטנס, אַ וואָרענונג פאַר אַלע גנבים און גזלנים, אַז זיי זאָלן זיך היטן די ביינער, ווארים דער "שומר מה מליל", האַלט אויף זיי אַ וואַכזאַם אויג, און דערפאַר מעג דאָס פאָלק שלאָפן רויִק אויפן גאַנצן קאָפּ . . .

צווייטנס, און דאָס איז געווען דער עיקר, מיט דעם געשריי "אַסטאָ־ראָזשנאַ" האָבן וואַרטאַוווניקעס געדאַרפט געבן אַ סיגנאַל דעם "סטראַזשניק" (פּאָליציסט), וואָס אים פלעגט זיך אַמאָל פאַרגלוסטן צו קומען צו לויפן אַזש פון דער שכנישער שטאָט קאָמעניץ, קאָנטראָלירן די צוויי נאַכט־שומרים צי זיי היטן דאָס געזעץ פון דער מלוכה . . .

פון אָט דער דאָזיקער וואַרטע האָט דער קליינער שייעלע געהאַט נעבעך אויסצושטיין גרעבערענטע צרות, מחמת זיינע שכנים, מיט וועלכע ער איז געווען ווי אויף שטעכמעסער, האָבן געמאַכט צווישן זיך יד אחת און בשום אופן ניט געוואָלט גיין מיט אים אויף "וואַרטעס" אפילו ווען ס'וועט זיי אויסקומען צו גיין זיצן אין "חד גדיא" (אַסטראָג).

פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט זיי דערפאַר ניט געקענט באַשולדיקן, ווארים זאָגט אַליין, ס'איז עפּעס אָנגענעם אַרומצוגיין אַ גאַנצע נאַכט און היטן אַ "שטאָט" מיט אַזאַ קלייניקן, פּיטשינקען יידעלע, וואָס הוסט און קייכט, פאָנפעט און וואַרטשעט ווי אַ בייזע שוויגער ? . .

איז ווי נאָר דער "סטאַראָסטע" פון דער גויישער גאָס פלעגט אָוועק־שטעלן דאָס וואַרטע־ברעטל ביי שייעלעס טיר, ווי אַ דערמאָנונג, אַז ער זאָל חלילה ניט פאַרגעסן צו גיין היינט ביינאַכט טאָן זיין בירגערלעכן חוב, פלעגט

דעם קליינינקן שייעלע פאנפע אנהייבן טרייסלען הענט און פיס פאר שרעק. ווו נעמט מען א שותף, וואס זאל וועלן גיין מיט אים אפריכטן די ווארטע?

סיידן ער זאל גיין מיט זיין אייגענעם ווייב? אבער דאס פעלט אים מער ניט: זיינע שכנים, די בייזע צינגער, וועלן דאך פון אים לאכן אין די פויסטן, ווארים ווי קומט א יידענע צו א ווארטע?...

בלית ברירה האט דער שטאלצער שייעלע געמוזט פארבויגן זיין כבוד, געקומען צו יודל שינדלמאכער, וועמען ער האט א גאנץ לעבן דער־גאנגען די יארן און אים אנגערופן מיט די ערגסטע זילזולים, און זיך גענו־מען בעטן ביי אים מיט תחנונים, אז ער זאל זיך דערבארעמען אויף אים און גיין מיט אים אויף דער "ווארטע".

לכתחילה האט דער שטילער, תמימותדיקער יודל שינדלמאכער, וואס האט זיך געהאלטן נידעריקער פון גראז און שטילער פון וואסער, זיינע אויי־גענע אויערן ניט געגלויבט וואס ער הערט. אט דער שטאלצער שייעלע, וואס האט אים שטענדיק פארשאפט אזויפיל צער און עגמת־נפש, ניט איינמאל אים מבזה געווען פאר לייטן, זאל קומען איצט בעטן זיך ביי אים צו גיין מיט אים אויף שמירה?

האט ער אויסגעגלאצט א פאר אויגן, געקנייטשט דעם שטערן און זיך שטארק געקווענקלט, ווי ער וואלט זיך געשלאגן מיט דער דעה, צי זאל ער גיין צי ניין, ווי ער וואלט מורא געהאט צו בלייבן מיטן קלייניקן, בייזן שייעלען אויג אויף אויג, א גאנצע נאכט.

ערשט ווען שייעלע איז ניט אפגעטראטן פון אים, זיך "געקליאנעט" פאר אים, איינמאל און נאכאמאל, האט שוין יודל שינדלמאכער קיין הארץ ניט געהאט אים אפצוזאגן און אנגענומען זיין בקשה.

אבער אין דער דאזיקער נאכט, האט שטעטל זיך שוין סיי ווי סיי ניט גענויטיקט אין קיין שמירה. ווייל ווי נאר די ווייסע־חברהניקעס, די גרויסע יונגאטשעס פון שטעטל, האבן זיך דערוווסט, אז יודל שינדלמאכער, דער — "שבת הגדול" — קלייבט זיך ארויסצוגיין מיט שייעלע פאנפע דעם "קורץ פרייטיק" אויף דער ווארטע, האט מען אויף זיי "געטשאטעוועט", ניט אפ־געלאזן זיי פונם אויג און געהאלטן איבער זיי א "ווארטע"...

ווי נאר ס'איז געווארן נאכט און דאס דאזיקע פארל, "די שומרי החומה", האבן זיך באוויזן אין גאס, האט חברה זיי אויפגענומען מיט א הילכיקן קאצניאמער, וואס האט אפגעקלונגען פון איין ברעג שטעטל צום צווייטן.

און כ'לעבן, ס'איז טאקע געווען וואס צו זען: דער הויכער, ברייט־פלייציקער יודל שינדלמאכער איז געווען אנגעפעלצט פון קאפ ביז די פיס, כאטש אינדרויסן איז געווען א ווארעמע זומער־נאכט. אין איין האנט האט ער געהאלטן א שווערע דובינע און אין דער צווייטער האנט א לאמטערנע.

הינטער אים האט אונטערגעהאפסלט אויף זיינע קורצינקע פיסעלעך דער קליינינקער שייעלע, וואס איז געווען פארשלייערט א קאפאטע אויף א

קאפאטע, איינגעוויקלט אין שאלן און אין פאטשיילעם, אזוי אז ער האט גאר נים אויסגעזען ווי א מענטשלעכע באשעפעניש, נאר ווי עפעס אן אויסטערליש פארזעעניש.

דאס שענסטע איז געווען ווען ס'איז געקומען די צייט אויסצושרייען דעם רוסישן "אסטאראזשנא". יודל שינדלמאכער, וואס איז געווען, ווי מיר קאנען אים, א גרויסער שווייגער, שטענדיק מורא געהאט אויפצוהויבן זיין קול אין דער הויך, האט גענומען מאכן לאנגע הכנות, ווי להבדיל, דער חזן ביים עמוד, האט פאררופן אלע ווײַלע דעם קאפ צום הימל און געוואלט אויסשרייען, אבער ס'איז אים ניט געלונגען. דער לאנגער, רוסישער "אסטאראזשנא" האט זיך אים פארטשעפעט ביי זיין טשעפעלאטער צונג און געבליבן שטעקן אין האלדז, אזוי אז פונם רוסישן "אסטאראזשנא" איז געווארן א צ־צ־צ־צרה־סטראזשנא ! . .

דער קליינינקער, אמביציעזער שייעלע פאנפע, וואס האט שטענדיק געהאט א מיאוסע טבע צו וועלן באווייזן, אז ער קאן בעסער פון יעדער איינעם, האט אויך דא, ביים שרייען "אסטאראזשנא", געוואלט איבערשרייען זיין שותף. ער האט פארווארפן דאס קעפעלע אויף א הינטער, ארייגענומען זיין ארויסגעשטארצטן, שפיציקן בייכל און ביידע הענט און מיט אלע כוחות גענומען שרייען. אבער דא האט אים די נאכטיקע, קילע לופט א שלאג געטאן צום קעל, אז ער האט זיך אזש פארכליניעט, זיך אנגעהויבן צו שטיקן, צו כארכלען, צו פאנפען און צו הוסטן, אזוי אז דער רוסישער "אסטאראזשנא" האט אים שיר ניט דערדישעט.

אזוי לאנג ווי שטעטעלע האט נאך ארויסגעגעבן פון זיך סימנים פון לעבן: פון דא און דארט האט זיך נאך אנגעזען א שיין פון א נאפט־לעמפל; פון דא און פון דארט האט זיך נאך געהאט דערטראגן א געוויין פון א קינד, א סקריפען פון א טיר, איז דער קליינינקער שייעלע געווען ביי זיך רויִק און זיכער, אז זיין "שליחות" וועט דורכגיין על צד היותר טוב, בפרט ביי זיין זייט איז געגאנגען דער הויכער, שוועד־לייביקער יודל שינדלמאכער מיט א דובינע און לאמטערנע אין די הענט. האט אים נאך ארומגענומען א געפיל פון שטאלץ, וואס אויף אים איז איצט אנגעטרויט געווארן דאס לעבן און פארמעגן פון א גאנץ "שטאט". . .

אבער ווי נאר ס'איז געקומען נאך א האלבער נאכט, ווען גאנץ שטעטל איז שוין געווען איינגעהילט אין א געדיכטער פינצטערניש; ארום און ארום האט זיך צעשפרייט א טויטע שטילקייט, ווי אויף א בית־עולם, איז דעם קליינינקן שייעלען געווארן שטארק קאלעמוטנע אויפן הארצן. די שווארצע נאכט מיט אירע פינצטערע שאטנס, האט אנגעיאגט אויף אים א מורא. האט ער זיך גענומען צוטוליען צו זיין שכן, ווי ער וואלט געזוכט אין אים שוץ און זיכערקייט.

יודל שינדלמאכער, דערזעענדיק ווי דער קליינינקער שייעלע, וואס האט אויסגעקוקט אין זיינע אויגן ווי ער וואלט געווען מי יודע וואס פאר

א גרויסער למדן, טוליעט זיך צו אים ווי א קינד, ווערט אים זייער גוט אויפן הארצן, אזש א ליבע ווארעמקייט צעגייט זיך אים איבערן לייב. פון גרויס דאנקבארקייט, בוינט ער זיך צו צו אים, נעמט אים אונטערן ארעם, און אזוי צונעטוליעט און צוגעניורעט איינער צום אנדערן גייען זיי גאס־איין, גאס־אויס, פון איין עק שטעטל צום צווייטן עק שטעטל.

מיטאמאל האט געגומען בלאזן א ווינטל. א שווארצע קרא האט זיך דורכגעטראגן איבער זייערע קעפ און זיך צעקראקעט. אין דער שכנישער, גויישער גאס האט זיך א הונט צעבולן.ביידע נאכט־שומרים בלייבן שטיין ווי פארגליווערטע פון שרעק און פון פחד.

נאך מער האט זיך געצאפלט דער קלייניקער שייעלע. ער, דער וויל־געלערנטער, האט געוווסט וואס עס שטייט אין דער גמרא, אז ״כלבים צועקים — מלאך המות בעיר״ — ווען הינט וואיען איז א סימן, אז דער מלאך המות איז אין שטאט . . . און דאס וואס עס פאכען פליגל איבער זיין קאפ און עס קראקען שווארצע קראען, זיינען דאס ניט קיין סתם פייגל, נאר שדים, רוחות און מזיקים, וואס קריכן ארויס נאך א האלבער נאכט, פון זיי־ערע באהעלטענישן און נעמען איבער די ממשלה איבער דער שטאק־פינצ־טערער נאכט . . .

פון גרויס שרעק הייבן ביידע נאכט־שומרים אן צו לייענען קריאת־שמע, זאגן תהלים, כאפן זיך פאר די ציצית, אז די ״ניט־גוטע״, רחמנא ליצלן, זאלן חלילה ניט האבן איבער זיי קיין שליטה . . .

אזוי זיינען ביידע ״ווארטאוויקעס״ געגאנגען און מתפלל געווען, ביז גאט, ברוך הוא, האט דערהערט זייער געבעט און זיי באוויזן, אז ער שטייט מיט זיי אויך אויף דער וואך, זיי צו באשיצן און צו באשירעמען פון יעדער צרה און פגע רע — א סימן, אויפן מזרח־האריזאנט האט זיך שוין באוויזן דער ערשטער שפראץ אויפן פרימארגן . . .

א דאנק אט דער דאזיקער ״ווארטע״, איז ענדלעך געשלאסן געווארן א ״ברית־אחים״, א ברידערלעכער בונד, צווישן די צוויי פארקריגטע שכנים באלמעלאכעס — יודל שינדלמאכער און שייעלע שינדלקלאפער, וואס האט שוין אנגעהאלטן ביזן סוף פון זייערע טעג . . .

# דער גובערנאַטאָר אין שטעטל

## א

עס איז געווען אַ שיינער, אַ וואַרעמער זומער־טאָג, ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט פאַרנומען אויף מערב־זייט. האָט זיך פּלוצלונג אָנגעיאָגט "פון יענער זייט בריקן", פון דער שכנישער שטאָט קאַמעניץ, דער הויכער, ברייט־פּלייציקער אוראַדניק, גאַספּאַדין איוואַן איוואַנאָוויטש, מיט זיינע לאַנגע, בלאָנדע וואָנצעס, מיט אַ לעדערנעם פּאַרטפעל אונטערן אָרעם; ביי זיין זייט דער קליין־געוויקסיקער, יודל קאַטיק, דער פּרנס העיר, וואָס איז געווען אַ גאַנצער ר' שמעלקע אין די "הויכע פענצטער" פון דער שטאָטישער רוסישער נאַטשאַלסטוואָ.

די צוויי וואַזשנע, הויכע לייט, זיינען, מיט גיכע, האַסטיקע טריט, אַריין צו ר' מאיר שמיד אין דער קוזשניע, פּונקט ווען ער איז געשטאַנען מיטן האַמער ביי דער קאָוואַדלע און צו אים אַ זאָג געטאָן, לאמור אַזוי צו זאָגן: די מינוט זאָל ער גלייך צונויפרופן די גאַנצע "הראַמאַדע" פונם שטע־טעלע זאַמאָסטי אין דער "באָזשניצע" (שול), וואָרים עס האַנדלט זיך מכוח זייער אַ וויכטיקן ענין.

ר' מאיר שמיד, וואָס איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס און אויך דער גבאי ראשון פון בית־מדרש, האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און ניט געפרעגט קיין קשיות, וואָרים אַז נאַטשאַלסטוואָ הייסט, דאַרף מען פאָלגן. האָט ער באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם לעדערנעם פאַרטוך, אי־בערגעלאָזן די קוזשניע אויף זיינע טשעלאַדניקעס (אַרבעטער), אָנגעטאָן אויף גיך דעם שבתדיקן סורדוט, מיט דער הויכער, סאַמעטענער היטל, און זיך אַוועקגעלאָזן מיט די צוויי הויכע שררות אין בית־מדרש אַריין צו הייסן דעם אונטער־שמשל, איציקלען, גיין רופן אין שול אַריין.

ווען דער קלייניקער איציקל שמשל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו כאַפּן ביי טאָג אַ דרעמל אין דער ווייבער־שול, מחמת ער איז געווען, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט, אַן אַלמן, האָט דערזען שטיין פאַר זיך אַזעלכע צוויי הויכע שררות, דעם אוראַדניק איוואַן איוואַנאָוויטש, מיט די צוויי לאַנגע, שאַרפע, געלע וואָנצעס און מיט זיין שווערד ביי זיין זייט, און יודל קאַטיק מיטן בלאָנדן קמיץ־בערדל, איז ער פאַר שרעק געבליבן אָן לשון, אָנגעהויבן ציטערן מיט זיין גאַנצן גוף, אַזוי אַז יעדער הערעלע אין זיין שוואַרצן,

ציגן בערדל, האט זיך אזש געטרייסלט. ער איז געשטאנען מיט א פאר אויסגעגלאצטע אויגן און בשום אופן ניט געקענט כאפן וואס עס ווילן פון אים האבן אט די דאזיקע צוויי מלוכה־לייט . . .

יודל קאטיק, וואס איז געווען באקאנט אין שטעטל פאר א גרויסן קאטאוועסניק, דערזעענדיק ווי דאס דאזיקע קליינינקע מענטשעלע צאפלט זיך פאר שרעק, ווי א פישל אויף דער ווענטקע, האט זיך אים פארגלוסט א שפיל צו טאן מיט אים אביסל, כדי אים נאך מער איבערצושרעקן. האט ער זיך אויף אים שטארק צעהוקעט און זיך צעשריען אויף רוסיש און אויף יידיש:

— אך, טי דוראק! טשטא טי סטאָיש קאק באלוואן?! אידי סקארעי! די מינוט זאלסטו מיר צונויפברענגען אהער אלע יידן! אויב ניט וועל איך הייסן דעם גאספאדין אוראדניק ארייגזעצן דיך אין "חד גדיא" אריין! פאניאל?! סטופיי! מארש! דו גלאמפ איינער ! . .

איציקל שמשל האט זיך באלד אויסגעטשוכעט פון זיין שלאף, האט א כאפ געטאן אויף גיך זיין קאפאטקע מיטן שטעקן, און איז ארויסגעלאפן, ווי אן אונטערגעשאסענער, פון בית־מדרש. ער האט זיך גלייך אוועקגעשטעלט אין מיטן גאס, פארווארפן אויף א הינטער זיין קליין קעפעלע, ארויסגעשטארצט דאס שפיציקע בייכל, אויסגעצויגן זיין דינינקן העלדזל, פארזשמורעט די אייגעלער און מיטן גאנצן כוח זיך צעשריען אויף זיין קוויטשענדיקן קולכל:

— אין כ־שיל אריין ! . . אין כ־שיל אריין ! . .

די זאסטאוויער יידן, דערהערנדיק ווי זייער שמשל רופט פלוצלונג, אין מיטן א העלן, וואכעדיקן טאג, אין שול אריין, זיינען זיי נבהל ונשתומם געווארן. מ'האט באלד אנגעהויבן ארויסלויפן פון די הייזער, פון הינטער די גערטנער און פון די סעדער; מאנצבילן, ווייבער און קינדער, ווי ס'וואלט חלילה פלוצלונג אויסגעבראכן א שריפה. מ'איז באפאלן איציקלען פון אלע זייטן, מ'האט געוואלט ביי אים דערגיין "מה זה ועל זה?" וואס איז די סיבה פון זיין פלוצלונגדיקער רופעניש? אבער ס'איז שווער געווען צו דערגיין פון אים א טאלק. אויף אלע זייערע פראגעס, האט ער געענטפערט מיט א הויב פון זיינע שמאלע אקסלען, א מאך געטאן מיט דער האנט צום בית־מדרש, ווי פון דארט וואלט געקומען דאס אומגליק . . . און מיט זיינע קורצינקע, איילנדיקע פיסעלעך זיך אוועקגעיאגט ווייטער איבערן שטעטל, און זיך ווידער צעשריען:

— אין כ־שיל אריין ! . . אין כ־שיל אריין ! . .

באלד איז דאס בית־מדרש פול געווארן איבער די ברעגעס מיט אן עולם מאנצבילן, ווייבער און קינדער. ר' מאיר שמיד, דער גבאי, איוואן איוואנאוויטש, דער אוראדניק, און דער קורצינקער יודל קאטיק, דער טשלען פון דער מעשטשאנסקער אופראווע, זיינען אלע דריי מיטאמאל ארויף אויפן באלעמער.

ר' מאיר שמיד האט געגעבן א שטארקן זעץ מיט זיין קאוואלסקער האנט איבערן "שולחן", אז דער טיש האט אזש א קרעכץ געטאן. ס'איז אנטשטאנען אן אויסערגעוויינלעכע שטילקייט, אז מ'האט געקאנט הערן אפילו דאס זשומען פון א פליג. דער גאנצער עולם איז געווארן איין שטיק געהער. אלעמענס אויגן זיינען געווען אנגעהאנגען אויף די דריי, וואס אויפן באלעמער, און מיט גרויס אומגעדולד און מיט א פארכאפטן אטעם געוואלט שוין הערן וואס זיי האבן צו זאגן.

איוואן איוואנאוויטש, דער אוריאדניק, האט באלד ארויסגעכאפט פון זיין לעדערנעם פארטפעל א צונויפגעלייגטן נערבאוון פאפיר, וואס ער האט עס געהאלטן מיט אזא יראת הכבוד, ווי ס'וואלט געווען להבדיל, א הייליקע מגילה. ער האט געגעבן א בכבודיקן הוסטל, ווי ס'פאסט פאר א גרויסן נאטשאלניק, א ווייש געטאן מיט דער לינקער האנט דא די רעכטע וואנצע און דא די לינקע וואנצע, און ווידער געגעבן א הוסטל, און ענדלעך אנגעהויבן צו לייענען הויך אויפן קול, וואס מיר זעצן עס טאקע דא גלייך איבער פאר אייך אויף פראסט מאמע־לשון:

"אין דעם און דעם טאג, פון דעם און דעם חודש, און אין דעם און דעם יאר, וועט יעווא סיאטעלסטווא, זיין דורכלויכט, סוויאטאפאלסק־מירסקי, דער גובערנאטאר פון גראדנער גובערניע, באוויליקן דורכצופארן דורך דער שטאט קאמעניץ־ליטאווסק און אויך דורכן שטעטעלע זאמאסטי, וואס ליגט אויפן וועג צום ביאלאוועזשער וואלד, ווו ס'טוט זיך איצט דארט געפינען "יעווא וויסאטשעסטווא", דער באמיושקא, צאר ניקאליי ווטאראי, אין זיין זומער־פאלאץ. דעריבער דארף מיסטעטשקא זאמאסטי (שטעטעלע זאסטאוויע), פונקט ווי אלע אנדערע שטעטלעך וואס ליגן אויף זיין וועג, זען וואס גיכער ברענגען זייערע הייזער און זייערע גאסן אין גוטער ארדענונג, כדי זיי זאלן מאכן אויף זיין סיאטעלסטווא, סוויאטאפאלק־מירסקי, דעם גובערנאטאר פון גראדנער גובערניע, א גוטן איינדרוק".

הגם דער בלאהארדני איוואן איוואנאוויטש האט אליין געקענט איבערזעצן דעם דאזיקן רוסישן פריקאז אויף יידיש, מחמת ער האט געקענט ריידן יידיש ווי א וואסער, ווייל זינט ער איז אוראדניק אין שטאט, האט ער זיך רק געשפייזט אויף יידישע מאכלים, אויף געפילטע פיש און שבתדיקע קוגלען . . . אבער ווען ס'איז געקומען אזא וויכטיקן פריקאז, פון הויכער נאטשאלסטווא, האט ער מורא געהאט אים חלילה ניט צו פארשוועכן מיט זיין גוייש־יידיש לשון . . . האט ער עס איבערגעגעבן זיין יידישן באגלייטער, דעם יודקא קאטיק, דעם טשלען פון דער מעשטשאנסקער אופראווע, אז ער זאל עס "פערעוואדיען" (איבערזעצן) און "ראזסקלאדעווען" (פאנאנדערליינען) פאר דער גאנצער "הראמאדע" פון "סטארא־זאקאני" אויף זייער אייגענעם "יאזיק" (שפראך), אזוי אז זיי זאלן גוט פארשטיין און גוט "צעקייען" דעם גאנצן ענין.

יודל קאטיק, דער טשלען פון דער מעשטשאנסקער אופראווע, האט

מיט גרויס ווירדע און מיט גרויס יראת הכבוד גענומען דעם פּריקאַז אין האַנט אַריין, האָט אַנגעזאַטלט זיינע גאָלדענע פּענסנע אויף זיין שאַרפן אָדלער־נאָז, אַ טאָפּ געטאָן זיין קמיץ־בערדל, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך איבערציינגן צי עס ליגט אויף זיין ריכטיקן אָרט, און מיט אַ הויכן קול גענומען פאַרלייענען אויף יידיש וואָרט ביי וואָרט מיט אַזאַ קלאָרער דיקציע, אַז אַפילו אַ קינד אין וויג האָט געקאָנט פאַרשטיין.

ב

ס'איז שווער איבערצוגעבן אין פּשוטע ווערטער, וואָס פאַר אַ רושם די נייעס האָט געמאַכט אויפן גאַנצן שטעטלשן עולם. וואָרים עפּעס אַ קליי־ניקייט, דער גובערנאַטאָר אַליין, בכבודו ובעצמו, קומט מיט אַ וויזיט צו זיי אין שטעטל! דאָס דאַרף דאָך באַשריבן ווערן אין "פּנקס"! דאָס איז דאָך אַ סימן מובהק, אַז אין די "הויכע פענצטער" פון מלכות, ווערט שטעטעלע זאַסטאַוויע פאַררעכנט פאַר אַ שטאָט מיט לייטן גלייך ! . . דאָס וועט דאָך זיין אַ פּאַטש אין פּנים זייערע שכנים; די קאַמעניצער יידן, מיט די פאַר־ריסענע נעז, וואָס האַלטן זיך פאַר די אייבערשטע פון שטייסל, און קוקן אויף זיי, אויף די זאַסטאַוויער, ווי אויף אמתע ישובניקעס, דאָרפסלייט.

שטעטל איז געגאַנגען ממש כאַראַם. ווו מ'איז געגאַנגען און ווו ס'איז געשטאַנען, האָט מען רק געהאַלטן אין איין ריידן וועגן דער דאָזיקער גרויסער געשעעניש. ס'האָט זיך קיינעם ניט געליינט די הענט צו קיין אַרבעט; קיינער האָט מיט קיין אויג ניט געקענט צומאַכן; איטלעכער איז געווען צע־רודערט, געשפּאַנט, ווי ס'וואָלט געדאַרפט אַראָפּקומען להבדיל אלף אלפי הבדלות, משיח אליין . . .

אין בית־מדרש האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. אַלטע, באַיאָרנטע יידן האָבן געהאַלטן אין איין זיך אַנדערציילן כּלערליי מעשות וועגן דעם גובערנאַטאָר און זיין אַפּשטאַם; און ווערליק זיי האָבן אויסגע־רעכנט זיין גאַנצן סדר הדורות, ציט ער זיין שלשלת היוחסין אַזש מגזע המלוכה . . . און דער עיקר וואָס ער איז אַ גרויסער אוהב ישראל, והא ראיה: רייכע יידן אין גראָדנע פירן אָן מיט זיינע גרויסע אימעניעס; אָן זייער עצה טוט ער זיך גאָר ניט קיין ריר; זיין לייב־דאָקטאָר איז אַ פרומער, גאָטספאַרכ־טיקער ייד. און נאָך אַזעלכע שבחים, וואָס איז שווער זיי דאָ אויסצודער־ציילן . . .

סוחרים, קרעמער און שענקער, האָבן געטענהט מיט זיכערקייט, אַז אַ דאַנק זיין קומען אין שטעטל, וועט שטעטל אויפגעריכט ווערן: ס'וועט זיך אויפעפענען אַ נייער קוואַל פון פּרנסה; מ'וועט זיך באַלד שטעלן בויען אַ שאָסיי, און פאַרוואָס טאַקע ניט קיין אייזנבאַן ? . . וואָרים דאָס פאַרט ער דאָך טאַקע איצט אויסצוקוקן און מאַכן די נויטיקע פּלענער . . .

פאַרשטייט זיך, אַז מער פון אַלעמען האָבן זיך געפרייט מיטן גובער־נאַטאָר, די חדר־יינגלעך. זיי זיינען ממש געשפּרונגען פון דער הויט פאַר

שמחה. זיי האבן שוין באצייטנס געציילט די טעג און די נעכט ווען די מלמדים זייערע וועלן זיין געצוווּנגען פאנאנדערצולאזן די חדרים. און עס וועט זיין חי־געלעבט !...

בקיצור, ס׳האט זיך געדעשט און געקאכט אין שטעטל, אזוי אז מ׳האט זיך געלייגט מיטן גובערנאטאר און מען איז אויפגעשטאנען מיטן גובערנאטאר...

און כאטש לוימן פריקאז פון נאטשאלסטווא, האט דער גובערנאטאר ערשט געדארפט קומען מיט שיינע עטלעכע וואכן שפעטער, דאך האבן די שטעטלשע באלעבאטים גלייך אויף מארגן, אינדערפרי, באלד נאכן דאוו־נען, געכאפט עמערס מיט קאלך און גענומען קריכן אויף די דעכער ... אפצוקאלכן די פארראיכערטע און פארסאזשעטע ״קעפלעך״ פון זייערע קוי־מענס, וואס האבן געהאט דעם אנבליק פון שווארצע ״סטראשילדעס״ מיט וועלכע מען שרעקט די פייגל אין די פעלדער ... און איצט, נאכן אפקאלכן זיי, האבן זיי געקראגן דעם אויסזען ווי מען וואלט זיי אנגעטאן אין נייע, ווייסע העמדלעך ...

און ווי גיך מ׳האט זיך געהאט אפגעפארטיקט מיט די ״קעפלעך״ פון די קוימענס, האבן די זאסטאוויער יידן זיך א נעם געטאן פאר די סמעטני־קעס, וואס זיינען געלעגן פאר זייערע הייזער ... מ׳האט זיי אויף גיך אנגע־לאדן אויף פורן און זיי ארויסגעפירט אויסערן שטאט.

נאכדעם האבן יידן, אינאיינעם מיט מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס, געבראכט צו פירן פולע, אנגעלאדענע פורן מיט צווייגן, שטיינער און זאמד, און פארשאטן מיט דעם די אלע שטעטלשע זומפן און בלאטעס, ווו ס׳האבן זיך אין זיי א גאנץ זומער געטאן פרוכפערן און מערן כלערליי זשא־בעס, שרצים ורמשים, וואס האבן טאג און נאכט געהאלטן אין איין קוואקען.

חברה קליינוואַרג האט אויך צוגעלייגט א האנט ביים אויספוצן דאס שטעטל: זיי האבן געכאפט רידלען און קאפעטשקעס, זעק און קאשיקעס, און זיינען אוועק מיט דעם צו די ״גאלד־גריבער״ און געבראכט פון דארט צו טראגן אן א שיר געלן זאמד און עס צעשאטן אויף די הויפן, און אויף די פריזבעס, וואס פאר די הייזער, אזוי אז גאנץ שטעטלע זאסטאוויע האט מיט־אמאל באקומען גאר אן אנדער אויסזען, ווי ס׳וואלט עפעס יינגער געווארן.

ג

די שיינע, איידעלע יידן, די ״פני העיר״, די סאמע פער פון שטעטל, האבן געבעדער אויך שווער געארבעט און געשוויצט ביים אויסארבעטן אלע נויטיקע פלענער, אזוי אז דער ״קבלת־פנים״ פארן גובערנאטאר זאל דורכגיין על צד היותר טוב. ווארים, אז גאט, ברוך הוא, וועט העלפן און אלץ וועט דורכגיין כשורה און דער קבלת־פנים וועט, אם ירצה השם, נושא חן זיין אין די אויגן פון ״מלכות״, קען נאך פון דעם ארויסקומען א גרויסע ישועה פארן כלל ישראל ... מ׳האט שוין געהאט אפגעהאלטן ניט איין אסיפה, וואס האבן, ווי געוויינלעך, זיך געהאט פארצויגן ביזן גרויען פרימארגן.

ראשית כל, האט מען גערארפט באשליסן "מי ומי ההולכים?" ווער זאל האבן די גרויסע זכיה צו זיין פון די ערשטע "רואי פני המלך", וואס וועלן דארפן ארויסגיין אנטקעגן דעם גובערנאטאר מיט א ספר־תורה, און להבדיל, מיט ברויט און זאלץ, ווי ס'איז דער מנהג ביי יידן פון קדמונים אן, מקבל־פנים צו זיין מיט דעם הויכע שררות און בני מלכים.

והשנית, דארף מען באשטימען ווער ס'זאל האבן דעם גרויסן כבוד צו זיין דער ראש המדבר, דער פירשפרעכער פאר דער גאנצער עדה יידן. פארשטייט זיך, אז מכוח דעם, זיינען אלע געווען איינשטימיק, אז דאס מוז זיין איינער וואס איז גוט באהאוונט אינם רוסישן לשון. און דאס איז ניט קיין אנדערער ווי דער איינציקער שטעטלשער משכיל און דער גביר, ר' שאול נחום, א הויכער, ברייט־פלייציקער ייד, מיט א גדאבן בויך און מיט א היבשער נאז, וואס קען אפילו אנשרייבן א "פראשעניע" א (ביטע) צום קייסער אליין, איז אבער די צרה, וואס מיט אלע זיינע מעלות, איז ער ניט געווען מרוצה לקהל — שטעטל האט אים פיינט געהאט בתכלית השנאה, ווארים לא די, וואס ער איז א משודאק, פארמאגט עפעס אזעלכע ווילדע, משונהדיקע שטיק, איז ער נאך דערצו א מוראדיקער קמצן, לאזט קיינמאל ניט אריבער אן ארעמאן איבער דער שוועל! טא זאגט אליין, ווי קאן מען אזא בר־נש צוטיילן אזא כבוד? ס'איז דאך א חרפה און א בושה, אז אזעל־כער זאל גאר שטיין אין די דלד אמות פונם גובערנאטאר ? . .

צוליב אט דעם קארגן גביר האט מען ניט איין נאכט זיך געקריגט און געאמפערט, ביז ס'איז געבליבן בהסכם כולם, און ווי ס'זאגט דאס קלוגע יידישע שפריכווערטל, אז מ'דארף דעם גנב, שניידט מען אים אפ פונם שטריקל . . . בלית ברירה, זאל איוואן בלאזן שופר ! . .

ערשט נאך לאנגע אסיפות און נאך לאנגע דינגעניש איז געלונגען ווי ס'איז אויסצוקלייבן די "שבעה טובי העיר" מיט זייער "ראש המדבר", שאול־נחום, דעם גביר, האט זיך געהאט געשטעלט פאר זיי א צווייטע און נאך א שווערערע פראגע: וואס א שטייגער, למשל, זאל זייער "פירשפרעכער" פארלאנגען פונם נאסט, דעם גובערנאטאר? ווארים ס'וואלט דאך געווען ממש א פארברעך פארן כלל־ישראל דורכצולאזן אזא שעת הכושר, אזא גאל־דענע געלעגנהייט, וואס קען נאר טרעפן איין מאל אין א יובל ! . .

ס'האט זיך אנגעהויבן א גרויסע שקלא וטריא. איטלעכער האט פאר־געשלאגן עפעס אנדערש. און וואס איינער האט געזאגט, האט דער צווייטער געזאגט פונקט דאס פארקערטע. ווארים "צרכי עמך מרובים" — ווייניק זאכן זיינען פאראן, וואס מ'דארף בעטן ביים גובערנאטאר ? . .

האט מען ווידער פאררופן ניט איין אסיפה, אבער צו קיין טאלק איז מען ניט געקומען. מ'האט זיך ווידער אנגעהויבן צו אמפערן און זיך צו קריגן. איטלעכער האט זיך געהיצט און געקאכט. יעדער איינער איז בא־שטאנען אויף דאס זייניקע, אז נאר זיין עצה איז די ריכטיקסטע, און מ'טאר

אויף איר חלילה ניט מבטל זיין, ווארים עס גייט דאך דא אין פיקוח נפש . . . אויגן האבן זיך געצונדן, פנימער האבן געפלאמט, בערד האבן זיך געטרייסלט, קולות און געשרייען האבן זיך געטראגן איבערן בית־מדרש, אזוי אז ווען דער גובערנאטאר זאל וועלן אויסהערן אלע בקשות און חסדים, וואס די זאסטא־וויער יידן האבן בדעה געהאט צו פארלאנגען פון אים, וואלט ער געדארפט האלטן שבת אין שטעטל . . .

גבריאל יקיר משהס, א הויכער,ביינערדיקער ייד, א גרויסער יאבעד־ניק, וואס האט א גאנץ לעבן געפירט שווערע, הארטנעקיקע "מלחמות" קעגן די קאמעניצער "שטאט־טאטעס" און קעגן אירע גבאים פון דער "חברה קדישא", האט געקלאפט מיט זיין גרויסן שטעקן איבערן טיש און געשריען אויף זיין הייזעריק קול, אז ניט אנדערש ווי נאר מ'זאל דערלאנגען דעם גובערנאטאר א "פריגאוואר" מיט חתימות פון אלע שטעטלשע באלעבאטים, אז ער זאל געבן שטעטל זאסטאוויע א "ראזרעשעניע" (דערלויבעניש) צו מעגן אפהאלטן כאטש צוויי מאל אין יאר א יאריד, ווי אלע אנדערע שכנישע יידישע שטעטלעך. אויב ניט, האט ער געשריען אויף אלע קולות, וועלן מיר אלע דארפן גיין מיט דער טארבע איבער די הייזער! ווארים די שכנישע שטאט קאמעניץ, ניט געדאכט זאל זי ווערן, רייסט דאך ארויס פון אונדז דעם לעצטן ביסן ברויט פון מויל! זי נעמט אוועק פון אונדז אלע אונדזערע גויים פון די דערפער, אינאיינעם מיט זייערע תבואות, בהמות, חזיר־האר, הינער און אייער ! . .

פארשטייט זיך, אז אויף דעם זיינען אלע געווען מסכים. אבער אין סאמע מיטן פון זיינע רייד איז פלוצלונג אויפגעשפרונגען דער קליינינקער, דארינקער ר' שואלקע דער מלמד, און זיך צעשריען אויף זיין ווייבערישן, קוויטשענדיקן קולכל, אז ער וויל ניט אנדערש נאר מ'זאל פארלאנגען פונם גובערנאטאר, סוויאטאפאלסק־מירסקי, וואס שטט פאר א גרויסן אוהב־ישראל, אז ער זאל גלייך אפשאפן די גזירה אויף יידן, וואס דארפן צאלן דריי הונדערט רובל שטראף פאר יעדער אנטלאפענעם זון פונם פריזיוו.

פארשטייט זיך, אז ער איז מיט דעם ניט אויסן געווען טובת הכלל, נאר זיין איינענע טובה. ווארים דער קלייניקער ר' שאולקע דער מלמד איז שוין געווען א גרויסער "קייזערלעכער בעל חוב" אויף גאנצע ניין הונדערט רובל פאר זיינע דריי אנטלאפענע זין קיין אמעריקע. און האט צוליב דעם נעבעך כסדר געלעבט אין איין ציטערניש, אז א ליארע טאג זאל פלוצלונג ניט ארייַנפאלן צו אים דער רעוויזאר און אפשרייבן ביי אים זיין שטיבל מיטן שטרויענעם דעכל און מיטן שטיקל גארטן, אינאיינעם מיט די ביסל בעבעכעס . . .

ר' משה סטאווסקי, א ייד א קבצן אין זיבן פאלעס, און א בעל־מטופל מיט קליינע קינדער, אבער בטבע א גרויסער לץ, א קאטאוועס טרייַבער איינער ביי גאט, האט אינגאנצן חוזק געמאכט פונם גרויסן טאראראם וואס מען מאכט איבער דעם גובערנאטאר, דעם מכלומרשטן אוהב ישראל, און פון אלע זייערע בקשות און טובות וואס מען קלייבט זיך צו בעטן ביי

אים. ערשט ווען דער צעהיצטער עולם איז שוין געווען גוט הייזעריק פון שרייען, האט אים איינער פון די שכנים א פרעג געטאן, מיט א שטורכע פון זיין עלנבויגן אין דער זייט:

— נו, ר' משה סטאווסקי, זאגט, וואס איז אייער חוות דעת?

דער עולם האט באלד אנגעשטעלט אויף אים זיינע בליקן. ווארים מ'האט שוין געוווסט פון דערפארונג, אז באלד וועט מען דערהערן פון אים עפעס א חכמהלע, א שיינע הלצהלע.

ר' משה סטאווסקי האט אריינגענומען אין זיינע הענט זיין לאנגע בלאנדע בארד, פארזשמורעט אן אויג, און גענומען זאגן מיט א גמרא־ניגון, מכלומרשט מיט זייער אן ערנסטן טאן:

— תפסת מרובה לא תפסת, — און עס באלד פארטייטשט אויף זיין שטייגער, — אז מ'וויל א סך קריגט מען א פייג... דעריבער ווען מ'זאל אים נאר פאלגן, וואלט מען געדארפט בעטן ביים גובערנאטאר איין און איינ־ציקע טובה, וואס איז נוגע דעם גאנצן כלל־ישראל, און דאס איז די: היות ווי אלע ווייסן, איז די קהלשע באד מיט דער מקווה שוין לאנג א מפולת, האלט זיך ווי אויף הינערשע פיסלעך, אזוי אז יעדער יידענע וואס גייט אין איר צו טבילה און קומט פון דארט ארויס בשלום, דארף זי בענטשן גומל, לכן, שלאגט ער פאר, מ'זאל בעטן דעם גובערנאטאר, אז ער זאל אונדז שענקען א פאר הונדערט רובל צו פארריכטן די קהלשע באד, און איידער וואס ווען, ביז וואנען מ'וועט זיך נעמען פאר דער ארבעט, וואלט מען דערווייל געקאנט פונם קהלשן געלט לייען א גמילות חסד אויף שבת...

דער עולם האט אויסגעשאסן אין א געלעכטער. ווארים אויף אזא עצה־טובה, האט נאר געקענט איינפאלן דער קלוגעטשקער משה סטאווסקי. אבער דא איז באלד אויפגעשפרונגען, ווי א טינער, דער אלטער ר' נחמיה אייזיקס, א יאדישלעווער ייד און א גרויסער כעסן דערצו, געגעבן א שטארקן קלאפ אן טיש און איז ארויס מיט א ירגזון:

— תמיד האט דער לץ סטאווסקי א טבע, ווען מ'האלט אין סאמע מיטן פון אן ערנסטן ענין, וואס איז נוגע א גאנצער עדה יידן, קומט ער שטענדיק צו גיין מיט זיינע נארישע חכמהלעך! שעמען מעגסטו זיך אין דיין ווייטן האלדז אריין! קנסענען האט אים געדארפט דערפאר! — האט ר' נחמיה אייזיקס זיך אזש געטרייסלט פאר כעס.

אבער ר' משה סטאווסקי, דער גרויסער קאטאוועסניק, איז גאר ניט נתפעל געווארן פון זיין שכנס כעס, און אים געענטפערט מיט א שפאגל נייעם חכמהלע, ווי זיין שטייגער איז געווען:

— ר' נחמיה אייזיקס, מה רעש? זייט ניט אזוי אין כעס! איך האב דא גארניט געזאגט קיין קרומע זאך. ווארים איר אליין וועט מודה זיין, אז אייער שנור, זאל לעבן, וואס איז אייך מכבד, יאר־איין, יאר־אויס, מיט סנדקע ביי אייערן אן אייניקל אויף א ברית־מצווה, נויטיקט זיך אזוי שטארק אין דער מקווה, אפשר נאך מער פון וועלכער ס'איז יידענע אין שטעטל...

דא האט דער עולם ערשט אנגעהויבן צו לאכן, און נאך א מין לאכן, אזוי אז מ׳האט שיר נים געהאט פארגעסן אויפן גובערנאטאר.

ענדלעך, נאך לאנגע אסיפות און נאך לאנגע, היציקע וויכוחים, איז באשלאסן געווארן, פה אחד, אנצוזעמען גבריאל יקיר משהס פלאן, צו דערלאנגען דעם גובערנאטאר א "פריגאוואר", אויף וועלכן אלע איינוווינער פון שטעטל זאלן זיך אונטערשרייבן, און בעטן א ראזרעשעניע, אז מיעס־טעטשקא זאמאסטי, זאל אויך מעגן אפהאלטן א יאריד פאר אירע אייגענע גויים . . . און וואס שייך מכוח די איבעריקע בקשות, זאל מען זיך שוין פאר־לאזן אויף זייער "מתורגמן", ר׳ שאול־נחומען, דעם גביר. און וואס גאט, ברוך הוא, וועט אריינטאן אין זיין מויל, דאס זאל ער בעטן . . .

ד

ס׳איז געקומען דער לאנג־דערווארטעטער טאג. פון באגינען אן, איז גאנץ שטעטל שוין געווען אויף די פיס. מ׳האט אפגעדאוונט מיטן ערשטן שפראץ אויף טאג, און אפגעגעסן אויף גיך, ווי ס׳וואלט געווען ערב פסח, ווען מ׳דארף זיך איילן אפצוגעזעגענען זיך מיטן חמץ . . . גאנץ שטעטל האט זיך אויסגעפוצט אין שענסטן און אין בעסטן און איז ארויס אינדרויסן צו באגעגענען דעם חשובן גאסט, דעם גובערנאטאר, וואס האט א ליאדע מינוט געדארפט אנקומען.

אינדרויסן, פארן בית מדרש, איז געשטאנען די יידישע דעפוטאציע, מיט זייער "פירשפרעכער", שאול־נחומען בראש, אלע אזעלכע הויכע, גע־שטאלטנע, מיט שווארצע און מיט בלאנדע לאנגע בערד און פאות, אנגעטאן אין שבת־יום־טובדיקע סורדוטן, מיט הויכע, שווארצע, סאמעטענע היטלען אויף די קעפ. לעבן זיי, אונטער א שפאגל־נייער חופה, איז געשטאנען ר׳ משה דער שמש, מיט זיין לאנגער, ווייס־זילבערנער בארד, מיט א גרויסער ספר תורה צוגעטוליעט צום הארצן, וואס מ׳האט לכבוד דעם גובערנאטאר אויסגעפוצט אין א נייעם, ווייסן, זיידענעם מענטעלע. אויפן טיש א זילבערנע טאץ, אויף וואס ס׳איז געלעגן א פריש אויסגעבאקענער קארענער לאבן־ברויט, און א טעצל מיט זאלץ.

אביסל ווייטער פון דער "יידישער גאס" איז געשטאנען די "גוישע גאס", אלע אויסגעפוצט אין עסיק און אין האניק, ווי צו זייער גרעסטער חגא. פאר א גרויסן באדעקטן טיש איז געשטאנען דער פראוואסלאוונער גלח, אנגעטאן אין א לאנגער, שווארצער טענדע־ווערענדע, אויפן קאפ א הויכע, ווייסע יארמעלקע, מיט א גרויסן גאלדענעם צלם אויפן הארצן, ארומגערינגלט פוןביידע זייטן מיט א כאר פון יונגע שקצים און שיקסלעך. לעבן זיי זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אין א שורה באיארנטע, בכבודיקע "בעלי־גופים", אין די הענט הויכע שטעקנס מיט כלערליי איקאנעס און מיט אנגע־צונדענע, גרויסע, צערקאווגע ליכט.

די יידן, דערזעענדיק דעם גרויסן, צוגעגרייטן פאראד פון דער

גויישער נאס, מיט זייער גלח בראש, און מיט זייערע פלאטערדיקע איקאָנעס, און מיט די בילדער פון דער "הייליקער מאריע" מיט איר געקרייציקטן זון אויפן צלם, און דערהערנדיק דעם הילכיקן געקלאנג פון די קלויסטער־גלאָקן, וואס האבן זיך דערטראָגן אהער פון דער שכנישער שטאט קאמעניץ, איז זיי באפאלן א שרעק. זיי האבן זיך דערפילט ווי ארעמע מחותנים אויף א פרעמ־דער, גבירישער חתונה . . .

ה

פלוצלונג האט זיך אנגעיאגט ווי א שטורעם, א מחנה קאזאקן אויף זייערע ביסטרע פערדלעך, באוואפנט פון קאפ ביז די פיס. א ציטער איז אלעמען אריבער איבערן לייב. יידישע מאמעס האבן באלד געכאפט זייערע קליינע קינדער און זיי שטארק צוגעטוליעט צום הארצן . . .

מיטאמאל האט זיך פון ערגעץ צעשאלט א מיליטערישער טראמפייט. עס האט זיך באלד באוויזן א לאנגער עשאלאָן מיט פארמאכ־טע און אפענע קארעטעס, אויף הויכע רעסארן, געשפאנט אין הויכע, שיינע, פערד, וואס זיינען געווען באהאנגען מיט גאלדענע קנעפ, גאלדענע גלעקלעך, לאנגע פרענדזן און נאך אזעלכע שיינע, ווונדערלעכע באצירונגען, וואס האבן ממש פארכאפט דאס אויג מיט זייער פראכט און גלאנץ.

פלוצלונג האט זיך דער לאנגער מיליטערישער צוג אפגעשטעלט. פון איינער פון די שענסטע און גרעסטע קארעטעס, האט ארויסגעשטיגן, מיט לאנגזאמע טריט, א הויכער מאן, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א רויטן קארק, מיט א פולן, קיילעכיקן פנים, מיט גרויסע באקן־בערד, מיט א שיינעם מונדיר, באהאנגען מיט גאלדענע פאגאנעס, מיט כלערליי בענדלעך, און אויפן הארצן א ברעטעלע מיט גאלדענע מעדאלן און צלימלעך, אין האנט א שיין שטע־קעלע מיט א גאלדענעם קעפל, א מין שרביט הזהב — א צעפטער . . . הינ־טער אים זיינען נאכגעגאנגען א כאליאסטרע שררות, הויכע נאטשאלסטווא, גרויסע אדעלליים, אלע אזעלכע הויכע, שיינע מיט ביסטרע אויגן און ערנסטע פנימער, אנגעטאן אין שיינע, רויטע און בלויע מונדירן, מיט זילבערנע און גאלדענע עפאלעטן און מיט כלערליי מעדאלן.

— דער גובערנאטאר! דער גובערנאטאר! — האט זיך דורכגעטראָגן א געמורמל צווישן עולם.

— הור־רא!... הור־רא!... — האט דאס גויישע פאלק זיך צע־שריען אויפן קול און זיך באלד אראפגעלאזט אויף די קני און זיך גענומען צלמען. דער פראוואסלאווער גלח האט באלד גענומען אפריכטן א "מאליט־ווע" (תפילה). דער גובערנאטאר, מיט זיין סוויטע, איז געבליבן שטיין און זיך אויך איבערגעצלמט. נאכדעם האט דער גלח צוגעטראָגן צו אים דעם גאלדענעם צלם א קוש צו טאן, באשפריצט מיטן "הייליקן" וואסער די הויכע נאטשאלסטווא און דעם גאנצן רוסישן "נאראָד" (פאלק).

ווי ניך דער גובערנאטאר האט זיך אפגעפארטיקט מיט זיינע גויים,

איז ער מיט פאמעלעכע, געמאסטענע טריט צוגעגאנגען צום יידישן פאלק, זיך אפגעשטעלט פאר דער יידישער דעפּוטאציע, וואס איז געשטאנען מיט בלייכע פנימער, מיט צעשראקענע אויגן און מיט צאפּלדיקע הערצער . . . די יידן האבן זיך פארנויגט איבער די גארטלען. באלד האט דער אלטער ר׳ משה דער שמש, מיט זיין געזונטער, הילכיקער שטימע, אנגעהויבן אויסזינגען אויפן קול דעם "הנותן תשועה למלכים" — די ספעציעלע תפילה, וואס יידן זאגן שבת און יום־טוב פארן געזונט און וואוילזיין פון זייער קייסער און זיין משפחה. ווי נאר דער גובערנאטאר האט דערהערט דעם נאמען ניקאליי אלעקסאנדראוויטש, וואס איז ארויס פון ר׳ משה דעם שמשס מויל, האט ער, לכבוד זיין "צאר באטיושקא", זיך אויסגעצויגן גלייך ווי א סטרונע. אויף אים קוקנדיק, האבן זיינע באגלייטער געטאן דאס זעלבע. די שטעטלשע יידן האבן פרייער אפגעאטעמט. דאס איז פאר זיי געווען א גוטער סימן, אז אלץ וועט אם ירצה השם דורכגיין בשלום . . .

נאכן אפּריכטן די תפילה האט דער גובערנאטאר געגעבן א לייכטן גלעט מיט דער האנט איבערן מענטעלע פון דער ספר תורה, צוגעגאנגען צום טיש, אפגעשניטן א פעניצל ברויט, עס איינגעטונקט אינם טעצעלע זאלץ, געגעבן א ביס און א זאג געטאן מיט א שמייכעלע:

— כאראשא! ספאסיבא! . . . ד"ה, ס׳איז גוט און א דאנק . . .

ער האט באלד גענומען פארפירן א געשפרעך מיט דער יידישער דעפּוטאציע. אויף זיין פראגע: "ווי לעבט זיך אייך עפעס דא "סטארי זאקאני", און מיט וואס טוט איר זיך דא באשעפטיקן?" האט שאול־נחום דער גביר, דער ראש המדבר, זייער אונטערטעניק זיך פארנייגט פאר אים ביז דר׳ערד און גענומען ענטפערן אויף זיין רוסישן לשון, וואס מיר זעצן דא גלייך איבער,ווארט איז ווארט, אויף פראסט יידיש:

— וואשע סיאטעלסטווא, אייער הויכלויכט, — האט שאול־נחום אנגעהויבן, — אונדז לעבט זיך דא גאר ניט שלעכט . . . יעדער איינער פון אונדז דערנערט זיך פון זיין איינן שטיקל פעלד און גארטן, און פון מלאכה . . . מיר, יידן, דאנקען און לויבן דעם צאר באטיושקא פאר אלע זיינע חסדים און גענאדן, וואס ער טוט צו אונדז, זיינע געטרייע אונטערטאנען . . .

שאול־נחום האט זיך אזש צעווארעמט און ערשט בדעה געהאט צו פארפירן מיטן גובערנאטאר א לאנגן שמועס, און אנגעבן אים טאקע ווייזן ווי א ייד קאן אויך ריידן אזא שיינעם, גראמאטיקאלישן רוסיש, און דערביי אים איבערגעבן די אלע בקשות, וואס זיינע שכנים, די יידן, האבן אים אנפארטרויט. אבער ער האט נאך ניט געהאט באוויזן אפצוכאפן ווי דאס רעכט דעם אטעם זיינעם, האט דער גובערנאטאר פלוצלונג זיך געגעבן א דריי אויס צו אים מיטן רוקן און מיט גיכע טריט אוועקגעשפרייזט צו זיין קארעטע . . .

ו

ווי גיך דער גובערנאטאר איז אפגעפארן, האט גאנץ שטעטל זיך ארויסגעווארפן אויף זייער "פירשפרעכער" שאול־נחומען און איר שיר ניט

צעריסן אויף שטיקער. מ'האט אויסגעבעטלט אלע בייזע חלומות צו זיין קאפ. מ'האט אים געשאלטן מיט טויטע קללות.

— סטייטש, ווי זאגט עס א ייד, אז אונדז לעבט זיך דא אזוי גוט?! באשר בכן אים, דעם גביר, דעם קמצן, איז גוט! ער זיצט איבערן טאפ פלייש און פרעסט, אז פרעסן זאלן אים ווערים! ער איז אנגעשטאפט מיט קורחס אוצרות, אז אויסקרענקען זאל ער דאס נאר, רבונו של עולם! . .

שבת אינדערפרי, ביים דאווענען, האט דער עולם זיך ערשט פון דאס ניי א נעם געטאן אים אויפן צימבל און גענומען מיט אים לערנען די סדרה בלק, ווי ס'געהער צו זיין. דער הויכער גבריאל יקיר משהס, וואס האט געשמט פאר א מוראדיקן כעסן, איז דער ערשטער צוגעלאפן צו אים מיט נעביילטע פויסטן, געקריצט מיט די ציין און געשריען מיט צארן אויף זיין הייזעריקן קול:

— יידן, — האט ער מיט א ציטערדיקן, ביינערדיקן פינגער געטייטלט שאול־נחומען אין פנים אריין, — אט דער גביר מיטן גראבן טרעלבויך, האט אונדז געקוילעט אן א מעסער! . . ער האט דאך ניט איבערגעגעבן דעם גובערנאטאר דעם פריגאוואר וועגן א יאריד אין שטעטל! . .

דער קליינינקער, דארינקער ר' שאולקע דער מלמד, האט פאר כעס זיך אזש געטרייסלט ווי א לולב און געשריען אויף זיין קווינטשנדיקן קולכל:

— למאי האט ער פארגעסן צו בעטן ביים גובערנאטאר, אז דער קייסער זאל מער ניט מאנען ביי אונדז די דריי הונדערט רובל שטראף פאר אונדזערע אנטלאפענע זין פון פריזיוו?!

משה סטאוואסקי, דער לץ, האט אויך געשריען מכלומרשט מיט כעס:

— און וואס איז מכוח דער באד, דער מקווה, וואס האלט ביים איינפאלן?! ס'איז דאך גוואלד־געשריען ממש סכנת־נפשות צו לאזן די ווייבער גיין אהין צו טבילה?!

אזוי האט מען פון אלע זייטן געהאלטן אין איין שרייען און ליארעמען אויפן גביר און אים שיר ניט קורע כדג געווען. נאר גיי שריי חי וקים, אז דער גובערנאטאר איז שוין געווען העט־ווייט, און גיי האב טענות צו א גביר, א חזיר, וואס האט נאר זיך אין זינען . . .

שטעטעלע זאסטאוויע האט אזוי לאנג זיך געהאט איזדיעקעוועט איבער שאול־נחומען דעם גביר, און אויסגערעכנט פאר אים אלע זיינע עוולות און זינד, וואס ער איז באגאנגען, אזוי אז ער האט עס שוין מער ניט געקאנט אויסהאלטן. ביז איינמאל, שבת, אין מיטן דאווענען, האט ער אראפגעריסן פון זיך דעם טלית און מיט האסטיקע טריט אנטלאפן פונם בית־מדרש.

אזוי האט שטעטעלע זאסטאוויע, כמעט אין איין און דער זעלבער צייט, פארלארן אי' דעם גובערנאטארס ישועות ונחמות און אי זייער איינציקן גביר, וואס האט, פון דעמאלט אן, שוין מער ניט געהאט אריבערגעטראטן דעם שוועל פון זייער בית־מדרש . . .

# די פּיוואָווארניע

## א

ווי עס ווייזט אויס, אַז דאָס וואָס אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט הכל תלוי במזל — אַלץ איז געווענדט אָן מזל, זיינען זיי געווען גערעכט. אָט נעמט אַ שטייגער דאָס שטעטעלע זאַסטאַוויע, ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן, אַז אַזאַ קליינינקע פּיטשינקע שטעטעלע, וואָס איז געלעגן אַזש אויף יענער זייט טייך לעשנאַ, ווייט פון אַ באַן און ווייט פון אַ גרויסער שטאָט, זאָל פּלוצלונג, ווי איבער נאַכט, ווערן וועלט־באַרימט, ווי ס'וואָלט געווען מי יודע וואָס פאַר אַ כרך גדול! איז אַ סימן, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק אָן מזל.

און מעשה שהיה כה היה:

איינמאָל אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג, איז פּלוצלונג אַראָפּגעקומען פון אַ גרויסער שטאָט אַ ייד, אַ גביר, מיט אַ שטעקן אין האַנט, מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל מיטן נאָמען ר' אשר גוטערמאַן, און האָט אָפּגעקויפט ביים סטאַראָשעווער פּריץ אַ שטיק פעלד, וואָס האָט זיך געהאַט געגרעניצט מיטן שטעטעלע זאַסטאַוויע.

און ווי גיך עס איז געשלאָסן געוואָרן די קניה, איז באַלד אָנגעקומען אין שטעטל אַ גרויסער "אַבאָז" מיט פערד און וועגענער, מיט אַ כאַליאַסטרע הויכע, געזונטע, קאַצאַפּעס, באַוואָפנט מיט כלערליי געצייג, מיט העק און זעג, מיט רידלען און מיט לאָמען, און זיך גענומען צו דער אַרבעט. און נאָך איידער דער זומער איז פאַרשוווּנדן, זיינען פון אונטער זייערע הענט, אויס־געוואַקסן אַ גרויסע פּיוואָווארניע, מיט אַ הויכן, געמויערטן קוימען, מיט הייזער און ברייזער, שפּייכלערס און שטאַלן, "ליעדאָווניעס" (אייז־קעלערס), אַרטיזיאַנען־ברונימער, מיט אַ צענדליק מאַסטערסקאַיעס; אַ באָנדאַרניע אויף צו מאַכן אַלערליי ביר־פעסער, אַ טאָקאַרניע פאַר שפּונדן און קאָרקעס, אַ שלאָסאַרניע און נאָך אַזעלכע וואַרשטאַטן און מאַסטערסקאַיעס.

דאָס אַלץ האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח, וואָס איז געווען אַרומגע־צוימט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן און מיט שווערע, מאַסיווע טויערן, וואָס מען פלעגט ביינאַכט פאַרשליסן און פאַרריגלען אויף זיבן שלעסער.

אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַ גרויס הויז, מיט צוויי פליגלען פון ביידע זייטן און מיט אַ הויכן גאַניק. דאָרט האָט געוווינט דער גביר, ר' אשר

גוטערמאן, מיט זיין ווייב, דער גבירנטע סאניע, א קליינינקע, דארימקע יידנקע, וואס האט געשמט פאר זייער א קלוגער און פאר א גרויסער אשת־חיל, מיט זייערע זין און טעכטער, איידעמס און שניר, און אייניקלעך, ארום וועלכע ס'האבן ארומגעפאדיעט ניאניעס און דינסטן, ווי ארום פריצישע קינדער.

א דאנק ר' אשר גוטערמאנס פיוואווארניע, איז דאס שטעטעלע זאסטאוויע פלוצלונג אויפגעריכט געווארן און באקומען גאר אן אנדער פנים. ס'האט זיך מיטאמאל אויפגעעפנט פאר איר א קוואל פון פרנסה. תבואה־סוחרים האבן אהין צוגעשטעלט וואגאנעס גערשטן און האפן; וואלד־סוחרים — הונדערטער קלאפטער האלץ; קרעמער, זעקלעך שפייז; קצבים, זייטלעך פלייש; שוסטערס, שניידערס און שניידערקעס האבן גענייט שיך און קליידער; קאוואלעס האבן טאג און נאכט געהאלטן אין איין שמידן פערד און וועגענער. קיינער האט חלילה ניט דערלייגט צו דער פיוואווארניע.

אבער מער פון אלעמען האט פון דער פיוואווארניע געגאסן די שטעטלשע יוגנט. זי האט זיך באלד גענומען מיט גרויס התמדה צו לערנען די רוסישע שפראך, וואס האט אזוי שיין געקלונגען אין מויל פון ר' אשר גוטערמאנס "אריסטאקראטישע" זין און טעכטער. באלעבאטישע זין, חתן־בחורים און רייכע כלה־מיידלעך, האבן זיך געליבט אויפן שטייגער פון ר' אשר גוטערמאנס גרויסשטאטישע קינדער, און זיך געפוצט לויט זייער פאריזער מאדע, אזוי אז כמעט דאס גאנצע געזעלשאפטלעכע און עקאנאמישע לעבן אין שטעטל האט זיך רק געדרייט ארום דעם גרויסן ביר־זאוואד, ווי דער גביר, ר' אשר גוטערמאן, וואלט מיט אים אויסגעהאקט פארן שטעטעלע א פענצטער צו דער גרויסער וועלט . . .

ר' אשר גוטערמאנס גרויסער ביר־זאוואד האט אויך געדינט פארן שטעטעלע ווי ס' וואלט געווען זיין שטאט־זייגער, אדער להבדיל, א מין "לוח הקודש". יעדער באגינען, ווי נאר זיין הויכער, אויפגעטורעמטער קוימען האט זיך צעטרובעט, האט מען שוין געוווסט, אז ס'איז שוין צייט אויפצושטיין לעבודת הבורא — גיין דאווענען. פרייטיק פארנאכט, ווען דער דאזיקער קוימען האט זיך נאך שטארקער צעטרובעט, האבן אלע ווייבער אין שטעטל שוין געוווסט, אז ס'איז שוין צייט צו בענטשן ליכט. די זאסטאווייער פלעגן טאקע ניט איינמאל זאגן מיט א געלעכטערל: "מען לייגט זיך ביי אונדז מיט דער פיוואווארניע, און מען שטייט אויף מיט דער פיוואווארניע". . .

די דאזיקע ביר־ברויעריי, וואס איז געלעגן ביים סאמע ראנד פון שטעטעלע, האט זיך געפירט ווי א באזונדערע מלוכה. האט פארמאגט א גאנצן שטאב אנגעשטעלטע, אויפזעער, "שרייבער", משרתים און יוצר משרתים און מיט צענדליקער ארבעטער, באלמעלאכעס און באלעגאלעס, וואס האבן געהאלטן אין איין ארויספירן פון דארט פולע, אנגעלאדענע פורנאלעס מיט פעסער און מיט פלעשער ביר, און עס צעפירט איבער נאענטע און ווייטע שטעט און שטעטלעך.

ווארים ר' אשר גוטערמאנס ביר משקה האט געהאט א

שם אין דער גאנצער געגנט, און האָט אָנגעשפּאַרט אויך אין די "הויכע פענצטער" פון רוסישע שררות און פּריצים. וואָס דאַרפט איר מער, אפילו דער קייסער אליין, ירום הודו, וואָס פלעגט יעדער זומער אַראָפּקומען מיט זיין משפּחה אויף דאַטשע, אין דעם באַרימטן שכנישן ביאַלאָוועזשער וואַלד, האָט אויך שטאַרק געהאַלטן פון ר' אשר גוטערמאַנס געשמאַקן פלעשל ביר . . . און אים טאַקע דערפאַר באַשאַנקען מיטן העכסטן טיטול: "פּאַ־משטאַטני גראַזשדאַנין", וואָס דאָס האָט געמיינט ערשט קלאַסיקער, אַנגע־זעענער בירגער, און מיט נאָך אַ גאָלדענעם מעדאַל דערצו . . .

אין דעם זכות פון אָט דעם געשמאַקן פלעשל ביר און נאָך מער אינם זכות פונם קייזערלעכן גאָלדענעם מעדאַל מיטן צוויי־קעפּיקן רוסישן אָדלער, איז דאָס קליינינקע, שטילינקע שטעטעלע זאַסטאַוויע געוואָרן באַרימט אין דער גרויסער וועלט . . . הלוואי אויף אַ סך אַנדערע יידישע שטעטלעך אַזוי געזאָגט געוואָרן . . .

ב

ר' אשר גוטערמאַן, אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער ייד, מיט געדיכטע, בושיקע ברעמען און מיט שטרענגע, בייזע אויגן, האָט געפירט זיין מלוכה, די פּיוואָוואַרניע, ביד חזקה. זיין וואָרט איז פאַר אַלעמען געווען אַ געזעץ. איטלעכער האָט געציטערט פאַר זיין קוק. ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזן אויפן הויף, פלעגט אַלעמען באַפאַלן אַ שרעק, אַן אימה. איין אַרבעטער פלעגט באַלד איבערגעבן מיט אַ שטילן סיגנאַל צום שכן־אַרבעטער, אַז דער "אַלטער" גייט! דער "אַלטער" גייט! . . .

האָט דער "אַלטער" זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צעבראָכענער פלאַש, אָדער אויף אַ קלעפּסע פון אַ צעפאַלענער ביר־פאַס, פלעגט ער אַריינפאַלן אין אַ גרימצאָרן, אָנהייבן שרייען, מאַכן גוואַלדן, ווי מען וואָלט צעשטערט זיין גרויס פאַרמעגן . . .

אָבער אין דער אמתן איז ר' אשר גוטערמאַן גאָר ניט געווען אַזאַ שלעכטער מענטש. פאַרקערט, ער איז גראָד געווען אַ גאַנץ ווילער ייד, ווי ס'זאָגן עדות זיינע מעשים: האָט אַמאָל געטראָפן אַן אומגליק מיט זיינעם אַן אַרבעטער, וואָס איז פּלוצלונג אַוועקגעפאַלן און האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, האָט ער באַלד געהייסן אָנשטעלן אויף זיין אָרט איינעם פונם פאַרשטאָרבענעמס קינדער . . . איז געקומען צו אים אַ באַלמעלאָכע, צי אַ באַלעגאַלע מיט אַ בשורה טובה, אַז זיין ווייב שתחי' האָט אים מיט מזל געבראַכט נאָך אַ קינד אויף דער וועלט, האָט ער באַלד געהייסן זיין געטרייען "נאָמן" מוסיף זיין דעם בעל־שמחה נאָך אַ גילדן, אָדער נאָך אַ פערציקער (20 קאָפּיקעס) אויף זיינע וועכנטלעכע שכירות.

פון דער צווייטער זייט אָבער, ווען ס'האָט געטראָפן אַן אומגליק: אַ פערד איז אין מיטן וועג געשטרויכלט געוואָרן, געפאַלן און איבערגע־קערט אַ וואָגן ביר, דעמאָלט איז שוין געווען אַ חיות ניט זיכער! דער גביר,

ר׳ אשר, האט געקריצט מיט די ציין, געטופעט מיט די פיס און נאך געהייסן אראפרעכענען פון זיינע בידנע שכירות אזוי לאנג, ביז ס׳וועט דעקן דעם היזק . . .

פארשטייט זיך אז דאס האט ער געטאן ניט חלילה מחמת שלעכטס־קייט אדער קארגשאפט, נאר כדי ס׳זאל זיין א ווארנונג פאר אלע זיינע ארבעטער און אנגעשטעלטע, אז יענעמס פארמעגן דארף מען אזוי שטארק אפהיטן און פאשאנעווען פונקט ווי דאס וואלט געווען דיין אייגן האב און גוטס . . .

און איינמאל איז געשען אזא מעשה: ס׳איז געווען ווינטער. א כאפטע גויים מיט העק און לאמען זיינען געשטאנען אויפן פארפרוירענעם טייך און געהאקט און געשניטן דעם אייז, כדי צו באזארגן ר׳ אשר גוטער־מאנס גרויסע ליאדאוונעס מיט אייז פארן גאנצן יאר. פלוצלונג האט זיך איינגעבראכן דער אייז און דער פורמאן מיט די פערד און שליטן זיינען ארייננעפאלן אין וואסער. ס׳איז געווארן א געשריי, א גוואלד. גאנץ שטעטל איז זיך, צונויפגעלאפן. קוים מיט צרות איז געלונגען ארויסצורא־טעווען דעם יידישן פורמאן פון טייך. אבער די פערד מיטן שליטן זיינען דערטרונקען געווארן. ווען ר׳ אשר גוטערמאן האט דאס דערהערט, איז ער געווארן א פארציטערטער. ער האט אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל און אויסגערופן מיט א וויינענדיקן קול: ״בעסער זאלן אלע מיינע פערד אומקומען, איידער ס׳זאל חלילה געמינערט ווערן א האר אויפן קאפ פון מיינעם אן ארבעטער!״

* * * * *

מיט די שכנים פונם שטעטעלע זאכטאוויע, האט ר׳ אשר גוטערמאן זיך געהאלטן פונדערווייטנס. ער האט זיך קיינמאל ניט געמישט אין זייערע קהלשע ענינים. דאס איז געווען ניט מחמת ער האט זיך געהאלטן גרויס ביי זיך, ווי ס׳פאסט פאר א ייד א גביר, נאר ער האט פשוט קיין צייט ניט געהאט. זיין גאנצע ענערגיע האט ער אפגעגעבן זיין מעשה ידיו, דער פיוואווארניע, וואס איז אים געווען טייער ווי דאס שווארצאפל פון זיין אויג. האט מען אבער געדארפט אנקומען צו אים נאך א טובה, אן עצה, איז געווען אדרבא ואדרבא, ער האט איטלעכן אויפגענומען בסבר פנים יפות. פארשטייט זיך, אז דאס איז געווען געווענדט אין וואס פאר א לוינע ער האט זיך געפונען. ווארים, חלילה וחס, ווען מ׳האט אים געטראפן ניט אין אזא מצב־רוח, ווי ס׳טרעפט ביי א יידן, א גביר, דעמאלט האט ער קיינעם אויף די אויגן ניט געלאזן . . . אבער דאס האט געטראפן זייער זעלטן.

ער האט טאקע זייער זעלטן פארלאזט זיין מלכות הפיוואווארניע. ער האט געהאט זיין אייגן שולכל, מיט אן אייגענעם ספר־תורהלע, וואס ער האט ספעציעל געלאזן שרייבן פאר זיך. אלע זיינע באלמעלאכעס, באלע־

גאַלעס און אַנגעשטעלטע האָבן, אויף זײַן באַפֿעל, געדאַרפֿט קומען צו אים דאַוונען.

אין די דאָזיקע שבת־יום־טובדיקע טעג איז פֿונם שטרענגען באַלעבאָס קײן שפּור ניט געבליבן; דעמאָלט איז ר׳ אשר גוטערמאַן געװאָרן גאָר אַן אַנדערער, אַ צוגעלאָזענער און אַזאַ פּאַרטרוײַלעכער. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעטײלט די "עליות", די "שחריתים" און די "מוספֿים" צו זײַנע פּועלים און אַנגעשטעלטע. ער איז מיט איטלעכן געװאָרן "פּאַני־בראַט". און װער רעדט נאָך, אַז ער האָט געפּראַװעט אַ שמחה, אַ ברית־מצוה, אַ זון, אַן אײניקל איז געבאָרן געװאָרן, אָדער גאָר אַ קנס־מאָל, אַ תּנאָים, האָט ער, באַלד נאָכן דאַװנען, געהײסן זײַן געטרײַען משרת אַרױפֿשטעלן אױפֿן טיש אַ פֿלאַש משקה, מיט האָניק־לעקער און אײער־קיכלעך, ער האָט גע־מאַכט קידוש און געטרונקען מיט איטלעכן לחיים. אַלע האָבן אים גע־װוּנטשן מזל־טוב, נחת פֿון קינדער, אריכת ימים און ער, אײנײנעם מיט דער גבירטע, מרת סאָניע שתּחי׳, זאָלן זיך עלטערן אין עושר און אין כּבֿוד.

האָט ער שױן יאָ װען ס׳איז זיך באַװיזן אין שטעטל, מיט זײַן שײנער ברישקע (קאַרעטע), געשפּאַנט אין זײַן שענסטן פֿערד, איז גע־װאָרן אַ גאַנצע סומאַטאָכע אין שטעטל, װי מען װאָלט פּלוצלונג דערזען אַנקומען משיחן. יונג און אַלט, קלײן און גרױס, פֿלעגן אַרױסלױפֿן פֿאַר די טירן און אים באַגלײטן מיט װאַרעמע בליקן און מיט אַ ברכה אױף זײערע ליפּן.

שטעטעלע זאַסטאַװיע איז געװען שטאָלץ און גליקלעך מיט "זײער" פּיװאָװאַרניע. װער נאָר ס׳האָט געהאַט די זכיה דאָרט צו אַרבעטן, האָט זיך געפֿילט גליקלעך, און מען איז אים מקנא געװען. ער האָט זיך שױן געהאַט באַטראַכט פֿאַר אַ יחסן, װי ער װאָלט שױן אַלײן אױך געװען אַ טײל פֿון דער פּיװאָװאַרניע־משפּחה. אַפֿילו די שענסטע, באַלעבאַטישע טעכטער האָבן זיך געהאַט געריסן אַהין צו גײן אַרבעטן, זיצן אין די "פֿלאַשאַרניעס" איבער גרױסע, הילצערנע באַליעס און װאַשן ר׳ אשר גוטער־מאַנס ביר־פֿלעשער. דאָס איז געװען ניט אַזױ צוליב די פּאָר גילדן אַ װאָך שכירות, װאָס מען האָט געקראָגן, נאָר דער עיקר צו קענען אָטעמען מיט דער לופֿט פֿונם "פּיװאָװאַרניער הויף", װאָס האָט געהאַט געשמעקט מיט גרויס־שטאָט, מיט סאַלאָן און פּריצישקײט. און דערבײ װעט מען דאָרט אױך קענען אַלע װײַלע כאַפּן אַ פֿאַרליבטן קוק אױף די שײנע, אױסגע־חלומטע "פּרינצן" און "פּרינצעסינס", אין געשטאַלט פֿון ר׳ אשר גוטער־מאַנס הױכע, שלאַנקע זין און טעכטער, אײדעמס און שניר, אַרום װעלכע ס׳האָבן זיך שױן געהאַט אַרומגעטראָגן אין שטעטל כּלערלײ מעשׂות און לעגענדעס װעגן "ראָמאַנסן" און "לינקע" ליבעס . . .

ג

אַ גאָר באַזונדער חיבה יתירה האָט שטעטעלע זאַסטאַװיע געטראָגן

אין הארצן צו דער גבירנטע, סאניע, זאָל לעבן, וואָס איז געווען א גרויסע מיוחסת, אן אשת חיל און א בעלת צדקה. און וועדליק מ'האט געשמועסט אין שטעטל, האט דער הויכער, ברייט־פּלייציקער גביר, ר' אשר גוטערמאַן, געהאט צו פאַרדאנקען זיין פּיוואוואַרניע און מיט זיין גאנצער עשירות, זיין קליינינקען ווייבעלע מיט איר גרויסן נדן, וואָס זי האט אים געהאט געגעבן צו דער חתונה און אויך איר קלוגן, שארפן, מאנצבילישן קאָפּ. פאַר דער וועלט איז טאקע דער גביר ,ר' אשר גוטערמאַן, געווען דער גרויסער חכם, דער תקיף און דער גאנצער מושל איבער דער "מלכות הפּיוואוואַרניע"; אבער אין דער שטיל, ווען קיינער האט ניט געזען און ניט געהערט, איז זי געווען די גאנצע פירעריין און די גאנצע טאָן־געבעריין. אז איר האט ער זיך גאר קיין ריר ניט געטאָן. ער האט געמעגט זיין ווי צעשטורעמט און צעקאָכט, איז ווי נאָר ער האט דערשפּירט אויף זיך איר שארפן בליק, האט ער באַלד פאַרלאָרן זיין כעס און איז געוואָרן שטיל ווי א קאטינקע ... אזוי האט מען געשמועסט אין שטעטל.

דעריבער, ווו נאָר א צרה, אן אומגליק, איז מען באַלד געלאָפן צו איר. האט מען א חולה מסוכן, צי אן אָרעמער קינפּעטאָרין, געדאַרפט דערקוויקן מיט א יאיכל, מיט א שטיקעלע עוף אָדער מיט אביסעלע איינגע־מאכטס, האט זי שטענדיק געגעבן מיט א ברייטער האנט. האבן די גבאיטעס פון דער חברה "הכנסת כלה" געדאַרפט חתונה מאכן אן אָרעמע יתומה, א וויסטע קאַליקע, זיינען זיי צום אלעם ערשטן געלאָפן צו דער גוטער, באַרמהערציקער גבירנטע. זי האט באַלד אויפגעשלאָסן איר גרויסן קופערט מיט די אייזערנע רייפן, פון וואנען ס'האט זיך געטראָגן א שטאַרקער ריח פון אתרוג און נאפטאלין, ארויסגענומען פון דאָרט עטלעכע העמדער, ליילעכער און ציכלעך, און מיט גרויס הרחבה עס דערלאנגט צו די פרומע, נאַטספּאַרכטיקע שטעטלשע ווייבער און מיט נאָך א שיינער נדבה דערצו.

פּורים, ווען ס'איז מנהג ביי יידן צו טיילן "מתנות לאביונים", ווי ס'שטייט געשריבן אין דער הייליקער "מגילת אסתר", איז שוין ביי איר געווען א חזקה אליין, מיט די אייגענע הענט, טיילן נדבות. דעמאָלט פלעגט דער גרויסער פּיוואוואַרניע־הויף פאַרוואנדלט ווערן אין אן אמתן קבצנישן יאַריד. נאָך מיט וואָכן פריער, פלעגן זיך שוין נעמען ציען אין שטעטל אריין מחנות אָרעמעלייט, קבצנים און מדינה־גייערס, וואָס פלעגן זיך אויפהאלטן אין בית־מדרש. ווי נאָר ס'איז געקומען דער לאַנג דערוואַרטעטער יום־טוב פּורים, זיך א לאָז טאָן, ווי א היישעריק, אויף דער פּיוואוואַרניע. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז איצט וועלן זיי דאָרטן קריגן די אמתע, שיינע, "פעטע" נדבה.

און דאָס טיילן די נדבות, איז דאָרטן צוגעגאנגען מיט גרויס פּאַראַד, מיט פּאַרנעס. אינם גרויסן קאנטאָר, ווו ס'האט שטענדיק זיך גערעשט און געטומלט מיט סוחרים, מעקלער, "שרייבער" און בוכהאלטערס, איז איצט סאַמע אויבנאָן, ביים גרויסן טיש, געזעסן דער גביר, ר' אשר גוטערמאַן, אנגעטאָן אין זיין שבתדיקן סורדוט, אויפן קאָפּ א שוואַרצע, זיידענע יאַר־

מעלקע, מיט א גרויסן ציגאר אין מויל. ביי זיין רעכטער זייט איז געזעסן די גבירנטע, אן אויסגעפוצטע אין עסיק און האניק, מיט שנירלעך פערל אויפן האלדז און מיט אראפגעהאנגענע בריליאנטענע אוירינגלעך. אנט־קעגן זיי, אויפן באדעקטן טיש, זיינען געווען אויסגעשטעלט שורות מיט כלערליי מטבעות, אין דער פארמע פון הויכע, גלייכע סלופיקלעך. פריער זיינען געגאנגען שורות קופערוואָרג: גראשנס, קאפיקעס, דרייערס, פירערס, זעקסערס און צענערס, נאכדעם שורות מיט זילבערוואָרג: צענערלעך, גילדנס, פערציקערס, האלבע און גאנצע רובלס. די זילבערנע מטבעות זיינען געווען צוגעגרייט פאר די היימישע אָרעמעלייט, ווייל "עניי ערך קודמין", אייגענע זיינען ביליכער . . .

די גבירנטע האט איטלעכן פון די אָרעמעלייט אויפגענומען מיט א שמייכל, און מיט אירע קליינינקע, ווייסינקע הענטעלעך געהאלטן אין איין טיילן די פורים־נדבות. זי האט איטלעכן געגעבן לפי כבודו, איטלעכן לויט זיין חילוק און לויט זיין קלסתר־פנים. קיינער איז פון איר חלילה ניט אוועקגעגאנגען מיט ליידיקע הענט. אזוי האט זי זיך געפירט יאר־איין, יאר־אויס.

אט די דאזיקע מתנות אָרעמעלייט, וואס זיינען זיך אהער צונויפ־געלאפן "מארבע פינות העולם", האבן צעטראגן דעם נאמען פונם גביר, ר' אשר גוטערמאן, און נאך מער דעם נאמען פון דער גוטהארציקער נגידית־טע, סאניע שתחי', ווייט און ברייט איבער דער מדינה, אזוי אז גאט און לייט האבן זיך מיט זיי געבענטשט.

אבער ניט נאר מענטש אליין האט געגאסן פון דער גרויסער שפע גוטסקייט, וואס האט, ווי א טייך, געשטראמט פון דער פיוואווארניע צום שטעטל און צו דעם גאנצן ארום, נאר אויך אפילו בהמה און חיה האבן אפגע־לעקט א ביינדל פון דער בארימטער פיוואווארניע, ווי צום ביישפיל:

די שטעטלשע יידישע בהמהלעך פלעגן געבער ארומגיין א גאנצן טאג אויפן וויהאז, זוכן א גרעזעלע מיט וואס צו שטילן זייער הונגער און ניט נעקאנט געפינען, מחמת די חזירים פון דער "גויישער גאס" פלעגן מיט זייערע געזונטע חזירשע שנוקעס אים אזוי צעראיען און מאכן אים מיט דער ערד צוגלייך. איז ווער ווייס וואס פון זיי וואלט געווארן, ווען ניט ר' אשר גוטערמאן מיט זיינע געשמאקע סלאזשענעס, דעם פסולת פונם איבערגעקאכטן גערשטן־מאלץ פון זיין ביר.

זומער, פארנאכט, ווי נאר דער פאסטוך האט געבראכט צו פירן די יידישע בהמות, מיט זייערע איינגעפאלענע בייכער, פלעגט באלד אריינ־פארן שלמה־זעליק, ר' אשר גוטערמאנס פורמאן, מיט א פולן אנגעלאדענעם וואגן מיט סלאזשענעס און אויסשרייען אויף זיין פארהיקעוועטן קול:

— וו־וו־ווייבער, פ־פ־פרישע ס־ס־סלאזשענעס! יידן, א ק־ק־קאפעקע א פ־פ־פערטל ס־ס־סלאזשענעס! . .

באלד פלעגט ווערן א טומל, א געלויף. מ'האט געכאפט ווער אן עמער, ווער א קאשיק, ווער א זעקל און ווער א באליע און געלאפן מיט דעם צו שלמה־זעליקן, איינצוהאנדלען ביי אים אט דעם טייערן, געשמאקן, בהמשן מאכל.

די דאזיקע סלאזשענעס, פון וועלכע ס'האט זיך געטראגן א זיס־זויערלעכער ריח פון ביר, איז פאר די שטעטלשע הונגעריקע יידישע בהמות געווען ווי, להבדיל, דער מן, מיט וואס גאט האט געשפייזט די יידן פערציק יאר אין דער מדבר . . . זיי פלעגן מיט אזא זשעדנעקייט שלינגען אט דעם טייערן מאכל, פונקט ווי די גוים פלעגן, נאך א יאריד, אין שענק, האלטן אין איין זשליאקען אין זיך ר' אשר גוטערמאנס געשמאקע פלעשער ביר . . .

נו, איז עפעס א חידוש וואס שטעטלעלע זאסטאוויע איז געווען אזוי משוגע פארליבט אין דעם גביר ר' אשר גוטערמאן און אין זיין גרויסער, באריםמטער פיוואווארניע?

ד

אט דער גרויסער ביר־זאוואד איז פארן שטעטעלע זאסטאוויע און אויך פאר דער שכנישער שטאט קאמעניץ דליטא, געווען א מין "קאזנא־טשעיסטווא" — א רוסישע מלוכה־באנק, וואס אין איר ראיעלקייט און זיכערקייט האט קיינער ניט געקאנט האבן דעם מינדסטן צווייפל. ווער נאר ס'האט פארמאגט א "קניפל", אביסל אפגעשפארטע מזומנים, ירושה־געלטער, ווערטפולע חפצים, צירונג, שנירלעך פערל, אדער ארעמע טאטע־מאמע, וואס האבן יארן־לאנג געקליבן גראשן צו גראשן אויף נדן פאר זייערע טעכטער, איז פאר זיי קיין בעסערער און זיכערער פלאץ ניט געווען ווי עס צו באהאלטן, נאר ביי ר' אשר גוטערמאנען אין זיין פייער־קאסע, וואס איז שטענדיק געווען אפן פאר זיי . . . זיין געטרייער נאמן, ר' פיניע פריד־בערג, א גרויסער למדן און א גרויסער ירא שמים, פלעגט צונעמען די אלע "פיקדונות", פארשרייבן אין א בוך, ארויסגעבן א "קוויטל" מיט א "היתר עסקא", אזוי אז דער "בעל פיקדון" האט שוין נאכדעם געקאנט שלאפן רויק אויפן גאנצן קאפ . . .

א חוץ דעם איז דער גביר ר' אשר גוטערמאן, געווען דער גאנצער "אפעקון", דער אפיטרופוס, איבער כמעט אלע שטעטלשע "נכסי דלא ניידי", — איבער זייערע אומבאוועגלעכע גיטער, הייזער, גערטנער און פעלדער. ווארים ווי נאר ס'איז געקומען דער ליבער זומער, ווען די בלאטיקע וועגן, וואס האבן געפירט צום שטעטעלע זאסטאוויע, זיינען אויסגעטריקנט גע־ווארן, פלעגן זאסטאוויער יידן אנהייבן ציטערן אויפן גאנצן לייב . . . ווייל דעמאלט איז געווען א סכנה, אז א ליאדע מינוט זאל פלוצלונג זיך אניאגן דער רוסישער רעוויזאר און אפשרייבן זייערע שטיבלעך איינעם מיט זייערע בעבעכעס פארן חוב פון די "דריי הונדערט רובל שטראף", וואס זייערע זין זיינען אנטלאפן פון פריזיוו אזש קיין אמעריקע.

אט אזעלכע "קייזערלעכע בעלי חובות" איז שטעטל זיינען געווען א היבשע צאל. זיינען זיי געלאפן צו ר' אשר גוטערמאנען נאך אן עצה, אז ער זאל זען ראטעווען זייערע פארמעגנס זאלן חלילה ניט ארײנפאלן אין גויישע הענט.

ר' אשר האט באלד געהייסן זיין "נאמן" איבערצושרייבן אלע זייערע שטיבלעך מיט זייערע מטלטלין אויף זיין נאמען. דאס האט געזאלט הייסן אזוי, אז מהיום והלאה, פון היינט אן און ווייטער, איז פלוני בן פלוני שוין ניט מער דער "כאזיאין", דער אייגנטימער פון דער און דער "כאזיאי־סטווא", נאר דער אמתער באלעבאס זייערער איז דער "פאטשאטני גראזש־דאנין" גוטערמאן. נאר יענער איז ביי אים ניט מער ווי זיין בידנער קאמאר־ניק, א שכן הייסט עס, וואס האט נעבעך אפילו ניט מיט וואס צו צאלן אים דירה־געלט, איז צאלט ער אים מיט שמירה, ווי א שומר־חינם . . .

אזוי ארום איז שטעטעלע געווארן אליץ מער פארקניפט און פארבונדן מיט דער פיוואווארניע, ווי יעדער איינער וואלט געהאט אין איר א חלק. און פארשטייט זיך, אז פאר די אלע חסדים און טובות, וואס ער האט געטאן צו זיינע שכנים, איז אים שטעטעלע געווען זייער דאנקבאר, און אים טאג און נאכט, געבענטשט און געלויבט, ווי ער וואלט געווען זייער מלך און זייער באשיצער . . . .

ה

יארן זיינען געלאפן. ר' אשר גוטערמאן, דער בויער און דער גרינדער פון זיין לעבנס־ווערק, דער פיוואווארניע, איז געווארן אלט און שוואך. ער האט שוין מער קיין כוח ניט געהאט צו טראגן אויף זיינע אלטע פלייצעס אזא שווערע משא. דערצו נאך האט זיך זיין קליינינקע, דארינקע ווייבעלע, די "הארנטע" סאניע, אנגעהויבן שטארק אונטערצוקרענקען. פון טאג צו טאג איז זי געווארן קלענער, איינגעשרומפענער. ער האט געמוזט מיט איר אפט פארן קיין אויסלאנד, אין די "ווארעמע בעדער" און צו די גרעסטע מומחים־דאקטוירים. בלית ברירה האט ער געמוזט איבערגעבן זיין גאנצע ממשלה איבער דער פיוואווארניע צו זיינע קינדער.

אבער זיינע קינדער, די צוקונפטיקע יורשים זיינע, זיינען גאר ניט געראטן געווען אין זייער טאטן. ווי רייכע זין און טעכטער, האט זיי רק געצויגן צום גרויס־שטאטישן לעבן מיט אלע זיינע צוגעזאגטע עולם־הזה'ס און פארגעניגנס. ס'האט זיי אויך שטארק פארדראסן וואס זיי דארפן נעבעך א גאנץ לעבן "אפהיניען" אין אזא פארווארפענעם העק, וואס איז ווייט פון א באן, ווייט פון ציוויליזאציע און קולטור . . . . און דאס ערגסטע איז פאר זיי געווען, וואס זיי דארפן נעבעך שטענדיק לעבן אונטער דער שטרענגער השגחה פון זייער קארגן טאטן, וואס מאנט פון זיי פאר יעדער אויסגעגעבענעם גראשן דין וחשבון . . .

איז ווי גיך מ׳האט ארויסגעפּראַוועט די אַלטע טאַטע־מאַמע אין די „וואַרעמע בעדער״, האָבן די רייכע זינדלעך און טעכטערלעך און די גרויס־שטאָטישע איידעמס און שניר גאַר אָפּגעלעבט.

נאַכט־איין, נאַכט־אויס, האָבן זיי, אין זייערע „אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען״, געפּראַוועט איינינעם מיט דער רוסיש־יידישער אינטעליגענציע פון דער שכנישער שטאָט קאַמעניץ, הוליאַנקעס און בעלער, גאַר אויפן גרויס־שטאָטישן שטייגער, מיט עכטער, רוסישער „וואָדקאַ״ (בראָנפן), פאַרביסן מיטן געשמאַקן, רוסישן קאַוויאַר, מיט געבראָטענע גענדזלעך און נאָך אַזעלכע טייערע מאכלים.

קאַניקול־צייט, אין די ווינטערדיקע חגאות, פלעגן ספּעציעל אַראָפּ־קומען צו זיי פון די שכנישע שטעט יידישע גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, סטודענטן און קורסיסטקעס. דעמאָלט איז שוין דאָרט געווען חי געלעבט! מ׳האט געגעסן און געטרונקען כיד המלך, און אויסגעזונגען כלערליי רוסישע „פּעסניעס״ און אויסגעטאַנצט כלערליי טענץ, פון א ווינער־וואַלץ ביזן סאַמע לעצטן פּאַריזער טאַנגאָ־טאַנץ. און אַז מען איז שוין געוואָרן גאַר בנילופנדיק, האט מען פאַרגעסן אויף אַלע מאָראַלישע געזעצן און פאַרוואַנדלט די רייכע, שיינע, אויסגעשטאַטעטע סאַלאָנען אין אמתע ליבע־נעסטן, אין ווילדע אָר־גיעס, גאַר אויפן גרויס־שטאָטישן אופן און ווי עס פּאַסט פאַר דער סאַמע ווישע־אינטעליגענציאַ . . . אַזוי נאַכט־איין, נאַכט אויס.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע הוליאַנקעס און די אַלע סעודות און קערמעשלעך זיינען געגאַנגען על חשבון הגביר . . . די אָנגעשטעלטע, די משרתים און די יוצר משרתים פון דער פּיוואָוואַרניע, זעענדיק ווי זייערע יונגע באַלעבאַטים לאָזן זיך אַזוי וווילגיין, האַלטן אין איין פאַרטאַכלעווען זייער טאַטנס שווערע מי און פּראַצע, האָבן אויך באַקומען א חשק „אָפּצור־לעקן א ביינדל״. . . איז ווען ס׳זיינען אָנגעגאַנגען די ווילדע ביינאַכטיקע הוליאַנקעס אין די „הויכע פענצטער״, האָבן זיי ניט איינמאָל אַרויסגעשמוגלט א וואָגן ביר, אָדער א פורנאַלע תבואה און נאָך אַזעלכע קלענערע און גרע־סערע גנבהלעך . . .

אין דער זעלבער צייט, האָבן זיך אָנגעהויבן אינטריגעס און קריי־גערייען צווישן דעם גבירס טעכטער און איידעמס פון איין זייט, און די גרויס־שטאָטישע שניר מיט זייערע מענער פון דער צווייטער זייט, ווי צום ביישפּיל: די אַריסטאָקראַטישע שנור, העלענאַ, פון גראָדנע, וואָס האט געוואָלט פירן די גאַנצע גרענדע, האט ניט פאַרגונען דער שוועגערין, אַנאַ פון בריסק, וואָס האט מער „אוכאַזשאָרן״ (פאַרערער) פון איר. איז כדי צו נעמען נקמה פון איר קאָנקורענטין, איז זי אַוועק און „געמאַכט שבת פאַר זיך״; האט אויפגעעפנט ביי זיך נאָך א שענערן סאַלאָן מיט נאָך א גרעסערן פּאַרנעם און מיט נאָך רייכערע הוליאַנקעס, אַזוי אַז איר בלוטיקע שונאטע זאָל אַזש

צעפוקעט ווערן פאר קנאה . . . און כידוע, איז אפטמאל די שנאה צווישן איינענע פיל שטארקער ווי צווישן פרעמדע.

און דער שטן פון מחלוקת, האט זיך אוועקגעלאזן טאנצן איבער די "געצעלטן" פון ר' אשר גוטערמאנס פיוואווארניע, זיין טייוולאנישן טאנץ . . .

ו

ווען דער אלטער ר' אשר גוטערמאן איז געקומען אהיים מיט זיין קראנקן ווייב פון אויסלאנד, פון די ווארימע בעדער, און האט דערזען וואס עס קומט פאר אין זיין מלכות הפיוואווארניע, איז אים באפאלן א טויט־שרעק. ער האט זיך צעברילט ווי א לייב. ער האט געשטורעמט, געקריצט מיט די ציין, געטופעט מיט די פיס, געפאטשט זיינע יורשים אויף רעכטס און אויף לינקס, אזוי אז ס'האט אזש אפגעקלונגען אין שטעטל . . .

ער האט באלד צוריק אריינגענומען אין זיינע הענט די גאנצע ממשלה איבער דער פיוואווארניע. ער האט גענומען איינפירן נייע פאראנד־קעס. ער האט געסטראשעט, אז ער וועט אלעמען מעביר־נחלה זיין. דעם עלצטן זון, ישראל, מיט זיין שנור, העלענא, האט ער באלד פארטריבן פון זיין גבול. אנגעשטעלטע האט ער פון די שטעלעס געשליידערט. ער האט איינגעפירט א שטרענגען קאנטראל איבער זיינע דינסטן און קעכינס און איבער אלע שפייזארניעס, און נאך אזעלכע נייע רעפארמען.

ער האט געגלויבט, אז מיט דעם וועט אים געלינגען אפצוראטעווען זיין פיוואווארניע, זיין גרויס לעבנס־ווערק, אזוי אז זי זאל נאך צוריק באקו־מען איר אמאליקן גלאנץ. אבער, עס איז שוין געווען צו שפעט. דער גורל אירער איז שוין געווען א פארזיגלטער . . .

יעדער באגינען האט ער זיך ארויסגעלאזן איבערן הויף, זען, צי איז ניט חלילה איבער נאכט וואס ניט איז געמינערט געווארן. ער איז געלאפן מיט האסטיקע טריט פון איין געביידע צו דער צווייטער, פון איין שפייכלער צום אנדערן, קאנטראלירט די שלעסער אויף די טירן. און ווען ס'איז אים עפעס ניט געפעלן געווארן, האט ער זיך צעשריען, געמאכט גוואלדן וואס מען האלט אין איין צעשטערן זיין האב און גוטס. אבער ער וועט עס ניט דערלאזן! ער וועט אלעמען צעטרייבן און צעיאגן פון דאנען! זייער "דוך" זאל זיך דא מער ניט געפינען!

ניט איינמאל נאך אזעלכע היסטערישע אויסברוכן, פלעגט ער צוזא־מענברעכן און אוועקפאלן מיטן בונט שליסלען אין די הענט, ווי אן אונטער־געזעגטער בוים . . .

ז

די גבירנטע, סאניע, זאל לעבן, איז מיט יעדער טאג און מיט יעדער שעה געווארן אלץ שוואכער און שוואכער. די שווערע קראנקהייט אירע האט געהאלטן אין איין פארצערן איר קליינינקן, דארינקן גופל.

שטעטל האט ממש איינגעלייגט וועלטן צו דערהאלטן זי ביים לעבן, אבער ס'האט ניט געהאלפן. "תלמוד תורה" יינגלעך מיט זייערע מלמדים האבן שוין ניט איינמאל תהלים געזאגט. ווייבער האבן שוין ניט איינמאל "קברים געריסן", "פעלד געמאסטן", אין ארון־קודש "אריינגעפאלן", צוגע־לייגט איר א נאמען, געשאנקען איר יארן — אבער ס'האט גארנישט ניט גע־האלפן. דער גזר־דין אירער איז שוין געווען א פארחתמעטער. אין א קאל־טער, טריבער, ווינטער־נאכט, האט זי אויסגעהויכט איר איידעלע, כשרע נשמה.

די טרויעריקע נייעס האט געטראפן דעם שטעטעלע זאסטאוויע ווי א דונער אין מיטן העלן טאג. קליין און גרויס האבן געוויינט און געקלאגט אויפן גרויסן בראַך. און מער פאר אלעמען האבן געטרויערט די אייגנטימער פון די אפגעשפארטע "קניפלעך", די "בעלי פיקדונות", וואס האבן געהאט באהאלטן אין דער פיוואָווארניע זייערע אנגעקליבענע ביסל מזומנים, די נדנס פאר זייערע טעכטער. זיי זיינען ארומגעגאנגען דערשלאגענע און צבראכענע, ווי זיי וואלטן געווען די אמתע אבלים.

דער אלטער, שטאלצער גביר, ר' אשר גוטערמאן, פאר וועלכן אלע האבן אזוי געציטערט, איז מיטן טויט פון זיין געטרייען ווייב, פלוצלונג פארוואנדלט געווארן אין א שברי־כלי. דאס פנים איז אים געווארן געל, די אויגן אויסגעלאשן, די באקן איינגעפאלן, דער רוקן געבויגן. ער האט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. טאג און נאכט איז ער ארומגעגאנגען אין אן אלטן, צעכראשטשעטן שלאפראק, אויף די פיס א פאר פאנטאפל און מיט שלאבעריקע טריט געהאלטן אין איין שפרייזן פון איין צימער אין אנדערן, ווי א ניט־דאַיִקער, פארזונקען אין שווערע, פינצטערע מחשבות. זיינע בני־בית, קינדער און אייניקלעך, האט ער געיאגט פון זיך, ווי זלידנע פליגן. זיין שטענדיקע, באליבטע אינסטיטוציע, דעם "מנין", האט ער צעטריבן נאך איידער ס'זיינען אריבער די "שלושים". מ'האט געזען באשיינפערלעך, אז דער אמאליקער שטארקער ייד, דער גברן, גייט איין ממש ווי פוטער אויף דער זון.

שטעטל איז געווען שטארק צערודערט. דעם אלטנס צושטאנד האט איטלעכן געשראָקן און אוועקגערויבט פון יעדער איינעם דעם שלאף פון די אויגן. אומעטום, אין בית־מדרש און אין גאס, זיינען געשטאנען רעדלעך מענטשן און געהאלטן אין ריידן וועגן ר' אשר גוטערמאנען און זיין פיוואָ־ווארניע, וואס האט נעהאט געגעבן דעם שטעטל פרנסה, כבוד און רום, איז איצט נעגליכן געווארן צו א זינקענדיקער שיף, אין א צעשטורעמטן ים . . .

ח

איינמאל, פארנאכט, בין מנחה ומעריב. דער אלטער גוטערמאן איז געזעסן אין זיין גרויסן, האלב־טונקעלן פארלאר־צימער, פארזונקען אין

זיין ווייבן, טיפן פאטעל־שטול, די הענט פאררוקט אין די ברייטע ארבל פון זיין שלאפראק און געדרעמלט.

שטיל און הכנעהדיק האבן זיך אריינגערוקט עטלעכע שטעטלשע יידן, וואס זיינען געקומען מכלומרשט מיטן אויסרייד מנחם־אבל צו זיין דעם "אלטן" און פאר איין וועגס "א טאפ טאן אין וואגן" ווי האלט עס דארט מיט זייער ביסל מזומנים . . .

זיי זיינען געשטאנען צונויפגערוקט איינער צום צווייטן און געקוקט מיט צעשראקענע בליקן אויפן דרעמלענדיקן גביר און מורא געהאט ארויס־צולאזן א פיפס פון מויל. ס'האט געדויערט אזוי א ווײלע, וואס האט זיך געצויגן פאר זיי ווי א גאנצע אייביקייט.

ענדלעך האט דער אלטער אויפגעהויבן זיין גרויסן לייבן־קאפ, אנ־געשטעלט אויף זיי א פאר ביסטע אויגן, וואס האבן אפירגעקוקט פון אונ־טער גראע, געדיכטע, בושיקע ברעמען. זיין שארפער, דורכדרינגלעכער בליק האט אנגעווארפן אויף די שטעטלשע יידן אן אימה. זיי האבן זיך גענומען רוקן הינטערווײלעכס צו דער טיר . . .

מיטאמאל האט דער אלטער גביר זיך געגעבן א ריס פון ארט און אנגעהויבן שפאנען מיט האסטיקע טריט הין און צוריק איבערן גרויסן צימער. ער האט געקנייטשט דעם שטערן און געטרייסלט מיטן שווערן קאפ. ס'איז קענטיק געווען, אז דער אנבליק פון די שטעטלשע יידן האט אים שטארק צערודערט. ער האט באלד דערשפירט מיט אלע זיינע חושים, אז דאס זיינען זיינע שכנים ניט געקומען צו אים מנחם־אבל זיין, נאר דאס זיינען זיי איצט געקומען צו אים מאנען זייערע חובות, און באלד וועלן זיך נעמען יאגן אהער נאך אזעלכע צענדליקער און הונדערטער, און אלע וועלן שרייען: געלט! געלט! . . . ווי ס'ווייזט אויס האט שוין מער קיינער צו אים ניט קיין צוטרוי. א, דאס איז שרעקלעך! זאל דאס שוין זיין דער אנהויב פונם סוף, פאר וועלכן ער האלט זיך אזוי אין איין שרעקן? אז אלץ וואס ער האט א לעבן־לאנג גע־בויט, זאל צעפאלן ווערן אין שטויב?!

אט דער שווארצער, פינצטערער געדאנק האט אים ניט אפגעלאזט. ער האט זיך אזש געקארטשעט אין דרייען, ווי ער וואלט שוין דערהערט דאס פאלן און דאס קראכן פון זיין שווערן, מאסיוון בנין איבער זיין קאפ. ער האט זיך א כאפ געטאן ביים הארצן און א שווערן קרעכץ געטאן.

מיטאמאל האט ער זיך געגעבן א גלייך אויס, א שפאן געטאן צו זיינע קרעדיטארן און מיט זיין לאנגן, ביינערדיקן פינגער גענומען טײטלען זיי אין פנים אריין און אנגעהויבן שרייען ווי ניט מיט זיין קול:

— וואס איז אויף אייך פלוצלונג אנגעפאלן אזא פינצטערע בהלה?! איך בין נאך ניט געשטארבן! איך בין נאך ניט קיין יורד! איר הערט?! אשר גוטערמאן, דער פאטשאטנע גראזשדאנין, איז נאך ניט קיין יורד! . .

זיין גאנצער גוף האט געפיבערט און זיך געטרייסלט ווי אין א קדחת. מיט א פויסט האט ער זיך געקלאפט אויפן הארצן און זיך נאך העכער צע־שריען מיט ווילדע, היסטערישע קולות, אזש א שוים האט אים ארויסגע־זעצט פון מויל:

— איידער איך וועל שטארבן, וועל איך אלעמען באצאלן! אלעמען באצאלן ! ! ! דאס האלץ און די ציגל פון מיינע בנינים זיינען נאך אלץ מער ווערט פון אייערע לייזיקע קניפלעך ! .. גייט פון דאנען ! ! !

צעשראקענע און צעטומלטע האבן די שטעטלשע יידן זיך ארויסגע־שארט פונם גבירס הויז . . .

ט

דאס גרויסע אומגליק, פאר וועלכן שטעטעלע זאסטאוויע האט זיך לעצטנס געהאט געשראקן, איז געשען. דאס איז געווען אין א ווינטערדיקן פרימארגן, ווען מ׳האט געהאלטן אין מיטן דאוונען דעם ערשטן ״מנין״, האט זיך פלוצלונג געגעבן א פראל אויף די גרויסע בית־מדרש טיר און א כאליאסטרע ווייבער האבן זיך ארייננגעריסן מיט א יאמער און מיט א גוואלד:

— יידן, וויי און ווינד איז אונדז! דער אלטער איז אוועקגעפאלן אין מיטן הויף און האט אויסגעהויכט זיין נשמה! אוי אז אומגליק! אוי א בראך! וואס וועלן מיר איצט טאן?! מיר זיינען אלע פארלארן! — האבן די ווייבער געכליפעט אויפן קול און געבראכן די הענט, ווי דער בר־מנן וואלט געלעגן פאר זייערע אויגן.

די מתפללים האבן באלד אויף דער גיך אויסגעטאן פון זיך די תפילין מיט די טליתים און מיט גרויס איילעניש ארויסגעלאפן פונם בית־מדרש. די נייעס פונם פלוצלונגדיקן טויט פונם גביר האט זיך באלד פארשפרייט ווי א וואלד־פייער איבערן גאנצן שטעטעלע זאסטאוויע און אויך איבער דער שכנישער שטאט קאמעניץ, וואס איז געלעגן אויף יענער זייט טייך. ס׳האט אלעמען ארומגעכאפט א פינצטערע בהלה. קרעמער האבן באלד פארהאקט זייערע קרעמלעך; באלמעלאכעס האבן געווארפן שער און אייזן; מלמדים האבן פאנאנדערגעלאזן די ״חדרים״, און אלע, יונג און אלט, האבן זיך אוועקגעלאזט צו דער פיוואווארניע ווו דער גאנצער הויף און דער ארום איז שוין שווארץ געווארן מיט מענטשן.

דער אנגעלאפענער עולם האט געטומלט און געשריען, אזוי אז איינער האט ניט געהערט וואס דער צווייטער זאגט. מער פון אלעמען האבן געשריען די ״קרעדיטארן״, וואס האבן זיך געציילט אין די הונדערטער. זיי זיינען ארומגעלאפן ווי פארסמטע מייז, מיט ווילד־צעשראקענע אויגן און מיט צע־פלאשעטע בערד און פאות, מיט פעק ״קוויטלעך״ און ״היתר עסקאס״ אין זייערע פארקלעמטע פויסטן. זיי האבן געשריען און געליארעמט און גע־סטראשעט, אז אויב מ׳וועט זיי גלייך ניט אויסצאלן זייערע חובות, וועלן זיי

ניט לאזן דורכפירן די קבורה. זיי צו הילף זיינען געקומען זייערע ווייבער מיט זייערע טעכטער, כלה־מיידלעך. זיי זיינען ארומגעלאפן ווי משוגעים, זיך געריסן די האר פון קאפ, געבייזלט פויסטן צו די גבירישע פענצטער און אלע איניינעם האבן געשריען מיט באנומענע קולות:

— גיט מיר אפ מיינע בלוטיקע געלטער! מיין טאכטערס נדן! . .

— מיין בלוט האבן זיי פון מיר אויסגעזויגן! . .

— זיי האבן געפראוועט הוליאנקעס אויף אונדזער חשבון! . .

— מיינע קינדער דאס ביסן ברויט ניט פארגונען און זיי האבן דא געפרעסן און געזויפט מיין בלוטיקע פראצע! . .

— יידן, וואס שווייגט איר? דערבארעמט אייך, שטעלט זיך איין פאר אונדז און פאר אונדזערע ארעמע, אומגליקלעכע יתומים! — האבן גע־קלאגט און געיאמערט די אלמנות, וואס האבן דא געהאט איינגעלייגט זייע־רע ירושה־געלטער.

אבער מער פון אלעמען האבן געגוואלדעוועט די ניי־אנטדעקטע "גבירים", וואס זיינען פארדעכנט געווען אין שטעטל פאר גרויסע ארעמע־לייט, אמתע קבצנים, פאר וועלכע די שטעטלשע פרומע גבאיטעס האבן ניט איינמאל צונויפגעקליבן פאר זיי בולקעס אויף שבת. און איצט, מיטן גבירס טויט, האבן זיי נעבעך געמוזט אליין ארויסגעבן פון זיך דעם סוד, אז זיי דאבן אויך דא, אויף דער פיוואוארניע, שטעקן אפגעשפארטע "קניפלעך"... זיי האבן זיך צעליינט און צעשפרייט אויף די טרעפ און אין די קארידארן, וואס האבן געפירט צום גבירס "סאליעס", און געהאלטן אין איין שרייען און סטראשען, אז ניט אנדערש ווי נאר איבער זייערע טויטע לייבער וועט מען קאנען ארויסטראגן דעם טויטן גביר . . .

דער גרויסער פיוואווארניע־הויף איז ארומגעכאפט געווארן פון אלע זייטן מיט היסטעריע, מיט האס און צארן. ר' אשר גוטערמאנס יורשים, זיינע זין און טעכטער, איידעמס און שניר, האבן פאר שרעק פאר דער צע־ווילדעוועטער מאסע, זיך באהאלטן הינטער פארריגלטע טירן און לאדנס.

דער איינציקער, וואס האט שוין ניט מורא געהאט פאר קיינעם, איז געווען דער טויטער גביר, ר' אשר גוטערמאן. ער איז געלעגן אין זיין גרויסן סאלאן־צימער אויף דר'ערד, איבערגעדעקט מיט א שווארצער טוך, ארומגע־שטעלט פון קאפ ביז די פיס מיט ברענענדיקע ליכט. אלטע־לייט, שמשים, תלמוד־תורה מלמדים מיט זייערע תלמידים זיינען געשטאנען ארום אים און האבן מיט א וויינענדיקן קול תהלים געזאגט. ווייבער, וועמעס מענער האבן געארבעט אויף דער פיוואווארניע, זיינען געזעסן אויף דר'ערד און מיט א הארצרייסנדיקן, תחינהדיקן ניגון, באוויינט זייער "האר" און שפייזער . . . זייערע קולות האבן זיך געטראגן דורך די אפענע, צעפראלטע טירן אין דרויסן ארויס און זיך צונויפגעגאסן מיט די געשרייען און גוואלדן פונם אנגעלאפע־נעם המון.

ווער ווייס ווי לאנג ס׳וואלט נאך געווען אנגעגאנגען דער טומל און דער ליארעם ארום דעם טויטן גביר, ווען ניט דער קאמעניצער רב, רבי ראובן בורשטיין, פאר וועמען אלע האבן געהאט גרויס דרך־ארץ.

פלוצלונג, אין סאמע מיטן טומל, האט דער גרויסער עולם, צו זייער גרויסער דערשטוינונג, דערזען זייער רב, זאל לעבן, שטיין אין דער הויך, אויף אן איבערגעקערטער, ליידיקער ביר־פאס, מיט א בלאסן פנים, מיט צעווינטיקסטע באָרד און פאות, אין איין האנט א שטעקן און מיט דער צווייטער אויסגעשטרעקט צום עולם, אלס א צייכן, אז ער וויל עפעס זאגן. ס׳איז מיטאמאל אנטשטאנען אן אויסערגעוויינלעכע שטילקייט. יעדער איינער האט אנגעשטעלט מויל און אויערן, געוואלט הערן, וואס אזוינס קאן איצט וועלן זאגן זייער שטילער, באשיידענער מרא דאתרא. מיט א שטיל געבראָכענעם קול האט דער רב אנגעהויבן ריידן בזה הלשון:

— מורי ורבותי, דער בר־מינן, ר׳ אשר גוטערמאן, וואס ליגט פאר אונדזערע אויגן שוין דעם דריטן טאג, קאן שוין מער ניט צאלן זיינע חובות אויף דער דאזיקער זינדיקער ערד . . . ער געהערט שוין איצט צום משפט פונם בית־דין של מעלה, פאר וועלכן מיר אלע, ווער פריער און ווער שפּעטער, וועלן אויך דארפן שטיין . . . גערענקט, יידן, יעדער שעה, וואס גייט אוועק און מיר לאזן אים ניט קומען צו קבר ישראל, באנייען מיר א גרויסע זינד! די גאנצע שטאט וועט נאך חלילה דארפן אפגעבן פאר דעם דין וחשבון! ווארים ס׳איז נאך ניט געהערט געווארן אזוינס, אין קיין שום יידישן גבול, אז אן עדה יידן זאל זיך אזוי איזהיעקעווען איבער א טויטן יידן! דאס איז א שרעקלעכער ביזיון המת!

דער רב איז געבליבן שטיל. מיט זיינע שארפע, דורכדרינגלעכע אויגן האט ער געקוקט אויפן גרויסן עולם. ס׳איז קענטיק געווען, אז זיינע רייד האבן אנגעיאגט אויף איטלעכן א טויט־שרעק. איטלעכער האט דערפילט ווי איבער זיין קאפ וואלט זיך דורכגעטראגן א געגרויש פון טויטע פליגל . . .

דער עולם האט זיך נאך ענגער צונויפגערוקט. אלע זיינען געשטאנען מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער, געקוקט מיט צעשראקענע אויגן צום רב. פון דא און דארט האט זיך דערהערט א פארשטיקט געוויין, א כליפען פון ווייבער, א העשען פון א קינד.

דער רב האט טיף אפגעקרעכצט און ווייטער גענומען ריידן שוין מיט א העכערן קול:

— שמעו נא, רבותי, הערט זיך צו, יידן, צו מיינע רייד. מיין עצה איז, צו לאזן די יורשים ווייטער אנצופירן מיט דער פּיוואָווארניע, ווי פריער. און אם ירצה השם, אז די פּיוואָווארניע וועט ווייטער אנגיין, איז דא א האַפענונג, אז מיט דער צייט, וועט איטלעכער פון אייך קריגן אויסגעצאלט זיין חוב ביז צו דער לעצטער פּרוטה. איך זאג אייך צו, בהן שלי, אז איך וועל זיך באמיען מיט אלע מיינע כוחות אכטונג צו געבן, אז אלץ זאל דא צוגיין

על צד היותר טוב. לכן, דעריבער, פאָדער איך אייך אויף גלייך, די מינוט, צוצוטרעטן מקיים צו זיין די גרויסע מצווה פון הלוויית המת! פארגעסט ניט, יידן, אז מיר זיינען אין גלות !.. אויב מיר וועלן ווייטער אזוי צענערן, קאָן נאָך חלילה קומען צו א גרויסן חילול־השם !...

דעם רבס לעצטע ווערטער האָבן אויף אלעמען געמאכט א שטאַרקן רושם. אין דעם מאָמענט האָט איטלעכער ווי פארגעסן אויף אלע זיינע טענות און קריוודעס און אויף אלע זיינע חובות וואָס אים איז געקומען פונם לעבעדיקן גביר ...

דער רב, וואָס איז נאָך אלץ געשטאַנען אויפן איבערגעקערטן, לײדיקן ביר־פאַס, האָט מיט א פעסטן קול אויסגעשריען:

— חברה קדישא, טוט אייער הייליקע שליחות !..

דער עולם האָט זיך באלד פאנאנדערגערוקט אויף די זייטן, געמאכט א וואָרע פאר דער חברה קדישא מיט דער מהרה־ברעט, וואָס איז געגאנגען מיט גיכע, איילנדיקע טריט טאָן דעם מת זיין רעכט ...

# די "ביבליאָטעקא"

ס'איז געווען אין א זומערדיקן פרייטיק פארנאכט, נאָך ליכט־בענטשן. זאסטאַוויער באַלעבאַטים, אַלע אויסגעצוואַגענע, אויסגעטובלטע און אויסגעפוצטע אין בגדי־שבת, זיינען מיט איילנדיקע טריט געקומען אין בית־מדרש אריין מקבל־שבת זיין. ערשט זיי טוען א קוק, צווישן האַנט־פאַס און "לוח הקודש" הענגט אָנגעקלעפּט א לאַנגע מודעה, געשריבן מיט א שיינער גע־כתיבהטער האַנטשריפט, מיט געציקלטע, גרויסע "קידוש לבנה" אותיות, וואָס האָט זיך געלייענט אומגעפער אזוי:

שמעו נאַ רבותי! הערט ברידער און שוועסטער! עס איז שוין לאַנג געקומען די צייט, אז איבער דעם הימל פון אונדזער קהילה קדישא, קאַמעניץ דליטא און איר "טאַכטער"־שטעטעלע זאסטאַוויע, זאָל שוין אויך נעמען שיינען די "בת השמים", די ליכטיקע זון, ווי ביי לייטן !..

"דעריבער, אחינו בני ישראל, הוי כל צמא לכו למים! ווער סאיז דורש־טיק און לעכצט צו טרינקען פונם קוואַל פון חכמה און וויסן, זאָל קומען צו אונדזער "אוצר הספרים", הנקרא בלע"ז "ביבליאָטעקא", וואָס מיר האָבן אויפגעעפנט פאַר אייך ביי דער אלמנה מרת ציפּע־דוואָשע, היושבת, וואָס זיצט, תחת ההר, אונטערן באַרג, אויף דער קאָברינער גאַס.

"מיר האָבן דאָרט אָנגעזאַמלט פאַר אייך א שפּייכלער מיט גייסטיקע שפּייז: ספרים און ביכער אויף אַלערליי לשונות, אויף "זשאַרגאָן", אויף לשון קודש און אויך אויף רוסיש.

"טאַ קומט אלע, יונג און אלט, מאַן און פרוי, טרינקען פון קוואַל די מים חיים. וכל הקודם זכה !.."

אזוי אומגעפער איז געגאַנגען דער נוסח פונם "קול קורא", נאָר אָנשטאָט חתימות, אונטערשריפטן, ווי ס'פירט זיך ביי אלע גרויסע, וויכ־טיקע קול קוראס, איז געווען אונטערגעשריבן בלויז א קורצינקע שורהלע:

"די פאַרשפּרייטער פון ליכט און וויסן צווישן פאָלק"...

ארום דער גרויסער מודעה האָט זיך באַלד צונויפגעקליבן א געזעמל מיט יידן. אלע זיינען געשטאַנען מיט פאַרריסענע קעפּ, אַריבערגעקוקט איינער איבערן אנדערן און געלייענט און נאָכאַמאָל געלייענט, האָבן געוואָלט

דערגיין א טאָלק אין אָט דעם מאָדנעם קול קורא, מיט זיין טערקישער עברי, און בשום אופן ניט געקענט אויפכאַפּן דעם געדאַנק, דעם אמתן "מיין", וואָס עס שטעקט אין די דאָזיקע ווערטער.

וואָרים, למשל כדומה, וואָס פאַר א שייכות קאָנען האָבן יידישע יגיע כפּימניקעס, ערד־אַרבעטער, סאַדאָווניקעס, באַלמעלאָכעס, שוסטערס, שניי־דערס און קאַוואַלעס מיט דער "בת־השמים", דער הימלשער טאָכטער ? . .

צווייטנס, וואָס איז דאָס פאַר א לשון: "קומט טרינקען פון אונדזער קוואַל מים חיים?!" וואָס זיינען מיר עפּעס, בהמות, וואָס מ'דאַרף פירן אָנ־טרינקען צו דער קאָרעטע ? ! . . .

האָט מען געטענהט, זיך געהיצט און געקאָכט, ביז מען איז געקומען צו דער החלטה, אז דאָס איז ניט אנדערש ווי עפּעס א שפּיצל פון א לץ, א קונדס.

נאָר דער פאַרדראָס איז געווען, וואָס דער דאָזיקער "שייגעץ" און יונגאַטש האָט געהאַט די העזה אויפצוהענגען אזא לעקישעוואַטע "מגילה" אין א מקום קדוש. האָט מען פאַר כעס אויסגעבטלט אַלע בייזע, וויסטע חלומות צו דעם אומבאַקאַנטן "מחבר" פון אָט דעם נאַרעשעוואַטן "קול קורא". מ'שטיינס געזאָגט . . .

מ'האָט אזוי לאַנג גערעדט, געטומלט, ביז ס'איז געוואָרן שפּעט. דער שמש האָט געגעבן א פּאַטש אויפן "שולחן" פון באַלעמער און גענומען זאָגן "לכו נרננה". דער עולם איז זיך צעגאַנגען אויף די ערטער און זיך געשטעלט דאַווענען.

אָבער די "שיינע" יידן, די באַלעבאַטים פון מזרח־וואַנט, די יודעי־ספר, האָבן באַלד דערשנאַפּט, אז דער דאָזיקער "קול קורא", וואָס מ'האָט אויפגעהאַנגען לעבן האַנטפאַס אין בית־מדרש, איז די אַרבעט פון יענער כנופיא, פון די שטאָטישע משכילים, וואָס האַלטן שוין לאַנג אין איין פאַר־שפּרייטן שטילערהייט זייערע "טריף פּסולען", די ביכלעך, צווישן זייערע זינדלעך און טעכטערלעך. און איצט, ווי ס'ווייזט אויס, האָבן זיי שוין גע־קראָגן די חוצפּה אַרויסצוגיין מיט זייערע שמד־שטיק בפרהסיא? טאָר מען דאָך דאָס ניט פאַרשווייגן! ס'איז דאָך א סכנה גדולה! זיי קאָנען נאָך חלילה אַראָפּפירן זייערע קינדער פון דרך־הישר!

איז געוואָרן א טומל, א געשריי. ביז ס'איז געקומען קאַלענטי, דער "שבת־גוי" און גענומען אויסלעשן די ליכט און די לאָמפּן, איז מען זיך צעגאַנ־גען אהיים, מאַכן קידוש, עסן די ערשטע שבתדיקע צוגעגרייטע סעודה.

* * * * *

אויף מאָרגן אינדערפרי, אין בית־מדרש, ביים דאַווענען, האָבן די פרומע, גאַטספאַרכטיקע באַלעבאַטים, אויפגעהויבן א גרויסן ויצעקו, א גע־

שריי, אז מען מוז, איינמאל פאר אלעמאל, זען עוקר מן השורש זיין אט דעם טריפענעם קליזל, וואס האלט אין איין פארשפרייטן זיינע אפיקורסישע געדאנקען! זיי קאנען נאך חלילה ברענגען זייערע קינדער צו שמד!

מער פון אלעמען האט געשריען און געליארעמט גבריאל יקיר משהס, א הויכער ייד, מיט א געלן בערדל, מיט א בייזן פנים און מיט ביסטרע אויגן, וואס איז געווען דער גרעסטער יאבעדניק אין שטעטל.

ווי נאר ס'איז געקומען צום "אויסנעמען", צו קריאת־התורה, האט ער זיך געגעבן א שטעל אוועק פארן ארון קודש און געשריען, אז ער וועט ניט לאזן "לייענען", ביז קהל וועט ניט אננעמען גלייך אויפן ארט די געהעריקע מיטלען קעגן די "שטאטישע" און זאסטאווער אפיקורסים, וואס שלעפן זיך ארום גאנצענע נעמט מיט מוידן און זינגען רוסישע לידלעך ! . .

ס'איז געווארן א טומל, א געשריי עד לב השמים. אלטע־לייט האבן זיך געכעסט, אז ס'איז א חילול השם, וואס מ'איז "מעכב הקריאה", ווארים וואס איז דא נעבעך שולדיק די תורה הקדושה ? . .

אנדערע האבן געשריען, אז "לאו עכברא גנב אלא חורא גנב" — ד"ה, שולדיק איז נאר די אלמנה ציפע־דוואשע, וואס האט ארייננעלאזן צו זיך אין שטיבל די דאזיקע חברה! מ'דארף זי דערפאר נעמען צום רב און קנסענען ! . .

איין טאטע האט געווארפן די שולד אויפן צווייטן טאטן, אז נאר זיינע קינדער זיינען די שולדיקע! בקיצור דאס בית־המדרש איז געגאנגען באדאראם.

ענדלעך, נאך לאנגע געשרייען און גוואלדן, איז געבליבן בהסכם כולם, אז ווי גיך מ'וועט אפדאווענען "מנחה" און אפעסן "שלוש סעודות", זאל מען אוועקגיין אין "שטאט" צום גרויסן "מויער" בית־מדרש, וווּ עס דאוונט דער רב, די דיינים און אלע שענסטע באלעבאטים און ווי גיך מ'וועט אפדאווענען מעריב, זאל מען גלייך אויפן ארט אפהאלטן אן אסיפה, און איינמאל פאר אלעמאל זען מאכן א סוף צו דער חברה אפיקורסים, מיט זייער ביבליאטעקא, ווי זיי רופן עס, און אזוי ארום וועט מען שוין אפראטעווען באצייטנס די נשמהלעך פון זייערע יונגע קינדער ! . .

און כך הוה. די זאסטאווער יידן, וואס האבן געשמט פאר גרויסע יאבעדניקעס, האבן מיט זייערע געשרייען און גוואלדן דארט, שיר ניט צעטראגן דעם גרויסן "מויער" בית־מדרש, מיט אלע יחסנישע באלעבאטים אינייינעם. זיי האבן אפילו געוואגט ארויסצוקומען מיט טענות קעגן דעם רב, דעם מרא דאתרא, וואס אזעלכע שרעקלעכע, הימל־שרייענדיקע זאכן קומען פאר אין שטאט און ער שווייגט.

אבער אלע געשרייען און פראטעסטן פון די זאסטאווער האבן ניט געהאלפן. ווארים, ווי זאגט דארט דער פסוק: "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו",

ד"ה, "דיינע צעשטערער און דיינע פארוויסטער וועלן ארויסקומען פון דיר אליין", די ווארים, ווי ס'האט זיך באלד ארויסגעוויזן, זיינען די הויפט־מאכערס פון אט דער דאזיקער "ביבליאטעקא" געווען די סאמע פני העיר, די רעדל־פירער פון שטאט, ווי לייבקע דער אפטייקער, ר' יוסף וויגוטאוו דער פייערדיקער ציוני, ר' אשר גוטערמאנס אריסטאקראטישע שנור העלענא פון גראדנע, מיט יודל קאטיקן בראש, וואס איז א גאנצער "ר' שמעלקע" אין די "הויכע פענצטער" פון דער שטאטישער רוסישער נאטשאלסטווא.

טא ווער וועט זיך איינשטעלן און האבן דעם מוט צו פארפירן א מלחמה קעגן אזעלכע "שישקעס"? מוז מען שווייגן — א ברירה האט מען ? ..

* * * * *

יעדער פארנאכט, בין השמשות, ווען פרומע, גאטספארטיקע יידן פלעגן זיך לאזן גיין אין בית־מדרש דאווענען מנחה־מעריב, לערנען א בלאט־גמרא, א פרק משניות, אדער זאגן א קאפיטל תהלים, פלעגט די יוגנט פון שטעטל, אויסגעפוצטע אין זייערע שבת־יום־טובדיקע מלבושים, נעמען שטרא־מען צו זייער טייערן, "אוצר הספרים", צו דער ביבליאטעקא, וואס האט זיך געהאט געפונען, ווי ס'איז געמאלדן געווען אינם אויבנדערמאנטן "קול קורא", ביי דער אלמנה ציפע־דוואשע, וואס איז געזעסן הינטערן שטאטישן בארג.

אווארע האט ניט איין טאטע־מאמע זיך געהאט ארומגעקריגט מיט זייער זון אדער טאכטער, געפרוווט מיט גוטן און מיט בייזן פועלן, אז זיי זאלן ניט גיין אהין, צו די אפיקורסים. אבער ס'האט ניט געהאלפן. עפעס א כישוף, א מאגישע קראפט איז געלעגן אין אט דעם ווארט "ביבליאטעקא", וואס האט געצויגן אהין, אזוי אז קיין כוח אין דער וועלט האט זיי ניט גע־קאנט אפהאלטן.

דער "אוצר הספרים", די ביבליאטעקא, איז באשטאנען ניט מער ווי פון איין קליינינקן, ענגן צימערל, וו ס'האט זיך געהאט געפונען בסך־הכל א פאר הונדערט ביכער. אבער אין די אויגן פון דער יוגנט האט עס אויסגע־קוקט ווי ס'וואלט געווען דער שענסטער און גרעסטער אריסטאקראטישער סאלאן, מחמת איז דער שפיץ פון אט דער ניי־געגרינדעטער קולטור־אינסטי־טוציע איז געשטאנען די סאמע "ווישע־אינטעליגענציא" פון שטאט, פאר וועלכער אלע האבן געהאט גרויס דרך־ארץ.

יעדער בחורל און יעדער מיידל, וואס האט געהאט די זכיה אריבערצו־טרעטן דעם שוועל פון דער "ביבליאטעקא", האט זיך שוין אויך געהאט באטראכט ווי אן אנגעהעריקער צו דער דאזיקער אינטעליגענציע . . .

און וואס איז אמת איז אמת, די יוגנט האט זיך ארויפגעווארפן מיט לייב און לעבן אויף די ביכער און זיי געשלונגען ממש ווי די האלעשקעס. יעדער בוך איז געגאנגען פון האנט צו האנט. מ'האט געלייענט מיט גרויס

התמדה, אליין, ביחידות און אויך בחברותא, און נאך מער פארלעכווייז, בחור און מיידל, ווארים דער דראנג זיך אנצוטרינקען פון קוואל פון חכמה און וויסן איז ביי אלעמען געווען זייער שטארק . . .

און היות ווי דאס ענגע ביבליאטעקא־צימערל האט שוין מער ניט גע־קאנט ארייננעמען אין זיך אזא גרויס "פאלק", וואס האט געהאלטן אין איין שטראמען אהין פון אלע זייטן, איז דאס גאנצע ארומיקע געסל, וואס איז גע־לעגן צופוסנס פונם שטאטישן בארג, פארוואנדלט געווארן אין א גרויסער ביבליאטעק . . .

אינדרויסן פאר דער ביבליאטעק, פאר די אויגן פון דער לבנה, האט די יוגנט געשלאסן צווישן זיך באקאנטשאפט, אפגעהאלטן "סווידאניעס", ראנדעוויוען. אזוי נאכט־איין, נאכט־אויס, ביז האנט האט זיך געקייטלט אין האנט, אויג האט געצונדן אויג, יונג הארץ האט גערעדט צו הארץ . . . פריידיק יוגנטלעכער געלעכטער האט זיך צעטראגן ווייט ארום, אזוי אז ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי אין שכנות פונם הייליקן "אוצר הספרים", דער ביבליאטעק, האט מען זיך געשווארן איינע די אנדערע אייביקע ליבע . . .

און געליבט האט מען זיך לויט דער נייער צייט, אויפן שטייגער פון זייערע באליבטע העלדן, ווי זיי ווערן באשריבן אין די שפאנענדע רוסישע און יידישע ראמאנען, וואס מ'האט שוין ניט איינמאל געהאט באוויזן איבער־צולייענען און מ'איז געווארן מיט זיי אייגן, אינטים, ממש נפש אחת . . . אט פונקט ווי אמתע, גאט־געבענטשטע אקטיארן, וואס לעבן זיך אזוי אריין אין די ראלן פון זייערע באליבטע העלדן און קריגן די אילוזיע, אז דאס שפילן זיי פארן פובליקום זייער אייגענעם לעבן, אזוי אויך האט די שטעטלשע יוגנט אנגעהויבן ריידן די שפראך פון בוך, די רייד פון זייערע באליבטע העלדן און נאכגעמאכט מיט אלע פישטשעווקעס זייערע איידעלע, אינטעלי־גענטע ליבעס־דערקלערונגען . . .

און טאקע ניט איין מאמע פלעגט זיך באקלאגן פאר אירע שכנהס, אז זינט איר טאכטער האט גענומען שלינגען די ביכלעך, האט זי אנגעהויבן ריידן אויף עפעס אזא מין טערקישער שפראך, וואס איז גאר ניט פאכאזשע אויף א מענטשלעכן לשון. ניט אנדערש, — פלעגט די מאמע אויסלאזן מיט א קרעכץ, — עפעס "א ניט־גוטער", ווי א דיבוק, רחמנא ליצלן, וואלט זיך אין איר אריינגעכאפט און רעדט פון איר ארויס אזעלכע משוגענע רייד . . .

* * * * *

א גאר באזונדערע אטראקציע איז געווען פאר דער יוגנט די אזוי גערופענע "ליטעראַרישע אקאדעמיעס", אדער בעסער געזאגט, די ליטעראַ־רישע "משפטים", וואס זי פלעגט דורכפירן פון צייט צו צייט איבער א געוויסן "העלד" אדער "העלדין" פון א ליטעראַרישן ווערק.

דאס איז געווען א משפט מיט אלע פליטערלעך, מיט דער גאנצער

פראצעדורע ווי פון אן אמתן געריכט־הויז, מיט געשוואָרענע ריכטער, מיט א ״פרעזידענט״ (פּאָרזיצער), מיט א פּראָקוראָר און מיט עדות, וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז דער ״העלד״ אָדער די ״העלדינע״ איז ווירקלעך באַגאַנגען א פאַרברעך קעגן די אָנגענומענע געזעצן פון דער הייליקער ליבע . . .

פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען א ״געשוואָרענער אַדוואָקאַט״, א מליץ־יושר, מיט זיינע עדות, וואָס האָט אָנגעווענדעט כלערליי קונצשטיק און אַלערליי חכמהלעך צו מאַכן תל און אַש פונם פּראָקוראָרס באַשולדיקונגס אַקט.

אָבער ניט אַזוי גרינג איז אָט דער דאָזיקער ״ליטעראַרישער משפט״ צושטאַנד געקומען. וואָכן־לאַנג האָט מען זיך געגרייט צו דעם. די פירער פון דער ביבליאָטעק האָבן געמוזט אָפּהאַלטן פריער לאַנגע אַסיפות, פאַרזאַמלונגען צו באַשטימען ווער ס׳זאָל האָבן די זכיה געמשפּט צו ווערן, ווייל יעדער איינער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אָפּגעבן כבוד און משפּטן נאָר זיין באַליבטן העלד.

אָבער די שווערסטע זאַך איז געווען ביים אויסקלייבן דעם פּאַסיקן אַנסאַמבל פאַרן גרויסן פּראָצעס. איטלעכער האָט שטאַרק חשק געהאַט צו זיין איינער פון די געשוואָרענע ריכטער, לכל הפחות כאָטש אַן עדות, אַבי צו קאָנען אַנטייל נעמען אין דער גרויסער ליטעראַרישער פאָרשטעלונג . . .

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה מיט שווערע רעפּעטיציעס, ווו מ׳האָט געשוויצט גאַנצענע נעכט.

די דאָזיקע עפנטלעכע ליטעראַרישע משפטים פלעגן מערסטנטייל פאָרקומען אין די זומערדיקע שבת בייטאָגן, אונטערן פרייען הימל, הינטער דער שטאָט, אין שכנות פון די קאַטוילישע מאָגילקעס (בית־הקברות), אָדער ביי די לייס־גריבער פון דער צינעלניע. דעמאָלט האָט מען שוין פאַר איין וועגס געקענט כאַפּן א פלירט, א שטיף און אויסזינגען א רעוואָלוציאָנערן לידל. און דער עיקר, וואָס מ׳האָט דאָרט געקענט אַריינכאַפּן און געניסן פונם געשמאַקן, זיסן ביסעלע עולם הזה — פאַררויכערן א פּאַפּיראָסל . . . וואָס דאָס איז פאַר די אינטעליגענטע בחורימלעך געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן, אַן אמתער עונג שבת . . .

די יוגנט האָט מיט גרויס אומגעדולד זיך קוים געהאַט דערוואַרט אויפן באַשטימטן טאָג פונם פייערלעכן אַקט. דער יוגנטלעכער עולם האָט זיך באַלד צעטיילט אויף צוויי פיינטלעכע לאַגערן. פאַרשטייט זיך, אַז דער אַזוי גערופענער ״שענערער מין״ האָט זיך גלייך געשטעלט אויפן צד פון זייער באַליבטער ״העלדין״, וואָס איז ביי זיי פאַררעכנט געווען ווי אַן אייגענע שוועסטער. זיי האָבן ממש איינגעלייגט וועלטן, אָנגעווענדעט כלערליי מיטלען, גענומען צו הילף זייערע שיינע חן־גריבעלעך, זייערע זיסע, קאָקע־

טישע פרויען־שמייכעלעך, כדי צו באאיינפלוסן מיט דעם די געשווארענע ריכטער. און ווען דאס האט ניט געהאלפן, האבן זיי זיך אנגעהויבן כעסן, געטופעט מיט זייערע שיינע, געטאקטע פיסעלעך, געמאכט אבסטרוקציעס, געשריען, געליארעמט, אז די אומגליקלעכע, טראגישע "העלדין" איז ריין פון אלע זינד ווי אן אומשולדיק לעמעלע . . .

דער צווייטער צד, וואס איז באשטאנען פון יונגע בחורימלעך, באַ־לעבאטישע זינדלעך, צו וועלכע די שענסטע, אינטעליגענטסטע מיידלעך האבן זיך געטאן שדכנען, האבן אויך צו להכעיס די מיידלעך, געארבעט מעשים, אז מ'זאל דער באשולדיקטער פאראורטיילן, כדי דאס זאל זיין א ווארנונג פאר די שטאטישע אינטעליגענטע "בארישניעס" ניט צו פאראטן זייערע גע־ליבטע . . .

זיינען ביידע צדדים, די מענער פון איין זייט און די פרויען פון דער צווייטער זייט, געשטאנען איינס אנטקעגן דאס אנדערע, ווי צוויי פיינטלעכע מחנות. פנימער האבן געפלאמט, אויגן האבן געברענט מיט האס, מיט פייער. מ'האט זיך געהיצט און געקאכט, אזוי אז ס'האט זיך געדוכט אט־אט וועלן זיי זיך איינע די אנדערע ארייכפארן מיט די נעגל אין די פנימער אריין.

דער פרעדסעדאטעל, דער געריכט־פארזיצער, האט נעבעך געהאט א שווער שטיקל ארבעט איינצוצאמען די הייסע געמיטער פונם יונגן פובליקום, וואס האט זיך גריסן צום ווארט, ווי דא וואלט זיך גאר ניט געהאנדלט וועגן עפעס אן אויסגעטראכטן העלד פון דעם אדער יענעם שרייבער, נאר ווי ס'וואלט איצט פארגעקומען פאר זייערע אויגן אן אמתער קרימינעלער פראַ־צעס פון דיני נפשות איבער זייערן א גאר נאענטן מענטשן . . .

א, ווער ס'האט ניט געזען די ערנסטקייט פון אט די דאזיקע "ליטע־ראַרישע משפטים", מיט דער גאנצער פראצעדורע ווי פון אן אמתן משפט, דער וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין וואס עס מיינט יונגטלעכע פרייד, יונגנטלעכער גלויבן, וואס קאן פארוואנדלען אילוזיע, פאנטאזיע אין אווירקלעכקייט ! . .

יא, פאר דער שטעטלשער יוגנט, וואס האט זיך דערצויגן אויפן יידישן בוך און אויך דער רוסישער ליטעראטור, זיינען די דאזיקע "ליטעראַרישע משפטים" ניט געווען סתם א טעאטער־פארשטעלונג, א פארווייילונג, נאר א רעאלע ווירקלעכקייט, וואס אן דעם וואלט זייער לעבן אינם פארווארפענעם, קליינינקן שטעטעלע געווען גרוי און וואכעדיק.

דאס ענגע ביבליאטעק צימערל איז פאר זיי געווען זייער איינציקער קולטור־צענטער, זייער ערשטע שול, וואס האט אויפגעעפנט פאר זיי א פענצ־טערל צו דער גרויסער וועלט פון פראגרעס און ציוויליזאציע . . .

דערפאר איז גאר קיין חידוש ניט וואס די שטעטלשע יוגנט איז געווען אזוי פארקאכט אין זייער ביבליאטעקל, פאר וועלכן זיי זיינען גרייט געווען צו גיין אפילו אין פייער און אין וואסער. און ווי א באוויין ווי אזוי די דאַ־

זיקע יוגנט איז געווען משוגע פארליבט אין זייער "אוצר הספרים", דער "ביבליאטעקא", איז כדאי צו דערציילן אט דעם עפיזאד:

עס איז געווען אין א הייסן זומער־טאג. פלוצלונג איז אויסגעבראכן א שריפה אין שטאט. דער גאנצער מארק מיט די ארומיקע קרעמלעך, האט געברענט ווי איין גרויסע יום־כיפור־ליכט. ס'איז געווארן א שרעקלעכע מהומה. קולות, געשרייען האבן זיך געטראגן אין דער לופטן. די יוגנט אבער, אנשטאט צו לויפן העלפן ארויסראטעווען די בעבעכעס, דאס ביסל האב און גוטס פון זייערע ברענענדיקע הייזלעך און קרעמלעך, און צום אלעם ערשטן געלאפן ארויסראטעווען די "הייליקע" ביכער פון זייער ביב־ליאטעק.

פון די רייען פון אט דער דאזיקער נאַוור־גלוביקער יוגנט, זיינען שפעטער ארויסגעקומען גרויסע אידעאליסטן, סאציאלע קעמפער, וואס האבן ניט נאר געוואלט איבערבויען דאס יידישע לעבן אויף געזונטע יסודות, נאר אויך די גאנצע וועלט . . .

אט דעם דאזיקן גלויבן האבן זיי געשעפט פונם ענגן ביבליאטעק־צימערל, מיט דער הילף פונם אמת־קינסטלערישן ווארט . . .

# די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע

ווען די ניי־געגרינדעטע פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע איז אַרויס צום ערשטן מאָל אויף אַ פייער־מאַנעווערע, מיט איר גאַנצן ביסל קלאַפּערגעציייג, וואָס איז באַשטאַנען בס"ה פון אַ פּאָר פעסלעך וואַסער, עטלעכע ליידיקע עמערס, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט אויף די דראַבינעס פון לייבקע דעם וואַסער־פירערס וואָגן, האָט שטעטל קאָמעניץ זיי אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד, מיט אַ פרייליכן הורא און מיט אַ קאַצניאַמער, ווי מ׳וואָלט דערזען אמתע קאָמעדיאַנטשטיקעס, פּורים־שפּילער.

יידן, באַלעבאַטים, סוחרים, קרעמער זיינען געשטאַנען אויף זייערע גאַניקעס און פאַר זייערע אָפענע קרעמלעך, האָבן אויסגעבטלט אַלע בייזע חלומות צו זייערע נאַרישע קעפּ, געמאַכט פון זיי חוכא וטלולא, געטייטלט אויף זיי מיט די פינגער און געלאַכט:

— אָט די דאָזיקע האַלעדריגעס, די שוסטערוקעס און די שניידערו־קעס, לייזער באַטשאַן, זרח סמאַרק, יאָסל יאַץ, אייזיק קישקע, נחמן דראַנג און נאָך אַזעלכע פאַרשווינען, וועלן דאָס אונדז באַשיצן פון די זומערדיקע שריפות? . . כאַ־כאַ־כאַ ! . ! כ׳לעבן, ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן ! . .

ערשט, ווען די סאַמע פּני פון שטאָט קאָמעניץ, יודל קאַטיק, דער טשלען פון דער מעשטשאַנסקער אופּראַווע, האַרי מיטראַוויטשער מיט דער לאַנגער באָרד, ר׳ יאָסל וויגוטאָוו, דער משכיל, און להבדיל, דער רוסישער גלח, דער פּוילישער אַפּטייקער, דער פּריסטאַוו, דער נאַטשאַלניק פון פּאָטשט און נאָך אַזעלכע אָנגעזעענע שטאָטישע פירער און נאַטשאַלווסטוואָ, האָבן אַרונטערגענומען די פּאָר צענדליק פּאַזשאַרניקעס אונטער זייער שוץ, האָט שטעטל שוין מער ניט געלאַכט פון זיי און ווער רעדט נאָך. ווען די מעש־טשאַנסקע אופּראַווע (מאַגיסטראַט) האָט מיט איר געלט איטלעכן פון דער פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע "אויסגעסטראָיעט" מיט אַ שפּאָגל־נייעם בלויען מונ־דיר, מיט מעשענע גלאַנציקע קנעפּ, מיט אַ מעשענער קאַסקע אויפן קאָפּ און מיט אַ לאַנגער האַק, צוגעבונדן צום לעדערנעם גאַרטל פונם מונדיר, האָט שטעטל שוין גענומען קוקן אויף זייערע פייערלעשער מיט גרויס דרך־ארץ . . .

פון דעמאָלט אָן, ווען דער "דעזשורני" פון דער פייער־בריגאַדע,

האט אנגעהויבן בלאזן אויף זיין גרויסער פייערלעשער טרובע, איז באלד געווארן א טרעוואגע אין שטעטל. קינד און קייט איז געקומען צו לויפן. קרעמער האבן באלד פארהאקט זייערע קרעמלעך. באלמעלאכעס האבן געווארפן שער און אייזן, מלמדים האבן פאנאנדערגעלאזן די "חדרים" און אלע, ווי איינער, זיינען געלאפן אנקוקן דעם גרויסן פייערלעשער פאראד.

און כ׳לעבן, ס׳איז טאקע געווען וואס צו זען. פארויס אויף א הויכן פערד האט געריטן דער פייער־קאפיטאן, נחמן דער קאוואל, מיט די לאנגע פיס, אנגעטאן אין זיינע אמטלעכע קליידער, אין בלויען מונדיר מיט די גאלדענע קנעפ, מיט דער מעשענער גלאנציקער קאסקעטע אויפן קאפ, מיט די צוויי אראפגעהאנגענע דאשעקעס פון ביידע זייטן. ער האט געריטן מיט פאמעלעכע טריט, מיט אזא ווירדע און מיט אזא חשיבות, ווי ער וואלט געווען אן אמתער, גרויסער פעלד־מארשאל.

הינטער אים איז נאכגעגאנגען זיין ארמיי, די פאר צענדליק פאזשארניקעס, אויך אנגעטאן אין מונדירן מיט מעשענע קנעפ, מיט לעדערנע גארטלען, פון וואנען סהאבן אראפגעהאנגען שפאגל־נייע העק מיט הילצערנע "טאפאריסקעס" (הענטלעך), און מיט לאנגע, אייזערנע בארסיקעס אויף די אקסלען, אלע מיט אזעלכע ערנסטע פנימער, ווי סאלדאטן, וואס מארשירן אויף מלחמה. דאס זיינען שוין געווען אמתע, אויסגעשולטע פייערלעשער, וואס האבן שוין אויסגעהאלטן די פייער־פראבע . . .

הינטער זיי איז געגאנגען א "מחנה רעקרוטן", וואס זיינען ערשט ניט לאנג געהאט אריינגעטראטן אין "דינסט" צו לערנען זיך די סטראטעגיק ווי צו באקעמפן דעם פייער־שונא . . . זיי האבן זיך איינגעשפאנט אין די האלאבליעס פון די וועגענער, ווו ס׳זיינען געלעגן די עטלעכע באטשקעס וואסער, די נייע מאשינעס אויף צו פאמפעווען וואסער פון די ברונימער, און זיי געשלעפט מיט אלע כוחות.

און גאר צום סוף פון דער מחנה, איז נאכגעגאנגען המון רב, אנשים, נשים וטף, מאנצבילן, ווייבער און קינדער, וואס האבן זיי ארויסבאגלייט מיט גרויס פאראד ביז העט אויסער דער שטאט, ווו ס׳האבן זיך ערשט געדארפט אנהויבן די גרויסע פייער־מאנעוורעס.

די פייערלעשער האבן אויף גיך צונויפגעקלאפט פון ברעטלעך און פון ליידיקע קעסטלעך אן אימפראוויזירט שטעלכל. דער פייער־קאפיטאן, נחמן דער לאנגער, האט מכבד געווען יודל קאטיקן, דעם שטאט־באלעבאס און דעם "אפעקון" איבער דער שטאטישער פאזשארנע קאמאנדע, צו גיין עס אונטערצינדן.

מיט אן אונטערגעצונדענעם שטורקאץ אין די הענט, און מיט לאנגזאמע טריט, איז יודל קאטיק צוגעגאנגען, און פאר די אויגן פון פאלק, אנגעצונדן די גרויסע "הדלקה". דאס שטעלכל האט באלד אנגעהויבן ברענען ווי א חנוכה־ליכטל. דאס "פאלק" איז אריין אין גרויס עקסטאז.

דער פייער־קאפּיטאַן האָט מיט זיין גרויסער טרובע באַלד געגעבן א סיגנאַל צו זיינע פּאַזשאַרניקעס, אַז זיי זאָלן זיך נעמען פאַר די כלים.

און כהרף־עין, האָבן די פייערלעשער מיט זייער גאַנצן קלאַפּערגעצייג זיך אַרויפגעוואָרפן מיט א פייערדיקן אימפּעט אויפן ברענענדיקן שטעלכל, וואָס האָט איצט אויסגעקוקט אין זייערע אויגן ווי ס'וואָלט געווען דער גרעס־טער און שטאַרקסטער הימל־קראַצער אין דער וועלט. . . זיי האָבן אָנגע־שטעלט אויף אים זייערע לאַנגע, גומענע קישקעס און אים באַשאָסן פון אַלע זייטן מיט שטראָמען וואַסער. און מיט די לאַנגע, אייזערנע באַרסיקעס געריסן פון אים שטיקערווייז אַזוי, אַז ס'האָט ניט געדויערט לאַנג ווי פונם ברע־נענדיקן "בנין" איז ניט געבליבן אפילו קיין זכר.

אַזוי זיינען וואַד־איין, וואַד־אויס, אַנגעגאַנגען די פייער־פּראָבעס, מיט זייער גאַנצן טאַראַראַם, וואָס זיינען פאַרן שטעטל קאָמעניע געווען די שענסטע "פייערלעכסטע" ספּעקטאַקלען . . .

אָבער פּונקט ווי מען לערנט די ערשטע צייט די רעקרוטן אין דער אַרמיי צו שיסן מיט פּוסטע קוילן און צו שטעכן מיט באַיאָנעטן אין "משו־טשעלעס", אין אַזעלכע אָנגעשטאָפּטע זעק מיט שטרוי, אַזוי לאַנג ביז זיי לערנען זיך אויס צו שיסן און צו שטעכן אמתע, לעבעדיקע מענטשן . . . אַזוי אויך האָבן די קאָמעניצער אויסגעשולטע פייערלעשער אָנגעהויבן צו בענקען און צו לעכצן נאָך אַן אמתער שריפה, זאָל זיין כאָטש א קליינינקע שריפהלע, אַבי מ'זאָל שוין קאָנען פּאַנאַנדערפירן די הענט, און זאָלן גאָט און לייט זען וואָס אמתע, העלדישע פּאַזשאַרניקעס קאָנען אויפטאָן . . .

ס'האָט טאַקע ניט געדויערט לאַנג, ווי דער רבונו של עולם האָט פאַר־נומען זייער געבעט און האָט אַראָפּגעשיקט א פייער פון הימל אויפן שטעטל.

דאָס איז געשען אין א שיינעם, זומערדיקן שבת בייטאָג, נאָכן אָפּעסן דעם געשמאַקן טשאָלנט, ווען גאַנץ שטעטל האָט געכאַפּט א זיסן, עונג שבת־דיקן דרעמל, ווי דאָס איז שוין אַן אַלטער מנהג ביי יידן אין דעם הייליקן יום־מנוחה. די יוגנט, ווי איר שטייגער איז געווען אין די זומערדיקע שבתים, האָט זיך געהאַט אַרויסגעלאָזן אויף זייערע אויסער שטאָטישע שפּאַצירן, אַזוי אַז כמעט גאַנץ שטאָט איז געבליבן אויסגעליידיקט פון מענטשן.

איז פּלוצלונג, ווי פון אונטער דר'ערד, אויסגעבראָכן א שריפה אין דער קאַברינער גאַס. ס'איז געוואָרן א שרעקלעכע מהומה. פון אַלע זייטן האָט מען געשריען: פּאַזשאַר! פּאַזשאַר! . . . די געוויינען און די גוואַלדן פון מאַמעס און קינדער האָבן זיך געטראָגן אַזש צום הימל.

און איידער די פייערלעשער האָבן באַוויזן צו ברענגען אין אָרדענונג זייערע פייער־כלים, איז שוין דער גאַנצער "טשאַנג"־הייזער געלעגן אין חורבות . . .

* * * * *

די שטאָטישע אינטעליגענציע, וואָס האָט זיך געהאַט אונטערגענומען צו פאַרשפּרייטן אין פאָלק ליכט און וויסן, קולטור און ציוויליזאַציע, איז

נעבעך ארומגעאנגענע דערשלאגן און צעבראכן, ווי די זון וואלט פאר זיי פלוצלונג אין מיטן העלן טאג אונטערגעגאנגען. ווארים די ביבליאטעק, וואס זיי האבן אויפגעבויט מיט אזויפיל שווערער מי און פראצע, איז איצט געלעגן, ווי אירע ארומיקע שכנישע הייזער, אין אש און אין שטויב. שטיקער בלעטער פון פארברענטע ביכער האבן זיך געטראגן אין דער לופטן. די יוגנט האט מער באקלאגט און באוויינט זייער פארברענטע, חרובע ביבליאטעק, איידער זייער טאטע־מאמעס פארברענטן ביסל האב און גוטס.

אבער ביים אנבליק פון די "גווילין נשרפין", האט די יוגנט זיך א שבועה געגעבן, אז זי וועט ניט רוען ביז זי וועט ניט אויפבויען, אויף די חורבות פון דער אפגעברענטער ביבליאטעק, א נייע און נאך א גרעסערע און נאך א שענערע ביבליאטעק.

נאכט־איין, נאכט־אויס, האט די יוגנט אפגעהאלטן פארזאמלונגען. געזוכט בלערליי עצות און פלענער ווי אזוי און וואס גיכער אויפצושטעלן א נייעם "אוצר הספרים" — די ביבליאטעק.

א סך פון דער יוגנט זיינען אליין געווען קרבנות פון דער שריפה. האבן אליין ניט געהאט קיין דאך איבערן קאפ. אבער דאס איז ביי זיי ניט געווען קיין אפהאלט, ווייל פריער פון אלץ איז ביי זיי געווען די ביבליאטעק.

ענדלעך, נאך לאנגע אסיפות און פארזאמלונגען, וואס האבן ווי גע־וויינלעך, זיך געהאט פארצויגן ביז אין די פריע פרימארגנס, איז מען געפאלן אויף א גלענצנדן פלאן: מ'זאל איניינעם מיט דער "חברה אנשי פאזשארנע קאמאנדע" דורכפירן א טעאטער־שפיל און די הכנסה, וואס די פארשטעלונג וועט אריינברענגען, זאל זיין מחצה על מחצה, האלב פאר דער ביבליאטעק און האלב אין דער קאסע פון דער פייערלעשער ברינאדע.

דער פייער־קאפיטאן, נחמן דער קאוואל, אדער ווי מ'האט אים געהאט גערופן אין שטעטל "נחמן מיט די לאנגע פיס", האט זייער גערן זיך אנגע־כאפט אן דעם דאזיקן פלאן, מחמת ער האט זיך שוין פון לאנג געהאלטן פאר דעם גרעסטן טעאטער ליוביטעל אין שטאט.

ער האט באלד צונויפגערופן זיין גאנצע פייער־ברינאדע אויף א "גענעראלנע" פארזאמלונג, הערן וואס זיי האבן צו זאגן. נאך לאנגע, היציקע ויכוחים און פייערדיקע דיסקוסיעס, איז באשלאסן געווארן, פה אחד, אנצונעמען דעם פארשלאג פון דער שטאטישער אינטעליגענציע, די פירער פון דער אפגעברענטער ביבליאטעק.

אבער ס'איז ניט אזוי לייכט ווי עס רעדט זיך. דער בשותפות־דיקער פלאן האט זיך באלד געהאט אנגעשטויסן אויף גרויסע מכשולים.

ערשטנס, וו נעמט מען א פאסיקע דראמע, א קאמעדיע צי גאר אן אפערעטע?

צווייטנס, וו קריגט מען א גרויסן לאקאל, א טעאטער זאל, מיט א בינע, וואס זאל קאנען אריינגעמען גאנץ שטאט?

און דריטנס, און דאס איז געווען די הויפט־צרה, וואס אלע פאזשאר־ניקעס און אלע בחורים און מיידלעך פון דער אינטעליגענציע, האבן זיך געריסן און געוואלט זיין אקטיארן און אקטריסעס . . . ס'האבן זיך באלד אנ־געהויבן כעסן, ברוגזן און קריגערייען, אזוי אז ס'האט שיר ניט געהאלטן דערביי עס זאל ווערן אויס מיט דער גאנצער טעאטער־פארשטעלונג.

ערשט נאך לאנגע דיפלאמאטישע פארהאנדלונגען, האבן אלע איינ־שטימיק באשלאסן צו שפילן די בארימטע "צוויי קוני לעמלס", פון אברהם גאלדפאדען. און וואס שייך צו די אקטיארן און אקטריסעס, האט מען אויך געפונען אן עצה: מ'האט "געווארפן גאלקעס" (געהיימע וואלן), "געצויגן קניפלעך", און ווער ס'האט זכה בגורל געווען און ארויסגעצויגן דעם גליק־לעכן קוויטל, איז דער געווארן א ליוביטעל און זי א ליובימעלניצע . . . אזוי ארום איז ענדלעך מיט מזל צונויפגעשטעלט געווארן דער גאנצער אנסאמבל פאר "די צוויי קוני לעמלס".

אויך די פראגע מכוח א טעאטער זאל איז באלד געלייזט געווארן. מ'האט באשלאסן צו נעמען מאטיע קלעפיטשירערס גרויסן "סאראי", דעם לײדיקן שאלאש, וווּ ס'האט זיך געפונען די הויפט־קווארטיר פון דער פא־זשארנע קאמאנדע מיט אלע אירע פייער־געצייג. און אזוי איז טאקע געווען.

חברה האט זיך באלד א נעם געטאן פאר דער ארבעט. די אקטיארן און די אקטריסעס האבן גאנצע נעכט געהאלטן אין איין דורכפירן די רעפע־טיציעס, מיט די פראבעס, אזוי לאנג ביז יעדער איינער פון די שוישפילער האט שוין געקאנט אויף אויסנווייניק זיין ראל, זיין ביסל פראזע, מיט אלע לידער און געזאנגען.

אין דער זעלבער צייט, האבן די חברה אנשי פאזשארנע געארבעט מיטן שוויים פון זייער פנים צו פארוואנדלען מאטיע קלעפיטשירערס גרויסן סאראי אין א טעאטער זאל.

קודם־כל האט מען ארויסגעטאסקעט פון אים די שווערע באטשקעס מיט וואסער, די לאנגע גומענע קישקעס, די וואסער־פאמפעס, די עמערס, די בארסיקעס מיטן גאנצן קלאפערגעצייג און עס אוועקגעשטעלט אינדרויסן, פארן ארייננגאנג אין טעאטער.

באלד זיינען געקומען א כאליאסטרע יונגע באלמעלאכעס, מיט האמ־מער און זעג, און האבן צונויפגעקלאפט פון ברעטער לאנגע בענק, זיץ־פלעצער פארן פובליקום, א בינע פאר די אקטיארן מיט אלע נויטיקע טירן און פענצ־טער און אן אונטערערדישע בודקע פארן סופליאר.

מיידלעך און יונגע ווייבלעך האבן פון אלטע פאטשיילעס, קאלדרעס און ליילעכער אויפגעניים א גרויסן פארהאנג פאר דער בינע, שניידערקעס, מיט זייערע לערן־מיידלעך האבן טעג און נעכט געהאלטן אין נייען די קאס־טיומען, די גארדעראבעס.

חברה קליינוואַרג האבן מיט ווענגלעך געבראכט צו פירן פון הינטער דער שטאט הונדערטער קאשיקעס און קעסטלעך מיט געלן זאמד, און עס צעשאטן און אויסגעשפרייט איבער דער שווארצער ערד פונם גרויסן שייער.

איטלעכער האָט צונעלייגט א האַנט; איטלעכער האָט זיך באַמיט, וואָס נאָר ער האָט געקאָנט, אויסצופּוצן און פאַרשענערן דעם גרויסן סאַראַי, ביז ס'איז געלונגען צו פאַרוואַנדלען אים אין א שיינעם, גרויסאַרטיקן טעאַטער זאַל.

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג, ערב דער גרויסער פאָרשטעלונג, פון "די צוויי קוני לעמלס".

נחמן דער לאַנגער, דער קאַפּיטאַן פון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, האָט זיך אויסגעפּוצט אין זיינע אַמטלעכע, פאָראַדנע קליידער, אין זיין בלויען מונדיר מיט די גאָלדענע קנעפּ, מיטן מעשענעם היטל מיט די צוויי אַראָפּגע־האַנגענע, גלאַנציקע דאַשיקעס. מיט אָט דעם דאַזיקן געשלידער האָט ער זיך אַרויפגעזעצט אויף יאַנקל באַלעגאָלעס הויכן פערד, מיט די אַרויסגע־שטאַרצטע קלובעס, און זיך אַוועקגעלאָזן רייטנדיק איבער דער שטאָט, איבערן מאַרק, צווישן ראָד־קראָמען, און אַלע ווײַלע זיך צעשאַלט אויף זיין גרויסער פייערלעשער טרובע, אַנזאָגנדיק אַלעמען די פריילעכע בשורה, אַז היינט ביינאַכט וועלן "די צוויי קוני לעמלס" א שפּיל טאָן, א זינג טאָן און א טאַנץ טאָן, אַז ס'וועט אַזש גיין א רויך!

הינטער דעם רייטנדיקן פייערלעשער־קאַפּיטאַן זיינען נאָכגעלאָפן א כאַליאַסטרע קינדער, מיט פּייקלעך, מיט פּייפעלעך, געקלאַפּט און באַראַבאַ־נעוועט מיט שטעקנס און מיט וואַלגערהעלצער אין בלעכענע קענדלעך, האָבן געשריען, געקוויטשעט און געליאַרעמט אויף וואָס די וועלט שטייט, אַזוי אַז דאָס אַליין איז געווען דער שענסטער ספּעקטאַקל . . .

און בלילה ההוא, אין דער דאָזיקער נאַכט, נאָך איידער ס'האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטערן אין הימל, האָט גאַנץ שטעטל קאָמעניץ און איר "טאָכטער"־שטעטל זאַסטאַוויע, אָנגעהויבן מאַסנוויז צו שטראָמען צום טעאַטער, כדי וואָס גיכער צו פאַרכאַפּן דאָרט די שענסטע און די בעסטע פּלעצער.

אָבער די שענסטע און די בעסטע זיץ־פּלעצער אין טעאַטער זיינען שוין פון פריער געווען פאַרנומען פון די טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער מיט אַלע זייערע משפּחות און אויך די ווייבער און קינדער פון די אַקטיאָרן און פון די פּאָזשאַרניקעס, וואָס זיינען געווען אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, ווי זיי וואָלטן געווען די הויפּט־מחותנים אויף דער דאָזיקער חתונה.

חברה קליינוואַרג האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט, ווי די קעץ, אויפן בוידעם פונם גרויסן סאַראַי, זיך אַרויפגעזעצט רייטנדיק אויף די לאַנגע באַלקנס, זיך אָנגעהאַנגען אַז די קראָקוועס, אַזוי אַז דער גאַנצער טעאַטער־זאַל איז פון אויבן ביז אַראָפּ געווען געפּאַקט. קולות, געשרייען און געלעכטערן האָבן זיך געטראָגן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף, אַז מ'האָט געקאָנט טויב ווערן.

אבער ניט סוקנדיק וואס דער טעאטער איז שוין געווען געפּאַקט, אַזוי אַז ס׳איז שוין אַפילו ניט געווען ווו אַ שפּילקע־קעפּל אַריינצוּוואַרפן, האָט דאָס פאָלק נאָך אַלץ ניט געהאַט אויפגעהערט צו שטראָמען צום טעאַטער. איטלעכער האָט זיך געריסן מיט אַלע כּוחות זיך אַריינצוּכאַפּן אינעווייניק. ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכער געדראַנג, אַ שטופּעניש, אַ שטויסעניש. געשרייען און פּראָטעסטן האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן.

— עפנט דעם טויער!

— מיר וועלן צעברעכן די ווענט!

— ס׳וועט זיין אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין!

— וואָס, מיין געלט איז קיין געלט ניט?!

— איך בין אַזאַ יחסן פונקט ווי ער!

— איך האָב אויך געקויפט בילעטן!

— מיין ברודער שפּילט דאָך קוני לעמל!

— לאָזט מיך אַריין!

האָט מען געשריען און געקלאַפּט מיט די פויסטן אין די טויערן און אין די ווענט פונם שייער. וויפל דער אוריאַדניק, איוואַן איוואַנאָוויטש, מיט זיינע צוויי געהילפן, די סטראַזשניקעס, האָבן זיי ניט געטריבן און געיאָגט, האָט מען זיי ניט געקענט פאַרטרייבן. און וויפל די פּאָזשאַרניקעס האָבן זיך ביי זיי ניט געהאַט געבעטן, אַז דער עולם זאָל זיך צעגיין, וואָרים מ׳וועט מאָרגן, אם ירצה השם, שפּילן נאָכאַמאָל, און אויב מ׳וועט דאַרפן, וועט מען שפּילן אַ דריטן מאָל און אַ פערטן מאָל, אַבי געזונט, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. קיינער האָט ניט געוואָלט וואַרטן אויף מאָרגן. וואָס הייסט, וואַרטן?! אַז אָט־באַלד, אויף יענער זייט וואַנט, וועלן די יאַטן און די יאַטיכעס, זייערע אַקטיאָרן און באַליבטע אַקטריסעס, אַ שפּיל טאָן, אַ זינג טאָן און אַ טאַנץ טאָן, און צום סוף הייסט מען זיי גיין אַהיים און וואַרטן אויף מאָרגן?! ניין, ניט ביי מאַטיען! ניט דערלעבן זאָלן מיינע שונאים!

פון מינוט צו מינוט זיינען די קולות, די געשרייען און די גוואַלדן פונם אַנגעלאָפענעם עולם געוואָרן אַלץ שטאַרקער, אַזוי אַז די אַקטיאָרן און די אַקטריסעס פון ״די צוויי קוני לעמלס״ האָבן נעבעך געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט איבערצושרייען דעם דרויסנדיקן פּובליקום . . .

ווער ווייס וואָס ס׳וואָלט געשען מיט ״די צוויי קוני לעמלס״, ווען ניט דער קלוגער איינפאַל פונם אוריאַדניק, איוואַן איוואַנאָוויטש, מיט זיינע צוויי סטראַזשניקעס. זיי האָבן באַלד אַ כאַפּ געטאָן די וואַסער־קישקעס פון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, און אָנגעהויבן מיט זיי באַגיסן מיט אַ שטראָם קאַלטן וואַסער דעם צעהיצטן עולם. דער צעשטורעמטער עולם איז זיך באַלד צעלאָפן, ווי צעשראָקענע, צעפּלאָשעטע הינער. אַזוי איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן ״די צוויי קוני לעמלס״. . .

״די צוויי קוני לעמלס״ זיינען טאַקע ״געגאַנגען״ אַ גאַנצע וואָך.

מ'האָט געשפּילט פאַר פולע טעאַטערס. די אַקטיאָרן, די טעאַטער־אַמאַטאָרן, זײַנען געווען ווי אויפן זיבעטן הימל פון זייער גליק. אַ קלייניקייט, אַזאַ סוקצעס! אַזאַ דערפאָלג!

אַ גאַנצע וואָך איז אין שטעטל געווען ששון ושמחה. ווו מ'איז גע־גאַנגען און ווו מ'איז געשטאַנען, האָט מען רק געהאַלטן אין איין ריידן און באַוווּנדערן די ליוביטעלעס, ווי שיין זיי האָבן געשפּילט, ווי שיין מ'האָט געזונגען. באַזונדערס האָט מען שטאַרק געלויבט זעלדען, שלמה סאַפּיר־שטיינס יונג ווייבל, די פּרימאַדאָנאַ, וואָס האָט מיט איר שיינעם דראַמאַ־טישן שפּילן שיִר נים צעלייגט די בינע.

וואָכן־לאַנג האָבן אַרבעטער און געזעלן ביי די וואַרשטאַטן, שניי־דערקעס אין די מאַסטערסקאַיאַס געהאַט געזונגען די שיינע, זיסע מעלאָדיעס פון "די צוויי קוני לעמלס".

---

נאָך אין דער זעלבער וואָך, האָט די שטעטלשע אינטעליגענציע אויס־געקליבן פון זייער מיט צוויי אָנגעזעענע שליחים און זיי אויסגעריכט אין וועג אַריין, אַזש קיין וואַרשע, איינצוקויפן פאַרן געלט, וואָס "די צוויי קוני לעמלס" האָבן אַריינגעבראַכט, אַ גרויסן אויסוואַל פון נייע יידישע, העב־רעישע און רוסישע ביכער פאַר דער נייער שטאָטישער ביבליאָטעק.

אין דער זעלבער צייט איז אויך צוגעקומען צו דער שטאָטישער פאַ־זשאַרנע קאָמאַנדע נאָך אַ שפּאָגל־נייע וואַסער־פּאָמפּע, וואָס האָט געהאַט בכוח איינצולעשן אפילו דעם גרעסטן פּאַזשאַר . . .

דאָס אַלץ האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען די צוויי טייערע קוני לעמלס . . .

## פנחס דער רעוואָלוציאָנערער פירער

בדרך כלל, קאָן מען זאָגן, אַז צווישן שטעטעלע זאַסטאַוויע און דעם רוסישן קייסער, צאַר ניקאָליי השני, וואָס איז געזעסן על כסא המלוכה אין פּעטערסבורג, האָט געהערשט "שלום בית"...

אוואדע, וואָס אמת איז אמת, האָט שטעטעלע זאַסטאַוויע געהאַט היבשע טענות צום קייסער, ווי למשל: דער יקרות איז גרויס; פּרנסה איז שטאַרק געשלאָגן; מען רייסט שווערע "פּאָדאַטקעס" (שטייערן); מען מאָנט ביי יידן די דריי הונדערט רובל שטראָף פאַר זייערע אַנטלאָפענע זין פון פּריזיוו; מען טרייבט יידן פון די דערפער און נאָך אַזעלכע צרות און גזירות. דאָס וואָלט נאָך געוועזן ווי ס'איז צו דערליידן ... די צרה איז נאָר, וואָס, ווערליק די "גאַזעטן" שרייבן, מאַכט מען דאָרט, אין די גרויסע שטעט, פּאָג־ראָמען אויף יידן, אַזוי אַז ס'ציטערט ממש די הויט אויפן לייב. וואָרים, ווער ווייס, עס קאָן נאָך חלילה אויך אָנציען אַהער...

אָבער וואָס זאָל מען טאָן? אויף דעם איז מען דאָך עפּעס אין גלות. און ווי זאָגט דאָס קלוגע יידישע שפּריכוואָרט: "אויף אַ שלעכטן פּריץ טאָר מען ניט בעטן קיין מפּלה", ווייל דער נייער מושל קאָן נאָך חלילה זיין ערגער פונם ערשטן...

אָבער גייט טענהט מיט די זאַסטאַוויער "צעצעליסטלעך", די "בונ־דיסטלעך", די אפּיקורסים, וואָס רויכערן פּאַפּיראָסן אום שבת, שלעפּן זיך אַרום גאַנצענע נעכט מיט מוידן, זינגען רעוואָלוציאָנערע לידלעך און טראָגן לאַנגע העמדלעך מיט קוטאַסן איבער די הויזן...

וואָרים, לשיטתם, קומט אויס, אַז אין אַלע צרות און אין אַלע פּור־עניותן איז שולדיק נאָר דער קייסער אַליין ... דעריבער דאַרף מען, זאָגן זיי, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, דורכפירן די רעוואָלוציע, אַראָפּוואַרפן דעם צאַר ניקאָליי פון טראָן, איינפירן די "סוואָבאָדאַ" און פּטור אַן עסק! דעמאָלט וועט קומען די גאולה שלמה פאַרן רוסישן פאָלק, פאַר די רוסישע פּויערים און פאַרן רוסישן אַרבעטער־קלאַס און ממילא שוין אויך פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט...

אַ, וויפל זייערע טאַטעס און מאַמעס האָבן זיך ניט צעבעטן ביי זיי, מיט גוטן און מיט בייזן: וואָס אַרט אייך, אַז אין פּעטערבורג וועט זיצן אַ קייסער? און וואָס איז די נפקא מינא צי ס'וועט זיין דער מלך אָדער אַן

אנדער מלך? זאלן די גוים זיך פארדרייען זייערע קעפ מיט זייערע מלכים און קעניגן ! . . האט עס ניט געהאלפן, ווי געװעדט צו דער וואנט! זיי האבן זיך איינגעשפארט — ניין און ניין! זיי ווילן ניט קיין קייסער! ניט אנדערש ווי נאר א "ניט־גוטער", רחמנא ליצלן, האט זיך אריינגעכאפט אין זיי און האלט אין איין ארויסשרייען פון זיי: "דאלאי צאר ניקאליי" אויס מיטן צאר ניקאליי!"

נו, האט איר שוין געהערט אזוינס? די יונגע שנעקעס ווילן זאגן א דעה ווער ס'זאל זיין קייסער אין רוסלאנד ! . . כ'לעבן, ניטא ווער ס'זאל לאכן!

און איינמאל שבת, אין מיטן דאווגען, פונקט צו קריאת־התורה, האבן די דאזיקע צעצעליסטלעך געהאט די חוצפה זיך ארייצוררייסן אין בית־מדרש, האבן פארכאפט דעם בעלעמער און געצווונגען דעם גאנצן עולם אויס־צוהערן א רעוואלוציאנערע דרשה פון זייערם א מענטשל, מיט א לאנגער טשופרינע, מיט א קאפעליושל אויף א זייט און מיט א שווארצער פעלערינע אויף די אקסלען.

דער גאנצער עולם אין בית־מדרש איז געזעסן אין איין ציטערניש. ווארים דאס דאזיקע "קאפעליושל" האט געװעדט פאר פייער און פאר וואסער. מילא, וואס שייך צדק און יושר, אז מ'זאל זען זיך אננעמען די קריוודע פון די ארעמעלייט און נאך אזעלכע זאכן, איז נאך געווען צו דערליידן. ווארים ווער וויל דאס ניט, אז אויף דער וועלט זאל הערשן גערעכטיקייט? אבער ווי נאר דאס "קאפעליושל" האט אנגעהויבן שיטן פעך און שוועבל אויף "מלכות", דא האט עס שוין געװעדט, איך בעט אייך איבער דעם כבוד, ווי א יונגער שנעק, א צוציק . . . מ'האט שוין קוים דערלעבט, אז ער זאל שוין פארענדיקן זיין רעוואלוציאנערע דרשה. מ'האט געדאנקט גאט, וואס קיין "קנעפל" האט זיך ניט אנגעיאגט און אלץ איז אריבער בשלום . . .

נו, וואס זאגט איר עפעס אויף אזעלכע חברהלייט ? . .

* * * * *

דער גלאוונער פירער איבער די שטעטלשע "צעצעליסטן" איז געווען פנחס, לייבעלע קאלבס זון.

וועט איר דאך אוודאי פרעגן: סטייטש, ווי קומט עס, אז אזא רע־וואלוציאנער־פירער, וואס האט זיך פארמאסטן אראפצוווארפן דעם קייסער פון טראן, זאל מען רופן מיט אזא ניט שיינעם נאמען ווי "לייבעלע קאלבס זון"?

איז דער תירוץ אזא: אט דעם צונאמען האט מען אים געגעבן צוליב זיין טאטן, לייבעלע קאלב, וואס איז געווען, זאל ער מיר מוחל זיין, א גרויסער טיפש, א שוטה גמור, אן אמתער קאלב, אזוי אז ווען איר זאלט אפילו געווען אויסגעפארן א גאנצע מדינה, וואלט איר ניט געקאנט געפינען נאך אזא וואס זאל זיין פאכאזשע אויף לייבעלע קאלב.

ומהאי טעמא, וועלן מיר איבערלאזן אויף א ווײלע דעם זון מיט דער רעוואלוציע, און פארשטעלן פאר אייך פריער זיין טאטן, לייבעלע קאלב.

געווען איז עס א קליין, פיטשינק יידעלע, מיט א קליין קעפעלע, מיט א שיטערן, שווארצן ציגן־בערדל, מיט קלייניניקע פארזשמורעטע אייגעלעך, מיט אן ארויסגעשטארצטן שפיציקן בייכל, קורצינקע פיסעלעך, וואס איינס איז געווען קירצער פארן אנדערן, אזוי אז ווען ער איז געגאנגען, האט ער שטארק אונטערגעהאפּסלט.

א חוץ די אלע אויסגערעכנטע "שיינע מעלות" זיינע, מ'שטיינס געזאגט, איז ער נאך געווען, ניט פאר קיין יידן געדאכט, א מוראדיקער נאשער, א פרעסער, אן אמתער זולל וסובאניק, אז גאט זאל שומר ומציל זיין! טאג און נאכט האט ער געגעסן, געמעלה־גירהט, טאקע נאר ווי אן אמתער קאלב. אט די דאזיקע חולשא זיינע צום נאשן, איז ניט געווען חלילה מחמת ארעמקייט. פארקערט, זיין שטוב איז גראד פאררעכנט געווען פאר דער רייכסטער און פאר דער באלעבאטישסטער אין שטעטל.

פארשטייט זיך, אז דאס וואס זיין שטוב איז געווען אפגעפראפט מיט אל־דאס גוטס, איז דאס ניט געווען אין זיין זכות. ווארים לייבעלע קאלב, דער ראש־המשפחה, איז אויך געווען א גרויסער לא יוצלח, א טויגעניכטס, א שלימזל, ניט געקענט אפילו א קאץ א ווידל פארבינדן. נאר דאס האט ער געהאט צו פארדאנקען זיין צווייטע ווייב, חוה שתחי', וואס האט אים געבארן זין און טעכטער, און האט געשמט פאר א גרויסער אשת חיל. זי איז געווען די גאנצע פרנסה געבערין: האט געהאלטן ביי זיך אין שטוב א באקאליי־קרעמל, צוגעהאנדלט אויפן מארק, זומער פלעגט זי אפדינגען ביי די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס גערטנער און סעדער, וואס פון דעם אליין האט מען געקאנט עסן ברויט מיטן לעפל . . .

טא פרעגט זיך: אויב אזוי, צו וואס האט לייבעלע קאלב גענדארפט ביי זיך אין שטוב זיין אזא מוראדיקער נאשער, כאפן מיט די הוילע הענט די געפילטע פיש פון דער הייסער פאן, די גענדזענע גריוון פון צעלאזענעם טעפל שמאלץ, אזוי אז מ'זאל דארפן צוליב אים האלטן פארשלאסן אלע שפייזאר־ניעס אין שטוב? איז בלייבט א קשיא. ווארים ווער איז דאס אימשטאנד צו קאנען זיך דערגרונטעווען וואס עס טוט זיך אין א מענטשלעכער נשמה?

און כאטש ער איז געווען, ווי שוין געזאגט, א גרויסער שוטה, א טיפש גדול, דאך אבער ווען ס'איז געקומען צו כאפן א נאש ביי זיין אייגענעם ווייב, צי ביי א שכנה איבער דער גאס, האט ער שטענדיק ארויסגעוויזן ממש גע־ניאלע פעיקייטן, זעלטענע איינפאלן, אזוי אז מ'האט גענדארפט האבן צו אים טויזנט אויגן זיך אויסצוהיטן פון אים. איידער מען האט זיך ארומגע־קוקט, האט ער, ווי א שלויער קאטער, שוין באוויזן עפּעס וואס צו צולקחענען פון אונטער די הענט און גלייך עס אריינגעכאפט צו זיך אין מויל אריין.

און טאקע ניט איינמאל פלעגט מען זען ווי זיין ווייב, חוה, יאגט זיך נאך אים מיט א גרויסן הילצערנעם קאכלעפל, שרייט און שילט, באשר בכן ער האט איר איבערגעקערט א לאדישקע מיט פרישינקער סמעטענע, צעבראכן

א סלאי מיט איינגעמאכטס און נאך אזעלכע שאדנס, און אלץ צוליב זיין טריפענעם האלדז, צוליב זיין תאווה צום נאשן . . .

אין אזעלכע טעג ווי פרייטיק ערב שבת אדער ערב יום־טוב, ווען אין אלע יידישע הייזער באקט מען כלערליי געבעקסן און כלערליי געשמאקע פאטראוועס, וואס צעגייען זיך אין מויל, פלעגט זיך פאר לייבעלע קאלב אויפעפענען א שפע פון קאנען כאפן א נאש. דעמאלט פלעגן זיך ניט איינמאל אפשפילן אין גאס אזעלכע סצענעס:

לייבעלע קאלב לויפט ארויס פון א שכנישער שטוב מיט א פולן, אנגעשטאפטן מויל , מיט אן אויסגעשמירטן בערדל. הינטער אים יאגט זיך א יידענע מיט א בעזים און שרייט, מאכט גוואלדן, אז אט דער דאזיקער זולל וסובאניק האט איר אומגליקלעך געמאכט! ער האט איר אויסגעשאטן דעם מאן; אויסגעגאסן דעם צעלאזענעם האניק; אויפגעגעסן די ראזשינקעס און נאך אזעלכע שאדנס. זי שווערט, ווי זי איז א יידישע טאכטער, אז זי מוז אים ניט אנדערש איבערהאקן א פוס, זי וועט אים אויסרייסן דאס בערדל, אז ער זאל שוין פארזאגן א צענטן מער ניט צו נאשן ביי איר ! . .

די גאנצע גאס פלעגט זיך דעמאלט צונויפלויפן, ווי אויף א בייזווונדער. שטעטעלע זאסטאוויע, וואס האט געהאט מער דאגות ווי האר אויפן קאפ, האט א דאנק לייבעלע קאלבס נאשערייען און ווילדע שטיק, זיך געהאט פארגונען צו געבן א שמייכל, און ניט איינמאל אפילו זיך געהאט פארגאנגען פון געלעכטער.

פרומע ווייבער פלעגן שאקלען מיט די קעפ און זאגן: ניט אנדערש ווי עפעס א "מיט־עסער" זיצט אין אים, א קללה פון זיין ליבן נאמען, און שטארק באדויערן דער קלוגער חוהן, דער גרויסער אשת־חיל, וואס דארף געבעד אפפינצטערן א גאנץ לעבן מיט אזא שלימזל, מיט אזא מיאוסן בעל תאווהניק, אז גאט זאל ניט שטראפן פאר די רייד . . .

שבת און יום־טוב אין בית־מדרש, פלעגט לייבעלע קאלב זיצן, ווי אויף הייסע קוילן. ער האט שוין געוואלט נעמען עפעס אין מויל אריין, אונטערלעגנען דאס הארץ. און דא שטייט דער בעל־תפילה, ניט געדאכט זאל ער ווערן, און ציקלט זיך, ציט ממש די עצמות ארויס, אזוי אז עס נעמט גאר קיין סוף ניט! נעמט ער און דרייט זיך אוים מיטן פנים צו דער מזרח־וואנט, ציט אריבער דעם טלית איבערן קאפ, מכלומרשט ווי ער וואלט זיך געשטעלט זאגן די "שמונה־עשרה", און הייבט אן אויף גיך שלעפן פון די קעשענעס צו זיך אין מויל אריין שטיקלעך אייער־קיכל, צוקערלעך און נאך אזעלכע "שיריים" צו וואס מ'דארף זיך ניט וואשן . . .

יעדער יום־כיפור פלעגן די שטעטלשע קונדסים אים שוין ניט אפלאזן פון אויג, אים געהיט ווי א גנב אויפן יאריד. זיי פלעגן אים נאכגיין טריט אין טריט, אפילו ביז צום "בית הכסא". ס'איז זיי ממש געגאנגען אין לעבן אויסצוגעפינען צי אט דער דאזיקער גרויסער נאשער וועט קאנען אויסהאלטן

דעם נסיון און פאסטן מיט אלע יידן צו גלייך . . . אבער ס'איז זיי ניט געלונגען. דעם סוד האט ער שוין מיטגענומען אין קבר אריין . . .

אט אזא אויסטערלישער פארשוין איז געווען לייבעלע קאלב.

און וואנדער איבער וואנדער! אט דאס קליינינקע, שלימזלדיק יידעלע, האט גראד געהאט מזל צו זיינע ווייבער און אויך צו זיינע קינדער, זין און טעכטער, וואס זיינען אלע געווען אזעלכע לייטישע און געראטענע, גאר ניט פאכאזשע אויף זייער טאטן לייבעלע קאלב.

נאר איין זאך האבן זיי יא פון אים געירשנט, און דאס איז זיין צונאמען — קאלב . . .

למשל: זיין ווייב, חוה, וואס איז געווען א קלוגע, סוחרישע יידענע, האט מען אנדרעש ניט גערופן ווי "חוה לייבעלע קאלבס ווייב". אזוי אויך זיינע קינדער און קינדס־קינדער: "פנחס לייבעלע קאלבס זון", "עלקע לייבעלע קאלבס טאכטער", "וועלוועלע לייבעלע קאלבס אייניקל", אזוי ביז צום לעצטן מיטגליד פון זיין משפחה.

אויף דעם איז שטעטעלע זאסטאוויע געווען א מזיק: האט זי עמיצן געגעבן א צונאמען, איז עס שוין געווען אויף לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק, פון ווינגל ביזן גריבל . . .

און איצט, ווען מיר האבן אייך שוין אביסל באקענט מיטן טאטן לייבעלע קאלב, וועלן מיר איבערגיין צו זיין זון פנחסן, און אייך דערציילן פון אלע זיינע גרויסע מעשים, וואס ער האט אויפגעטאן פאר דער רוסישער רעוואלוציע אין שטעטל.

* * * * *

שטעטעלע זאסטאוויע האט געהאט נביאות געזאגט, אז פנחס לייבעלע קאלבס זון וועט אם ירצה השם אויסוואקסן א רב, א גרויסער למדן. אזא שארפן קאפ האט ער געהאט אויף זיך.

מיטאמאל אבער האט ער, ניט פאר קיין יידיש קינד געדאכט, גע־ווארפן אן אומהן אויף דער גמרא, גענומען לייענען "טריף־פסולן" און שיר ניט ארוים לתרבות רעה.

האט זיין שטיף־מוטער, חוה לייבעלע קאלבס ווייב, גענומען זוכן פאר אים א תכלית און אים אוועקגעגעבן אויף דער "לערע" צו א מעבל־סטאליער, וואס אפילו אין יענע צייטן, איז עס פאררעכנט געווען ביי יידן פאר א גאנץ איידעלער מלאכה, מיט וועלכער מ'האט זיך ניט געדארפט שעמען . . .

אין אנשטאט צו ווערן א רב, צי א מורה הוראה בישראל, איז פנחס לייבעלע קאלבס זון געווארן אן ארבעטער, אן אמתער פראלעטאריער. און היות ס'האט זיך באלד אנגעיאגט די רוסישע רעוואלוציע, און א קאפ האט ער געהאט א קלוגן, א שארפן, איז ער געווארן דער ראש וראשון, דער גאנצער פירער ביי די זאסטאוויער און קאמעניצער רעוואלוציאנערן. און אזוי ווי דער צאר ניקאלייי השני, וואס איז געזעסן אין זיין עיר הבירה פעטערסבורג, האט

זיך ניט געלאָזן אזוי גיך אראָפּוואַרפן פון טראָן. האָט פּנחס, דער רעוואָלו־ציאָנערער פירער, דערווייל גענומען איינפירן די רעוואָלוציע אין שטעט־לע זאַסטאַוויע.

און כּמעט שטעטעלע זאַסטאַוויע איז געווען קליין ווי א "טל ומטר" אין א קליין סידורל, דאָך האָט עס פאַרמאָגט א היבשע צאָל בורזשויען, קאַפּי־טאַליסטן, ווי צום ביישפּיל: לייבל שמיד, מאיר שמיה, ישראל־יודל טעסלער, גבריאל שוסטער און נאָך אַזעלכע "מייסטערס", וואָס האָבן געהאַלטן אין איין עקספּלואַטירן זייערע "טשעלאַדניקעס", זייערע אַרבעטער און לערן־יינגלעך . . .

איז קודם־כל האָט פּנחס לייבעלע קאַלבס זון, דער פירער, גענומען איינפירן דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, ווי ביי לייטן. צווייטנס, אויס־קעמפן העכערע שכירות. און דריטנס, זען ס'זאָל בכלל הערשן צדק און יושר אין שטעטל, ווי עס פּאַסט פאַר דער רעוואָלוציע . . .

און געפירט האָט פּנחס לייבעלע קאַלבס זון די רעוואָלוציע אין שטעטל ביד חזקה, מיט א שטאַרקער, אייזערנער האַנט. זיין וואָרט איז פאַר אַלעמען געווען א געזעץ. ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, אַרומגערינגלט מיט זיין רעוואָלוציאָנערער "באַיוווקע", מיט די שטעקעלעך אין די הענט, מיט די היטעלעך אויף א זייט, מיט די פּאַפּיראָסלעך אין מויל און מיט די רויטע העמדלעך איבער די הויזן, איז אַלעמען באַפאַלן א שרעק, ווי מ'וואָלט דערזען דעם קייסער אַליין . . .

האָט אויסגעבראָכן א מחלוקת, א סכסוך צווישן איין שכן און אַנ־דערן, ווי ס'טרעפט אין א יידישן שטעטל, איז מען שוין מער ניט געגאַנגען זיך "לאָדן" צום רב אין שטאָט, נאָר צום נייעם "שופט", ר' פּנחס בר' לייבעלע קאַלבס זון, אַז ער זאָל משפּטן. און וואָס ער האָט געפּסקנט, האָט מען געמוזט פאָלגן.

ער האָט אַלע אָרעמע און געקריוודעטע גענומען אונטער זיין שוץ. למשל, די אָרעמע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין דער שטאָטישער "תלמוד תורה", ווו מ'האָט זיי דאָרט נעבעך געשלאָגן און געקאַטעוועט, אַזוי אַז ס'איז ממש געווען א צער בעלי חיים. און דער גרעסטער "קאַט" צווישן אַלע תלמוד תורה מלמדים, איז געווען שמעון גאַרגל, דער גמרא־מלמד, וואָס האָט געהאַט א מיאוסע טבע, אַריינצוקלאַפּן אין די קעפּ פון זיינע תלמי־דים די גמרא "שור שנגח את הפרה" — אַן אָקס האָט געשטויסן א קו, מיט דער הילף פון זיין גרויסן קאַנטשיק . . .

האָט פּנחס, דער רעוואָלוציאָנערער פירער, באַלד אַוועקגעשיקט א פּאָר פון זיינע געזונטע חברהלייט, מיט א שטרענגען פּריקאַז צום מלמד, שמעון גאַרגל, אַז מהיום והלאה, פון היינט אָן און ווייטער "לא ירום איש את ידו", זאָל ער מער ניט וואַגן אויפצוהויבן זיין קאַנטשיק אויף קיין שום תלמידים געזעסל. און אויב ער וועט ניט פאָלגן, וועט זיין "אחת דתו להמית",

וועט אים די רעוואָלוציע מקיים פסק זיין און טאַקע מיט זיין אייגענעם קאַנטשיק . . .

ווי נאָר ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דאָזיקע גזירה פונם נייעם מושל, איז באַלד געוואָרן א גרויסע סומאַטאָכע צווישן אַלע שטעטלשע מלמדים. זיי זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז. וואָרים זינט די וועלט שטייט, איז נאָך אַזוינס ניט געהערט געוואָרן, אַז מ'זאָל גאָר וואגן צו זאָגן א דעה א מלמד ווי אַזוי צו שמייסן זיינע תלמידים! . .

פון דער צווייטער זייט אָבער, האָט פנחס, דער רעוואָלוציאָנערער פירער, זיך אויך געהאַט איינגעשטעלט פאַר די מלמדים, אַז די באַלעבאַטים זייערע זאָלן זיי ניט קריוודען. אָט צום ביישפּיל: יעקב פרוזשאַנסקי, א קאַרגער ייד, האָט ניט געוואָלט באַצאָלן ר' ישראל לוסקעלער, דעם גמרא מלמד, דעם שכר־לימוד פאַר זיינע קינדער, באשר בכן, ער האָט געטענהט, אַז דעם מלמדס ביסל תורה איז סיי ווי געבליבן ביי אים און ניט ביי זיינע קינדער, טאָ פאַרוואָס זאָל ער באַצאָלן אומזיסט געלט? . .

אָבער ווי גיך פנחס דער רעוואָלוציאָנערער פירער האָט זיך פון דעם דערוווּסט, האָט ער באַלד אָוועקגעשיקט זיין "שלאַג־בריגאַדע" צום קאַרגן גביר, פּונקט פרייטיק, צו ליכט־בענטשן, האָבן אַראָפּגעכאַפּט פון טיש די מעשענע לייכטער, מיטן טלית און תפילין־זאַק פאַר א משכון.

דער קאַרגער פרוזשאַנסקי האָט נעבעך געמוזט משלם זיין דעם מלמד ביז צו דער לעצטער פּרוטה. וואָרים בימים ההם, אין יענער צייט, איז א מלמד נאָך פאַררעכנט געוואָרן ביי יידישע רעוואָלוציאָנערן, פאַר א כשרן פּראָלעטאַריער, וואָס האָט פאַרדינט, אַז די רעוואָלוציע זאָל זיך אָננעמען זיין קריוודע . . .

ס'האָט אויך געהאַט געטראָפן, אַז א באַלעבאַטיש זינדל, צי אפילו א שוסטער־יונג אָדער א שניידער־געזעל, האָט פאַרפירט א ליבע מיט אן אָרעם מיידל און איר פאַרשפּראָכן "עוויגע ליבע", און צום סוף האָט דער דאָזיקער שיינער יונגערמאַנטשיק חוזר געווען, פּונקט אין דער צייט ווען דאָס אָרעמע מיידל נעבעך האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט ביים אָנטבונדן ווערן . . . איז ווי נאָר די אומגליקלעכע מאַמע פונם פאַרפירטן מיידל איז געקומען צו לויפן מיט א געוויין צו פנחסן, דעם רעוואָלוציאָנערן פירער, האָט ער באַלד אָוועקגעשיקט א באַפעל צום אָפּגעקילטן ליובאַווניק, אַז אויב ער וועט צעגערן און באַלד ניט גיין שטעלן א חופּה מיטן מיידל, וועט אים די רעוואָלוציע פירן מיט גרויס פאַראַד צו דער חופּה . . . און טאַקע א דאַנק אים, איז דער זיווג עולה יפה געווען . . .

אָט אַזוי האָט געאַרבעט די נייע רעוואָלוציאָנערע "וולאַסט" אין שטעטעלע זאַסטאַוויע און אויך אין דער שכנישער שטאָט קאַמעניץ.

אין זיין צייט, ד"ה, אונטער דער ממשלה פונם רעוואָלוציאָנערן פירער, פנחס לייבעלע קאַלבס זון, האָבן טאַטעס מורא געהאַט פאַר זייערע

קינדער; מלמדים פאר זייערע תלמידים; מייסטערס פאר זייערע פועלים־ארבעטער; רייכע באלעבאטים האבן זיך געהנדלט צו די קבצנים. אפילו אין בית־מדרש, האט דער גבאי אויסגעטיילט די "פעטע עליות" צו די באל־מעלאכעס פון הינטערן אויוון, אנשטאט צו די שיינע יידן, די באלעבאטים פון מזרח־וואנט, ווי דער סדר איז געווען . . .

אט די דאזיקע רעוואלוציע אין שטעטל איז דורכגעפירט געווארן שא־שטיל, אן קיינע קאנטר־רעוואלוציעס און אן קיין שום בלוט־פארגיסונגען. קיינער האט, חלילה, זיך נים געהאט אויף וואס צו באקלאגן. מ'איז זיך באגאנגען מיט איטלעכן על פי יושר און על פי צדק. הלוואי אויף היינטיקע רעוואלוציעס אזוי געזאגט געווארן . . .

ס'וואלט אבער געווען באמת אן עוולה פאר דער היסטאריע, ווען מיר שרייבן צו דעם גאנצן דערפאלג פון דער רעוואלוציע אין שטעטל בלויז צום פירער, פנחס לייבעלע קאלבס זון, און מיר וואלטן אויסגעלאזן דעם נאמען באזשע, וואס איז געווען זיין "רעכטע האנט" און האט ווירקלעך פארדינט, אז מיר זאלן אים און זיינע רעוואלוציאנערע מעשים, אויך פאר־אייביקן לדורות. דאס וועלן מיר, אש ירצה השם, טאקע טאן אין צווייטן קאפיטל.

# באָזשע

געדאַרפט האָט ער גאָר הייסן ברוך אָדער ברד, ווי מ׳האָט אים אַ נאָמען געגעבן צום ברית. איז ער דאָך אָבער בײַ זײַן מאַמען, גיטל נחמיה אײַזיקס, געווען דאָס מוזיניקל, האָט זי זײַן נאָמען — ברוך־ברד פֿאַרצוייגן אויף באָרע. און היות זי האָט ניט געהאַט קיין איין צאָן אין מויל און גערעדט בלויז מיט די לײַדיקע יאַסלעס, איז בײַ איר פֿון באָרע געוואָרן אַ מין באָרזשע און באָרזשע — באָזשע. מיט דעם נאָמען איז ער שוין פֿאַרבליבן אויף זײַן גאַנצן לעבן.

אָבער זײַן טאַטע, ר׳ נחמיה אײַזיקס, וואָס איז געווען אַ רײַכער, יוסטער באַלעבאָס, געפֿירט גרויסע מסחרים מיט פּריצים, געהאַלטן אַ קראָם מיט אַ שענק פֿאַר די אַרומיקע גויים, האָט אים גערופֿן ניט אַנדערש ווי "מײַן אומגליק". און דאָס "אומגליק", באָזשע, איז טאַקע געווען גאָר ניט קיין קלײנער. וואָרים ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַזאַ בחורעץ, וואָס איז שוין אַרײַן אינם דריטן צענדליק און איז געזונט ווי אַן אָקס, זאָל ניט קאָנען פֿאַרבינדן אַ קאַץ אַ וויידל, און שכל פֿאַרמאָגט עס בסך הכל פֿון אַ פֿינף יאָריק קינד?

איז ווי קומט עס טאַקע צו אַזאַ ייִדן, ווי ר׳ נחמיה אײַזיקס, וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט פֿאַר אַ חכם עתיק, ניט איינמאָל געזעסן בײַם רב אין בוררות, זאָל האָבן אַ זון, אַ בן־זקונים, וואָס איז אַ גרויסער לא יוצלח, און וועלכן מען קאָן אַפֿילו ניט אויסלערנען זאָגן אַ שייטל עברי?

איז דער תירוץ אַזאַ: אַוואַדע וואָס שייך ר׳ נחמיה אײַזיקס, וואָלט דאָס זונדל באָזשע זיך געקאָנט טאַקע זײַן אַ לייטיש קינד, ווי ס׳זײַנען גע־ווען זײַנע עלטערע זין, וואָס האָבן אים געהאָלפֿן אָנפֿירן זײַנע גרויסע מסחרים.
נאָר דאָס וואָס באָזשע איז געווען באָזשע, איז שולדיק געווען זײַן אייגענע מאַמע, גיטל נחמיה אײַזיקס, וואָס איז געווען אַ פֿאַרטאַראַראַמטע ייִדענע, תּמיד פֿאַרהאַוועט און פֿאַרשמאַיעט אין קיך בײַ די גרויסע טעפּ, בײַ די גרויסע דײַזשעס ברויט און אויך בײַ די גויים אין קראָם און אין שענק, האָט זי קיין צײַט ניט געהאַט אַכטונג צו געבן אויף איר מוזיניקל, באָזשען, איז ער איינמאָל, ניט פֿאַר קיין ייִדישן קינד געדאַכט, אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַ הויכן טיש. איז פֿון דעמאָלט אָן בײַ אים דער שכל נעבעך געוואָרן אַביסל צוגע־פּלאַטשקעט . . . אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטעטל.

איז דאָך אָבער ר׳ נחמיה אייזיקס געווען אַ ייד אַ גרויסער עקשן. האָט ער דווקא געוואָלט מאַכן פון באַזשען אַ שטיקל לייט, לכל הפּחות אים אויסלערנען צו זאָגן קדיש . . . האָט ער זיך מרבה בהוצאה געווען, אָנגע־שטעלט פאַר אים די בעסטע מלמדים אין שטעטל. ס׳איז אים אָבער ניט גע־לונגען. ווארים אַלע מלמדים האָבן געטענהט, און דערביי געטייטלט מיט אַ פינגער אויף זייער האַנט־דלאָניע, אַז פּונקט ווי דאָ קאָן ניט וואַקסן קיין האָר, אַזוי וועט שוין קיינער ניט קאָנען אויסלערנען באַזשען זאָגן אַ שייטל עברי . . .

אָבער ר׳ נחמיה אייזיקס, דער גרויסער עקשן, האָט בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיין באַזשעלע זאָל ניט קאָנען דאַוונען. האָט ער זיך געווענדעט צו זיין גוטן־פריינט, ר׳ ישראל לוסקעלער דעם גמרא מלמד, אַז ער זאָל נאָך פּרובירן, אפשר וועט אים פּאַרט געלינגען אויסצו־לערנען זיין „אומגליק" כאָטש זאָגן קדיש פון סידור.

לכתחילה האָט ר׳ ישראל לוסקעלער געוואָלט אויסבאַטלען אַלע בייזע חלומות צו ר׳ נחמיה אייזיקס קאָפּ. וואָס הייסט? ער, וואָס איז פאַררעכנט פאַרן בעסטן גמרא מלמד אין „שטאָט", לערנט מיט גרויסע חתנים־בחורים גמרא, מיט תוספות און מהרש״א, זאָל פּלוצלונג גאָר ווערן אַ דרדקי־מלמד און נעמען קנעלן מיט אַזאַ בור, מיט אַזאַ גרויסן גוייעץ אלף־בית? ניט דערלעבן זאָלן עס זיינע שונאים!

איז דאָך אָבער נחמיה אייזיקס זיין ידיד, זיין בעסטער גוטער־פריינט, יעדער שבת צו נאַכטס קומט ער צו אים טרינקען טיי בחברותא און ניט איינמאָל באָפּט ער ביי אים אַ גמילות חסד אויף שבת, האָט ער אים ניט געקאָנט מעיז פּנים זיין, און בלית ברירה צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר בתנאי, אַז קיין ילוד אשה זאָל, חלילה, פון דעם ניט וויסן . . .

אָבער די שטעטלשע קונדסים האָבן זיך באַלד דערוווּסט, אַז ברוך־ברד־באַזשע האָט שוין מיט מזל געקראָגן אַ נייעם רבין. איז ווי נאָר ר׳ ישראל לוסקעלער האָט שפּעט אין אוונט פאַנאַנדערגעלאָזן זיין חדר, פּלעגן די קונדסים זיך באַהאַלטן הינטער די פענצטער פון זיין נייעם מלמד, כדי צו זען און הערן ווי דער תלמיד באַזשע, מיט די ברייט־צעוואַקסענע פּלייצעס, לערנט „קמץ־אלף — אָ", און ווי זיין שטרענגער, בייזער רבי, ר׳ ישראל לוס־קעלער, שרייט אויף אים און איז אים אַלע ווייל „מכבד" מיט פייערדיקע פעטש. און נאָכן אָפּלערנען, פּלעגן זיי אים פירן פון חדר מיט גרוים פאַראָד אַהיים.

דער נייער מלמד האָט געהאַט מיט אים דעם זעלבן מזל ווי זיינע פריערדיקע דרדקי־מלמדים. ער האָט זיך מיט אים געהאַט אָפּגעמוטשעט אַ שטיקל צייט, ביז סהאָט שוין ביי אים געפּלאַצט דאָס געדולד. האָט ער, אין אַ מאָמענט פון גרוים כעס, אַרויסגעריסן דעם סידור פון אונטער זיין נאָז און געשיקט דעם שלימזלדיקן תלמיד ברוך־ברד־באַזשע צו אל־די שווארצע יאָר...

ס'איז אָבער ממש געווען צו באַוווּנדערן ווי אַזוי דער דאַזיקער באַזשע מיטן צוגעפּלאַטשעטן שכל, וואָס האָט נעבעך ניט געהאַט קיין מזל צו זײַנע דרדקי־מלמדים, האָט געקענט האָבן אַזאַ גרויסן דערפאָלג ביי די שיינע, אינטעליגענטע טעכטער פון שטעטל זאַסטאַוויע? זיי האָבן זיך געקלעפּט צו אים ממש ווי בינען צו האָניק. ווי ס'ווייזט אויס, האָט דער שטילער, שוויַיגנדיי־קער באַזשע, מיט די גוטע, בלויע, קינדישע אויגן, פאַרמאָגט עפּעס אין זיך אַזוינס, וואָס האָט אים אַזוי ליב געמאַכט ביי דעם "שענערן מין"... ער איז פאַר זיי געווען אַלץ אין דער וועלט: אַ פּאַרטרויונגס מענטש, אַ משרת, אַ שליח, און וואָס ניט? האָט אַ פאַרליבטע "באַרישניא" געדאַרפט שיקן אַ געהיימען ליבעס־בריוול צו איר "אוכאַזשאַר", דעם געליבטן, איז באַזשע געווען דער "פּאָטשטאַליאָן". האָט מען געדאַרפט נאָכשפּיאָנירן אַ פאַרליבטן פּאָרל, איז ווידער געווען באַזשע. אָן אים האָבן זיי זיך גאָר קיין ריר ניט געקאָנט טאָן.

דערפאַר האָבן אים די שיינע, אינטעליגענטע "באַרישניעס" אָפּגע־צאָלט מיט זייער שיינע לאַסקאַטעלנע קאָמפּלימענטן, ווי "מאַי גאָלובטשיק", "מיין טייבעלע", "מאַי קראַסאַוועץ", "מיין שיינער אָדלער" און נאָך אַזעלכע צאַרטע, ליבלעכע אויסדרוקן. דער לעקישעוואַטער באַזשע, וואָס האָט זיך געפילט ביי זיין טאַטן אין שטוב און צווישן זיינע ברידער, די קלוגע סוחרים, ווי אַ פּרעמדער, האָט פון די וואַרעמע מיידלשע קאָמפּלימענטן שטאַרק אָנ־געקוואָלן, און איז גרייט געווען צו גיין פאַר זיי אין פייער און אין וואַסער.

פּונקט ווי עס קאָן ניט זיין קיין לוויה אָן אַ מת, אַזוי אויך איז ניט געווען קיין איין הוליאַנקע, קיין קערמעשל ביים "אינטעליגענטן קרוזשאָק", אַז באַזשע זאָל ניט זיין דער הויפּט־מחותן. ערשטנס, איז ער געווען זייער שטענדיקער "שר המשקים", דער צושטעלער פונעם קוואָרטל בראָנפן, וואָס ער פלעגט שטילינקערהייט אָפּלקחענען ביי זיין טאַטן אין שענק. צווייטנס, ביי די דאָזיקע שבת צו נאַכטיקע הוליאַנקעס, איז באַזשע געווען די הויפּט־אַטראַקציע. אָ, וואָס האָט זיך דעמאָלט ניט אָפּגעטאָן מיטן אומגליקלעכן באַזשען! דאָ האָט מען אים געהאַט פאַרשטעלט פאַר אַ רב, דאָ פאַר אַ רביצין און דאָ פאַר אַ פּורים־שפּילער. באַזשע האָט זיי געלאָזט טאָן מיט זיך וואָס נאָר זייער האַרץ האָט געגלוסט.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען עמיצער אַנדערש וואָלט זיך אַזוי דערלויבט אָפּצוחוזקן פון אים, וואָלט באַזשע, וואָס איז געווען שטאַרק און געזונט ווי אַ ביק, וואָלט געלערנט מיט אים "בלק", אַזוי אַז יענער וואָלט שוין פאַר־זאָגט אַ צענטן מיט אים זיך ניט צו פאַרטשעפּען. ווי ער האָט עס שוין ניט איינמאָל געטאָן. אָבער ווען די אַריסטאָקראַטישע זין און טעכטער האָבן זיך געטאָן לוסטיק מאַכן איבער אים, האָט ער געשוויגן און נאָך צוגעשמייכלט מיט זיינע תמעוואַטע אויגן.

איינמאָל טאָקע ביי אַזאַ שבת צו נאַכטיקער "מלווה מלכה", ווען

חברה איז שוין געווען גאר בגילופנדיק, האט מען זיך א נעם געטאן צו באזשען און אים איינגערעדט, אז הדס פאסטערנאק, די שענסטע מיידל פון זייער קרוזשאק, איז שטערבלעך פארליבט אין אים, נאר אירע טאטע־מאמע "שטייט ניט אן" דער שידוך מיט אים. איצט אבער, ווען זיי זיינען אוועק אין בית־מדרש צו די "ערשטע" סליחות, איז די פאסיקסטע צייט ארייַנצוכאפן, איינס און צוויי, און אפשטעלן א חופה און ס'וועט זיין פארפאלן.

פארשטייט זיך, אז באזשען האט מען לאנג ניט געדארפט בעטן. חברה האט זיך באלד א נעם געטאן צו אים און אים אויסגעסטראיעט פון קאפ ביז די פיס, מיט א שיינעם, הארטן קאפעליוש, מיט א נייעם סורדוט, פון אויבן א קיטל, ווי ס'פאסט פאר א באלעבאטישן חתן־בחור. מ'האט אים אויך געלערנט ווי אזוי ער זאל זיך אויפפירן, ווי צו זיצן און ווי צו שטיין, אזוי אז ער זאל חלילה ניט "פאדגאדיען", ניט פארלירן דעם חן אין דער כלהס אויגן.

אין דער זעלבער צייט, אין א צווייטן צימער, האבן די פרויען זיך געפארעט ארום דער כלה, אנגעטאן זי אין א שיינעם, רייכן חופה־קלייד, מיט א שניי־ווייסן וואל איבער איר פנים, ווי א יידישע כלה דארף אויסקוקן צו דער חופה.

ווען אלץ איז שוין געווען פיקס און פארטיק, האט חברה געכאפט ווער א טאץ, ווער א בלעך און ווער א שטייסל, געפויקט און געקלאפט אין זיי מיט וואלגערהעלצער, מיט קאטשעלקעס, ווי אן אמתע קאפעליע קלעזמער. אונטער די קלאנגען פון דער דאזיקער קאקאפאניע האבן די מאנצבילן, די אונטערפירער, געפירט דעם חתן צו דער חופה.

באלד האבן זיך באוויזן, פון צווייטן צימער, די כלה מיט אירע אונ־טערפירערינס. זיי זיינען געגאנגען מיט געהויבענע קעפ, מיט געמאסטענע טריט, ווי עס פאסט פאר בכבודיקע, יחסנישע מחותנתטעס, און געפירט די כלה און זי אוועקגעשטעלט פון דער לינקער זייט חתן. די קאפעליע קלעזמער האט צוגעשפילט, צוגעפויקט און צוגעטראמבלט אויף זייערע כלים.

אלץ איז ברוך השם צוגעגאנגען כשורה, גיך און געשווינד, ווי ביי אלע יידישע חתונות. ביז ס'איז געקומען צום סאמע פייערלעכסטן מאמענט, ווען דער "רב" ר' אשר סאפירשטיין, דער העברעישער לערער, דער בעל מסדר קידושין, האט אנגענומען מיט זיין האנט דער כלהס פינגער, כדי דער חתן, ברוך־ברוך־באזשע בר' נחמיה אייזיקס, זאל אנטאן אויף איר דאס קידושין־רינגל און נעמען זאגן מיט איר דעם "הרי את", איז פלוצלונג געשען אזוינס, וואס זינט עס קומען פאר חתונות ביי יידן, האט אזא זאך נאך ניט געטראפן: ווי נאר דער חתן־דינו האט זיך געהאט צוגערירט צו דער כלהס פינגער, האט זי שנעל, האסטיק ארונטערגעריסן פון זיך דעם חופה־שלייער, און צו אלעמענס דערשטוינונג, האט מען דערזען ווי דא איז עפעס פארגע־

קומען א שרעקלעכער טעות: אַנשטאָט די כלה זאָל זיין א בתולה, ווי א יידישע כלה דאַרף זיין, איז גאָר געווען א . . . א בחור, א מאַנצביל.

נו, פרעגט שוין נאָרניט, וואָס ס׳האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין שטעטל מיט באַזשעס חתונה. מ׳האָט זיך געהאַלטן ממש ביי די בייכער פון געלעכטער. די אמתע שמחה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויף מאָרגן אינדערפרי, אין בית־מדרש. חברה לצים זיינען צוגעקומען איינער נאָכן אַנ־דערן צום חתנס טאַטן, ר׳ נחמיה אייזיקס, און אים אָפּגעגעבן מזל־טוב און אים געווונטשן צו דערלעבן פון באַזשען און פון זיין נייער שנור בנים ובני־בנים, קינדער און קינדס־קינדער . . .

* * * * *

דער דאָזיקער באַזשע, וואָס האָט נעבעך ניט געהאַט קיין מזל צו זיינע דרדקי־מלמדים און אויך ניט צו זיינע כלות, האָט דערפאַר געהאַט מזל צו דער רעוואָלוציע. פון דער ערשטער מינוט אָן, האָט ער זיך פאַרליבט אין דער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע אין אים, אַזוי אַז ס׳איז צווישן זיי געוואָרן ממש נפש אחת, איין גוף און איין נשמה.

דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען פּנחס ליבעלע קאַלבס זון. ער, ווי א קלוגער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער פירער, האָט באַלד דערשפּירט, אַז דער שטילער באַזשע, וואָס האָט געדולד ווי פון אַן אייזל און איז געזונט און שטאַרק ווי אַן אָקס, וועט זיין א גרויס געווינס פאַר דער רעוואָלוציאָנערער זאַך. האָט ער אים באַלד גענומען אונטער זיינע פליגל און אים געמאַכט פאַר זיין ״נושא־כלים״, אָדער פאַר זיין ״שני למלך״, ווי מ׳האָט אים אין שפּאַס גערופן אין שטעטל.

ווען דער רעוואָלוציאָנערער פירער האָט געדאַרפט דורכפירן א קאָנ־ספּיראַטיווע שטיקל אַרבעט, ״א רעוואָלוציאָנערע אַקציע״, ווי מ׳האָט עס דעמאָלט גערופן, ווי א שטייגער: איבערפירן פון איין אָרט אין צווייטן א פּעקל ליטעראַטור, פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס, אַז קיין בן־אדם זאָל פון דעם ניט וויסן, איז קיין בעסערער פאַרטרויונגס מענטש ווי באַזשע ניט געווען. וואָרים באַזשע וואָלט זיך גיכער געווען געלאָזן איבערשניידן די צונג איידער חלילה עמיצן צו פאַרשיטן.

ניט איינמאָל פלעגט מען טאַקע זען באַזשען שפּרייזן מיט זיינע גרויסע שטיוואָלעס איבער פינצטערע, בלאָטיקע גאַסן אין שליחות פון דער רעוואָלוציע. און וויפל מ׳האָט ניט געפּרוווט פון אים דערגיין דעם סוד וואוהין עס טראָגן דאָס אים איצט זיינע פיס, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט זאָגן. און ווען מ׳איז גאָר שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים:

— באַזשע, סערדצע, זאָג וואוהין גייסטו?

האָט ער געענטפערט קורץ: — אין אַן אָרט.

— פון וואַנעט קומסטו?

— פון אַן אָרט.

— וואס טראגסטו אין "פאזוכע" (בוזים)?

— ניט דיין באַבעס עסק, — פלעגט ער א בורטשע טאָן מיט כעס און באלד פארשווינדן אין דער פינצטערער נאכט.

יעדער אוונט, פונקט אכט אזייגער, פלעגט פנחס, דער ארבעטער־פירער, ארויסשיקן זיין רעוואלוציאנערע "באיוווקע", מיט באַזשען בראש, באוואפנט מיט אייזערנע שטעקנס, מיט שווערע דובינעס צו גיין "אראפנע־מען" די "טשעלאדניקעס", די ארבעטער, די שניידערקעס און די לערן־יינגלעך פון דער ארבעט. ווי גיך מ'איז אריין צו א מייסטער אין שטוב, פלעגט באַזשע דער ערשטער אויסשרייען:

— דאלאי צאר ניקאליי! אראפ פון דער ארבעט ! . .

א ציטער פלעגט באפאלן די מייסטערס. זיי פלעגן גלייך אוועקלייגן די געצייג און הייסן זייערע פועלים וואס גיכער צו פארלאזן די ווארשטאטן. אבער אַך און וויי איז געווען צו דעם "באלעבאס" וואס האט געוואגט ווידער־צושפעניקן באַזשען און דער רעוואלוציע. באַזשע פלעגט זיך באלד ארויפ־ווארפן אויף אים מיט זיין ווילדן כוח און אים אזוי צעממיתן, אז יענער האט שוין פארזאגט א צענטן זיך מער ניט אנצוהייבן מיט דער רעוואלוציע . . .

שטעטל האט געהויבן מיט די פלייצעס און זיך געוווּנדערט: ווי קומט צו באַזשען דעם גולם, וואס איז שטענדיק געווען שטיל ווי א לעמעלע און שטענדיק זיך געלאזט פאטשן פון זיין שטרענגען טאטן און פון זיינע צארנ־דיקע דרדקי־מלמדים, אזא משונהדיקע גבורה מיט אזא ווילדער רציחה?

נאר גיי פרעג קשיות אויף דער רעוואלוציע . . .

* * * * *

כידוע, קאן דאך ניט זיין קיין רעוואלוציע אן א קאנטער־רעוואלוציע... האט טאקע לאנג ניט געדויערט ווי ס'איז אויסגעבראכן אין שטעטל די אמתע קאנטער־רעוואלוציע. און דער גלאוונער קאנטער־רעוואלוציאנער איז געווען גבריאל דער שוסטער.

וועט איר דאך אוואדע פרעגן: ווי קומט א שוסטער צו א קאנטער־רעוואלוציע? איז דער תירוץ: גבריאל איז ניט געווען קיין פשוטער שוסטער, נאר אן אריסטאקראטישער שוסטער. ער האט חלילה ניט גענייט קיין "טשאבאטעס", קיין "שטיוואלעס", ווי אלע אנדערע שוסטערס אין שטעטל, נאר שיינע, אויסגעטאקטע, געמזענע פרויען שיכלעך, לאקירטע קאמאשלעך, גלאנציקע שטיוועלעטלעך פאר דער סאמע ווישע־אינטעליגענציע פון שטעטל.

צווייטנס, האט אויך זיין ווייב, אלטע די שניידערקע, אדער ווי מ'האט זי גערופן "די פאריזער מאדיסטקע", געהאט א גאנצע מאסטערס־קאיע, ווו ס'האבן געארבעט א האלב צענדליק מיידלעך, וואס האבן גענייט די שענסטע גארדעראבעס און חופה־קליידער פאר די רייכסטע יידישע און פריצישע כלה־מיידלעך.

געשאצט האט מען אים דערפאר אין שטעטל, אז ער פארמאגט א

"היבשע מאַטניא", וואָס ער האַלט אויף פּראַצענט. און וואָס מער ער איז "אַריין אין די פֿעדערן", אַלץ מער האָט ער זיך גענומען צושאַרן צום אויבנאָן, צו דער מזרח־וואַנט אין בית־מדרש, ווו ס'זיינען געזעסן די שענסטע באַלע־באַטים און אויך "זיידענע" יונגעלייט, וואָס פֿלעגן פֿון צייט צו צייט פֿאַר־לייענען פֿאַרן עולם פֿון אַ לשון־קודשדיקער צייטונג, אָדער פֿון אַ רוסישער "גאַזעט", יידישע און וועלטלעכע נייעס.

דער שטעטלשער "פּראָלעטאַריאַט" וואָס איז געזעסן ביים בית־מדרש אויוון, האָט געטראָגן אויף אים דערפֿאַר אַ בייז האַרץ, וואָס ער האַלט זיך מעשה אַריסטאָקראַט, רוקט זיך רק צו דער "שפּיגל־וואַנט", צו די זיידענע יאַרמעלקעס. דאָס פּאַסט גאָר ניט פֿאַר אַ זייעריקן, וואָס געהערט זיך אָן צום קלאַס "עמך שער און אייזן". . . ווי נאָר ער פֿלעגט אַריינקומען אין בית־מדרש פֿלעגן זיי אָנשטעלן אויף אים שפּיזלדיקע בליקן, ווי ער וואָלט געווען אַן אַפּטריניקער. דאָס האָט אים נאָך מער דערווייטערט פֿון זיינע "ברידער"־באַלמעלאָכעס.

אָבער פֿון דער צווייטער זייט, האָט ער פֿיינט געהאַט די למדנים, די ווילגעלערנטע, וואָס האַלטן זיך פֿאַר דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל און קוקן אויף די באַלמעלאָכעס פֿון אויבן אַראָפּ. איז ווי נאָר ער פֿלעגט זיך געפֿינען אין דער מסיבה פֿון די "שיינע־יידן", האָט ער שטענדיק ליב געהאַט צו באַ־ווייזן, אַז ניט קוקנדיק וואָס ער איז אַ שוסטער, פֿונדעסטוועגן איז ער אַזוי קלוג ווי זיי און ער קאָן אויך באַנעמען אַן ענין אין דער "פּאָליטיקע" ניט ערגער פֿון זיי. פֿלעגט ער זיך מיט זיי אָפּט אַרומקריגן, זיי איבערשפּאַרן, שטעלן זיי אויף טריט און שריט שווערע קלאָץ־קשיות, אַזוי אַז ניט איינמאָל פֿלעגט צוליב אים דאָס בית־מדרש גיין כּאַדאָראָם.

אָט, צום ביישפּיל, זיצט ר' ניאַכקע דער שוחט, בין מנחה למעריב, און לערנט פֿאַר אַן עדה יידן די סדרה פֿון דער וואָד, ווי גאָט ברוך הוא זאָגט צו משהן: "גיי צו פּרעה מלך מצרים און זאָג אים לאמור אַזוי צו זאָגן: הנני משליך בך ערוב", אָט שיק איך אָן אויף דיר און אויף דיין פֿאָלק — ערוב, אַ געמיש פֿון חיות. אָבער אין דעם לאַנד גושן, ווו עס זיצן די קינדער פֿון ישראל וועט קיין ערוב ניט זיין".

מיטאַמאָל שפּרינגט אויף גבריאל דער שוסטער און הויבט אָן טענהן:

— ווי קאָן עס געמאָלט זיין? דאָס ליגט זיך דאָך גאָרניט אויפֿן שכל, אַז חיות זאָלן וויסן ווו ס'איז דער גרעניץ צווישן מצרים און גושן?

דער רבי, ר' ניאַכקע, דער איש צדיק תמים, בלייבט נעבעך זיצן ווי אַ פֿריטשמעליעטער. אויף אַזאַ פֿלוצלונגדיקער קשיא האָט ער זיך גאָר ניט געריכט. ענדלעך קומט ער צו זיך און ענטפֿערט:

— אַ ייד דאַרף גלויבן וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה הקדושה . . .

אָבער גבריאל דער אַריסטאָקראַטישער שוסטער, לאָזט זיך ניט "פֿאַר־

רײדן די צײן". ער װיל, זאגט ער, ניט מער און ניט װײניקער, מ'זאל עס אים דערקלערן על פּי שכל. און אײדער װאס װען האט ער שױן א שפּאגל נײע קשיא:

— װי אזױ האט משה רבנו געקענט מיט זײן שטעקן שפּאלטן א ים?!

ר' גיאבקע װערט אזש בלײך װי די װאנט פאר שרעק. דער עולם טומט א ברום, א קריץ מיט די צײן, גרײט אים צו צערײסן; אזא חוצפּה פון א גראבן יונג, א שוסטערוק! ער רעדט דאך שױן באלד װי אײנער פון יענער חברה...

ר' ישראל לוסקעלער, א ייד א קפּדן, װי דער תנא שמאי, װאס זיצט ניט װײט בײ דער גמרא, קאן עס מער ניט פארטראגן װי אזױ דער שוסטער יונג איזדיעקװעט זיך מיט זײנע נארישע קלאץ־קשיות איבער דעם שטילן, גאטספארכטיקן ר' גיאבקע דעם שוחט, צעשרײט זיך אויף אים מיט כעס:

— שוסטערשער קאפּ! װאס ליארעמסטו? עס שטײט דאך אזױ אין פּסוק!

— נו, און אז עס שטײט אין פּסוק איז װאס? — ענטפערט אים גבריאל מיט א פראגע.

— רש"י זאגט עס דאך!

— נו, פונװאנען האט עס רש"י גענומען? איך װיל פּראסטן פּשט! קלארן שכל!..

דא װערט ישראל לוסקעלער שױן גוט אין כעס און שרײט אױס:

— ס'איז דאך אויף דעם דא א בפירושע גמרא!

— װאס דערצײלט איר מיר מעשות מיט גמרות! — צעשרײט זיך גבריאל דער שוסטער נאך העכער, — איך בין א פּראסטער באלמעלאכע! איך װיל בלױז פארשטײן מיט מײן פּשוטן שכל, און איר װילט מיר פארדרײען דעם קאפּ מיט א גמרא!..

ר' ישראל לוסקעלער פארלירט שױן דאס געדולד, גײט ארױס פון די כלים, גיט א מאך מיט דער האנט און צעשרײט זיך מיט א ירגזון:

— מיט א שוסטער, אן עקשן, װיל איך מער ניט פירן קײן װיכוחים!..

אט אזעלכע סצענעס פלעגן ניט אײנמאל פארקומען אין בית מדרש צװישן גבריאלן מיט די לומדים פון שטעטל. די שײנע יידן, די יודעי ספר, האבן שױן פאר אים מורא געקראגן, זיך דערװײטערט פון אים, אבי ער זאל זײ ניט פארװארפן מיט זײנע װילדע, עקשנותדיקע קשיות...

אט דער דאזיקער גבריאל דער שוסטער, דער מוראדיקער עקשן, װאס האט זיך ניט געשראקן װאס דער "פּסוק זאגט", װאס "רש"י מאכט" און װאס די "גמרא ברענגט", סײדן ער האט אלײן, מיט זײן אײגענעם שכל, "גוט צעקײט", האט געמאכט חוכא וטלולא, אש און פּארעך פון פּנחסן מיט זײן רעװאלוציע און מיט אלע "צעצעליסטלעך" אינײנעם. ער האט אויך

געמאכט חוזק פון די קאמעניצער און זאסטאוויער מייסטערס וואס האבן זיך אזוי דערשראקן פאר "די רויטע העמדלעך איבער די הויזן". . . ער אבער, האט ער זיך בארימט, וועט זיך ניט לאזן פירן פון זיי פאר דער נאז! אויב די סמארקאטשעס, די בונדיסטלעך וועלן וואגן קומען צו אים "אראפנעמען" זיינע פועלים פון דער ארבעט, וועט ער שפאלטן קעפ! בלוט וועט זיך גיסן!

ווי נאר באזשע מיט זיין "רעוואלוציאנערער גווארדיע" איז צוגע־קומען צו זיין פענצטער און אויסגעשריען זיין באקאנטן לידל:

— דאלאי צאר ניקאליי! געננג געארבעט! — האט גבריאל באלד געכאפט א קאפול אין איין האנט, א האמער אין דער צווייטער און זיך צע־שריען, אז ער וועט זיי באלד ווייזן, די האלעדריגעס, ווער עלטער עם איז!

זיין ווייב, אלטע די שניידערקע און זיינע קינדער, האבן זיך גענומען בעטן ביי אים מיט טרערן אין די אויגן, אז ער זאל זיך בעסער ניט אנהייבן מיט די רעוואלוציאנערטשיקעס און לאזן די ארבעטער גיין אהיים. אבער ער האט בשום אופן ניט געוואלט פאלגן.

מיטאמאל האט זיך דערהערט א בריאזג. ס'האבן אנגעהויבן פליען שטיקער גלאז פון די פענצטער און שטיינער גלייך צו אים אין שטוב אריין.

גבריאלס קינדער און זיין ווייבס מיידלעך, די שניידערקעס, זיינען אריינגעפאלן אין א היסטעריקע, האבן געשריען, געקוויטשעט מיט באנור־מענע קולות.

גבריאל האט מיט גוואלד זיך ארויסגעריסן פון זיין ווייבס ארעמס און מיטן שוסטערשן האמער אין האנט ארויסגעלאפן אינדרויסן זיך שלאגן מיט דער רעוואלוציע . . .

באזשע, וואס איז געווען העכער און שטארקער פונם קורצן, גראב־בייכיקן גבריאלן, האט מיט א ווילדער רציחה זיך ארויפגעווארפן אויף זיין שונא און אים גענומען זעצן מיט די פוסטן און מיט זיין גרויסן, אקסישן קאפ, אין בויך, אין די זייטן, וווּ נאר ער האט געקאנט, און דערביי האט ער געסאפעט און געברומט:

— דו, דו, דו, בורזשוי! דו, דו, דו, בלוט־זויגער! . .

ס'האט זיך צעפלאקערט א קאמף אויף טויט און אויף לעבן צווישן דער רעוואלוציע און דער קאנטער־רעוואלוציע, אזוי לאנג ביז די "רעוואלוציע" איז, ווי אלעמאל, ארויסגעקומען די זיגערין . . .

וואכן־לאנג איז גבריאל דער שוסטער געלעגן אין בעט א צעהרגעטער אויף אלע אברים. פון דעמאלט אן, האט ער שוין מער ניט געלאכט און גע־חוזקט פון די "צעצעליסטלעך" מיט די רויטע העמדלעך איבער די הויזן . . .

א פחד איז אנגעפאלן אויפן שטעטל. די ארויסגעשטארצטע קישע־לעך; מיט וועלכע גבריאלס ווייב האט פארשטעקט די אויסגעזעצטע שויבן פון אירע פענצטער, האבן, ווי מיט שטומע אויגן, געווארנט יעדער איינעם צו געדענקען, אז ס'איז גלייכער און פיל געזינטער זיך מער ניט אנצוהייבן מיט באזשען און מיט דער רעוואלוציע . . .

## איסר קאצאפ

דער דאזיקער צונאמען — קאצאפ, מיט וועלכן שטעטעלע האט אים "געקרוינט", איז געווען אויף אים ווי אנגעמאסטן, מחמת מיט זיין גאנצער פיזיאנאמיע און מיט אלע זיינע גענגעלעך איז ער גאר ניט פאכאזשע געווען אויף די בני אברהם יצחק ויעקב, נאר ווי ער וואלט געווען אן אמתער, רוסישער קאצאפ פון קאצאפנלאנד. און אט האט איר זיין פארטרעט:

א קורץ־פיסיקער, א גראב־בייכיקער, מיט ברייטע פלייצעס, א גרויסער קאפ מיט א געדיכטער, בלאנדער טשופרינע, א רויטער קארק, א פולקיילעכיק פנים, מיט א פלאמיקער, רויטער בארד, שארפע גרויע אויגן, שווערע קלעצלדיקע פיס און מיט א פאר שטארקע, געזונטע ידים, מיט וועלכע ס׳איז פיל גלייכער געווען זיך ניט אנצוהייבן . . .

פארמאגט האט ער אן אייזערנע גבורה. האט ער עמיצן "מכבד" געווען מיט א פאטש, איז ביי יענעם באלד ניט געבליבן קיין איין צאן אין מויל, אזוי אז וועגן זיין משונהדיקן, ווילדן כוח, אין שוין ארומגעגאנגען אין שטעטל מעשות און לעגענדעס, ווי א שטייגער:

מיט איין האנט האט ער געקענט אויפהויבן א פינף־פודיקן זאקתבואה. "אנומלטן" האט א יונג פערד זיך צעיאגט און זיך צעווילדעוועט, און אנגעמאכט א שרעקלעכע סומאטאכע אין גאס. איז ווי גיך איסר קאצאפ האט א כאפ געטאן מיט א האנט ביים הינטערשטן ראד פון וואגן, איז דאס צעווילדעוועטע פערד באלד געבליבן זיצן אויף אלע פיר אויף דר׳ערד.

און אט איז א צווייטע מעשה: איינמאל, אין מיטן א מארק־טאג, האבן א פאר שיכורע גויים זיך צעכרוקעט און גענומען שרייען, ווי דער שטייגער איז: "בעי זשידאוו"! שלאגט די יידן! עס איז אלעמען באפאלן א טויט־שרעק. מ׳האט באלד געכאפט און פארהאקט די קרעמלעך, די טירן און לאדן פון די הייזער. איז געקומען צו לויפן איסר קאצאפ, א כאפ געטאן איין גוי מיט דער רעכטער האנט, דעם צווייטן גוי מיט דער לינקער האנט, אנגעהויבן זיי זעצן און קלאפן איינער אינם אנדערן, אזוי אז ער האט פון די צוויי גויים שיר ניט געמאכט איין פלעצל. אט אזא וויסטן כוח האט ער פארמאגט.

און ווי געזונט ער איז געווען, אזוי שלעכט און ביטער איז ער געווען.

מיט איטלעכן האט ער זיך ארומגעקריגט און ארומגעשלאגן. ס'האט אין אים שטענדיק געברויזט א ווילדע תאווה דווקא צו פארפירן מיט איטלעכן א קריג, א געשלעג, א "דראקע"; ווייזן ווער שטארקער עס איז, ווער וועמען ס'וועט בייקומען, אזוי אז גאנץ שטעטל זאל זיך צונויפלויפן. ווער נאר ס'איז פאר־ בייגעגאנגען זיין שטוב, האט ער "זאטשעפעט", באפאלן, ווי א בייזער, צערייצטער הונט, מיט זילזולים און קללות, ניט ווייסנדיק אליין פאר וואס. און אז דער באפאלענער האט אנגעהויבן "שטעלן פיס", אבי שוין צו זיין וואס ווייטער פון אים, האט עס אים נאך מער צערייצט. דאס איז פאר אים געווען, ווי מען זאגט, א "פאטש אין פנים", די גרעסטע באליידיקונג, וואס מען איגנארירט אים און מען וויל ניט אננעמען זיין "אויסגעשטרעקטע" האנט . . . פאר כעס פלעגט ער זיך צעשרייען:

— דו פארד איינער! וואס יאגסטו זיך ווי דער טייוול?! עס שטייט דיר ווייזט אוים ניט אן מיט מיר אביסל זיך א שפיל צו טאן? א רוח אין דיין טאטנס־טאטן אריין ! . . .

ער פלעגט זיך באלד איינבויגן צו דר'ערד, כאפן א שטיין, א שטיקל האלץ, וואס נאר ס'איז אים געקומען אין האנט אריין אוןווארפן יענעם אין קאפ אריין. האט מען טאקע פאר אים געציטערט, ווי פאר א בייזער חיה, א ווארקולאק אין מענטשן געשטאלט.

באזונדערס האט ער פיינט געהאט בתכלית השנאה אן אידעלן יידן, א ווילגעלערנטן, ווי ס'איז שוין די טבע פון א בייזן עם־הארץ. אזא ייד האט ביי אים ניט אנדערש געהייסן ווי "כניאק", "אויסגעווייקטער הערינג", "פא־ פירענע לאמטערנע", "באנק־קוועטשער", "דארמאיעדניק" און נאך אזעלכע צונאמענס. אזעלכע מענטשן, וואס האבן זיך ניט געקאנט שלאגן מיטן פויסט, זיינען אין זיינע אויגן געווען לא יוצלחס, טויגעניכטסן, אומנוציקע באשעפענישן אויף דער וועלט . . .

זיינע שכנים, צווישן וועלכע סהאבן זיך געפונען יודעי ספר, האבן טאקע געהאט פון אים צו זינגען און צו זאגן. ער האט זיי אנגעטאן געברענטע ליידן. ווען נאר זיי האבן געדארפט פארבייגיין זיין שטוב, אויפן וועג צום בית־מדרש, האבן זיי זיך געפילט, ווי זיי וואלטן געדארפט דורכגיין דורך א "סטראי"...

* * * * *

זיין ווייב גאלדע, אדער גאלדעטשקע, ווי מ'האט זי גערופן אין שטעטל, איז געווען נאך ערגער פון אים. דאס איז געווען שוין איינמאל א מרשעת! אריינצופאלן אין איר פיסקאטן מויל איז געווען חיות ניט זיכער! די ווייבער אין שטעטל פלעגן אויף איר זאגן, אז ניט אנדערש ווי א פינצטע־ רער דיבוק זיצט אין איר, "א גילגול פון בלעם הרשע", די צונג זאל איר נאר אפדארן, רבונו של עולם!

ווי נאר זי פלעגט דערהערן איר ליב־האריצקן געמאל, איסר קאצאפן,

זיך קריגן מיט א שכן, פלעגט זי באלד קומען צו לויפן מיט א פארטוך שטיי-נער און שרייען צו אים:

— איסרל, וואס שווייגסטו?! נעם א שטיין און "פלעט" אים דעם קאפ! און פטור אן עסק!

א חוץ דעם איז זי נאך געווען א גרויסע "איינרייסערין", ארויסגע-האלפן איר מאן אין דער פרנסה. זי פלעגט אויפקויפן אויפן מארק ביי די פויערים הינער, הענער, אייער, חזיר־האר, פלאקס וכדומה. דעמאלט האט קיין איין שכן און קיין איין שכנה ניט געטארט צוגיין צו א גויישן וואגן. זי וואלט די אויגן אויסגעדראפעט, ווי אלע דארפישע גויים וואלטן באלאנגט נאר צו איר אליין.

און איינמאל האט גאלדעטשקע די מרשעת אויפגערודערט דאס גאנצע שטעטל. עס איז געווען שבת אינדערפרי באלד נאכן דאווגען. זיינען די ווייבער, ווי אלעמאל, געקומען צום בעקער אפצונעמען זייערע טשאלנטן. האט, מעשה שטן, גראד געדארפט טרעפן, א שכנה האט פארביטן איר טעפל-טשאלנט אויף גאלדעטשקעס, ווי ס'טרעפט אמאל צווישן יידישע טשאלנטן.

נו, פרעגט שוין ניט וואס ס'האט זיך דעמאלט געהאט אפגעטאן אין שטעטל. גאלדעטשקע האט דעם אומשולדיקן בעקער, נעבעך, געמאכט שווארץ שבת. זי האט אים די בארד געוואלט אויסרייסן. זי האט געשריען און נעליארעמט, אז זי וועט ניט אפטרעטן פון אים ביז ער וועט איר ניט צושטעלן איר טשאלנט. ס'האט שוין געהאלטן, אז איסר זאל קומען און פאנאנדערפירן זיינע געזונטע פאר ידים.

די שכנה וואס האט די גאנצע צייט געשוויגן, מחמת זי האט שטארק מורא געהאט זיך אנצוהייבן מיט גאלדעטשקען, זעענדיק ווי די מרשעת טוט זיך אזוי שטארק איזדיעקעווען איבער דעם בעקער, וואס איז נעבעך גאט די נשמה שולדיק, און וויל אים ניט אנדערש ווי אויסרייסן מיט אירע שארפע, קעצישע נעגל די בארד, האט זי אוים רחמנות אויף אים געכאפט, ניט טוט ניט לעבעדיק, דעם פארביטענעם טשאלנט און אים אפגעטראגן צו גאלדעטשקען, אבי דאס פינצטערע גיהנום זאל זיך איינשטילן.

אבער ווי גיך דער "דיבוק", גאלדעטשקע איסר קאצאפס האט צו-ריקגעקראגן איר טעפל־טשאלנט, האט זי א כאפ געטאן דער שכנהס טעפל און טראסטקע! — גלייך צו דער שכנה אין פענצטער אריין . . .

אט אזא פינצטערע מרשעת איז דאס געווען. אבער וואס איז זיך דא צו חידושן? ווי זאגט דאס קלוגע יידישע שפריכווארט: "יעדער טעפל געפינט זיין שטערצל", וואס פאר א מאן, אזא ווייב האט ער . . .

* * * * *

א חוץ אלע אנדערע פרנסות זיינע, איז איסר קאצאפ אויך געווען א פישער. ד"ה, ניט ער אליין האט געכאפט פיש, נאר גויים פון די ארומיקע דערפער פלעגן כאפן פאר אים אין טייך, אדער ארויסגנבענען ביינאכט די

פיש פון זייערע שכנישע, פריצישע סאזשעלקעס און זיי ברענגען צו אים פארקויפן.

יעדער פרייטיק אינדערפרי פלעגט ער אנלאדן די באליעס פיש אויף זיין פערד און וואגן, און ארומפארן איבערן שטעטל און אויסרופן אויף זיין הייזעריקן קול:

— ווייבער! פרישע, צאפלדיקע פיש אויף שבת!

אבער אך און ווי איז געווען צו דער יידענע, וואס האט געוואגט אנרירן מיט אירע אייגענע הענט א פישל ביי אים אין דער באליע, אדער געפרוווט אפדינגען א גראשן אויפן פונט. באלד פלעגט זיך ביי אים אנצינדן די טריפענע יוכע, ער פלעגט כאפן א גרויסן העכט אדער א ברייטע פלאטיצע און נעמען פאטשן מיט דעם דער יידענע איבערן פנים. די צעפאטשטע יידענע פלעגט שוין נעבעך אנטלויפן פון זיין וואגן א פארשעמטע און אן פיש אויף שבת. אט אזא גזלן איז ער געווען...

ניט איינמאל פלעגן מענטשן אין שטעטל זיך וואונדערן, הייבן מיט די פלייצעס: סטייטש, ווי קומט עס צו א יידן, וואס אין בית־מדרש איז ער דאכט זיך אזא גאטספארכטיקער, שרייט ביים דאווגען העכער פון אלעמען, ווי ער וואלט געכאפט מלאכים אין די פויסטן, זאל האבן אין זיך אזא גזלנישע, טריפענע בלוט? נאר גיי ווייס וואס עס טוט זיך אין א מענטשלעכער נשמה, וואס איז אפטמאל פינצטערער ווי אין סוף חודש?

שטעטל אבער, האט געפונען אויף אים א זכות, און געזאגט, אז דאס וואס ער איז אזוי שלעכט און ביטער איז עס גיכער די שולד פון דער רוסישער "סלוזשבע", ווו ער האט אפגעדינט פינף קיילעכיקע יאר דעם רוסישן צאר, ביז ער האט זיך דארט געהאט דערדינט צום "טשין" "באטקא", ד"ה, ער האט געדארפט לערנען און "מחנך זיין" די "נאוואבראנצעס", די נייע רעקרוטן, די גאנצע קאזארמע־תורה, און דער עיקר די "סלאוועסנאסט", די נעמען, דעם גאנצן סדר היוחסין פונם קייסערס עלטער־עלטער זיידן און עלטער־עלטער באבען ביז צו דעם "יורש עצר", זיין טראן־נאכפאלגער.

דער דאזיקער "באטקא", איסר קאצאפ, האט אזוי לאנג דארט געשלאגן און געממיתט זיינע אומגליקלעכע אונטערטאנען, די "נאוואבראנצעס", ביז ס'איז שוין געווארן ביי אים אזא חולשא, א מיאוסע טבע זיך צו שלאגן און זיך צו זידלען, אזוי אז ער האט שוין אן דעם ניט געקאנט לעבן. האט ער ניט געהאט קיין פרעמדן מיט וועמען זיך צו קריגן און מיט וועמען זיך צו שלאגן, האט ער זיך געקריגט און זיך ארומגעשלאגן מיט זיין אייגענעם ווייב, מיט די אייגענע קינדער און מיט זיך אליין...

און כאטש איסר קאצאפ איז שוין לאנג געווען באפרייט פון דער "סלוזשבע", דאך איז ער נאך אלץ געבליבן געטריי דער שבועה, וואס ער האט געגעבן דעם רוסישן קייסער, תמיד צו זיין גרייט צו גיין פאר אים אפילו אין פייער און אין וואסער.

האָט ער געזען עמיצן באַגיין אַ וועלכע ניט איז עוולה קעגן זיין אמאָליקן "צאַר באַטיושקאַ", ווי למשל: אַ קרעמער האָט פאַרקויפט אַ פּעקל טיטון אָן אַ באַנדעראָל, אָדער אַ שענקער אַ פלעשל בראַנפן אָן אַ פּאַטענט און נאָך אַזעלכע קלענערע און גרעסערע עבירהלעך, פלעגט זיך באַלד אָנצינדן אין אים די ניכפּה, און ער פלעגט נעמען "שיסן" מיט רוסיש לשון, מיטן האַרטן ר־ר־רייש, וואָס ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט אין דער סאָלדאַטשינע, ערגעץ טיף אין ראַסיי, און נעמען סטראַשען דעם "זינדיקן" יידן, אַז ער וועט אים מסרן, ער וועט אים פאַרשיקן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע, און דערביי פלעגט ער באַנוצן אַזאַ שפּראַך, מיטן אמתן קאַזאַרמע־לשון, אַזוי אַז פאַר שרעק פלעגן די מאַמעס באַלד צוכאַפּן זייערע קינדער פון דער גאַס...

ניט איינמאָל טאַקע פלעגט ער כאַפּן אָנטאָן אויף גיך זיין שבתדיקע קאַפּאָטע, נעמען דעם שטעקן אין האַנט און "פּאַשאָל", גלייך אין שטאָט אַריין, צום פּריסטאַוו, און אים דערציילן פון אַלע עוולות און קריוודעס וואָס זיינע שכנים באַגייען קעגן דעם צאַר באַטיושקאַ . . .

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ מסירהלע, האָט דער יידישער קרעמער, צי דער שענקער, שוין געהאַט אויף זיך דעם אמתן "פּעקל". מ'האָט נאָך געדאַנקט און געלויבט דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס מ'איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, מיט אַ פּאָר רובל "לא יחרץ געלט", וואָס מ'האָט גע־דאַרפט אַריינרוקן דעם פּריסטאַוו, צי דעם אוריאַדניק אין יד אַריין . . . אַז אויסקרענקען זאָל עס איסר קאַצאַפּ, דער מסור, רבונו של עולם!

אָבער ניט אַלעמאָל זיינען איסר קאַצאַפּס "דאָנאָסן", זיינע מסירה־לעך אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. וואָרים דער פּריסטאַוו, דער "אדון הגדול", הגם ער איז געווען אַ גאַנץ ווילער ערל — זיך געלאָזט נתנ'ען — אָבער אוים מורא פאַר איסר קאַצאַפּן וואָס קאָן אים חלילה אויך פאַרמאַסרן פאַר דער העכערער נאַטשאַלסטוואָ — אַ קשיא אויף אַ יידישן קייסערלעכן פּאַטריאָט ? . . — האָט ער טאַקע ניט איינמאָל אָן אָרעמען יידן געמאַכט אַ "פּראָטאָקאָל". . .

אַזוי האָט שטעטעלע זאַסטאַוויע נעבעך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן פון זייער געוועזענעם רוסישן סאָלדאַט — איסר קאַצאַפּ, און אים געשאָלטן מיט טויטע קלות.

און ווערליק מ'האָט זיך געהאַט געשושקעט אין שטעטל, האָט שוין ניט איין יידענע, וואָס איז געפאָרן צום "גוטן יידן", דעם "שמיד", אַזש קיין דראָהאָטשין, בעטן אַ ברכה אויף געזונט, אויף פּרנסה און אויף גוטע מזלדיקע זווגים פאַר זייערע אונטערגעוואַקסענע טעכטער, האָט שוין פאַר איין וועגס אויך געהאַט געבעטן ביים "גוטן יידן" אַ מפּלה אויף איסר קאַצאַפּן, דעם שטעטלשן מסור.

אָבער דער "גוטער ייד" האָט פריער זיך געהייסן ברענגען איסר קאַצאַפּס אַ העמד, וואָס ער טראָגט אויף זיין לייב. דעמאָלט וואָלט ער

אים שוין מסתמא געווען "געבענטשט" מיט קיצור ימים, ווי ס'האט שוין ניט איינמאל געטראפן מיט אזעלכע שטעטלשע מוסרים, וועמען די "גוטע יידן" האבן פארשאלטן. אבער גיי פאלג מיר א גאנג און קריג ארויס ביי איסר קאצאפן א העמד פון זיין לייב! סיידן נעם און זאג אפ באצייטנס ווידוי...

* * * * *

ס'האט זיך אנגעיאגט דאס יאר 1905. גאנץ רוסלאנד האט געפיבערט מיט רעוואלוציע, וואס איז שוין געהאט דערגאנגען אזש צום שטעטל קאמעניץ און צו איר פארשטעטלע זאסטאוויע. אין דער שטיל, אז קיינער זאל ניט זען, האבן קאמעניצער און זאסטאוויער יונגעלייט, בחורים און מיידלעך, אויסגעפוצטע אין רויטע העמדלעך, אין רויטע בלוזעס, אפגעהאלטן "סכאדקעס", "סאבראניעס", אונטערערדישע פארזאמלונגען, אמאל אין אלשינע וועלדל און אמאל אויף די "מאגילקעס", צווישן די גוישע מצבות, ווו מ'האט אויסגעארבעט אלע נויטיקע פלענער וואס גיכער אראפצווווארפן דעם רוסישן קייסער פון טראן און איינפירן די "סוואבאדא", פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט פאר אלעמען . . .

ווי נאר איסר קאצאפ האט זיך פון דעם דערוווסט, איז ער געווארן מלא רציחה:

— וואס הייסט? —האט ער געשריען און געליארעמט, — אט די דאזיקע שוסטערוקעס און די שניידערוקעס, די צעצעליסטלעך מיט די רויטע העמדלעך איבער די הויזן, ווילן עס אראפווארפן זיין צאר ניקאליי ווטאראי פון טראן?! ניט דערלעבן וועלן זיי עס ! ער וועט זיי שוין ווייזן ווי צו מאכן רעוואלוציעס! עס וועט זיין א רוח אין זייער טאטנס טאטן אריין ! . .

קודם־כל האט ער זיך א נעם געטאן צו די טאטעס פון די דאזיקע רעוואלוציאנערטשיקעס און אויסגעלאזן כל חמתו אויף זייערע קעפ. ער האט געשריען, געמאכט סקאנדאלן, "מעכב הקריאה" געווען, אז ניט אנדערש מען מוז זיי ארויסטרייבן פון בית מדרש! ווארים מיט אזעלכע טאטעס, וואס האבן געקאנט אויסהאדעווען זין און טעכטער אפיקורסים, צעצעליסטן, טאר מען אינייינעם ניט דאוונען אין א מקום־קדוש! ער האט געשווארן, און דערביי זיך געקלאפט מיט א פויסט אויפן הארצן, אז ער וועט ניט שווייגן ביז ער וועט זייערע "קדישים", זייערע זינדלעך די צעצעליסטלעך און זייער טעכטערלעך די צעצעליסטקעס, ניט אויסרייכערן פון שטעטל!

איינמאל איז געשען אזוינס, וואס האט איסר קאצאפן אריינגעשפילט אין די הענט אריין. עס איז געווען זומער, שבת אינדערפרי, אין בית־מדרש, נאכן "לייענען". דער בעל־תפילה האט זיך שוין געשטעלט זאגן דעם "הנותן תשועה", ד"ה, דעם "מי שברך", די תפילה פארן געזונט פונם קייסער און זיין משפחה, ווי עס פירט זיך אין אלע יידישע קהילות. האבן פלוצלונג זיך אריינגעריסן די זאסטאוויער רעוואלוציאנערן אין בית־מדרש אריין, פארכאפט דעם בעלעמער מיטן עמוד און ניט געלאזט בענטשן דעם קייסער אין

פעטערסבורג. ווארים, זאגט אליין, ווי איז דאס געהערט געוואָרן אזא זאך? זיי ווילן דאך, אז דער צאר ניקאליי, דער רשע מרושע, זאל וואס גיכער איינ־נעמען א מיתה משונה, און אויב ניט, וועלן זיי אים א לעבעדיקן אראפּוואַרפן פון טראָן, איז צום סוף זאל מען אים נאך בענטשן?! און נאך ווו? אין א מקום־קדוש, פאר די אויגן פון די ספרי תורות?! ניין, דאס טאר בשום אופן ניט דערלאזט ווערן ! . .

א, וויפל די באלעבאטים האבן ניט געפּרוווט איינצוטענהן מיט זיי, מיט גוטן און מיט בייזן, אז מ׳טאר אזא זאך ניט טאן, ווארים ס׳קאן נאך חלילה פון דעם ארויסקומען א גרויס אומגליק, א צרה אויפן גאנצן כלל ישראל, האט עס ניט געהאָלפן. די צעצעליסטלעך האבן זיך געהאַלטן ביי זייערס, אז פון היינט אָן און ווייטער, איז אויס מיטן "הנותן תשועה"! . .

איסר קאצאפּ האט באלד אראפּגעוואָרפן פון זיך דעם טלית, געכאַפּט א מעשענעם לייכטער פון טיש, גענומען מיט אים פאכען אין דער לופטן און זיך צעשריען אויף זיין כריפּנדיקן קול:

— אויב די פארשאלטענע צעצעליסטלעך וועלן ניט אראפּגיין פון בע־לעמער און וועלן ניט לאזן דעם "חזן" מאכן דעם "הנותן תשועה למלכים", וועט ער שפּאלטן קעפּ! בלוט וועט זיך גיסן אין די גאסן!

דער בעל־תפילה איז נעבעך געשטאנען א בלייבער, א צעשראקענער און ניט געוווסט וואס צו טאן. פון איין זייט איז געשטאנען איבער אים א צעצעליסט מיט א דובינע אין האנט און געשריען צו אים, אז אנשטאט "הנותן תשועה" זאל ער נעמען זאגן "יקום פורקן" און דאוונען ווייטער. פון דער צווייטער זייט איז געשטאנען איסר קאצאפּ מיט א מעשענעם לייכטער און געשריען אז ער זאל דווקא זאגן דעם "הנותן תשועה" פארן קייסער.

ווי נאר דער בעל־תפילה האט געעפנט דאס מויל, האבן די צעצע־ליסטלעך אנגעהויבן פייפן, קוויטשען, טופען מיט די פיס, ווי ס׳וואלט איצט געווען ניט שבת ביים דאוונען, נאר פורים ביינאכט צו דער מגילה, ווען ס׳איז א מצווה צו שלאגן המן הרשען . . .

ווי א ווילדער, צערייצטער אָקס, האט איסר קאצאפּ זיך ארויפגע־וואָרפן מיטן לייכטער אין האנט אויף די צעצעליסטלעך און גענומען דרעשן איבער זייערע קעפּ. עס איז געוואָרן א שרעקלעכער טומל, א געשריי עד לב השמים. די באלעבאטים האבן זיך באלד געשטעלט אויף איסר קאצאפּס זייט און אים נאך צוגעהאָלפן שלאגן די רעוואלוציאנערטשיקעס. די ווייבער האבן זיך אריינגעריסן פון ווייבער־שול צו די מאנצבילן, געוואלט זיך איינשטעלן פאר זייערע קינדער. דער גאנצער בית־מדרש איז פארוואנדלט געוואָרן אין אן אמתן שלאכטפעלד. אויף דר׳ערד האבן זיך געוואלגערט צעריסענע טליתים, סידורים, חומשים, קאפּעליושלעך, רויטע העמדלעך, היטלען, יאר־מעלקעס און ווייבערשע פארוקן און קאפּ־טיכלעך.

די בונדיסטלעך, זעענדיק אז דער גאנצער בית מדרש איז אויפגע־

שטאנען קענן זיי ווי איין מאן, אזוי אז ס'וועט זיי נאך חלילה באלד אויס־קומען צו שלאגן זיך מיט זייערע אייגענע טאטעס, האבן זיי פארלארן זייער קריגערישן מוט און מיט גרויס חרפה און שאנדע זיינען זיי זיך צעלאפן פון בית־מדרש.

פארשיכורט פונם גרויסן ניצחון, וואס ער האט אקארשט אפגעהאלטן קעגן די שונאים פונם רוסישן צאר ניקאליי ווטאראי און מיט דעם גראטע־וועט די "סאמאדערזשאוויע", די צארישע זעלבסטהערשאפט איבערן שטע־טעלע זאסטאוויע, איז איסר קאצאפ באלד אוועקגעלאפן אין שטאט און ארויסגעגעבן דער פאליציי אלע נעמען פון די בונטאווששטשיקעס, וואס האבן געהאט די העזה ניט צו לאזן מאכן "מי שברך" דעם צאר באטיושקא . . .

בלילה ההוא, אין סאמע מיטן דער נאכט, האט די פאליציי זיך ארייגעריסן אין די יידישע הייזער, ארויסגעשלעפט די צעצעליסטן און די צעצעליסטקעס פון די בעטן און זיי פארשפארט אין "חד גדיא". און פאר איין וועגס האט זי שוין אויך געהאט ארעסטירט און פארנומען מיט זיך אלע סידורים, חומשים, מחזורים, קינות און סליחות, וואס זי האט געהאט אנגע־נומען פאר אומלעגאלער, רעוואלוציאנערער ליטעראטור . . .

אין שטעטל האט זיך געטאן חושך. מאמעס זיינען ארומגעלאפן, געבראכן די הענט, געריסן זיך די האר פון קאפ, געקלאגט און געוויינט, האבן איינגעלייגט וועלטן; טאטעס מיט בלייכע פנימער און מיט צעפלאשעטע בערד און פאות, זייענן ארומגעלאפן ווי פארסמטע מייז, האבן אנגעשטעלט שתדלנים, פירשפרעכער, אז זיי זאלן זען וואס גיכער ארויסראטעווען זייערע זין און טעכטער פון גוישע הענט, איידער מען שיקט זיי אפ פון שטעטל מיטן עטאפ, אזש קיין סיביר . . .

שטעטל האט באלד צונויפגעקליבן א היבשע אפותיקא פאר דער גרוי־סער מצווה פון "פדיון שבויים", וואס מ'האט אריינגעטראגן דורך א הינטער־טיר צו די "הויכע פענצטער" פון דער שטאטישער, רוסישער נאטשאלסטווא. אזוי ארום איז געלונגען ארויסצוראטעווען די רעוואלוציאנערע זין און טעכ־טער פון קאטארגע. און אויך דער ערבות פונם רב און חשובע באלעבאטים איז אויך געלונגען צו באפרייען פון תפיסה די צענדליקער סידורים, מחזורים, קינות און סליחות און נאך אזעלכע הייליקע ספרים, וואס די פאליציי האט געהאט אנגענומען פאר "טריפהנער סחורה". . .

נאך דער דאזיקער שרעקלעכער מסירה, האבן די זאסטאוויער און קאמעניצער רעוואלוציאנערטשיקעס באשלאסן צו לאזן דערוויל צו רו דעם קייסער אין פעטערסבורג און זיך בעסער נעמען צו איסר קאצאפן און לערנען מיט אים די סדרה בלק, אזוי אז ער זאל שוין פארזאגן א צענטן מער ניט צו זיין קיין מסור.

געזאגט און געטאן. עס איז געווען די ערשטע נאכט פון שבועות. אלע יידן פון שטעטל זיינען געזעסן אין בית־מדרש, צווישן זיי אויך איסר

קאצאפּ, און געזאָגט מיט גרויס כוונה דעם "תיקון שבועות". פּלוצלונג איז געקומען צו לויפן איסר קאצאפּס טעכטערל און איינגערוימט איר טאטן א סוד אויפן אויער, אז די באביטשער גויים, זיינע שטענדיקע פישער, האבן גע־בראכט צו פירן א וואגן מיט פיש.

איסר קאצאפּ האט באלד פארגעסן אויפן "תיקון שבועות", אויפן יום־טוב פון מתן־תורה, און העגדום־פּענדום ארויסגעלאָפן פון בית־מדרש צו כאפּן וואס שנעלער די גרויסע מציאה, די געגנבעטע פיש . . .

נאָר אַנשטאָט איסר קאצאפּ זאָל כאפּן די פיש, האבן די זאסטאוויער צעצעליסטן, וואס האבן זיך געהאט פארשטעלט פאר גוישע פישערלייט, ארויפגעוואָרפן א זאק איבער זיין קאָפּ, א כאפּ געטאָן אים פאר די הענט און פאר די פיס, אריינגעשליידערט אים אין וואגן, א שמיץ געטאָן דאָס פערד און היידא!

זיי האבן אים פארפירט ערגעץ אין אן אָפּגעלעגטן ווינקל, דורכגעפירט איבער אים א משפּט און טאקע גלייך אויפן אָרט, אים מקיים פּסק געווען ווי ס'געהער צו זיין. מ'האט אים דארט אזוי שטארק צעשלאָגן און צעקאָ־טעוועט, אז ער זאָל שוין האבן צו געדענקען אויף קינדס־קינדער מער ניט זיין קיין מסור ביי יידן . . .

נאָך דער דאָזיקער פייערלעכער "משכנתא" (עקזעקוציע), וואס חברה האט אים דארט "מכבד" געווען מיט דער ברייטער האנט, איז איסר קאצאפּ אָפּגעלעגן א היבשע צייט אין בעט און ניט געקענט רירן מיט קיין אבר. פון דעמאָלט אָן האט ער אויפגעהערט זיך אָנצונעמען די קריוודע פון זיין "צאר באטיושקא", דעם רוסישן קייסער, וועמען ער האט געשוואוירן צו דינען געטריי זיין גאַנץ לעבן . . .

---

יאָרן זיינען געלאָפן. פונם רוסישן צאר ניקאלײַ ווטאראי איז שוין לאַנג ניט געבליבן קיין זכר. איבערן שטעטעלע זאסטאוויע האט שוין גע־הערשט ביד חזקה די פּוילישע־פּריצישע מלוכה, וואס איז פאר דער יידישער באפעלקערונג געווען ווייט ניט בעסער פון דער צארישער הערשאפט. אין דער צייט האט שטעטעלע זאסטאוויע דערלעבט אַן איסר קאצאפּ די אמתע נקמה. און הערט ווי אזוי:

די טרויעריק־בארימטע פּוילישע זשאנדארמעריע האט מיט א באַ־זונדערער שנאה זיך געהאט ארויפגעוואָרפן אויף דער יידישער יוגנט, וואס זי האט באטראכט פאר געפערלעכע באָלשעוויקעס, שונאים פונם נייעם אויפ־געקומענעם פּאָטערלאַנד. פאר יעדער מינדסטן חשד האט מען די יוגנט אריינגעוואָרפן אין די תפיסות, וו מ'האט זיי געפּייניקט מיט כל ענויים קשים.

אָבער וואס מער מ'האט דער פארהונגערטער יידישער יוגנט פאר־פאָלגט, אלץ מער האט זי זיך געריסן צו די אונטערערדישע קאָמוניסטישע

קרייזלעך, וואס האבן זיך געשטעלט פאר א ציל צו באפרייען דעם פאר־שקלאפטן פוילישן פראלעטאריאט, וואס וועט שוין אויך ממילא ברענגען די גאולה פאר די ליידנדיקע יידישע ארבעטער־מאסן . . .

אין די דאזיקע געהיימע, קאמוניסטישע קרייזלעך זיינען אויך אריינ־געצויגן געווארן איסר קאצאפס קינדער, א זון און א טאכטער.

ווען דער אלטער טאטע, איסר קאצאפ, האט זיך דערוווסט, אז זיינע קינדער זיינען שוין אויך געווארן רעוואלוציאנערטשיקעס, און נאך וואס פאר א רעוואלוציאנערן — באלשעוויקעס! איז ער געבליבן א געפלעפטער, ווי ער וואלט פלוצלונג געקראגן מיט א שווערער דובינע איבערן קאפ. ס'האט אים אנגעהויבן טרייסלען ווי אין א קדחת. ס'האט זיך אנגעצונדן אין אים זיין אמאליקע טריפענע יוכע. ער האט געכאפט זיין שטעקן און גענומען שלאגן זיינע באלשעוויסטישע קינדער וויפל כוח ער האט נאר געהאט.

זיין ווייב גאלדע, אדער גאלדעטשקע, ווי מ'האט זי גערופן אין שטעטל, האט, ווי א געטרייע מאמע, זיך אריינגעווארפן צווישן איר צרייצטן מאן און אירע קינדער, און געוואלט זיי באשיצן מיט איר אייגענעם גוף. דער צארנדיקער איסר קאצאפ האט זיין גאנצן כעס אויסגעלאזן אויף איר און זי געשלאגן מכת רצח. און דערביי געשריען און זי געשאלטן מיט טויטע קללות, אז נאר זי איז שולדיק, וואס זי האט ארויסגעגעבן פון איר טראכט אזעלכע פארשאלטענע קאמוניסטישע קינדער . . . אבער ער וועט ניט שווייגן, ביז ער וועט פון זיי ניט ארויסטרייבן דעם באלשעוויסטישן גילגול . . .

נאכט־איין, נאכט־אויס, פלעגן ביי איסר קאצאפן אין שטוב זיך אפ־שפילן שוידערלעכע סצענעס, געשלעגערייען, געשרייען און גוואלדן, וואס האבן זיך צעטראגן איבערן שטעטל. און כאטש די שכנים האבן צוליב דעם ניט געקענט צומאכן אפילו מיט אן אויג, פונדעסטוועגן האט עס זיי שטארק הנאה געטאן. ווארים אויף אזא זיסער נקמה אן זייער שכן, דעם קאצאפ, וואס האט זיי א לעבן־לאנג אנגעטאן געברענטע ליידן, האבן זיי זיך גאר ניט גערעכט.

און איינמאל שפעט ביינאכט, ווען זיינע קינדער זיינען געקומען פון א געהיימער קאמוניסטישער פארזאמלונג, האט איסר קאצאפ זיך ארויפגע־ווארפן אויף זיי מיט די פויסטן, מיטן שטעקן, מיט אזא ווילדקייט, אז גאט זאל שומר ומציל זיין. ער האט גענומען שליידערן אין זיי כלים, בענקלעך, וואס נאר ס'איז אים געקומען אין האנט אריין. אבער דא האט שוין גע־פלאצט ביי זיינע קאמוניסטישע קינדער דאס געדולד און זיי זיינען ארויס מיט לשון, גענומען אים אויפווארפן אלע זיינע אמאליקע חטאים, ווען ער איז געלאפן מסרן די בונדאוועס, די שכנים, די קרעמער און די שענקער. און ויסן זאל ער, אז ס'איז שוין היינט אנדערע צייטן! זיי וועלן זיך שוין פון אים ניט לאזן שלאגן ! . .

דא האט דער טאטע, איסר קאצאפ שוין מער ניט געקאנט אריבער־טראגן. זיינע קינדער, וואס האבן שטענדיק געציטערט פאר זיין קוק, זאלן וואגן אים אזוי צו באליידיקן, ריידן אים אנטקעגן, רופן אים מסור! דאס איז שוין געווען איבער זיינע כוחות.

ער האט זיך א ריס געטאן פון ארט, אנגעטאן אויף גיך זיין קאפטן, געכאפט דעם שטעקן און זיך א לאז געטאן צו דער טיר, און דערביי געשריען מיט א פארכאפטן אטעם:

— איך וועל זיי שוין ווייזן ווער עלטער איז! אין קייטן וועל איך זיי פארשמידן !..

זיין ווייב, גאלדעטשקע, און די קינדער האבן אים געפרווט פאר־שטעלן דעם וועג, זיך געבעטן ביי אים מיט רחמנות, אז ער זאל ניט גיין, האט ער מיט רציחה זיי אפגעשטויסן פון זיך, געגעבן א טראסק מיט דער טיר און איז אוועק.

ער איז געלאפן מיט האסטיקע טריט, געטריבן ווי פון א שטורעם, גלייך אין "שטאט" אריין, צום פוילישן פאליציי־קאמענדאנט, ביז ער איז געקומען צו די בריקן. דא האבן זיינע געשוואלענע פיס זיך אפגעזאגט אים ווייטער צו טראגן. ס'איז אים באפאלן די שווערע אסטמא און אים גע־נומען שטיקן ביים האלדז, ווי מיט אייזערנע צוואנגען, אזוי אז ער האט שוין מער דעם אטעם ניט געקענט אפכאפן. ס'האט אים א שווינדל געטאן פאר די אויגן. ער האט זיך א וואקל געגעבן און א פאל געטאן צו דר'ערד, ווי אן אונטערגעזעגטער בוים.

ווען מ'האט אים, קוים א לעבעדיקן ארויפגעלייגט אויפן וואגן צו ברענגען אים צוריק אהיים, האט ער דורך פארשווימטע ליפן געהאלטן אין איין מורמלען:

— איך וועל זיי מ־מ־מסרן... איך וועל זיי מ־מ־מסרן !..

# שלמהקע דער "שרייבער"

דאָס איז שוין א דבר ידוע לכל, אז יעדער שטעטל האָט געהאַט א טבע זיך צו באַרימען און זיך אויסצופּיינען מיט אירע וווּנדערלעכע, אויסטערלישע זאַכן, וואָס נאָר זי האָט געהאַט די זכיה עס צו האָבן. ווי למשל: איין שטעטל האָט זיך געהאַט איבערגענומען מיט איר הויכן באַרג, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט שיר ניט צו די כמאַרעס; א צווייט שטעטל האָט זיך שטאַרק געגרויסט מיט איר רייכן גביר, וואָס פאַרמאָגט אַוואַדע קורחס אוצרות; א דריט שטעטל איז געווען ביי זיך זייער שטאָלץ מיט איר שיינער, פּראַכטפולער שול, מיט איר זעלטן שיינעם, אויסגעשניצטן אָרון־קודש, מיט די לייבן, הירשן און אָדלערס, וואָס קוקן אויס ווי לעבעדיקע, און נאָך אַזעלכע וווּנדערלעכע זאַכן.

אָט נעמט א שטייגער די שטאָט קאַמעניץ־ליטאָווסק: זי האָט זיך געהאַט שטאַרק איבערגענומען מיט איר גרויסן, היסטאָרישן סלופּ, וואָס לויט אן אַלטער לעגענדע, האָט אים געבויט עפּעס א פאַרצייטיקער, ליטווישער דוכס (א פירשט). און כדי דער "סלופּ" זאָל זיין שטאַרק ווי א פעלז און קאָנען ביישטיין דעם שונא, האָט מען די ליים פאַר זיינע ציגל געקנאָטן מיט געלכלעך פון אייער, אַנשטאָט מיט וואַסער . . .

אין די לעצטע יאָרן, פון אונדזער צייט, האָט די זעלבע שטאָט קאַמעניץ זיך שטאַרק געגרויסט מיט איינעם פון אירע "זין", מיטן נאָמען "שלמהקע דער שרייבער", וואָס האָט געלעבט אין איר מיט.

און ווערליק דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט אים געקענט, געווען זיין בעסטער יוגנט־חבר, קאָן עדות זאָגן, אז שטאָט קאַמעניץ האָט טאַקע געהאַט מיט וואָס זיך צו באַרימען און זיך צו גרויסן מיט אים. וואָרים דער קליינער שלמהקע מיט די בלויע אויגן, פולן קיילעכדיקן פּנים און מיט די ראָזעווע בעקלעך און מיט די מיידלשע חן־גריבעלעך אין זיי, איז געווען א זעלטענער עקזעמפּליאַר. נאָך אין זיינע קינדער־יאָרן האָט מען אויף אים שוין געהאַט געזאָגט, אז ער וואַקסט א "כלי", א גרויסער עלוי; ער האָט טאַקע פאַרמאָגט א שאַרפן קאָפּ און א פענאָמענאַלן זיכרון, אַזוי אז מ'האָט געקוקט אויף אים ווי אויף א וווּנדער־קינד.

דער דאָזיקער שלמהקע איז טאַקע גאָר אין גיכן באַרימט געוואָרן

אין דער גאנצער געגנט אלס גרויסער "שרייבער". אבער ניט עפּעס סתם א שרייבער, פון וועלכע ס'איז מעשה־ביכלעך, נאר טאקע אן אמתער "שריי־בער". . . ווארים ווער נאך האט געקאנט אנשרייבן אזוי שיין א רוסישע פּראשעניע ווי ער?! ניט נאר א פּראשעניע (א ביטע) צו א וועלכן ס'איז שררה, נאר טאקע צום גובערנאטאר אליין! און אז מ'האט געדארפט, האט ער אויך אפילו געקענט "דערלאנגען" א פּראשעניע צום קייסער! עפּעס א קלייניקייט, איר שפּילט זיך מיט שלמהקע דעם שרייבער ? . .

ניט נאר איז ער געווען א מאדים אויף רוסיש לשון, נאר אויך אין אנדערע שפּראכן, ווי למשל: דייטש, פּויליש. "און ווען אונדזער שטאט קא־מעניץ וואלט ארונטערגעפאלן אונטער דער ממשלה פונם "פּעטער ישמעאל", דעם טערק, וואלט שלמהקע באלד געווארן א טערקישער שרייבער". אזוי פלעגט מען אויף אים זאגן אין שטעטל, בלשון גוזמא.

אנדערע פלעגן נאך צוגעבן אין שפּאס: "אט דאס וואס ער איז אזא "מזיק" א שרייבער, האט ער עס צו פאַרדאנקען ניט קיין אנדערן ווי דעם מלאך גבריאל וואס איז דער ממונה אויף אויסצולערנען די יונגע נשמהלעך די שבעים לשונות, נאר איידער זיי נידערן אראפּ אויף דר'ערד געבארן צו ווערן, גיט ער זיי א שנעל אונטערן נאז, אין דער אויבערשטע ליפּ, וווּ ס'פארבלייבט א סימן דאס גריבעלע, פארגעסן זיי באלד אלץ וואס זיי האבן ביי אים אין הימל געלערנט. אבער אונדזער שלמהקען האט ער, ווייזט אויס, געהאט פארגעסן צו געבן אט דעם שנעל אונטער דער נאז, איז זיין נשמהלע אראפּגעקומען אויף דר'ערד מיט אלע אויסגעלערנטע שבעים לשונות, די זיבעציק שפּראכן . . . אזוי האט מען געשמועסט וועגן אים אין שטעטל.

* * * * *

דעם דאזיקן גרויסן טאלאנט זיינעם צום שרייבן, האט ער געירשנט פון זיין טאטן, יאסל דעם "שרייבער", וואס איז געווען יארן־לאנג דער איינציקער רוסיש־יידישער לערער אין שטאט פאר די רייכע, באלעבאטישע יינגלעך און מיידלעך. א חוץ דעם איז ער אויך געווען דער איינציקער פּראַ־שעניע־שרייבער, מחמת יאסל דער שרייבער, אדער יאסל מאנדלבלאט, האט פארמאגט אזא זעלטענע שיינע האנטשריפט, סיי אין יידיש און סיי אין רוסיש, אז מ'האט זיך מיט זיין "כתב־יד" געהאט ארומגעטראגן אויף חידו־שים. אפילו די שטאטישע רוסישע נאטשאלסטווא, ווי דער "סודיא" (ריכ־טער), דער רוסישער גלח, דער פּוילישער אפּטייקער און דער "נאטשאלניק פּאטשטא", האבן זיך מיט אים ניט געקענט פארמעסטן אין זיין שרייבן רוסיש. אט אזא ספרא רבא איז ער געווען.

ווען נאר ס'איז פארגעקומען א יאריד, א יאר־מארק אין שטאט, איז יאסל מאנדלבלאטס שטוב געווען געפּאקט מיט גויים און מיט גוייעס פון די ארומיקע דערפער, און אויך מיט יידן־סוחרים, מעקלער, וואס פלעגן קומען

צו אים, אז ער זאָל אָנשרייבן פאר זיי שטר־מכירהס, וועקסלען, קאָנטראַקטן, "קופטשעס", אָדער "פּראָשעניעס" צו פּריצים און צו הויכע רוסישע שררות.

פון אַט די דאָזיקע צוויי פּרנסות: לערעריי און "שרייבעריי", האָט דער שטילער, באַשיידענער יאָסל מאַנדלבלאַט געצויגן זיין חיונה פאר זיין ווייב און קינדער.

זיין זון שלמהקע אבער, האָט נאָך אריבערגעשטייגט זיין טאַטן אין דער "חכמת הכתיבה". ווען ער איז נאָך געווען א ייִנגל פון יאָר 12-13, איז ער ביי זיין טאַטן שוין געווען די רעכטע האַנט: ער האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין זיינע רוסישע קלאַסן; איינגעחזרט מיט זיין טאַטנס "סטודענטן" די רוסישע גראַמאַטיקע מיט אַלע אירע שווערע "פּאַדעזשן" און "גלאַגאָלן"; געהאָלפן זיי "רעשען" די שווערסטע "זאַדאַטשעס" און נאָך אַזעלכע זאַכן צו וואָס מ'האָט געדאַרפט האָבן א שאַרפן קאָפּ.

און איינמאָל, אין א גרויסן יאַריד, ווען זיין טאַטע האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט "איספּראַווען" מיט אַזוויפיל גויים און גויעס, וואָס האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף זייער "פּראָפעסאָר" יאָסל מאַנדלבלאַטן, אַז ער זאָל זיך שוין נעמען צו זיי, און זיי זאָלן קאָנען אויסגיסן פאר אים זייער ביטער האַרץ, האָט דער קליין־געוויקסיקער שלמהקע זיך דורכגעשטופּט צווישן די הויכע, געזונטע גויים, זיך אַוועקגעזעצט ביים צווייטן ברעג־טיש און גענומען אַרויסהעלפן זיין טאַטן אין שרייבן די רוסישע בריוו און די רוסישע פּראָשעניעס. פון דעמאָלט אָן, האָט ער שוין מער ניט אַרויסגעלאָזט די פּען פון האַנט; פון דעמאָלט אָן האָט זיך געהאָט אָנגעפאַנגען זיין שרייבערישע קאַריערע.

לכתחילה האָבן זיין טאַטנס "קליענטן", די גויים און די גויעס, ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין זונדל "שליאַמקא". וואָרים ווי קומט אַזא יונגער "כלאָפּעץ" זאָל קאָנען שרייבן רוסישע "פּראָשעניעס" צו נאַטשאַלסטוואָ? ס'האָט אָבער ניט געדויערט לאַנג ווי זיי האָבן זיך דווקא אָנגעהויבן רייסן, אַז נאָר ער, "שליאַמקא", מאַנדלבלאַטס "סינאָק" (זונדל) זאָל שרייבן, מחמת זיי האָבן אויסגעפונען, אַז ווען נאָר דער דאָזיקער חברה־מאַן שרייבט עפּעס אָן פאר זיי, איז מען שוין זיכער מיט הצלחה.

און כ'לעבן, ס'איז טאַקע געווען זייער טשיקאַווע צו זען ווי אַט דער קליינינקער שליאַמקא, מיטן קיילעכדיקן שוואַרץ־טונקעלן חנעוודיקן פּנימל, זיצט ביים גרויסן טיש, אַרומגערינגלט מיט הויכע, געזונטע פּויערים און פּויערטעס וואָס ריידן זיך אַראָפּ פאר אים פון האַרצן, אַנטפּלעקן פאר אים אַלע זייערע סודות, זוכן ביי אים אן עצה, א ראַט צו אַלע זייערע צרות. און ער, דאָס קליינינקע ווערוריקל, הערט זיך איין מיט אן אויער, און בשעת מעשה לויפט זיין הענטל מיט דער פּען איבערן ווייסן בויגן פּאַפּיר, מיט אַזא גיכקייט, ווי עפּעס א "ניט־גוטער", א רוח וואָלט אין איר געזעסן, און האַלט אין איין צייכענען עפּעס אַזעלכע שיינע פּאַסיקלעך, רינגעלעך, שטעקעלעך מיט

קעפּלעך פון אויבן, וואָס קוקן אויס ווי שוועמלעך, און אַלע אַזעלכע גלייכע, געמאָסטענע שורהלעך, אַז ס'איז אַ מחיה צו קוקן אויף זיי . . .

פאַרשטייט זיך, אַז ווען נאָר אַזאַ פּראָשעניע איז אַריינגעפאַלן אין די "הויכע פענצטער" פון נאַטשאַלסטוואָ, האָט זי אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם. זיי האָבן דאָרט די אויגן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אַזאַ געשריפטס, פון אַזעלכע וואונדערלעכע, געטאָקטע אותיות! ניט אַנדערש, האָבן זיי דאָרט געטראַכט ביי זיך, אַז דאָס האָט געמוזט שרייבן אַ באַיאָרנטער מענטש, אַן אויסגעשטודירטער אַדוואָקאַט, אַן אָנגעזעענער נאָטאַריוס, ווי קאָן דען אַנדערש זיין? ס'האָט קיינעם ניט געקענט איינפאַלן, אַז די דאָזיקע פּראָשעניע האָט געשריבן אַ יונג יידיש בחור'ל, וואָס וווינט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל מיטן נאָמען קאַמעניץ-ליטאָווסק.

נו, איז אַ חידוש וואָס שלמהקעס פּראָשעניעס האָבן אויפגעטאָן אַזעלכע וואונדיירים, אַזוי אַז אַלע בקשות אין זיי, זיינען שטענדיק דערפילט געוואָרן?

געזאָגט האָט מען אין שטעטל, אַז שלמהקע, יאָסל מאַנדלבלאַטס זונדל "וואַקסט אַ לייט"; ווער ווייס, ווו ער וועט נאָך אַמאָל אָנשפּאַרן? . . קיין בייז אויג זאָל אים נאָר ניט שאַדן . . . און כאָטש קאַמעניצער יידן און בפרט נאָך זאַסטאַוויער, האָבן אין יענער צייט ווייניק געהאַלטן פון די רוסישע "שקאָלעס", אָבער וואָס שייך שלמהקען האָבן אַלע געמוזט צוגעבן, אַז ווען מ'זאָל אים געוואָלט שיקן לערנען און שטודירן אין אַ רוסישער גימנאַזיע, און ווער רעדט אין אַן אוניווערזיטעט, וואָלט אַזאַ שלמהקע מיט אַזאַ גאָונישן קאָפּ און מיט אַזאַ גאָלדענער פען אין דער האַנט, געקענט ווערן דער גרעסטער און דער באַרימטסטער אַדוואָקאַט אין דער וועלט און וואָלט מיט דער צייט געבראַכט אַ סך נוצן און כבוד דעם יידישן פאָלק, ווי למשל, דער באַרימטער יידישער "מליץ יושר", דער אַדוואָקאַט אָסקאַר גרוזנבערג, דער פאַרטיידיקער פון ביילים-פּראָצעס . . .

איז ערשטנס, זיין טאַטע, יאָסל מאַנדלבלאַט, מיט אַלע זיינע לערערשע און שרייבערישע פּרנסות, געווען אַ גאַנץ היבשער אָרעמאַן; צווייטנס, כידוע, איז אין יענער צייט פיל גרינגער געווען דורכצופירן אַ עלפאַנט דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, איידער אַריינצוגעבן אַ יידישן בחור'ל אין אַ רוסישער גימנאַזיע; און, דריטנס, צו וואָס האָט שלמהקע געדאַרפט פאַרן לערנען אין אַ גימנאַזיע, אַז ער אַליין איז געווען אַ גאַנצע גימנאַזיע! מיט זיין שאַרפן קאָפּ האָט ער אַלע גימנאַזיסטלעך און סטודענטלעך געקענט פאַרשטעקן אין גאַרטל . . .

* * * * *

די ערשטע גרויסע וועלט-מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן אינם יאָר 1914, האָט ניט נאָר געמאַכט אַ סוף צו יאָסל מאַנדלבלאַטס רוסישע "אָר־ראָקן" (פּריוואַטע לעקציעס) און צו זיינע און צו זיין זונס באַרימטע רוסישע

פראשעניעס, נאר אויך צו אלע רוסישע שררות, גובערנאטארן מיט זייער צאר ניקאלײ איניינעם . . .

איבער דער שטאט קאמעניץ און שטעטעלע זאסטאוויע, ווי איבערן גאנצן געגנט, האט שוין געהערשט ביד חזקה דער דייטשישער קייזער ווילהעלם. און צוזאמען מיט דער דייטשישער מיליטערישער אקופאציע, האט זיך איבער שטאט און דארף פארשפרייט די מלוכה פון הונגער.

דייכע, יוסטע באלעבאטים, געוועזענע קרעמער, שענקער, האבן געמוזט אויספארקויפן זייער ביסל צירונג, וואס איז איבערגעגאנגען צו זיי בירושה, זייערע בגדי שבת און יום־טוב, און כלי בית, און פאר דעם ביסל אפגעלייזטן געלט איינגעקויפט דא א פוד מעל אויף ברויט, און דא א זעקל קארטאפל מיט וואס די נשמה צו דערהאלטן. און נאך מער ווי ביי אלעמען, האט דער הונגער, דער דלות זיך צעלייגט ביי יאסל מאנדלבלאטן אין שטוב. ווארים זינט דער דייטש איז אריין, האט זיך שוין מער קיינער ניט גענויטיקט אין זיין רוסישער גראמאטיקע און אין זיינע רוסישע פראשעניעס. ער איז איצט געווען אן אמתער יורד.

זיין 15־16 יאריקער זונעלע שלמהקע, איז ווי אלע שטעטלשע יונגעלייט, געלעגן וואכן און חדשים באהאלטן אויף א בוידעם און מורא געהאט ארויסצושטעקן די נאז אינדרויסן, כדי חלילה ניט אריינצופאלן אין די הענט פון דער דייטשישער פעלד־זשאנדארמעריע וואס האט שוין ניט איין יידישן בחורל געכאפט און אוועקגעשיקט ארבעטן אין די צוואנג־באטאליאנען , וואס האבן זיך געהאט געפונען אין די ביאלאוועזשער וועלדער, אדער צו גראבן אקאפעס (טראנשייען) הינטער דעם רוסיש־דייטשישן פראנט.

און כדי צו פארטרייבן פון זיך די שרעק פאר די דייטשישע "היצלעם" און די לאנגווייליקייט פון ליגן אויפן האלב־טונקעלן בוידעם און דעם הונגער וואס האט אזוי שטארק דאקוטשעט אין די געדערים, האט שלמהקע, דער גרויסער מתמיד, געהאלטן אין איין "חזרן", "זוברעווען" די דייטשישע שפראך, מיט דער הילף פון א רוסיש־דייטשישן ווערטער־בוך, אזוי אז ער איז שיר ניט געווארן אן אמתער דייטש . . .

ערשט ווען ביי אים אין שטוב איז שוין געהאט אויסגעגאנגען דאס לעצטע שטיקל ברויט, האט שלמהקע שוין מער קיין כוח ניט געהאט אויסצוהאלטן זיין הונגער און אויך דעם צער פון זיינע פארהונגערטע טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידערלעך, האט ער זיך אנטשלאסן אויף זייער א געוואגטן שריט, וואס האט זיך געגרעניצט ממש מיט מסירת נפש.

אין דער שטיל, אז קיינער פון זיינע שטוביקע זאלן זיך חלילה ניט דערוויסן, האט ער זיך ארויסגעגנבעט פון זיין באהעלטעניש, און מיט היינטער־וועגלעך אוועק צו דער דייטשישער קאמאנדאנטור. ער האט זיך, ווי על פי נס, דורכגעשליכט פארביי דעם דייטשישן פאטרול מיט דער ביקס, וואס איז געשטאנען ביים אריינגאנג אויף דער וואך, און מיט זיכערע טריט אריין

אין דער "שרייב־שטובע", ווו ס'האט זיך געפונען די הויפט־קוואַרטיר פונם דייטשישן הויפטמאן, אין וועמעס הענט ס'איז געלעגן דאָס לעבן און טויט פון יעדער איינעם אין שטאָט.

דער הויפטמאן, אַ מיטל־יאָריקער מענטש, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט שטייפע, גרוילעכע וואָנצעס, איז געזעסן ביי אַ גרויסן שרייב־טיש, מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, די אויגן פאַרגראָבן אין אַ פּאַק פּאַפּירן, אַזוי אַז ער האָט אפילו ניט באַמערקט, אַז עמיצער שטייט פאַר אים. שלמהקע האָט זיך ניט פאַרלאָרן און מיטאַמאָל, אַן איין אָטעם, געגעבן אַ שיס אַרויס:

— הער הויפטמאַן, איך קאָן שרייבן און לייענען דייטש און אויך שנעל רעכענען . . . איך בעט דעם הער הויפטמאַן צו געבן מיר אַ שטעלע אַלס שרייבער. מיין פאָטער און מוטער הונגערן שטאַרק . . .

דער צעוואַקסענער, פעט־לייביקער הויפטמאַן, דערהערנדיק אַזעלכע גיכע דיבורים, האָט באַלד אַ כאַפּ געטאָן פון טיש זיין בינאָקל, עס "אָנגע־זאָטלט" אויף זיין אויג און אָפּגעמאָסטן דעם יונגן, קליין־געוואַקסיקן יידישן "קערל" פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, מיטן היטל אין האַנט און קוקט צו אים גלייך אין פּנים אַריין.

— זאָגע עס נאָכאַמאָל! — האָט דער הויפטמאַן אַ זאָג געטאָן מכלומרשט מיט אַ שמייכעלע.

שלמהקע האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און באַלד ווידער איבער־געחזרט אויף גיך זיין בקשה, אַז ער קאָן זייער גוט שרייבן דייטש און שנעל, לויפיק רעכענען. ער קאָן עס גלייך אויפן אָרט באַשטעטיקן. זאָל נאָר דער הער הויפטמאַן אים געבן די דערלויבעניש . . .

דער הער הויפטמאַן האָט אים ווידער באַטראַכט אַ ווילע און פּלוצ־לונג זיך צעלאַכט אויפן קול, אַזוי אַז זיין רויטלעכער פּרצוף־פּנים מיט די שטייפע וואָנצעס זיינען געוואָרן איין שטיק צונטער. ס'איז קענטיק געווען אַז דער דאָזיקער יונגער קערל מיט זיין דרייסטקייט און מיט זיין נאַיוון פאַרלאַנג צו ווערן ביי אים אַ שרייבער, האָט אים שטאַרק אַמוזירט. ווארים ווען ניט דאָס, וואָלט ער אים באַלד געוועז געהייסן אַרויספירן אין מיטן מאַרק און אים דאָרט אָפּציילן אַ פּאָר צענדליק פייערדיקע שמיץ מיט זיין שפּיצרוט, ווי ער האָט שוין געהאַט געטאָן צו אַ סך אַנדערע יידן אין שטאָט . . .

— קום נאָר אַהער, דו קליינער, פאַרשייטער יודע! לאָמיך טאַקע זען ווי גוט דו קאָנסט שרייבן דויטש! — און דערביי האָט ער אים דערלאַנגט אַ־זייטל פּאַפּיר און אַ זאָג געטאָן שוין מיט אַ באַפעל:

— זאָפאָרט מוסטו אָנשרייבען דיין "לעבענס־לאויף", ד"ה, שלמהקע דאַרף אים, איינס און צוויי, דאָ אויפן אָרט אָנשרייבן זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע: ווער ער איז, ווי אַלט ער איז און דער עיקר, ווו און ווי אַזוי ער האָט זיך דאָס אויסגעלערנט דויטש . . . .

שלמהקע, א בלייכער, מיטן שווארצלעכן, תאריקן פוד אויף זיינע קוים־שפראצנדיקע וואנצעלעך, האט זיך צוגעזעצט אויף א האלבן בענקל, און מיטן גאנצן אימפעט זיך צוגעכאפט צום ווייסן פאפיר, און גענומען לויפן איבער אים ווי א שרעטל, אזוי אז אין פארלויף פון געציילטע מינוטן האט ער פאר די אויגן פונם הויכן, גראבן פרייסישן יונקער, באוויזן אנצושרייבן אין קורצן זיין אויטאביאגראפיע, ווי אזוי ער איז ביזן קריג געווען א געהילף ביי זיין טאטן דעם רוסישן לערער און "שרייבער". און פון אים טאקע האט ער זיך דאס אויסגעלערנט די "חכמת השרייבעריי" און געשריבן פאר די פויערים פראשעניעס, ביטעס צו דער רוסישער נאטשאלסטווא און אזוי ווייטער און ווייטער.

פארשטייט זיך, אז ווען מ'וואלט אים געלאזט, וואלט שלמהקע נאך געקאנט שרייבן א סך. אבער מיטאמאל האט דער הויפטמאן געגעבן א ריס ארויס פון אונטער זיינע הענט דאס פארשריבענע פאפיר און גענומען גיך־גיך לייענען און געבליבן זיצן א דערשטוינטער. ער האט ממש זיינע אייגענע אויגן ניט געגלויבט, אז דאס האט אנגעשריבן דאס דאזיקע יידישע בחורל. און דער וואונדער איז נאך גרעסער, וואס ווערליק ער שרייבט. האט ער עס באוויזן אויסצולערנען אין משך פון עטלעכע חדשים, מיט דער הילף פון א רוסיש־דייטשישן ווערטער־בוך.

אוודע, וואס אמת איז אמת, האט זיין שרייבן דא און דארט ניט געשטימט מיט די געזעצן פון דער דייטשישער גראמאטיקע, און די אויס־לייגעכץ איז אויך ניט געווען אזוי פינקטלעך. דערפאר אבער איז די שנעל־קייט און די פלינקייט פון זיין שרייבן, און היינט די האנטשריפט זיינע גאר וואונדערלעך! וואונדערלעך! גרויסארטיק! — האט דער הויפטמאן געמורמלט צו זיך פון גרוים איבערראשונג.

ער האט באלד איינגעזען, אז פאר אים שטייט ניט קיין געוויינלעכער יידישער יינגל, נאר א שרייבער, א קינסטלער, א ווירטואז אויף זיין געביט, וואס אזעלכן איז גאר א זעלטנהייט צו געפינען. ער איז געווען דאנקבאר דעם צופאל וואס נאר אים איז געלונגען צו אנטדעקן אזא טאלאנט. ער איז צוגעגאנגען צו שלמהקען, ארויפגעלייגט זיין שווערע האנט אויף זיין אקסל און א זאג געטאן מיט א ווארעמערן טאן, קורץ און שארף, ווי ס'פאסט פאר אן עלטערן מיליטער־מאן:

— דו באקומסט די שטעלע. דו וועסט זיין מיין פריוואט־סעקרעטאר!

עס איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער וואס פאר א רושם די דאָ־זיקע נייעס האט געמאכט אויף דער שטאט. ווו מ'איז געגאנגען און ווו מ'איז געשטאנען, האט מען רק גערעדט וועגן דער דאזיקער אויסטערלישער פאסירונג, וואס האט פאר אלמען געקלונגען ווי א מעשה פון "טויזנט און איין נאכט". עפעס א קלייניקייט, אין דער צייט ווען דייטשישע זשאנדארן יאגן זיך נאך יידישע יונגעלייט, ווי די הינט־שלעגער, און פארשלעפן זיי אויף צוואנג־

ארבעט, ווערט א יידיש בחורל א פריוואטער סעקרעטאר ביים דייטשישן הער הויפטמאן, פאר וועמען אלע ציטערן אימת־מות.

יידן פארהונגערטע און דערשלאגענע, האבן געזען אין דעם ממש א נס מן השמים. די דייטשישע מיליטערישע קאמענדאטור, מיט איר טרויע־ריק־בארימטער פעלד־זשאנדארמעריע, וואס האט אויף איטלעכן געהאט אנגעווארפן אן אימה, האט שוין מער אזוי ניט געשראקן. פארקערט, איטלע־כער האט אנגעהויבן קוקן אהין מיט א געווויסן שטאלץ, וואס דארט, אינם קייזער ווילהעלמס מלכות, זיצט אן אייגענער, גאר א נאענטער מענטש, שלמהקע יאסל מאנדלבלאטס זון! . .

אז אנדערער אויף זיין ארט וואלט פון אזא פלוצלונגדיקער דערהוי־בונג פארריסן די נאז און אנגעהויבן בלאזן פון זיך. אבער ניט שלמהקע. ער איז געבליבן דער זעלביקער גוטמוטיקער, פריילעכער יאט, מיט איטלעכן געווען א גוט־ברודער, פונקט ווי פריער.

זיין טאטנס שטוב האט ווידער אנגעהויבן שווימלען מיט מענטשן; ווו א צרה און ווו אן אומגליק איז מען באלד געלאפן צו שלמהקען, אז ער זאל זיך איינשטעלן, פארווארפן א גוט־ווארט, אפשרייען א גזירה, ארויסראטעווען א טאטן פון קליינע קינדער פון תפיסה, א שוואכן, קראנקן זון פון דער צוואנג־ארבעט, און נאך אזעלכע שליחותן, וואס די קאמעניצער און זאסטאווייער יידן האבן ארויפגעלייגט אויף זיינע יונגע פלייצעס.

שלמהקע, דער "מקורב למלכות", דער איינציקער פארטרויונגס־מענטש ביים דייטשישן הויפטמאן, האט קיינעם חלילה ניט אפגעזאגט. יע־דער איינעם האט ער אויסגעהערט מיט געדולד, מיט גרויס ישוב הדעת, ווי ער וואלט שוין געווען א באיארנטער יידישער שתדלן. און דערפאר טאקע האט איטלעכער, ייד און גוי, געטראגן צו אים א ברכה אויף די ליפן.

און פונקט ווי יוסף הצדיק, אין זיין צייט, האט געדינט געטריי זיין האר, פרעה מלך מצרים, אזוי אויך האט שלמהקע געזען, אז זיין האר, דער דייטשישער הויפטמאן, זאל אויך תמיד זיין זאט. ווארים שלמהקע דער "שרייבער", מיט זיין שארפן יידישן קעפל, האט געהאלטן, אז כדי צו קאנען ארויסקריגן פון דעם דייטשישן מושל חסדים און טובות פאר דער ארעמער יידישער באפעלקערונג, דארף ער זען, אז זיין האר, דער מושל איבער דער שטאט, זאל האבן פון אלעם גוטן. הגם די באפעלקערונג אין דעם אקופירטן געביט האט געהונגערט, אבער צו דער דייטשישער קאמענדאטור האט גע־שטראמט א טייך מיט בלערליי שפייז־ארטיקלען: פלייש, פוטער, קעז, אייער און האניק, וואס שלמהקעס געטרייע "אגענטן" האבן געהאט צוגעשטעלט.

פארשטייט זיך, אז פון די אלע מתנות, "תרומות" און "מעשרות", וואס דער הער הויפטמאן האט געקראגן פון זיינע אונטערגעארדנטע, האט שלמהקע זיין פריוואט־סעקרעטאר און דאלמעטשער, אויך געהאט אפגעלעקט א ביינדל . . . אבער קיינער האט אויף אים דערפאר קיין תרעומות ניט

געהאט. פארקערט, איטלעכער האט אים נאך צוגעווונטשן, אז ס'זאל אים ווויל באקומען, ער האט עס כשר פארדינט . . . ווארים, א דאנק שלמהקעס שתדלנות, האט זיך דער שטאט קאמעניץ, אין פארגלייך מיט די אנדערע שכנישע שטעט און שטעטלעך, געלעבט פיל בעסער און זי האט געהאט וויני־קער אויף וואס זיך צו באקלאגן.

אבער, כידוע, מוז דאך, פריער צי שפעטער, קומען א סוף צו יעדער גוטער זאך, ווי צו יעדער שלעכטער זאך. איז פלוצלונג, אינם יאר 1918, געקומען א סוף צום קייזער ווילהעלמס אימפעריע, און ממילא שוין אויך צו דער ממשלה פונם דייטשישן הויפטמאן איבער דער שטאט קאמעניץ מיט איר סביבה. און צוזאמען מיט אים איז אויך זיין פריוואט־סעקרעטאר, דער שרייבער און דאלמעטשער שלמהקע, דער יונגער יידישער שתדלן, אראפ פון זיין גדולה.

אין מאטיע רעזניקס שיינעם, פאראדנעם הויז, וווּ ערשט ניט לאנג צוריק האט דארט "געקעניגט" דער דייטשישער הויפטמאן, איז שוין געזעסן שטייף אין זאטל די טרויעריק־בארימטע פוילישע זשאנדארמעריע . . .

* * * * *

די נייע, פוילישע מאכט האט אנגעהויבן איר הערשאפט איבער די אזוי גערופענע "קרעסן" — די געוועזענע רוסישע געביטן, מיט א שרעקלעכן טע־ראר קעגן דער יידישער באפעלקערונג. די טרויעריק־בארימטע פוילישע לעגיא־נערן, די "האלערטשיקעס" און די "פאזנאנטשיקעס", האב גערויבט יידישן האב און גוטס, געשניטן יידישע בערד, געמאכט פאגראמען אויפן אמאליקן רוסישן שטייגער, אז אימה איז באפאלן די יידן. יעדער איינער איז געלעגן באהאלטן בחדרי חדרים. ביי יעדער קלאפ אין טיר האבן די האר אויפן קאפ זיך געשטעלט קאפויר. יידישע מאמעס האבן זייערע טעכטער, וואס האבן געשמט מיט זייער יידישן חן, פארשלייערט אין אלטע, צעריסענע קליידער, פארשמירט זייערע פנימער מיט סאזשע, כדי דעם שונאס אויג זאל חלילה נים פאלן אויף זיי . . .

נאך די טריט פון דער פוילישער ארמיי, איז באלד געקומען די פוי־לישע "דעפענסיווא" — די זשאנדארמעריע, וואס האט זיך געשטעלט פאר א ציל אויסצוראטן וואס גיכער דעם באלשעוויזם מיטןווארצל.

באזונדערס האט זי זיך אוועקגעלאזן אין א ווילדן געיעג נאך דער יידישער יוגנט, וואס איז אין אירע אויגן געווען די טרעגער פון באלשעוויזם און טראצקיזם. פארן קלענסטן חשד האט זי פארשפארט הונדערטער אומ־שולדיקע יידישע בחורים און מיידלעך אין די תפיסות, וווּ מ'האט זיי געפיי־ניקט מיט שוידערלעכע אינקוויזיטארישע מיטלען: אריינגעשטעלט די האנט פונם באשולדיקטן צווישן טיר און ביישטידל ביזביים אומגליקלעכן זיינען איבערגעבראכן געווארן די פינגער אויף צווייען; געשטאכן מיט שפילקעס אונטער די נעגל: געגאסן פלעשער ריצנאייל אין האלדז אריין און סתם געקא־

טעוועט דאס לייב מיט גומענע שטעקנס, ביז דער קרבן איז אוועקגעפאלן אין אנמאכט און איז געצווונגען געוועז זיך מודה צו זיין אויף אזעלכע חטאים, וואס ער איז קיינמאל ניט באגאנגען.

יידישע טאטעס און מאמעס זיינען ארומגעלאפן פארצווייפלטע, געקלאגט און געוויינט, געבראכן מיט די הענט און ניט געוווסט ווו ס'זיינען אהינגעקומען זייערע קינדער. שרעק און גרויל האבן אנגעפילט יידישע הערצער.

* * * * *

דער נייער פוילישער פאליציי־קאמענדאנט, וואס איז געקומען אין 1920, באלד נאך דער רוסיש־פוילישער מלחמה, קיין קאמעניץ איינצופירן די נייע "וולאסט", האט די גאנצע שטאט מיט איר אומגעגנט געהאלטן ווי אין א קלעם. ניט איינמאל אין טאג פלעגט ער, רייטנדיק אויף זיין פערד, זיך דורכיאגן, ווי א שטורעם, איבער דער שטעט און מיט זיין לעדערנעם ראפניק שלאגן און ממיתן ווער נאר ער האט אנגעטראפן אויף זיין וועג.

יידן האבן מורא געהאט ארויסצושטעקן די נאז אינדרויסן. איטלעכער איז געזעסן מיט זיין ווייב און קינדער הינטער פארהאקטע טירן. קרעמער האבן מורא געהאט אויפצומאכן זייערע קרעמלעך. אויף איטלעכן האט געציטערט די הויט. יעדער איינער האט געפילט, אז אויב דער דאזיקער ווילדער, משוגענער פוילישער קאמענדאנט וועט לענגער אנהאלטן זיין פינצטערע משלה איבער דער שטאט, וועט די שטאט מיט איר גאנצן מסחר און האנדל גיין צו גרונט.

שלמהקע מאנדלבלאט, ווי אלע קאמעניצער און זאסטאווער יונגעלייט איז געלעגן באהאלטן ערגעץ אויף א בוידעם־שטאל צווישן אנגעווארפענעם שטרוי און געציטערט אויפן גאנצן לייב. ערשטנס, איז ער דאך עפעס א יידישער בחורל . . . צווייטנס, איז ער דאך געוועזן א שרייבער, א פריוואטסעקרעטאר און א דאלמעטשער ביים דייטשישן הויפמאן, וואס פאר דעם אליין איז געקומען די גרעסטע שטראף . . . די טעג און די וואכן אויפן בוידעם איז פאר אים געוועזן א גיהנום. זיין גרויסע שפרודלדיקע ענערגיע, וואס האט זיך געריסן פון אים, האט אים ניט געלאזט איינרוען. ער האט געפילט, אז ער מוז עפעס וואס טאן, אויב ניט, וועט ער חלילה פון זינען אראפ. ער האט שוין ניט איינמאל געפרוווט איבערציילן די שטרויעלעך, וואס האבן זיך געקלעפט ארום אים, אבי צו פארטרייבן פון זיך די לאנגווייליקייט, וואס האט אים גענאגט ביים הארצן, און ס'האט ניט געהאלפן.

איינמאל, ווען זיין יונג ברודערל האט אים שטילינקערהייט געבראכט דאס עסן, האט ער אים איבערגעגעבן א געהיימע שליחות, אז ער זאל גיין צו זיין גוטן פריינד, דעם פוילישן אפטייקער, און נעמען ביי אים עטלעכע פוילישע ביכער צום לייענען, א פוילישע גראמאטיקע און א פוילישן ווערטערבוך און עס ברענגען צו אים.

שלמהקע "דער שרייבער" האט זיך באלד ארויסגעוואָרפן מיט זיין גאנצן ברען אויף די פוילישע ביכער, "געזשוברעוועט" די פוילישע גראמאטיקע מיט אירע כללים, געהאלטן אין איין שרייבן און "איבן" מיט זיין פען די פוילישע שפראך, וואס ער האט שוין פון פריער אביסל געקאנט, א דאנק זיין אפטן קומען אין קאנטאקט מיט דער קליינער פוילישער באפעלקערונג פון דער "גוישער גאס". ער האט טאג און נאכט געלערנט מיט גרויס התמדה, אזוי אז ער האט שוין מער ניט געפילט דעם ביטערן טעם פון זיין לאנגן אפריכטן גלות אויפן האלב־פינצטערן בוידעם־שטאל, אין שכנות מיט דער בהמה . . .

שלמהקע מיט זיין שארפן גאונישן קאפ, און מיט זיין זעלטענעם זיכרון, וואס איז געווען פאר אים ווי א פאטאגראפישער אפאראט, האט שוין נעהאט פארשלונגען אין זיך די פוילישע גראמאטיקע, מיט דער פוילישער אויסלייגעכץ, ווי ער וואלט שוין געווען אן עכטער פאליאק. ער האט אנגעהויבן מיט א פינגער שרייבן אין דער לופטן פוילישע בריוו, פוילישע "פאדאניעס", ווי ער וואלט ניט געלעגן באהאלטן אויף א בוידעם, נאר ווי ער וואלט געזעסן אין א פוילישער קאנצעלאריע, צווישן שטויסן פאפיר און ביכער . . . ער האט דערפילט אז ס'איז שוין געקומען פאר אים די צייט, אז ער זאל "נתגלה ווערן", ארויסקריכן פון זיין באהעלטעניש. ווארים ס'איז דאך עפעס ניט קיין תכלית אייביק צו ליגן אויף א טונקעלן בוידעם און הערן ווי די בהמה מאלעגיירעט אונטן אין שטאל . . .

האט ער זיך אנגענומען מיט מוט, אראפגעקראכן פון בוידעם, אפגעטרייסלט פון זיך די שטרויעלעך, און ווי א צעשראקן חיהלע זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן. געזען, אז קיינער זעט ניט, האט ער מיט גיכע טריט אנגעהויבן צו שפרייזן דורך הינטערוועגעלעך גלייך אהין, צו דער פוילישער פאליציי־קאמענדאטור, וו ערשט ניט לאנג צוריק האט נאך דארט געוועלטיקט זיין האר, דער דייטשישער הויפטמאן.

אוודע וועט איר זאגן, און מיר וועלן מיט אייך געוויס מסכים זיין, איז פאר א יידישן בחורל, אין יענע פינצטערע בהלה־טעג, צו גיין "אפשטאטן א וויזיט" צו אזא פוילישן פאליציי קאמענדאנט, געווען א ריינע משוגעת, ווי איינער וואלט גענומען זיין אייגענעם קאפ און אריינגעשטעקט דעם לייב אין פיסק. אבער שלמהקע, ווי ער האט נאכדעם אליין דערציילט, האט אין דעם קריטישן מאמענט זיך ניט אפגעגעבן קיין רעכענונג צו וואס פאר א מוראדיקער סכנה ער האט זיך אליין אויסגעשטעלט. ס'האט אים ארומגעכאפט א שטארקער דראנג אנצופאנגען ווידער צו "פידלען" מיט זיין פען. אט דער דאזיקער דראנג האט אים איינגאנצן באוועלטיקט און אים געטריבן צו גיין אהין, און ער איז געגאנגען . . .

דער קאמענדאנט, מיט דער לעדערנער נאהייקע אין דער האנט, וואס איז שוין געווען גרייט זיך ארויסצולאזן אויף זיינע "אויספלוגן" איבער דער שטאט, האט אנגעשטעלט אויף אים זיינע גרויע, ביסטרע אויגן און שוין געוואלט אים "מכבד זיין" מיט דער נאהייקע ווי ס'געהער צו זיין, אבער

דא איז אים שלמהקע פארלאפן אפריער דעם וועג און אין איין אטעם ארויסגעפראלט:

— יאסני וויעלמאזשני פאן קומענדאנט! איך קאן די פוילישע שפראך אין ווארט און אין שריפט . . . איך בין געקומען געבן מיין דינסט מיין נייעם פוילישן פאטערלאנד . . .

ביים קאמענדאנט האט זיך אזש אנגעצונדן די פוילישע יוכע. דעם יידליקס פאטריאטישע דעקלאראציע איז אים קענטיק געווען שטארק דערוויי־דער, בפרט דער טאן און דאס געשטעל פון אט דעם יונגן זשידיק, האט אים דערמאנט אויף דער חוצפה מיט וועלכער עס צייכנט זיך אוים די דאזיקע ראסע, פון וועלכער דאס נייע פוילישע פאטערלאנד וויל אזוי גערן פטור ווערן . . .פונדעסטוועגן האט ער זיך באהערשט מחמת ס'איז אים באפאלן א חשק זיך א שפיל צו טאן אביסל מיט זיין קרבן, וואס וועט שוין סיי ווי פון אונטער זיינע הענט ניט אנטרונען ווערן. האט ער מכלומרשט קאלט־בלוטיק ארויסגעציששעט דורך די ציין:

— ווער האט דיר געזאגט, אז די "זשעטשפאספאליטא פאלסקא" נויטיקט זיך אין זשידאווסקע שרייבער ? ! . . .

שלמהקע האט זיך אבער ניט פארלארן. מיט א באזאכטן קול און מיט די שענסטע, באפליגלטע פוילישע ווערטער האט ער גענומען פאר אים דער־קלערן מיט וואס איינגנטלעך ער קאן "לייסטן" זיין דינסט פארן נייעם פוילישן פאטערלאנד. ער האט זיך גנעדיק פארנויגט און ווייטער גענומען ריידן:

— יאסני וויעלמאזשני פאן קומענדאנט! די היגע באפעלקערונג, יידן און פראוואסלאוונע פויערים און מעשטשאנעס, פארשטייען נאך זייער ווייניק די פוילישע שפראך. מ'דארף פאר זיי האבן א מענטשן וואס זאל קאנען ריידן צו זיי אויף זייער אייגענעם לשון און נאכדעם עס איבערזעצן אויף פויליש. דאס וועט פיל פארגרינגערן די ארבעט פון דער פוילישער פאליציי־קאמענדאטור.

דער קאמענדאנט האט אים נאכאמאל אפגעמאסטן מיט א שארפן בליק און א מורמל געטאן:

— טא יעסט ראזומני זשידיק, — און באלד אויסגעשריען מיט א באפעלערישן קול:

— כאדזש טוטאי, זשידקו פשיאקרעוו! — און גלייך א כאפ געטאן פון טיש א בויגן פאפיר און עס דערלאנגט שלמהקען און א זאג געטאן מיט צארן:

— לאמיך נאר זען, וואס דו קענסט!

שלמהקע האט זיך צוגערוקט צום טיש, אוועקגעלייגט דאס היטל אויף די קני, גענומען דיין שרייב־פען אין האנט, אנגעשטעלט זיינע בלויע, קינדישע אויגן אויפן קאמענדאנט און מיט א ציטער אין הארצן געווארט אויף זיין באפעל.

— שרייב וואס איך וועל דיר דיקטירן! שרייב! אלע זשידעס זיינען באלשעוויקעס, שונאים פונם נייעם, אויפגעוואכטן פוילישן פאטערלאנד! מ׳דארף זיי אלע ווי איינעם אויסשיסן ווי די הינט! . .

דער קאמענדאנט האט פארדרייכערט א סיגארעטל, פארזשמורעט מיט אן אויגל און דאס צווייטע אנגעשטעלט אויף שלמהקען, געוואלט זען וואס וועט דער דאזיקער חוצפהדיקער זשידיק טאן . . . שלמהקע האט אויסגע־האלטן זיין שארפן, חוזקדיקן בליק און שווער אפגעאטעמט . . .

— נו, זשידיק, פשיא־קרעוו! פארוואס שרייבסטו ניט?! שרייב הײם איך דיר!!! — און דערבײ זיך פארמאסטן איבער אים מיט זיין לעדער־נעם ראפניק.

שלמהקע איז געבליבן זיצן אנטקעגן אים ווי אין א פארגליווערטער פאזע און מיט א פעסטן טאן א זאג געטאן:

— יאסנע וויעלמאזשני פאן קאמענדאנט! איך בין א ייד . . . איך קאן אזעלכעס ניט שרייבן אויף מיין פאלק . . .

דער קאמענדאנט האט אזש א שפרונג געטאן פון ארט ווי א שלאנג וואלט אים א ביס געטאן. אויף אזא חוצפה פון א יידליק האט ער זיך ניט גערעכנט. אבער דער רויקער און דורכדרינגלעכער קוק מיט וועלכן דער זשידיק האט געקוקט אויף אים, האט אים ווי אנטוואפנט. ער האט אראפגעלאזן די גאהייקע צו דר׳ערד און א זאג געטאן קורץ:

— שרייב וואס דו ווילסט, זשידיק! לאמיר שוין זען דיין פוילישן!

שלמהקע האט זיך צוריק צוגעזעצט אויפן בענקל, זיך געמאכט באַ־קוועם און אויף גיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, אנגעהויבן שרייבן דאס וואס ער האט מיט א האלב צענדליק יאר צוריק געשריבן אויף זיין "עקזאמען" פארן דייטשישן הויפטמאן. ער האט ווידער באשריבן זיין לעבנס געשיכטע, ווי ער האט נאך יינגלווייז געהאט ארויסגעהאלפן זיין טאטן, דעם רוסישן "נאטשיטשעל" אין זיין שקאלע און אויך געארבעט אלס סעקרעטאר און דאלמעטשער ביים דייטשישן הויפטמאן, וואס איז געזעסן אין דעם זעלבן הויז וווּ עס געפינט זיך איצט די פוילישע קאמענדאנטור. ער האט קיין זאך ניט פארהוילן. און איצט, איז ער מוכן ומזומן צו דינען מיט אלע זיינע כוחות דער נייער פוילישער "וולאסט". און צום סוף האט ער נאך מוסיף געווען, אז וואס שייך זיין פאליטישע און מאראלישע ארנטלעכקייט, קאן דער פאן קאַ־מענדאנט זיך אנפרעגן ביים פוילישן קסיאנדז (גלח) און ביים פוילישן אפּ־טייקער.

די גאנצע צייט וואס שלומהקע האט "געפידלט" מיט זיין פען, האט דער קאמענדאנט ניט אראפגענומען פון אים זיין אויג. ער האט זיך גאר ניט געקענט אפּוואונדערן ווי אזוי די פען אינם יונגן זשידיקס האנט לויפט ווי א טייוול איבערן פאפיר. און ווען שלמהקע האט פארענדיקט שרייבן, האט ער א כאפ געטאן דעם פארשריבענעם פאפיר און זיך איינגעגעסן אין אים מיט

זייגע שארפע, שפּיזלדיקע אויגן, און בשעת מעשה גערדרייט א שפּיץ פון זיין שטייפן, בלאנדן וואנצעלע. און וואס מער ער האט געלייענט, אלץ מער האט זיין פנים באקומען אַ מענטשלעכן אויסזען. ס'איז קענטיק געווען, אז די שיינע, אויסגעציקלטע פּוילישע אותיות האבן ארויסגערופן ביי אים א דרך־ארץ. ער האט באלד פארלארן זיין פריערדיקע שנאה און צינישקייט צו אט דעם יונגן יידישן ייִנגל בחורל, וואס איז געשטאנען פאר אים מיטן היטל אין דער האנט און געווארט אויף זיין אורטייל . . .

ענדלעך האט דער קאמענדאנט א זאג געטאן שוין מיט א ווייכערן טאן:

— פשא־קרעוו (הינטיש בלוט), א זשידיק ביסטו טאקע, אבער פּויליש שרייבן קאנסטו ניט שלעכט! ווו האסטו זיך דאס אויסגעלערנט? ביי די מאסקאלעס, ביי דיינע באלשעוויקעס ? . .

— פון זיך אליין! — האט שלמהקע געענטפערט.

— וואס הייסט פון זיך אליין? — האט אויסגעשריען דער קאמענ־דאנט, ווי ניט מיט זיין קול.

— נאך איידער די דייטשן זיינען אוועק, האב איך אין דער שטיל, ווען נאר איך האב געהאט צייט, געלערנט פּויליש, געלייענט פּוילישע ביכער.

— פארוואס האסטו דאס אזוי ליב פּויליש?

— איך האב געוווסט, אז די דאזיקע געגנט, איניינעם מיט אונדזער שטאט קאמעניץ, וועט ווערן א טייל פון פּוילן, דארף מען קאנען דאס לשון פון דער מלוכה . . .

די לעצטע ווערטער פון שלמהקען האבן אויפן קאמענדאנט געמאכט א שטארקן רושם. ער האט אנגעהויבן שפּרייזן גיך הין און צוריק איבער דער קאנצעלאריע און עפּעס געמורמלט צו זיך. ער האט באלד איינגעזען, אז דאס דאזיקע פעיק יידל וואלט אים געבראכט גרויס נוצן. דורך אים וואלט ער זיך אפשר גיכער געקאנט דערשלאגן צו א העכערן ראנג, צו וואס ער האט שוין לאנג געגארט. אבער פון דער צווייטער זייט, איז ער דאך א זשיד, טא ווי קאן מען אזעלכן ארייַנלאזן אין א פּוילישער קאנצעלאריע, צווישן אמתע, עכטע פּוילישע זין? האט ער זיך געשלאגן מיט דער דעה.

פּלוצלונג איז אים איינגעפאלן א געדאנק. ער איז צוגעלאפן צום טיש, א כאפּ געטאן א שטיקל פּאפּיר און עפּעס אויף גיך אנגעשריבן אויף דעם. ער האט אריינגערופן א סאלדאט און אים באפעלן גלייך גיין ערגעץ אוועקטראגן דאס צעטל. דער סאלדאט מיט דער ביקס איז באלד פארשוווּנדן.

ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי אין דער קאנצעלאריע האבן זיך אריינ־געשטעלט צוויי הויכע, חשובע געסט: דער פּוילישער גלח און דער פּוילישער אפּטייקער.

דער קאמענדאנט האט זיך ארומגעכאפּט מיט זיי ווי מיט אלטע, גוטע־פריינט, א קוש געטאן דעם גלח אין דער האנט און זיי פארבעטן צום טיש, און דערביי זיך פארענטפערט, וואס ער האט זיי מטריח געווען אהער.

מחמת ס'איז א וויכטיקער ענין וועגן וועלכן ער וויל זיך מיט זיי באראטן. ער האט זיי באלד דערציילט פון זיין אומגעריכטן גאסט, דעם זשידיק, וואס געפינט זיך איצט ביי אים אין צווייטן צימער, און דערביי זיי דערלאנגט שלמהקעס געשריפטס.

ביידע חשובע לייט, דער גלח און דער אפטייקער, האבן זיך באלד ארויפגעווארפן אויפן פארשריבענעם בויגן־פאפיר, און מיט גיריקע אויגן גענומען לויפן איבער די שורות. זיי האבן זיך אזש פאסמאקעוועט מיטן שיינעם פויליש און נאך מער מיט דער זעלטענער געקינצלטער האנטשריפט, בפרט ווען דאס קומט פון א יידישן בחורל, וואס איז אפשר דער איינציקער אינם רוסיפיצירטן געגנט וואס קאן אזוי שיין שרייבן זייער פוילישן לשון . . .

דער פוילישער אפטייקער, מיט די לאנגע, בלאנדע וואנצעס, וואס איז בטבע געווען א גרויסער טשודאק, מיט א שוואכקייט צו מוזיק און צו קונסט, און דערצו נאך א לאנג־יאריקער גוטער־פריינד פונם געוועזענעם רוסישן לערער, יאסל מאנדלבלאט און זיין משפחה, איז אזוי שטארק גערירט געווארן פון שלמהקע דעם שרייבערס קאמפאזיציע, ווי ס'וואלט געווען איינע פון די גרעסטע קונסט־ווערק. ער האט אנגעהויבן לויבן שלמה־קען און זיינע פעיקייטן מיט אזא התפעלות, ווי שלמהקע וואלט געווען זיין ליבלינג. ער האט אויך אנגעהויבן דערציילן וואס פאר א פיינער און ארנט־לעכער בחורל דער דאזיקער שליאמקא איז, ווי ער האט ניט איינ־מאל, בעת דער דייטשישער אקופאציע, ארויסגעראטעוועט עכטע, פוילישע "אביוואטעלעס" (בירגער) פון די נעגל פון דער דייטשישער זשאנדארמעריע אא"וו. אויף זיינע אלע לויב־ווערטער האט דער הויכער, דארער "פאטערל", דער פוילישער גלח צוגעשאקלט מיטן קאפ, ווי א באשטעטיקונג אויף זיינע רייד.

אין דעם מאמענט איז שלמהקעס גורל פארזיגלט געווארן צום גוטן. און טאקע גלייך אויפן ארט, האט דער קאמענדאנט, פאר די אויגן פונם פוילישן גלח און אפטייקער, געהייסן ארייגרופן שלמהקען פונם דערביי־איקן צימער, און מיט א פארטרוילעכן, גוטמוטיקן טאן א זאג געטאן צו אים:

— שליאמקא, פון היינט אן און ווייטער וועסטו זיין מיין "סעק־רעטאזש".

דער גלח און דער אפטייקער האבן אים געדריקט די האנט און אים געווונטשן הצלחה אויף זיין נייער שטעלע, און דערביי האט דער קאטוי־לישער "פאטערל" צוגעגעבן מיט א פרומער מינע:

— מיר האפן, אז דו וועסט דינען געטריי דאס נייע פוילישע פא־טערלאנד . . .

* * * * *

ווען די שטאט קאמעניץ, וואס איז די גאנצע צייט געווען ווי אין א קלעם, האט זיך דערוווסט, אז זייער שלמהקע איז פלוצלונג געווארן א "שרייַ־בער" ביים פוילישן קאמענדאנט, דעם רשע מרושע, איז געווארן ששון ושמחה.

גאַנץ שטאָט איז געגאַנגען כאַדאָראַם. אײנע די אַנדערע האָבן זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב. ווו.מ'איז געגאַנגען און ווו מ'איז געשטאַנען האָט מען רק געהאַלטן אין אײן ריידן וועגן דער אויסערגעוויינלעכער געשעעניש, וואָס אַלע האָבן עס באַטראַכט ווי אַ נס מן השמים.

און ווי דער שטייגער איז ביי יעדער גרויסער פּאַסירונג, האָט זיך אויך באַלד אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן כלערליי מעשות און לעגענדעס, וואָס אײנע איז געווען פאַנטאַסטישער פון דער צווייטער, ווי אַזוי עס איז געשען דער נס גדול; ווי אַזוי עס איז צושטאַנד געקומען דער "שידוך" צווישן שלמהקען און דעם פּוילישן קאָמענדאַנט, דעם שונא ישראל. ניט אַנדערש, האָבן אַלע געזאָגט, אַז דער דאָזיקער שלמהקע פאַרמאָגט עפּעס אין זיך אַ מאַגישע קראַפט, וואָס ער קאָן ניט נאָר זיך אויסלערנען אין אײן "שמע ישראל" אַ נייע שפּראַך, נאָר ער קאָן אויך יעדער בייזן הערשער, צי דאָס איז אַ דייטשישער הויפּטמאַן, צי אַ פּוילישער קאָמענדאַנט, פאַרוואַנדלען מיט אײן קוק פון זײַנע אויגן אין אַ מענטשן מיט מענטשלעכע געפילן . . .

און טאַקע ווי גיך שלמהקע "דער שרייבער" האָט זיך באַזעצט אין דער פּוילישער קאָמענדאַנטור, האָט די שטאָט באַלד דערפילט אַ דערלייכטערונג. דער ווילד - צעיושעטער קאָמענדאַנט האָט שוין מער ניט געמאַכט זײַנע טרויעריקע אָפּטע "אויספלוגן" איבער דער שטאָט; ער האָט שוין מער ניט געשלאָגן מיט זײַן לעדערנעם ראַפּניק איבער יידישע קעפּ ווי פריער, ווי דער בייזער גייסט וואָלט זיך פון אים פּלוצלונג אָפּגעטאָן...

שלמהקע איז באַלד געוואָרן ביי אים זײַן רעכטע האַנט, זײַן גאַנצער בעל־יועץ. און היות קיין צרות און קיין אומגליקן האָבן דעמאָלט ניט אויסגעפעלט ביי יידן, איז יעדער מיט זײַן שווערן פּעקל צרות באַלד געלאָפן צו שלמהקען, ווי מען לויפט צו אַ "גוטן יידן". ער האָט ניט אײן יידן אַרויסגעראַטעוועט פון תפיסה און ניט אײנמאָל אָפּגעשריען אַ גזירה. אין פּלוצלונג אַראָפּגעקומען דער אַקציזניק, האָט ער שוין שטילערהייט באַלד מודיע געווען, ד"ה, געגעבן "אָנצוהערעניש", אַז די יידישע קרעמער און שענקער זאָלן זען באַצייטנס "אויסראַמען דעם חמץ". . . האָט די פּוילישע זשאַנדאַרמעריע זיך געקליבן דורכצופירן ביינאַכט אַן אַבלאַווע אויף דער יידישער יוגנט, וואָס אײניקע פון זיי האָבן זיך געהאַט אָפּגעגעבן אין געהיים מיט רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, האָט שלמהקע שוין געזען, אַז די יוגנט זאָל עוקר זײַן פון דער היים. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן אַזוי געשיקט און אַזוי קלוג, אַז ס'זאָל חלילה אויף אים ניט פאַלן אַ מינדסטער חשד, אַז ער גיט אַרויס סודות פון חדר . . .

אַזוי אַרום איז דער יונגער בחורל שלמהקע געוואָרן דער "פּרנס העיר", דער יידישער שתדלן ביי דער קהילה קדושה ד'קאַמעניץ דליטא און איר סביבה. און פּונקט ווי ער האָט אַזוי געטריי געדינט זײַנע ברידער־יידן, אַזוי אויך האָט ער מיט געטריישאַפט געדינט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, די פּראַוואָסלאַוונע ווי די קאַטוילישע, פון דער "גויישער גאַס". אַזוי אַז אַפילו די גויים

האבן אים באטראכט פאר א זייעריקן און ניט איינמאל אים בשאנקען מיט ברכות און מיט מתנות.

* * * * *

אין גיכן האט די פוילישע מלוכה איבערן גאנצן לאנד און איבער די "קרעסן", אין די געוועזענע רוסישע געביטן, גענומען איינפירן א ציווילע מאכט אנשטאט דער מיליטערישער. די שטאט קאמעניץ האט, צום ערשטן מאל אין איר געשיכטע, גענומען זיך גרייטן דורכצופירן וואלן פאר איר שטאטישן מאגיסטראט (שטאט־רעגירונג).

וואס איז שייך א בירגער־מייסטער, האבן סיי יידן און סיי קריסטן באשלאסן פה אחד, אויסצוקלייבן דעם ליבעראלן פאליאק איסאקעוויטש, דעם פריץ פונם שכנישן סטאראשעווער הויף, וואס האט געשמט פאר אן אמתן אוהב ישראל. אזוי אויך ווען ס'איז געקומען צום אויסקלייבן א שטאטישן סעקרעטאר, האבן אלע יידן און גויים, געשטימט פאר שלמהקען, כאטש זיין קעגנער איז געווען אן אמתער פאליאק, א קאטאליק.

ווי גיך מ'האט זיך געהאט דערוווסט די רעזולטאטן פון די וואלן, איז גאנץ שטאט, יידן און מעשטשאנעס, געקומען צו לויפן צו שלמהקען אפגעבן אים מזל־טוב. דער באגייסטערטער עולם האט אים א כאפ געטאן אויף די הענט און מיט גרוים יובל און פאראד געטראגן אים איבער דער גאס ביז צום שטאטישן מאגיסטראט.

אוודאי האבן ניט איינמאל פוילישע אנטיסעמיטן געזוכט כלערליי עצות ותחבולות צו באזעצן דעם דאזיקן אמט מיט אן עכטן פוילישן קאטאליק, אבער ס'איז זיי ניט געלונגען. שלמהקעס פאזיציע איז געווען שטארק ווי דער גיבראלטאר. קיינער האט ניט געקאנט קאנקורירן מיט זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן.

אויף די יערלעכע קאנקורסן, וואס די פראווינציעלע פוילישע רעגירונג פלעגט דורכפירן צווישן אירע ציווילע באאמטע, האט שלמהקע דער "שרייבער" פונם קאמעניצער מאגיסטראט, שטענדיק באקומען די העכסטע אויסצייכענונג, אזוי אז זיין אמט איז ניט איינמאל שטארק געלויבט געווארן פון די סאמע העכסטע פוילישע נאטשאלסטווע.

די קאמעניצער און זאסטאוויער יידן פלעגן טאקע ניט איינמאל זיך וויצלען איבער זייער שלמהקען, דעם "שרייבער", און זאגן: " א גרויסער נס איז אונדז געשען וואס אונדזער שלמהקע איז . . . א ייד. ווארים, חלילה וחס, ווען ער וואלט געווען א גוי, וואלט ער דאך, מיט זיינע געבענטשטע פעיקייטן, שוין לאנג געווען אנגעשפארט אין די "הויכע פענצטער" פון דער פוילישער מלוכה, אין דער עיר הבירה ווארשע". . . טא ווי וואלט שטאט קאמעניץ געקאנט אויסקומען אן שלמהקען ? . .

אזוי האט שטאט קאמעניץ געקוקט אויף שלמהקען און זיך בארימט מיט אים ווי מיט א גרויס געשאנק, וואס נאר זי האט זוכה געווען צו האבן אזא געטרייען זון אין איר מיט . . .

# פישל דער מילנער

די דריי גרויסע ווינט־מילן, וואָס האָבן זיך געפונען הינטערן שטעטל, האָבן פּאַרנומען זייער אַ וויכטיקן פּלאַץ אינם לעבן פון שטעטל און אירע אַרומיקע דערפער. וואָרים, חלילה, וחס, ווען ס׳וואָלטן קיין מילן ניט געווען, וואָלט שטעטעלע זאַסטאַוויע ניט געהאַט קיין ביסן ברויט איבער וואָס "המוציא" צו מאַכן . . .

ווי ס׳האָט שוין ניט איינמאָל, זומער, געהאַט געטראָפן און ס׳איז באַפאַלן אַ גרויסע טריקעניש אויף די פעלדער, האָבן יידן און אויך להבדיל, גויים אָפּגעריכט תפילות, געבעטן אויף רעגן, אַזוי האָט מען ניט איינמאָל געבעטן גאָט אויף ווינט, וואָס זאָל קומען און נעמען דרייען די "שמיגעס", די פליגלען פון די ווינט־מילן און אָנמאָלן ברויט פאַר קליין און גרויס, פאַר ייד און גוי.

איז ווי נאָר גאָט ברוך הוא האָט דערהערט די תפילה פון זיינע קינדער און האָט אַראָפּגעשיקט אַ "גוטן" ווינט, איז געוואָרן אַ גדולה, אַ שמחה אין שטעטל. מ׳האָט באַלד געוואָרפן די אַרבעט אין פעלד און אין שייער, מ׳האָט געכאַפּט און געשפּאַנט פערד און וואָגן און ווער זיין זעקל־קאָרן אויפן פּלייצע און אָוועקגעלאָפן מיט דעם צו פאַרכאַפּן וואָס גיכער אַן "אָטשערעד" אין די מילן.

דאָס פּלאַץ אַרום די מילן, ווו ס׳האָט שטענדיק געהאַט געהערשט אַ שטילקייט, אַזוי אַז מ׳האָט אַפילו געקאָנט הערן דאָס זשומען פון אַ בין, איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יאַריד. דער גאַנצער אַרום איז באַלאַגערט געוואָרן מיט פערד און וועגענער, מיט מעשטשאַנעס פון דער גוייִשער גאַס, מיט פּויערים און פּויערטעס פון די שכנישע דערפער, וואָס האָבן געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד צו קאָנען שוין אַ שמעק טאָן דעם פרישן ריח פונעם אָנגעמאָלענעם ברויט־מעל . . .

און ביז וואַנען די מילן וועלן באַווייזן אָפּצומאָלן איטלעכנס "קאָוואַלעק" קאָרן, האָט דער אָנגעלאָפענער עולם דערווייל געכאַפּט און אויסגעשפּאַנט די פערד, אָנגעטאָן אויף זיי די טאָרבעס. די אויסגעהונגערטע פערד האָבן זיך באַלד אַ נעם געטאָן צו דער אכילה, געכראָמזשעט געשמאַק דעם האָבעריק, פון גרויס הנאה צוגעפינטלט מיט די אויגן־דעקלעך, צוגעשאָקלט

מיט די אויערן, געשמיסן אויף רעכטס און אויף לינקס מיט די ווידלען,
כדי צו פארטרייבן פון זיך די בייזע קאמארן, און אלע ווילע זיך צעהירזשעט
אויפן קול.

יידן באלעבאטים, מעשטשאנעס "בעלי גופים" פון דער גוישער
גאס, און פויערים פון די דערפער, אלע באקאנטע, גוטע־פריינט, מיט וועלכע
מ'האט יארן־לאנג געהאנדלט, געמסחרט, האבן זיך אויסגעזעצט אויפן גראז,
וואס פארן מיל, ארויסגענומען די בייטעלעך מאכארקע, אדער דעם טיטון,
צונויפגעוויקלט פון פאפיר לאנגע פאפיראסן, אנגעשטאפט די ליולקעס און
פאררויכערט. און פארפירט צווישן זיך א געמיטלעכן שמועס.

און וועגן וואס צו שמועסן איז גראד געווען א סך: מכוח דעם היי־
יאריקן "אוראזשיי", וועגן דער גערעטעניש אויף די פעלדער, וועגן די שווערע
"פאדאטקעס", "נאלאגן", שטייערן און צינזן, וואס מ'דארף צאלן צו דער
פוילישער מלוכה; און וועגן דעם ברענענדיקן יקרות, וואס וואקסט ווי קרא־
פעווע, אזוי אז פאר א פאר נייע שטיוול דארף מען באצאלן דעם שוסטער מיט
עטלעכע זעקלעך תבואה. איז טאקע שלעכט, ברידערלעך. באלד אבער קומט
ארויף דער שמועס וועגן נאך א גרעסערער צרה, וועגן נאך א גרעסערן אומ־
גליק, מכוח דער מלחמה. ווארים ווערליק די "גאזעטן" שרייבן, טראגט זי
זיך שוין ארום אין דער לופטן, קאן א ליאדע טאג אויסברעכן.

איז כדי צו פארטרייבן פון זיך די אומעטיקע מחשבות, וואס באפאלן
דיך ווי זלידנע פליגן, הייבט איטלעכער אן צו פארדרייען א פרישן פאפיראס
טיטון, שטאפט אן א פרישע ליולקע מיט מאכארקע, און מען ציט אריין אין
זיך נאך שטארקער דעם זיסלעכן־ביטערלעכן רויך פונם טאבאק, און צוזאמען
מיטן אויסגעשפיגענעם רויך פון מויל, שפייט מען אויס פון זיך די אנגעקלי־
בענע ביטערניש אויפן הארצן . . .

בינתים, אין צווישן־צייט, כאפט דערווייל דער ייד א טאפ ביים
גוי אין וואגן, קויפט איין ביי אים א "פערטל" תבואה, אן עוף, א צענדליק
אייער, א פעלכל, א בינטעלע חזיר־האר וכדומה. מיטן אפגעלייזטן ביסל
מזומן, לויפט באלד אוועק דאס פויערל אין שטעטל, צום יידן אין קרעמל,
קויפט דארט איין א טאפ־זאלץ, א פרענטל־זייף, א פעקל־שוועבעלעך, א
פעקל טיטון צום רויכערן, א ליאטשיק־נאזע, א קרענצל־בייגל — א מתנה
פאר דער "ווייבערא" און קינדער . . .

אזוי לאנג ווי דער ווינט האלט אין דרייען די "שמיגעס", די פליגלען
פון די "וויעטראקעס" (ווינט־מילן), גייט אן דער משא ומתן, דער האנדל־
וואנדל, דער פריינדלעכער שמועס צווישן ייד און גוי, צווישן גוי און ייד, ווי
ס'וואלט גאר ניט געווען קיין צוויי באזונדערע פעלקער מיט "מיין גאט" און
"דיין גאט", נאר ווי זיי אלע וואלטן געווען קינדער פון איין טאטן, וואס
זיצן אין מנוחה און אין שלווה אויף דער זעלבער ערד, אונטער דעם זעלביקן,

זוניקן, בלויען הימל, און זיי אלע געהערן זיך אן צו איין שטאם און צו איין אמונה אין אחדות הבורא . . .

* * * * *

די דריי ווינט־מילן, וואס זיינען געשטאנען איינע אנטקעגן דער אנדערער ווי א סגל ,האבן ניט געהאט דעם זעלבן חן, די זעלבע צוציונגס־קראפט אין די אויגן פון שטעטל און אירע ארומיקע פויערים און מעשטשאנעס פון דער ״גויישער גאס״. פארשטייט זיך, אז די שולד איז ניט געלעגן אין דער אדער אין יענער ווינט־מיל, נאר אין זייערע באלעבאטים, די מילנער, מיט וועלכע ס׳איז כדאי זיך צו באקענען.

צום ערשטן וועלן מיר פאר אייך פארשטעלן גרשון דעם מילנער, מחמת ער איז געווען א מילנער בן מילנער; זיין טאטע, זיין זיידע און עלטער־זיידע האבן געהאט געצויגן זייער חיונה פון — ווינט, און טאקע פון דער זעלבער מיל, וואס איז שוין געווען גאר א זקנה.

געווען איז ער א קליין, דאר מענטשעלע, מיט א קליין קעפעלע, וואס ער האט געהאט א טבע צו האלטן אנגעבויגן אויף א זייט, מיט א פאר קלייניקע, פארזשמורעטע אייגעלעך, וואס זיינען געזעסן טיף פארגראבן אין זיין פויגלשן פנימל און מיט א קליין־שיטערן ציגן בערדל, אזוי אז מיט זיין גאנצן אויסזען האט ער געמאכט א רחמנותדיקן איינדרוק, ווי ער וואלט זיך געבעטן: ״טשעפע מיך ניט און איך וועל דיך ניט טשעפען״. . . א חוץ די אלע אויסגערעכנטע מעלות זיינע, מ׳שטיינס געזאגט, איז ער נאך געווען, ניט פאר קיין יידן געדאכט, אביסל א זאהיקע . . .

אבער דער וואנדער איז געווען, וואס דאס דאזיקע קליין מענטשעלע האט געקענט זיך פארמעסטן אין גבורה אפילו מיטן גרעסטן, שטארקסטן גוי. ער האט אויך געקענט א נעם טאן דעם שווערסטן זאק־תבואה אויפן רוקן און ארויפטראגן אים מיט די טרעפ אין דער הויך צו זיך אין מיל אריין מיט אזא לייכטקייט ווי ס׳וואלט געווען א זאק מיט פעדערן. אט אזא קרעפקע יידל איז דאס געווען.

זיין ווייב עשקע, די מילנערקע, איז געווען פונקט דער היפוך פון אים. זי איז געווען א הויכע, א שלאנקע, מיט א שיינעם, איידעלן פנים און מיט א זעלטן שיינעם בלאנדן קאפ האר, וואס זי האט שטענדיק געהאלטן באהאלטן אונטער א טיכל, ווי ס׳פאסט פאר א באלעבאטישער יידישער טאכטער . . . נאר מיט איין זאך איז זי אינגאנצן פאכאזשע געווען אויף איר געמאל, גרשון: זי איז געווען אזא שווייגנדיקע ווי ער.

וועט איר דאך אוודאי פרעגן: ס׳טייטש? ווי קומט עס, אז אזא יפת־תואר זאל האבן א מאן אזא ״פארשוין״? איז דער תירוץ אזא: ווערליק מ׳האט געהאט געשמועסט אין שטעטל, איז עשקע די מילנערקע יונגערהייט פארבליבן נעבעך אן ארעמע, עלנטע יתומה. איז כדי זי זאל חלילה ניט פארזעסן ווערן ביזן גראען צאפ, האט מען זי, אויס רחמנות וועגן, פארשליי־

ערט מיט אַט דעם „קראַסאָוועץ״, גרשון, וואָס איז געווען אַ „מאַטנס אַ קינד״, דער איינציקער יורש פון בערקע דעם מילנערס מיל מיט דער גאַנצער „כודאַבע״. האָט די שיינע, איידעלע עשקע אַ גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט און געפּראַצעוועט, געקינדלט און געשוויגן...

דער צווייטער מילנער, אביגדור, איז נאָך געווען אַ גרעסערער שווייגער פון זיין שכן גרשון. אַרויסצוקריגן פון אים אַ וואָרט, איז געווען נאָך שווע־רער ווי אַרויסצוקריגן פון אים אַ נדבה. דערפאַר טאַקע האָט מען אים גערופן אין שטעטל „דער מרוק״, ד״ה, אַ ביטערער שווייגער. און אפשר, ווער ווייס, איז דאָס גאָר ניט געווען זיין שולד? וואָרים, אַז מ׳האָט אַ גאַנץ לעבן צו טאָן מיטן ווינט, וואָס ברומט, וואָס פייפט און שטורעמט, לערנט מען זיך שוין אויס אַליין צו שווייגן...

דערפאַר אָבער האָט אים גאָט געבענטשט מיט אַ ווייב, וואָס איז שוין געווען גאָר אַ באַרעדעוודיקע. רעשע האָט זי געהייסן. דאָס איז געווען אַ הויכע, דאַרע יידענע מיט אַ פּנים פון אַ מאַנצביל. אַט די דאָזיקע יידענע־מאַנצביל האָט פאַרמאָגט שוין איינמאָל אַ מענה לשון! אַריינצופאַלן צו איר אין מויל איז געווען חיות ניט זיכער!

די שכנהס אירע, די מילנערקעס, האָבן זיך געהאַלטן פון איר פונ־דערווייטנס, ניט געוואָלט האָבן מיט איר קיין מגע ומשא. האָט זי ניט גע־האַט קיין פרעמדן מיט וועמען זיך צו קריגן, האָט זי אויסגעלאָזן איר כעס אויף איר שווייגנדיקן מאַן, דעם „מרוק״, אָדער אויף אירע צוויי זינדלעך און אויף אירע שטומע ציגג, אויף דער בהמה, אויף דער קאַץ און אויפן הונט. זי פלעגט זיי שעלטן מיט טויטע קללות. אפילו אירע אייגענע טשאַטעס הינער, געגנדז און קאַטשקעס, וואָס זי האָט אַליין געזעצט, האָבן אויך קיין האָניק ניט געלעקט ביי איר. זי פלעגט זיי אויסטיילן דעם ביסן אין מויל, געהאַלטן זיי תמיד פאַרשפּאַרט אין שטוב אָדער אין „קוטשע״, אונטערן באַק־אויוון, כדי דער שוליאַק, דער רויב־פויגל, „אַ נכפּה זאָל אים כאַפּן!״ זאָל זיך ניט „ליאַ־קאַמען״ אויף זיי...

אָבער גאַנץ אַנדערש האָט מען זיך באַצויגן צו דער דריטער מיל און צו איר באַלעבאָס, פישל מילנער, און צו זיין ווייב, פעשע־בלומע דער מיל־נערקע, אָדער ווי די מעשטשאַנעס פון דער גוישער גאַס האָבן זי גערופן „נאַשאַ בלומקאַ״, ד״ה, אונדזער בלומקע, וועגן וועלכער מיר וועלן שפּעטער דערציילן אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל.

די דאָזיקע מיל האָט פאַרמאָגט עפּעס אין זיך גאָר אַ באַזונדערן חן, אַ באַזונדערן מזל, צו וועלכער אַלע אין שטעטל, יונג און אַלט, ייד און גוי, האָבן זיך געצויגן אַהין, ווי ס׳וואָלט אין איר געשטעקט עפּעס אַ מין כישוף. ווי שוין געזאָגט איז דאָס ניט געווען בלויז אין זכות פון דער מיל אַליין, וואָס איז שוין געווען אַ זקנה, אַנגעשטאָפּט מיט יאָרן און האָט שוין היבשלעך אונ־טערגעקרעכצט און אונטערגעסקריפּעט, נאָר אויך אין אירע באַלעבאַטים.

שוין מיט זיין אויסזען אליין, האט פישל דער מילנער זיך געהאט אויסגעצייכנט פון זיינע שכנים, די אנדערע צוויי מילנערס.

ערשטנס, האט ער פארמאגט א שיינע "אסאבע", א הויכער, מיט א בלאנדער בארד, א שיין פנים מיט ראזעווע באקן און מיט א פאר בלויע, קינדישע אויגן. צווייטנס, איז ער געווען א גאנץ בארעדעוודיקער. ער האט געקענט זייער שיין און "סקלאדנע" דערציילן א מעשה.

און מעשות האט פישל געהאט א סך. ווארים איידער ער איז געווארן א מילנער, איז ער שוין אויסגעווען ווו א וועלט האט אן עק. ער האט שוין געהאט באוויזן צוויי מאל איבערצוקרייצן אהין און צוריק דעם ים אוקינוס. און איידער ער האט זוכה געווען ארויפצושטעלן א פוס אויף דער אמעריקא־נער ערד, האט ער וואכן און חדשים געוואנדערט, זיך געשלעפט מיט משא־וואגאנען און מיט אקסן־שיפן, כדי איינצושפארן די הוצאות הדרך. אויף די דאזיקע ווייטע, לאנגע נסיעות זיינע, האט ער זיך געהאט אנגעזען מיט גרויסע וואונדיירים. און היינט וועגן דער "אמעריטשקע גנב", ווי זי האט ביי אים געהייסן, וואס איז באשטאנען אין זיינע אויגן ניט מער ווי די יידישע "נעוויארק", האט ער געהאט צו דערציילן אזויפיל טשיקאווע מעשות, פון וואס זיינע צוהערער פלעגן אנשטעלן מויל און אויערן.

און כאטש אלע אין שטעטל האבן געטראגן אין הארצן א ווארעמען געפיל צו קאלאמבוסעס מדינה און געווען מיט איר פארבונדן ווי מיט משפחה־פעדים, ווייל יעדער איינער האט דארט געהאט א זון, א ברודער, א שוועסטער צי אזוי א נאענטן קרוב, אבער פישל מילנער האט אויסגערעדט אויף איר כל דבר אסור, און זי אנגערופן ניט אנדערש ווי "אמעריטשקע גנב", ווי זי וואלט ביי אים צוגענומען זיין טאטנס ירושה...

דאס איז, פלעגט ער טענהן פאר זיינע שכנים אין בית־מדרש און אויך להבדיל אין מיל, א משוגענע, ווילדע לאנד! אלץ איז דארט הפקר פעטרושקע! א טאטע איז קיין טאטע נים, א ברודער איז קיין ברודער ניט און א ווייב איז קיין ווייב ניט... יעדער איינער האט נאר זיך אין זינען... און מענטשן זיינען דארטן פאראן כחול הים, אנגעלאפענע מארבע פינות העולם, און אלע מיט אזעלכע משונהדיקע געגגלעך און פירונגען, וואס פאסן זיך גאר ניט פאר זרע אברהם, יצחק ויעקב... און ריידן רעדט מען דארט אויף אלע שבעים לשונות. איך זאג אייך, אז אמתער דור הפלגה... און ארבעטן ארבעט מען דארט ווי די אייזלען... און נאך דעם אלעמען פאר־מאגט דארט קיינער ניט אפילו קיין צעבראכענעם דרייער... ווייל זייער גאנצע פארדינסט גייט ביי זיי אוועק אויף דער אכילה; טאג און נאכט האלטן זיי רק אין איין פרעסן און זויפן...

"און וואס איז שייך גאט, פרעגט שוין נארניט! — רופט אויס פישל מיט א קרעכץ. — ער איז דארט נעבעך אויף גרויסע צרות! קיינער קוקט זיך ניט אום אויף אים! קיינער נויטיקט זיך ניט אין אים, ווי ער וואלט נעבעך געווען א יורה, אן ארעמאן, אן אביון... יידישקייט ליגט דארט ניין איילן

אין דער אדמה . . . מען ווייסט ניט פון קיין שבת און פון קיין יום־טוב; פון כשר און טריף . . .

"בקיצור, וואס איז דא לאנג צו ברייען, — פלעגט פישל שטענדיק אויסלאזן, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט א פילאזאפישן טאן, — דער מענטש האט דארטן אויך ניט קיין שום "זנאטשעניע"; דער ארבעטער איז דארט געגליכן צו א שרייפעלע אין א גרויסער מאשין; ווי נאר דאס שרייפעלע ווערט אפגענוצט, ווארפט מען עס ארויס אויפן מיסט־קאסטן און מען שטעלט באלד אריין אויף זיין ארט א נייע שרייפעלע . . .

"אבער דא, ביי אונדז אין שטעטל, — רופט אויס פישל מיט פאנאנדערגענומענע הענט, — איז א מחיה צו לעבן! ווו נאך האט איר אזא רחבות, מיט אזויפיל תבואה־פעלדער, גערטנער און סעדער?! דא איז דאך יעדער איינער א מענטש, א באלעבאס פאר זיך אליין! איך זאג אייך, אז איך וואלט ניט פארביטן איין ווינקעלע מיינס פאר זייער גאנצער אמעריקע ! . ."

ווי איר זעט, האט פישל דער מילנער, ניט געהאט קיין גוטווארט אויף קאלאמבוסעס מדינה. וויפל זיינע פריינט און לאנדסלייט האבן אים דארט ניט געפרוווט איינריידן, אז ער זאל שוין פארבלייבן אויף תמיד אן אמעריקאנער און אריבערברענגען אהין זיין ווייב און קינדער, ווי דאס האבן שוין געהאט געטאן אנדערע פון זיין שטעטל, איז עס זיי ניט געלונגען. ווי גיך ער איז צוגעקומען צו א "פאר־טאלער", האט ער געכאפט דאס זעקל מיטן פעקל און אנטלאפן צוריק אהיים צו זיין ליבן, שטילן געבורט־שטעטעלע זאסטאוויע. און ווען זיינע שווער־אנגעפראצעוועטע דאלארן זיינען ביי אים צערונען געווארן, האט ער זיך ווידער אוועקגעלאזן "צופוס" צו קאלאמבוסן, ווו ער האט ווידער "אפגעבידעוועט" אין א פינצטערן "קעלער", האנדלענדיק מיט שטיינקוילן און מיט שטיקלעך אייז; נאך א צענדליק יאר, ביז איבער דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאס מאל איז ער שוין געקומען אהיים מיט א היבשער אפותיקא. האט ער אפגעקויפט ביי טויבע דער אלמנה די מיל, מיטן קליינינקן שטיבעלע, מיט דער גאנצער כודאבע און איז מיט גאטס הילף געווארן א מילנער.

און געליבט האט פישל זיין היים־שטעטל און זיין מיל מיט אלע פיבערן פון זיין נשמה. ער האט געטאגט און גענעכטיקט אין איר. ווי נאר דער ווינט האט גענומען דרייען די שמיגעס פון זיין מיל, פלעגט אים ארומכאפן א פרייד. א פארשטויבטער, א פארמעליקטער פון קאפ ביז די פיס, פלעגט ער ארומלויפן איבער דער מיל, געארבעט פאר דריי, ווי ער וואלט געווען נאך גאר א יונגערמאנטשיקל. דאס האט ער מיט שאפלע ארויסגעשאפלט די מעל פון קאסטן אין די זעק, און דא איז ער מיט א זאק־תבואה אויף די פלייצעס ארויפגעקלעטערט מיט די טרעפ אין דער הויך און אים ארייגעשאטן אינם "זאשעק", כדי די מילשטיינער זאלן האבן וואס צו מאלן, ווארים אויב ניט, קענען זיי זיך נאך חלילה אנצינדן.

זיין מיל איז טאקע שטענדיק געווען פארוואליעט מיט זעק־תבואה.

אלע זיינע שכנים, יידן און אויך מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס און פּויערים פון די ארומיקע דערפער, האבן זיך רק געריסן צום "ריטעלני פּישקא", אז נאר ער זאָל מאָלן זייער קאָרן, אויף ברויט, נאָר ער זאָל "בייטלען" זייער ווייץ אויף זייערע חנאות. ער האָט זיך גאָרניט געקענט צערייסן. ער האָט געמוזט צו הילף נעמען זיין געטרייע ווייב, פּעשע־בלומע, וואָס איז געווען א בריה נפלאה און אויך זיין זון, איציקן.

און בשעת ער האָט געאַרבעט האָט ער, ווי זיין טבע איז געווען, אונטערגעברומט פאר זיך א_ימים־נוראימדיקן ניגונדל. ער איז געווען גליקלעך. וואָס מער דער ווינט האָט געבלאָזן און וואָס מער די מיל־שטיינער האָבן געקלאַפּט און געטראַסקעט, אלץ מער איז ער דורכגענומען געוואָרן מיט א דערהויבענער, רעליגיעזער שטימונג, ווי ער וואָלט איצט געטאָן א הייליקע ארבעט. ווארים דער ווינט, וואָס רייט אויף די פליגלען פון זיין מיל איז דאָך אויך גאָטס שליח. ער שפּירט מיט אלע זיינע חושים די גרויסע גבורה פון כביכול . . . און ער, פישל, איז אין דער מיט . . . ער, א שוואך מענטשל, קירעוועט עם מיט אָט דער גרויסער "מעכאַנינע", דער מיל, ווי דער קאַפּיטאַן זיין שיף אויפן צעשטורעמטן ים. ווייל ער קאָן ער זי צווינגען צו גיין נאָך שטאַרקער, ווייל ער קאָן ער זי אינגאַנצן אָפּשטעלן. ער איז איר שליט און איר מושל, ווייל "כי הנה כחומר ביד היוצר", ווי די ליים אין דער האַנט פונם טעפּער! ער איז דאָ דער גאַנצער באַלעבאָס! קיינער האָט איבער אים דאָ ניט קיין דעה ! . . . פון גרויס הרחבת הדעת, הייבט ער אָן זינגען נאָך העכער: "לברית הבט ואל תפן ליוצר" — קוק צום בונד פון גאָט און ניט צום יצר הרע . . . ער איז צופרידן און גליקלעך וואָס ער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררייִדן צו בלייבן אין דער זינדיקער אמעריקע . . . א נחת־רוחדיק שמייכעלע צעשפּרייט זיך איבער זיין פאַרמעליקטן פּנים. און דער ווינט וואָס דרייט מיט די שמיגעם פון זיין מיל, כאַפּט אויף זיין ניגון און ברומט צו . . . ווארים ס׳איז דאָך טאַקע א גרויס פרייד צו מאָלן קאָרן און ווייץ אויף מעל, אויף ברויט פאר אלע די וואָס זיינען באַשאַפן בצלם אלוקים . . .

* * * * *

פישל דער מילנער איז אויך געווען א יודע־ספר. ער האָט געקענט אָפּלערנען א פּרשה חומש מיט רש״י, א פּרק משניות, און ווען מ׳האָט געדאַרפט, האָט ער אויך אפילו געקענט דורכקריכן א בלעטל גמרא. אין די לעצטע יאָרן, ווען די גרויסע, שאַרפע קעפּ, די למדנים פונם שטעטעלע זאַסטאַוויע, זיינען שוין לאַנג נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה, איז פישל מילנער, ניט ווילנדיק, געוואָרן זייער "ממלא מקומם". דאָס איז געטאָן געוואָרן שלא מדעתו, אָן זיין אייגענעם ווילן, ווייל בטבע איז פישל געווען א שטיל, באַשיידן מענטשל; ער האָט זיך קיינמאָל ניט געשטופּט צום אויבנאָן. נאָר איינמאָל, אין בית־מדרש, זיינען צוגעקומען צו אים עטלעכע שכנים זיינע און געזאָגט צו אים אזוי:

— פישל, סערדצע, כ׳לעבן שוין צייט, אז דו זאָלסט נעמען מיט אונ׳דז

עפּעס לערנען. וואָרים מיר קאָנען דאָך דיך און מיר ווייסן דאָך, אַז דו פאַר־שטייסט זיך גוט אויף די שוואַרצע פּינטעלעך, טאָ וואָס־זשע שווייגסטו? זיי אונדז מזכה כאָטש מיט וואָס עס איז!

לכתחילה איז דער שטילער, באַשיידענער פישל געבליבן זיצן ווי אַ געפּלעפּטער. וואָס הייסט? ווי קום איך, פישל מילנער, צו ווערן פּלוצלונג אַ "רבי"? — האָט ער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, זיך געררויטלט, ווי אַ כלה־מיידל צו וועלכער מ'איז געקומען צום ערשטן מאָל ריידן אַ שידוך, און ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן. ערשט, אַז די שכנים זיינען שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער, באין ברירה, זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם ווילן פון "פאָלק" און איז געוואָרן זייער "רבי".

און טאַקע באותו היום, נאָך איינם זעלבן טאָג, בין מנחה למעריב, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ "טיש מיט יידן" און ער האָט גענומען לערנען מיט זיי, פריער אַ פּרשה חומש מיט רש"י, נאָכדעם אַ פּרק "עין יעקב" און אויך אַ פּרק משניות, און געלערנט האָט ער מיט אַזאַ זיסן, האַרציקן ניגון פון וואָס דער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאַט. ערשט דעמאָלט, האָבן יידן אין בית־מדרש זיך געכאַפּט וואָס פאַר אַ שיינעם קול נגינה זייער "רבי", פישל דער מילנער, פאַרמאָגט. זיינען זיי ווידער צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל זיי אויך מיט דעם מהנה זיין. איז ער שוין אויך געוואָרן פאַר זיי אַ שליח ציבור, פריער אין די שבתים און ימים־טובים, ביז ער האָט געשטיגן אַלץ העכער און העכער און איז געוואָרן אַ "בעל מוסף" אין די ימים־נוראים. געדאַוונט האָט ער מיט האַרץ, מיט נשמה, אַזוי אַז דער גאַנצער עולם האָט שטאַרק אַנגעקוואַלן.

פישל האָט איצט געזען באַשיינפּערלעך, אַז דער רבש"ע איז מיט אים. וווּ נאָר ער טוט זיך קערן און ווענדן איז ער מצליח. ער האָט אים אויסגע־לייזט פון קאָלאָמבוסעס פאַרגוויישטער מדינה, און אים געבראַכט בשלום צוריק אהיים — אל המנוחה ואל הנחלה... ער איז געבענטשט געוואָרן מיט פולקייט: אַ באַלעבאָס איבער אַזאַ גרויסער מיל מיט אַזאַ גרויסער "כאַזאַי־סטווע"! און איצט נאָך אַ "רבי", אַ בעל תפילה פאַר אַזאַ עדה יידן! .. איז פון גרוים פרייד האָט ער אָנגעהויבן דאַוונען נאָך מיט מער כוונה און געלערנט מיט מער התמדה...

# פעשע־בלומע די מילנערקע

די געבענטשטע און די באַליבטסטע פון אַלע ווייבער אין שטעטל איז געווען פעשע־בלומע, פישל מילנערס ווייב, וועלכע די מעשטשאַנעס פון דער גוישער גאַס האָבן גערופן "נאַשאַ בלומקאַ", ד"ה, אונדזער בלומקע.

זי איז טאַקע געווען אַן אויסערגעוויינלעכע פרוי, געבענטשט מיט אַלע מעלות. זי איז געווען שיין, חנעוודיק, קלוג און גוטהאַרציק, און אויך אַ גרויסע אשת־חיל, אַ בריה נפלאה, איינע ביי גאָט. צו וואָס איר האַנט האָט זיך נאָר צוגערירט, האָט געקראָגן דעם זיבעטן חן. אירע אויסגענייטע האַנטוכער, טישטוכער און אירע תפילין־זעקלעך פאַר בר־מצווה יינגלעך און פאַר חתנים, האָבן געשמט אין דער גאַנצער געגנט. כלה־מיידלעך פלעגן קומען צו איר זיך לערנען אָט די אַלע איידעלע מלאכות. און זי, אַ גוטע נשמה, איז אויך געווען אַ גוטע לערערין.

ס'איז כמעט ניט געווען קיין איין שטוב אין שטעטל, וווּ ס'איז ניט געהאַנגען אויף די ווענט דאָ אַן אויסגענייטער "מזרח" מיט לייבן, מיט פייגל, מיט בלומען און פאַלמען־ביימער, און דאָרט אַ פּאָרטרעט מיט די סימנים פון די צוועלף שבטים, אָדער מיט די סימבאָלן פון די צוועלף חדשים פון יאָר. דאָס האָט די גוטע פעשע־בלומע, מיט אירע גאָט־געבענטשטע הענט, געהאָט אויסגעלערנט די שטעטלשע יונגע מיידלעך אויסצונייען, אויס צושטריקן און אויסצוהעפטן.

איר גאָרטן איז געווען דער שענסטער צווישן אַלע גאָרטנס אין שטעטל. אירע הינער און קאַטשקעס, וואָס זי האָט אַליין "געזעצט", זיינען געווען די שענסטע און די גרעסטע. און ליב האָט זי זיי געהאַט אין לשער. ווי נאָר זי פלעגט זיך באַווייזן אויפן הויף, פלעגן די טשאַטעס עופות אירע באַלד נעמען נאָכלויפן נאָך איר מיט אַ רעש, מיט אַ געפּילדער, ווי זיי וואָלטן דערזען זייער מאַמע. זי פלעגט זיך באַלד אוועקשטעלן אין דער מיט צווישן דעם געזעמל עופות און נעמען "שעפּן" פון איר פאַרטוך אַרויס פולע זשמעניעס מיט קערנער און זיי טיילן מיט אַ פולער האַנט.

אַזוי אויך פלעגט דאָס אויסגעהאָדעוועטע בהמהלע אירס, מיט דעם שיינעם, געטאַקטן קעפּל, מיט דער ברייטער מאָרדעטשקע און מיטן חנעוודיקן וויים־שוואַרצלעכן פלעק אויף דעם שטערן, איר נאָכגיין טריט אין

טריט, זיך טוליען צו איר, ווי א קינד, לעקן איר מיט דער צונג דאָס פּנים און די הענט. ניט איינמאָל פלעגט פעשע־בלומע די מילנערקע אומישנע באַהאַלטן א פענעצל־ברויט אָדער א צעשניטענעם קאַרטאָפל אין ארבל און אין פאַרטוך, זען, צי דאָס בהמהלע, די שטיפערקע, וועט עס אליין קאָנען געפינען. דאָס יונגע בהמהלע פלעגט טאַקע באַלד דערשנאַפּן, אַז איר גוטע, געטרייע באַלעבאָסטע האָט ביי זיך ערגעץ באַהאַלטן פאַר איר א נאַש. פלעגט זי באַלד צופאַלן צו איר, אָנהייבן זוכן ביי איר מיט דער מאָרדעטשקע אַזוי לאַנג, ביז ס׳פלעגט דערטאַפּן די מתנה, און מיט איין כלאַם עס אַריינכאַפּן צו זיך אין מויל אַריין. דעמאָלט איז צו דער מילנערקעס נחת קיין שיעור ניט געווען.

מ׳דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז זי האָט איר גאַנצע ליבע אוועקגעשאָנקען בלויז צו די שטומע־צינג אירע. פאַרקערט, איר גרויסע ליבשאַפט צו מענטשן, אָן אונטערשייד פון ייד און גוי, איז געווען אָן לשער. הגם בטבע איז זי געווען א ביסל א ״ספּילטשיווע״, פלעגט גיך אַריינפאַלן אין כעס. אָבער אין דער אמתן האָט זי פאַרמאָגט א גוט האַרץ, געווען א מזג טוב, א גוטע נשמה. יענעמס צער איז געווען איר צער און יענעמס פרייד איז געווען איר פרייד: קנאה און שנאה איז ניט געווען אין איר נאַטור.

איר קליין שטיבעלע איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלעמען. אַן אָרעמער גייער, א נע־ונדניק, האָט תמיד דאָרט געפונען א דאַך איבערן קאָפּ און א זאַטן מאָלצייט. און כאָטש זי איז שטענדיק געווען פאַרהאָוועט און פאַריאָגטביים אַרויסהעלפן איר מאַן אין דער פרנסה, פונדעסטוועגן האָט זי זיך תמיד געטיילט מיט איר ביסן ברויט מיט נאָך א גרעסערן נויטבאַדערפטיקן פון איר. און ווען זי האָט שוין מער גאָר ניט געקענט געפינען אין איר אייגענעם שפּייז־אַלמער, איז זי געלאָפן צו אַן אַנדערן, צו א שכן, דאָרט גענומען און דאָ געגעבן.

ווי גיך זי האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט איר באַלעבאַטישקייט, מיט איר גאָרטן, מיט געבן עסן דער בהמה און ״פאַרשטאָפּט״ די מיילער פון איר מאַן און קינדער מיט א שטיקל ברויט, מיט א טעפּל קאַרטאָפל און וואַרעמען ביסל קרופּניק, פלעגט זי זיך באַלד אוועקלאָזן מיט אירע גיכע טריטעלעך איבערן שטעטל. זי האָט שוין געוווסט ווו א נויטבאַדערפטיקער נויטיקט זיך אין איר הילף. דאָ האָט זי אוועקגעטראָגן צו אַן אָרעמער, עלנטער זקנה אַביסעלע מילך, א טעפּעלע געקעכץ; א פאַרשמאַכטן קראַנקן דערקוויקט מיט א לעפּעלע איינגעמאַכץ; אַן אָרעמע קינפּעטאָרין מחיה געווען מיט א יאיכל; אַן אָרעמע כלה־מיידל געהאָלפן צוגרייטן דעם אויסשטייער; א נאַקעטן, באָרוועסן יתום, אָדער יתומה, באַקליידט מיט א בגד, מיט א פּאָר שיך. זעלטן ווען זי האָט גערוט, נאָר תמיד פאַרהאָוועט איבערן קאָפּ, אָפּטמאָל ביזן גראָען פאַרנאַכט.

זי איז אויך געווען א גרויסע חכמה, האָט פאַרמאָגט א מאַנצבילשן קאָפּ אויף זיך. איז ווו א צרה און ווו אַן אומגליק, איז מען באַלד געקומען

צו לויפן צו איר נאך אן עצה. מיט איר פּליסיקן ריידן רוסיש, פּויליש, האָט זי געקענט צוקומען אַפילו צום העכסטן נאַטאַשלניק, צום גרעסטן שררה. פלעגט טאַקע ניט איין שכן קומען צו איר בעטן, אַז זי זאָל גיין פאַר אים זיך משתדל זיין אין די "הויכע פענצטער", צום "מיראָוואָי סודיא" (ריכ־טער), צום "סטאַרשינא", צום "שרייבער" אין "וואָלאָסט" (גמינע) אָפּשרייען א גזירה אויף א יידן א מטופּל מיט קינדער. דאָ איז געקומען א פרוי, א יידישקע, אָדער א גוישקע, זיך קלאָגן פאַר איר, אַז דער מאַן האָט פּלוצ־לונג געוואָרפן אויף איר אן אומחן. האָט זי אַזוי לאַנג געאַרבעט ביז ס׳איז איר געלונגען צוריק אויפצושטעלן דעם צעשטערטן שלום־בית. און טאַקע ניט איינמאָל, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן א מחלוקת, א קריגערייַ צווישן א יידישן שכן מיט א גוישן שכן, פלעגט מען שוין זאָגן:

— כאַדים (לאָמיר גיין) דאָ בלומקאָ! — און וואָס בלומקאָ האָט "געפּסקנט" איז געווען רעכט.

א חוץ דעם איז זי געווען באַשאָנקען מיט נאָך אַנדערע מעלות: ערשטנס, איז זי געווען א גרויסע מלומדת, א ווײַלגעלערנטע. געווען קלאָר כמעט אין אַלע "ווייבערשע ספרים", ווי דער "קו הישר", "מנורת המאור", אויף עברי־טייטש. דעם "צאינה וראינה", דעם טייטש־חומש מיטן "נחלת צבי", האָט זי געקענט כמעט אויף אויסנווייניק. זי האָט שטענדיק געדענקט וואָס דער מדרש זאָגט, וואָס דער רב בחיי "ברענגט" און וואָס רש״י "מאַכט".

זי איז טאַקע געווען די ערשטע און די בעסטע "זאָגערין" פאַר די ווייבער אין שול. יעדער שבת און יום־טוב, און ווער רעדט נאָך ימים־נוראים, אין די גאָטספאַרכטיקע טעג, ווען אַפילו א פיש אין וואַסער ציטערט פאַרן יום־הדין, פלעגן זיך אַרומקלייבן אַרום איר טיש אַן עולם ווייבער — די "שטומע נשמות", וואָס האָבן נעבעך אַליין ניט געקענט זיך צונויפ־ריידן מיט גאָט, ברוך הוא, מיט דער הילף פון זײַנע הייליקע אותיותלעך. פלעגט זי שוין פאַרלייענען פאַר זיי, און זיי פלעגן נאָכזאָגן, שלינגען, ווי הונגעריקע, פאַרשמאַכטע, אירע ווערטער, וואָס זײַנען אַרויס פון איר פּערל־דיק מויל. אַט דער דאָזיקער טאַלאַנט איז צו איר איבערגעגאַנגען בירושה נאָך פון איר עלטער־באָבע דינה און באָבע רחל און פון איר מאַמען, אסתר־יהודית, וואָס זײַנען געווען גרויסע צדקניותן און וואָס האָבן שוין געהאַט א "חזקה" צו זיין די שטענדיקע "זאָגערינס" אין שול.

צווייטנס, איז זי געווען ניט נאָר א ווײַלגעלערנטע אין די הייליקע "ווייבערשע ספרים", נאָר אויך איז זי געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע מעשה־ביכלעך, פון אייזיק־מאיר דיק און פון שמרם עכסט־שפּאַנענדע ראָמאַנען, וואָס וואַנדערנדיקע מוכר־ספרימניקעס פלעגן, יאָר־איין, יאָר־אויס, אין חודש אלול, ברענגען אין שטעטל צום פאַרקויפן.

זומער, שבת בייטאָג, נאָכן אָפּעסן דעם טשאָלנט, פלעגן שוין קומען צו איר א כאַליאַסטרע יונגע ווייבלעך, אַריינגיין מיט זיי אין סאָד, זיך אוועקזעצן אין שאָטן פון א בוים און נעמען פאַרלייענען פאַר זיי. ווינטער,

אין די לאנגע פרייטיק צו נאכטן, פלעגט מען זיך שוין צונויפקלייבן צו איר אין שטיבעלע און זי פלעגט פארלייענען פאר זיי ביז די שבתדיקע בענטש־ליכט האבן גענומען אויסגיין. און געלייענט האט זי די דאזיקע פארכאפנדיקע ראמאנען מיט א קלארער שטימע, מיט הארץ און מיט געפיל, ווי זי פלעגט פארזאגן מיט גרויס כוונה די ש"ס תחינות און די תפילות פאר די עלטע־רע ווייבער אין בית־מדרש. אירע יונגע צוהערערינס פלעגן בשעת מעשה זיצן צוגעטוליעט איינע צו דער אנדערער, קוקן איר אין מויל אריין, חלילה ניט צו פארלירן קיין איין ווארט. און בשעת מעשה האט מען אליין איבער־געלעבט די טראגישע יסורים פון אט די דאזיקע "שטערבלעך פארליבטע" העלדן, די אמתע ליבהאבער, און די פאלשע באטריגער, וואס ווילן צעשטערן און צערייסן די הייליקע, געטלעכע ליבע פון א יונג פארל . . . אבער, ניש־קשה, גאט איז א פאטער, ער באשטראפט דעם רשע מיט זיין פארדינטער שטראף און די יונגע "הערצנס געליבטע" ווערן צוריק פאראייניקט שוין אויף "עוויג און עוויג". . .

און פונקט ווי זי איז געווען א גרויסע זאגערין און א גוטע פאר־לייענערין, אזוי אויך איז זי געווען נאך א גרעסערע "שרייבערין". גאנץ שטעטל פלעגט קומען צו איר זי זאל שרייבן פאר זיי בריוו: בריוו פון פאר־ליבטע כלות צו זייערע חתנים; בריוו פון "אמעריקאנער ווייבלעך" צו זייערע מענער אין דער ווייטער, גאלדענער מדינה — אמעריקע. און געשריבן האט זי אזעלכע לאנגע בריוו, מיט אזויפיל ליבשאפט, ווי זי וואלט זיי געשריבן צו איר אייגענעם מאן, ווען ער איז נאך געווען אין אמעריקע. אירע שטענ־דיקע "קליענטן" האבן איר שוין אפילו ניט געדארפט זאגן וואס צו שרייבן. זי האט שוין געוווסט וואס עס טוט זיך ביי איטלעכן פון זיי אין הארצן.

און דער חידוש איז געווען נאך גרעסער וואס זי אליין האט געקענט אנשרייבן פאר זיי די "אמעריקאנער אדרעסן", אזוי אז מ'האט שוין ניט געדארפט לויפן אזש קיין קאמעניץ, צו וועלוול סאפירשטיין, דעם אפטייקער, אז ער זאל אנשרייבן . . . דאס האט זי שוין געהאט צו פארדאנקען איר טאטן, ר' ישראל לוסקעלער, וואס איז געווען אין זיינע יונגע יארן אן ארענ־דאר ביי א פריץ, און איז שוין אויך געווען אביסעלע אנגעשטעקט פון דער "בת השמים", דער השכלה. האט ער שוין געזען, אז זיין ערשט קינד, פעשע־בלומע, וואס איז דארט געבארן געווארן, זאל אויסוואקסן א געלערנטער מענטש, זאל קאנען ריידן מיט א שררה, ניט ערגער פון די שכנישע טעכטער פון די רייכע יידישע פאכטערם . . . .

אבער מער פון אלץ האט פעשע־בלומע געשמט מיט איר דאקטעריי. זי איז געווען א מאדים א דאקטארשע: איר באנדאזש האט זיך קיינמאל ניט אויפגעבונדן; איר "שפאנישע פליג" פלאסטער, איז קיינמאל ניט אראפ־געפאלן פאר דער צייט; אירע "געפיקטע באנקעס" שטעלן האבן געהאט א שם ניט נאר ביי יידן, נאר אויך ביי גויים. האט עמיצער זיך צעשעדיקט א האנט, א פוס, אדער פארשטאכן א פינגער, פלעגט מען שוין גלייך לויפן צו

איר. זי פלעגט דורכפירן די "אפעראציע" אזוי גיך און אזוי געשיקט, אז דער חולה האט אפילו ניט געשפירט קיין שום ווייטיק.

זי האט אויך געקענט כמעט אלע גראזן און קרייטעכצער ביי די נעמען, וואס פאר א גראז און וואס פאר א געוויקסל עס איז גוט פאר צאן־ווייטיק און וואס ס'איז גוט פאר בויכווייטיק, און נאך אזעלכע קראנקהייטן. דאס האט זי שוין געקראגן בקבלה פון איר מאמען, אסתר־יהודית, און פון איר באבע רחל, וואס האבן געהאט געוווינט אויפן דארף און האבן אויך געשמט פאר גרויסע דאקטארשעס . . . און אלע אירע רפואות און סגולות האבן אויפגעטאן ממש וואונדיירים. ניט אנדערש, פלעגט זי זאגן מיט א שמייכעלע, ווי איר טבע איז געווען, אז דער מלאך רפאל שטייט איר תמיד ביי דער זייט . . .

ווען נאר ס'איז פארגעקומען א מארק־טאג, א יאריד אין שטעטל, פלעגט איר קליין שטיבעלע פארוואנדלט ווערן שיר ניט אין א שפיטאל. פויערים און פויערטעס פון די ארומיקע דערפער פלעגן קומען צו איר מיט אלע זייערע חולאתן. דעם האט זי געדארפט אפשפרעכן א "גוט־אויג", ביי א צווייטן "אפשרייבן א רויז", א דריטן האקן א מכה, א קראנקער פויערטע אריינשטופן צוריק די ארויסגעלאפענע געדערים און נאך אזעלכע חולאתן, וואס מ'זאל פון זיי ניט וויסן אין קיין שום יידישן גבול . . .

אן אנדערע אויף איר ארט, וואלט פון אזא "קראנקן־יאריד" געקענט ממש אנשיטן פולע "טונעס" מיט גאלד. אבער די גוטהארציקע פעשע־בלומקע האט זיך קיינמאל ניט געיאגט נאך געלט, בפרט נאך פון יענעמס צרות. זי האט עס געטאן בלויז לשם מצווה, לשם ראטעווען א מענטשן, צו לינדערן זיינע שמערצן און יסורים. דערפאר האט מען זי באשאנקען מיט א סך ברכות און אויך גאנץ אפט מיט מתנות, וואס זיינען באשטאנען פון א קניילעכל וואל, א צענדליק אייער, א טאפ ארבעס, א טינטל־האניק און נאך אזעלכע זאכן, ניט אויסגערעדט זאל זיין . . .

און בשעת הדחק, ווען ס'איז ניט געווען אונטער דער האנט א "באבע" אדער אקושערקע, האט פעשע־בלומע די מילנערקע באלד פארנומען זייער פלאץ; האט פארקאשערט די ארבל און געהאלפן אפנעמען דאס קינד ביי דער געווינערין. דאס האט זי געהאלטן פאר א גאר באזונדער זכיה. ווארים מיט דעם העלפט זי דאך דעם רבונו של עולם ברענגען נאך א לעבעדיקן נפש אויף דער וועלט . . . האט טאקע די "באבע" בלומע פארמאגט, קיין עין הרע ניט, א היבשע צאל אזעלכע "אייניקלעך", יידישע און נאך מער גוישע, וואס זי האט געהאלפן ברענגען אויף דער ליכטיקער וועלט. און טאקע א דאנק זיין ליבן נאמען, האט זי קיינמאל ניט געפעלט, קיינמאל, חלילה, קיין מכשול ניט געהאט. אלץ איז ביי איר געגאנגען כשורה, הלוואי אויף ווייטער ניט ערגער . . .

און ווי גיך איר מאן, פישל, איז געווארן א מילנער און זי א מיל־נערקע, איז איר מיל שטענדיק געווען פארוואליעט מיט זעק קארן, ווייץ,

וואס די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס און פויערים פון די ארומיקע דערפער פלעגן ברענגען צו איר אין מיל צעמאלן אויף מעל. ווארים ס׳האט איטלעכן עפעס געצויגן צו איר, הערן פון איר א חכמהלע, א קלוג־ווערטל און זיך אנשפיגלען אין איר שיינעם פנים, אויף וואס ס׳האט שטענדיק געשוועבט א ליב, ווארעם שמייכעלע . . . און טאקע ניט איינמאל ווינטער, ווען אין דרויסן האט געסמאליעט א פראסט, איז כדי אירע אנגעפרארענע ״קונדן״, וואס האבן געדארפט ווארטן אויף אן ״אטשערעד״ אין מיל, זאלן ניט פרירן, פלעגט זי זיי אריינעמען צו זיך אין שטיבעלע, באלד אויפשטעלן די גרויסע קופערנע ״בונקע״ אויפן דרייפוס און אויפקאכן פאר זיי א גלעזל ווארעמס מיט וואס צו דערווארעמען זייערע אנגעפרארענע ביינער.

נו, איז טאקע ניט קיין חידוש וואס אלע אין שטעטל, אן אונטערשייד פון ייד און גוי, האבן זיך אזוי געצאפלט פאר איר און תמיד געטראגן צו איר א ברכה אויף זייערע ליפן. און טאקע א דאנק אט דער קלוגער, גוטער פעשע־בלומע, אדער ווי די מעשטשאנעס פון דער גוישער גאס האבן זי גערופן ״נאשא בלומקא״ — אונדזער בלומע, איז זעלטן ווען צעשטערט געווארן דער אזוי גערופענער ״שלום־בית״ צווישן דער יידישער גאס און דער גוישער גאס . . .

# שבת אין די מילן

שיין און חנעוודיק זיינען געווען די יידישע טעכטער פונם שטעטעלע זאסטאוויע. אבער נאך שענער זיינען געווען די יידישע טעכטער פון די מילן. ווען נאר זיי האבן זיך באוויזן אין שטעטל, האבן זיי מיט זייער פרייליכן, לוסטיקן געזאנג פארקלונגען דעם גאנצן ארום.

אלע זיינען זיי געווען הויכע, שלאנקע ווי יונגע ציפרעס־ביימלעך, מיט ראזעווע, קיילעכיקע בעקלעך ווי רייפע, רויטע עפל. און אויגן, גאר ניט צו באשרייבן! אייניקע שווארצע, ווי צייטיקע קארשן, אנדערע בלויע ווי דער הימל, און מיט פעך־שווארצע לאנגע צעפ, און אנדערע מיט בלאנדע, לאנגע לאקן, און שיינע, געטאקטע פיס און מיט זינגענדיקע, טאנצנדיקע טריט. און שטיפערקעס זיינען זיי געווען איינע ביי גאט! פון יעדער ריר און קער, פון יעדער גליד זייערן האט זיך געריסן פרייד און געלעכטער.

נו, איז א חידוש וואס ווי נאר ס'האט זיך נעהאט געשטעלט דער ליבער, ווארעמער פרילינג, האט די יוגנט פונם שטעטעלע זאסטאוויע און אויך אפילו פון דער שכנישער שטאטא קאמעניץ, גענומען "אויפגיין" צו די מילן? יעדער שבת, נאכן עסן, איז דער ברייטער, זאמדיקער וועג, וואס האט געפירט פון שטעטל צו די דריי ווינט־מילן, פול געווען מיט שפאצירנדע יונגע בחורימלעך און מיידלעך, וואס האבן מיט זייערע שטיפערייען און געלעכטערס פארקלונגען דעם גאנצן ארום.

דער זאמדיקער שפאציר־וועג האט זיך געצויגן ווייט און ברייט צווישן געדיכטע תבואה־פעלדער פון וואנען ס'האבן ארויסגעקוקט, ווי מיט שטיפערישע אייגעלעך, בלערליי בלימעלעך, וואס האבן מיט זייער שיינקייט און חנעוודיקייט געמאניעט דאס אויג. פון דא און דארט שיסט ארויף א פויגל, א וואראבעיטשיקל, א ספערלינגל, א קראפאטוועלע, אן "ער" און א "זי", טוט א פאטש מיט די פליגעלעך, א קרייזל, א חנדל אין דער לופטן, לאזט ארויס א פרייליכן, לוסטיקן טשיר־טשיר, אזא מין ליבע־דערקלערונג, און פוץ! באלד צוריק אראפ אינייגעם צום געדיכטן שטייענדיקן תבואה־פעלד . . . אזוי אז ס'כאפט דיך אויך באלד אן א חשק א כאפ צו טאן דיין אויסדערוויילטע, דיין באשערטע און זיך א "וואליע" טאן מיט איר אינאיינעם צווישן געדיכטן קארן־פעלד, אז קיין בן־אדם זאל דיך ניט זען און ניט געפינען . . .

און אט וואקסן אויס פאר דיר דריי הויכע ווינט־מילן מיט זייערע לאנגע, אויסגעשפרייטע פליגל, וואס קוקן ארויף צום הימל, עפעס אזוי פארטראכט און פארחלומט, גיבן זיך גאר ניט קיין ריר, ווי זיי וואלטן איצט אפגעריכט א תפילה בלחש, א שבח והודיה צו גאט פאר זיין הייליקן יום־מנוחה, דעם טאג שבת, ווען ניט נאר מענטש און בהמה טוען אין אים רוען, נאר אויך אפילו א "וועטראק", א ווינט־מיל, א דומם, טוט ניט קיין ריר אפילו מיט א פינגער.

טאקע דארט, ביים אנבליק פון די דריי גרויסע ווינט־מילן, וואס זיינען געשטאנען איינע אנטקעגן דער אנדערער ווי א סגל, האט ניט איין בחורל געשווארן אייביקע ליבע צו זיין אויסדערוויילטן מיידל. און וואס אמת איז אמת, קיין בעסערער און קיין שענערער פלאץ ווו זיך צו דערקלערן אין אייביקער ליבע, האט מען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען, ווי דא, ביי די מילן, אין די שבתדיקע טעג און אין די זומערדיקע נעכט, ווו ס'איז געלעגן אויסגעגאסן אזא רחבותדיקע שטילקייט און אזא געמיטלעכע שלווהדיקייט, וואס האט ווי געמורמלט: ליי־ב . . . ליי־ב . . .

איז אנשטאט צו נעמען די לבנה און די שטערן פאר עדות, ווי ס'איז דער שטייגער פון קדמונים אז ביי פארליבטע פארלעך, האבן די זאסטאוויער יונגעלייט אויך גענומען די ווינט־מילן פאר זייערע עדות. דאס האט געזאלט הייסן, אז פונקט ווי דער ווינט טוט זיך קיינמאל ניט אפ פונם פנים פון דר'ערד, אזוי אויך וועט, מיט גאטס הילף, זייער הייסע, פלאמיקע ליבע, קיינמאל ניט אפגעקילט ווערן . . .

און פונקט ווי אמאל, אין די גאר אלטע צייטן, פלעגן די מיידלעך פון ירושלים ארויסגיין טאנצן אין די וויינגערטנער און זינגען: בחור, בחור הויב אויף דיינע אויגן און זע ווי שיין עס זיינען די טעכטער פון ירושלים! און באלד האט דער בחור געכאפט א מיידל און זיך אוועקגעלאזן מיט איר טאנצן, און אזוי לאנג געטאנצט, ביז ס'איז געשלאסן געווארן צווישן זיי א זיווג, אזוי אויך ווי נאר ס'איז געקומען שבת אדער יום־טוב, פלעגט די יוגנט פון שטעטל "עולה רגל זיין" צו די יידישע מילן. דא אויפן פרייען פעלד, אויפן גרינעם גראז, האט יונג בחורל געכאפט א שיין מיידל און זיך אוועקגעלאזן מיט איר אין א שטורעמדיקן טאנץ, און אויסגעזונגען כלערליי יידישע פאלקס לידער, וואס מ'האט געהאט אויסגעלערנט אין דער יידישער פאלקס שול און פון די ביכלעך . . . האט מען אזוי לאנג געטאנצט, אזוי לאנג געזונגען די שיינע, זיסע ראמאנסן, ביז ס'האט זיך אנגעצונדן ביי זיי דער געטלעכער פלאם פון אייביקער ליבע . . .

* * * * *

די שענסטע און די באליבטסטע צווישן די מילנערס טעכטער איז געוועזן רייזעלע פעשעס. און שיין איז רייזעלע געוועזן ווי א בלום אין פעלד. איר שווארצן, געקרייזלטן קאפ האר האט זי געטראגן הויך און שטאלץ ווי ס'טראגט א קעניגין איר קרוין. פון יעדער ריר און קער אירן איז אויפגעגאנגען א ליכטיק געזאנג. האט זי זיך צעלאכט, האט זיך געדוכט, אז דאס האבן זילבערנע גלעקלעך זיך צעקלונגען. און חן האט זי פארמאגט ווי אונדזער מוטער רחל, בעת יעקב אבינו האט זי צום ערשטן מאל באגעגנט מיט דער טשערעדע שאף ביים ברונעם.

זי איז אויך געוועזן די גרעסטע טענצערקע, לאכערקע און די גרעסטע שטיפערקע. זי האט ניט גערוט. ווי א שמעטערלינג איז זי ארומגעלאפן פון

איינעם צום צווייטן און פארשפרייט פרייד און געזאנג. אירע צעפאטלטע, שווארצע לאקן פונם ווינט, אירע שטיפערישע אויגן און אירע חן־גריבעלעך אין די ראזעווע באקן, האבן ממש געצונדן בחורישע הערצער. איטלעכער האט זיך געריסן מיט איר צו טאנצן. איטלעכער האט געוואלט, אז נאר אויף אים זאל פאלן איר פלאמיקער בליק, איר פארכישופטער שמייכל.

איז דאך אבער רייזעלע פעשעס אויך געווען א גוטע נשמה, האט זי ניט געוואלט צונעמען פאר זיך אליין די גאנצע מיידלשע פרייד. זי האט געצוווּנגען די בחורים, אירע פארערער, צו טאנצן מיט אירע חברטעס, אזוי אז אלע מיטאנאנדער זאל זיך פרייען און זיך לוסטיק מאכן.

אט אזא איז געווען רייזעלע פעשעס, וואס איז פון אלעמען באוווּנ־דערט געווארן און פון אלעמען באליבט געווען. ס'איז גאר קיין ספק ניט ווען מאלער, גרויסע קינסטלער וואלטן זי דערזען, וואלטן זיי ניט איין בילד געווען געמאלן פון איר; ווען גאט־געבענטשטע דיכטער און פאעטן וואלטן זי פלוצלונג באגעגנט, וואלטן זיי ניט איין ליד און ניט איין פאעמע געשאפן און אויסגעזונגען לכבוד אט דעם שיינעם, צארטן, ליכטיקן וועזן — רייזעלע, וואס איז ענלעך געווען, ווי צוויי טראפן וואסער, אויף איר מאמע, פעשע־בלומע, בעת זי איז נאך געווען א מיידל אין אירע יארן.

* * * * *

ווען דער יוגנטלעכער עולם האט זיך שוין געהאט גוט אנגעטאנצט און זיך גוט אנגעשטיפט, אזוי אז ס'האט שוין מער ניט געסטייעט קיין כוחות, האט מען זיך אווארף געטאן אויפן ווייכן, גרינעם גראז, אונטערן שאטן פון די הונדערט־יאריקע קארשנביימער, וואס זיינען געוואקסן אין שכנות פון די מילן, זיך אפצורוען און זיך אפצוקילן פון דער היץ, וואס האט ווי הייסע פאליעס געשלאגן פון זייערע יונגע, צעהיצטע לייבער.

די גוטהארציקע פעשע די מילנערקע, מיט איר שיינעם, ליכטיקן פנים, וואס איז די גאנצע צייט געזעסן אונטערן שאטן פון א בוים, ארומגערינגלט פון אירע שכנות, און געשעפט נחת פון אירע שיינע, געראטענע קינדער, האט זיך באלד אויפגעהויבן פון דר'ערד, און איז מיט גיכע טריטלעך אוועקגעלאפן צו זיך אין שטיבעלע, פון שטיבעלע אין קעלער אריין און געבראכט צו טראגן פון דארטן פולע לאדישקעס מיט קאלטן זויער־מילך, פויף־סמעטאנקע און מיט געשמאקע פוטער־קיכלעך, צו וואס מ'דארף זיך ניט וואשן . . . און מיט א ברייטער האנט גענומען מכבד זיין איר טעכטערלס אויסגעהונגערטע און אויס־געדורשטיקטע געסט.

נאכן אונטערלענען דאס הארץ, האט חברה יונגווארג זיך באלד א נעם געטאן מיט ברען פאר איר גייסטיקער שפייז: לייענען בחברותא דעם סאמע לעצטן בוך פון דער יידישער ליטעראטור וואס מ'האט געהאט ארויס־גענומען פון דער "שטאטישער" ביבליאטעק. איין בחורטע האט פארגע־לייענט פארן עולם א קאפיטל און באלד איבערגעגעבן צו א צווייטער, צו א דריטער, אזוי אז דאס בוך איז געגאנגען פון האנט צו האנט, ווי להבדיל א קהלשער אתרוג אין בית־מדרש. און געלייענט האט מען מיט הארץ און מיט

געפיל. דער יונגער עולם, וואס האט ערשט ניט לאנג צוריק געהאט געהוליעט און געשטיפט, איז איצט געזעסן רויִק און געמיטלעך, אין א קרייז אויפן גראז, און זיך צוגעהערט מיט גרוים כוונה.

ווען מ׳האט זיך שוין געהאט גוט אנגעלייענט, האט מען באלד גענומען פארפירן צווישן זיך א דיסקוסיע מכוח די "העלדן" און די כאראקטערן וועגן וועלכע ס׳דערציילט זיך אין בוך. ס׳האבן זיך באלד געשאפן צוויי צדדים. איין צד האט דעם "העלד" אדער די "העלדין" שטארק פארטיידיקט. דער צווייטער צד האט אים אדער זי "שטארק געטאדלט". מ׳האט זיך געהיצט און געקאכט, זיך געאמפערט און געקריגט, ווי די דאזיקע כאראקטערן און געשטאלטן אינם בוך וואלטן געווען ביין פון זייער ביין און פלייש פון זייער פלייש.

צו אט דעם ליטעראַרישן היציקן וויכוח האבן די מאמעס, די מילנערקעס, און זייערע שכנהס אויך צוגעהערט אן אויער, געוואלט הערן, אויפכאפן וועגן וואס אייגנטלעך עס קריגן זיך דאס איצט אזוי שטארק זייערע געראטענע קינדער. און בשעת מעשה געשעפט נחת און פרייד פון זייערע אונטערגעוואקסענע זין און טעכטער, וואס פארמאגן אזעלכע קלוגע קעפלעך און מיט אזעלכע שארפע צינגלעך, אז קיין בייז אויג זאל זיי חלילה ניט שאדן.

ערשט, ווען די זון, א רויט־פלאמיקע, האט גענומען פארגיין און אירע לעצטע שטראלן האבן זיך גענומען וויגן אויף די פליגל פון די ווינטמילן, און פון דער ווייטנס האט זיך שוין געהאט דערטראגן דאס פריילעכע מעקען פון דער אנקומענדיקער טשערעדע פון דער פאשע, האט חברה איבערגעריסן דעם היציקן "ליטעראַרישן" שמועס. מ׳האט זיך אויפגעהויבן פון דר׳ערד, צו גיין אהיים, עסן אינײנעם מיט טאטע־מאמע דעם "שלוש סעודות".

אבער צוריק אהיים, צום שטעטל, איז מען שוין ניט געגאנגען אזוי פריילעך און אזוי לוסטיק, ווי בעת מ׳איז "אויפגעגאנגען" צו די מילן. ס׳איז איטלעכן באפאלן עפעס א שרעק פאר דער היים, ווו ביי איר שוועל האט שוין געהויערט די גרויע וואך מיט אלע אירע דאגות און זארג . . . און דא אין דעם פארנאכטיקן בין השמשות, האט זיך געהאט אויסגעשפרייט אזא שטילקייט, אזא זיסע, נאגנדיקע בענקשאפט, אז ס׳האט זיך געוואלט צונויפגיסן מיט די שטילע, פארנאכטיקע שאטנס און ווערן א טייל פונם גאנצן ארום . . .

מען איז געגאנגען מיט שטילע, פאמעלעכע טריט, צוגעטוליעט איינער צום אנדערן און געשוויגן, ווי מ׳וואלט זיך געוואלט צוהערן צום אייגענעם צאפלדיקן טיק־טאק פון הארץ צו הארץ . . . האט מען פארצויגן אן אומעטיקן ניגונדל, און איין צאפלדיק לעבן האט זיך געטוליעט צום צווייטן, ווייל אין צווייען איז גרינגער צו גיין דעם לעבן אנטקעגן . . .

און פון דארט, פון דער הויך האט אראפגעקוקט א יונג שטערנדל, ווי מיט א שעלמיש, שטיפערישן אויגל, וואס האט געגרייצט, געמאניעט און געווארנט אינײנעם . . .

# סענדער דער קאָלאָניסט

דער קליינער, שווארצער סענדער איז געווען דער רייכסטער צווישן אלע יידישע קאָלאָניסטן. צו זיין "נחלת אבותיו" האָט ער אלע ווײַלע צוגעקויפט נייע פעלדער און לאַנקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער לענג און אין דער ברייט, מיטן אויג ניט ארומצונעמען זיי. צו וואָס נאָר זיין האַנט האָט זיך צוגערידט, איז ער מצליח געווען. זיינע פערד און בהמות האָבן געשמט אין דער גאנצער געגנט מיט זייער שיינקייט און געראָטנקייט. די קליאטשעס האָבן אים יאר־איין, יאר־אויס געבראַכט פרישע זשערעבקעס, שטיפערישע לאַשעקלעך, און די בהמות, די אמתע "האָלענדערקעס", די "עקודים וברודים", מיט די שווארץ־ווייסלעכע פלעקן, האָבן אים יאר־איין, יאר־אויס, געבאָרן פרישע קעלבלעך, שיינע פרעכטיקע טעלעצעס, אזוי אז פון נאָענט און ווייט, האָבן יידן און גויים, פויערים און פריצים, זיך געיאָגט נאָך זיי, זיי געוואָלט אפּקויפן אויף "האָדולע", אויסצוהאָדעווען פון זיי אויך אזא דור. אָבער סענדער האָט גאָר קיין חשק ניט געהאַט זיך צעשיידן מיט זיינעם א ניי־געבוירענעם לאַשיק, אָדער מיט א ניי־געבוירן קעלבל. אזוי ארום האָט זיין כוּדאָבע זיך געהאַלטן אין איין פארמערן.

סענדער איז געווען א זשוואַווע יידל, א פּראַצעוועטער, א גרויסער איינרייסער. טאָג און נאַכט איז ער אַפּגעלעגן אין פעלד אָדער אין שייער. זיין ליבשאַפט צו דער עבודת־אדמה, ערד־ארבעט, איז גאָר ניט צו באשרייבן. ניט איינמאָל פלעגט ער אוועקוואַרפן די ארבעט, זיך ארויפכאַפּן אויף איינעם פון זיינע שענסטע פערדלעך און "אוועקפּאַטשן" מיט אים איבער זיינע לאַנגע, ווייטע פעלדער, זען ווי זיי האָבן זיך דאָס שוין צעוואַקסן און צעבליט; כאַפּן א קוק אויף דער טשערעדע פערד און בהמות, אויף די יונגע זשערעבקעס און אויף די יונגע קעלבלעך וואָס פיטערן זיך און שפּרינגען ארום אויף זיינע גרינע לאַנקעס.

זיינע גויישע שכנים האָבן זיך געחידושט: ווי קומט עס צו א יידן אזא פארקאָכעניש צו ערד־ארבעט און אזא משוגענע־פארליבטקייט צו "סקאָטינעס", פערד און בהמות? . .

זיינע שכנים, די יידישע קאָלאָניסטן פון "אבראַמאָוונא" און "סאַרעוואַ", וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געפירט אַן ארעם, געמוט־

שעט לעבן, האבן אים ניט פארגונען זיין דאברי־מזל; האבן אים "גענעסן מיט די אויגן". "ניט אנדערש", פלעגן זאגן די ווייבער, די קאלאניסטיכעס, "אז זיין ווייב, סענדעריכע, האט געמוזט אריינקריגן צו זיך א שטריקל פון א געהאנגענעם, וואס זי איז אזוי מזלדיק"...

סענדער האט געוווסט, אז זיינע שכנים פארגינען אים ניט זיין עשי־רות, אבער ס'האט אים ניט געארט. פארקערט, ס'האט אים נאך שטארק הנאה געטאן. ניט איינמאל פלעגט ער זאגן מיט גדלות, ווי זיין שטייגער איז געווען:

זאלן זיי נאר ניט זיין קיין פוילנצער! זאלן זיי אקערן מיט דער נאז די ערד, ווי איך, ווי מיין ווייב און מיינע קינדער, וואלטן זיי אויך געקענט זיין א סענדער קאלאניסט!..

און באלד פלעגט ער נאך צוגעבן מיט א בארימערישן טאן און מיט א סארקאסטישן געלעכטערל:

— ס'איז אומזיסט אבער זייער טירחה! זיי קאנען דאך אפילו ניט ווי דאס רעכט א שטיקל פעלד צעאקערן! זיי זיינען אזוי קאלאניסטן ווי איך בין מיר א רב און מיין ווייב א רביצין! דערפאר אז עס קומט דאנערשטיק דארפן אזעלכע "ראבוטניקעס" (ערד־ארבעטער) לויפן צום שטעטלשן קרע־מער בארגן א הערינג אויף שבת!..

אזוי פלעגט ער מאכן חוכא וטלולא פון זיינע יידישע שכנים, די קאלא־ניסטן און זיך אליין געהאלטן אין איין רימען און לויבן, ווי ער וואלט געווען דער גרעסטער חכם און דער גרעסטער בריה אין דער וועלט.

זיינע קינדער, זיין בן־יחיד און זיינע פינף טעכטער, די צעוואקסענע מוידן, מיטן אנבליק אויף ציגיינערינס, זיינען מיט אלע "פאסטאמקעס" געווען אויסן אויג זייער טאטע, דער שווארצער סענדער, און אויסן אויג די מאמע זייערע, די שווארצע סענדעריכע, און אזוי אויך אין זייער כאראקטער; האבן שטארק געבלאזן פון זיך ווי זיי וואלטן געווען אמתע פריצישע טעכטער. אויף די שכנישע, שטעטלשע בחורים און מיידלעך האבן זיי געקוקט ווי אויף לא יוצלחס, טויגעניכטסן, "מוען ניט אריין קיין האנט אין קאלט וואסער", האלטן זיך רק אין איין פוצן, ווי פארצעלייענע ליאלקעס, און ליגן איבער די רוסישע ביכלעך, ווי זיי וואלטן געווען גאנצע אינטעליגענטקעס, און אז ס'קומט צו עפעס, "קאנען זיי אפילו א קאץ א ווידל ניט פארבינדן"...

פארשטייט זיך, אז די דאזיקע שנאה, וואס זיי האבן געטראגן אויף די שטעטלשע יונגעלייט, איז געווען א מיטל צו פארשרייען די אייגענע גע־פאלנקייט. ווארים זיי האבן גאנץ גוט געוווסט, אז די "שטעטלשע חברה" לאכט און מאכט חוזק פון זיי, פון זייער דארפישן הילוך, פון זייער יידישן לשון מיטן הארטן רייש, און נאך מער פון זייערע צעליאפעטע הענט און פון זייערע צעוואקסענע, מאנצבילישע פלייצעס...

דערפאר האבן זיי זיך געהאלטן מיט די שטעטלשע פונדערווייטנס.

אלץ וואס האט געשמעקט מיט "שטאט" איז פאר זיי געווען טריף ווי חזיר. זעלטן ווען זיי האבן זיך באוויזן אין שטעטל, סיידן אין אן ערב יום־טוב, ווען מ'האט געדארפט פארן איינקויפן די סאמע נויטיקסטע זאכן.

דעמאלט פלעגט דער שווארצער סענדער איינשפאנען די שענסטע פאר פערד אין דער פורנאלע, זייערע ווידלען פארדרייען אין א קנופ, זייערע גזשיוועס אויספלעכטן אין צעפ מיט רויטע סטענגעלעך, מעשה פריץ. ער פלעגט אנלייגן א פולן וואגן מיט פריש היי, פון אויבן פארשפרייטן א רויטן דיוואן. פון איין זייט אוועקזעצן זיין ווייב, פון דער צווייטער זייט א צוויי־דריי אונטערגעוואקסענע טעכטער, ער אין דער מיט, נעמען די לייצעס אין די הענט אריין, געבן וויל־יונגעריש א פייף צו זיינע ברענענדיקע סוסים. די אויסגעכאליעטע פערדלעך גיבן זיך א ריס פון ארט. זיין גרויסער, קודלעוואטער הונט, וואס איז אויך געווען אזוי שווארץ און אזוי פארריסן ביי זיך ווי זיינע באלעבאטים, לויפט פארויס מיט א בילעריי. און מיט א רעש און מיט א פוראר, פארט ער אריין אין שטאט, שטעלט זיך אפ אין סאמע מיטן מארק, פונקט אנטקעגן דעם ראד־קראמען. די פערדלעך צע־הירזשען זיך אויפן קול. דער הונט צעבילט זיך נאך שטארקער, אזוי אז פאר שרעק צעלויפן זיך אלע שטאטישע הינט, וואס דרייען זיך ארום די קראמען און די יאטקעס, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט . . .

די קרעמער לויפן באלד ארויס פאר די טירן און קענען ניט אפרייסן זייערע אויגן פון סענדערס שיינע, פריצישע פערדלעך, מיט זייערע שטאלצע, פאררייסענע קעפ און מיט די רויטע פארפלאכטענע שטענגעלעך אין זייערע גריוועס.

סענדער, זעענדיק ווי "גאנץ שטאט" קוקט און גאפט אויף זיינע שיינע "וויכאוואנקעס", אויף זיינע אויסגעהאדעוועטע פערדעלעך, גייט ער צו צו זיי, הייבט זיי אן צו צערטלען און צו גלעטן, און רעדט צו זיי לאסקאווע ווערטער אויף גוייש לשון. און זיין קודלעוואטער הונט שפרינגט אויף אים, טוליעט זיך צו אים. פון גרויס נחת און פרייד צעשפרייט זיך איבער זיין שווארצן פנים און בערדל א זיס־ניצחונדיק שמייכעלע . . . דעמאלט האט סענדער דערפילט ווי ער וואלט טאקע געווען דער גרעסטער "פאמעשטשיק", דער רייכסטער פריץ . . .

* * * * *

צוויי מאל אין יאר, פרילינג און הארבסט, ווען ס'פלעגן פארקומען די גרויסע יאריד'ן אין שטאט, פלעגט דער שווארצער סענדער ארויספירן זיינע פערד און בהמות אויפן יאריד. ניט חלילה צו פארקויפן, נאר גלאט אזוי זיך, פאר הנאה ווענן; זאל די "וועלט" — יידן און גויים, פריצים, אקסן־סוחרים און פערד־הענדלער, וואס קומען אהער מארבע פינות העולם — זען וואס פאר א שיינע, וואנדערלעכע "סקאטינעס", ראסאווע פערד און בהמות א ייד פארמאגט . . .

און כ'לעבן ס'איז טאקע געווען וואס צו זען. פארויס, אויף א הויכן

אגער, א "קאשטאן" מיט שלאנקע, טאנצנדיקע פיס, האט געריטן דער קלייניקער, שווארצער סענדער; ביי זיין זייט, זיין זון ברוך, אויף א יונגער דריי־יאריקער קליאטשע, אויך אזא שיינהייט, א קראסאוויצע, געראטן אויפן שטיפערישן־ווילדן אגער; לעבן זיי זיינען נאכגעלאפן א כאליאסטרע יונגע זשרעבעקעס, לאשיקעס, מיט א הירשזשעריי; הינטער זיי האבן זיינע טעכטער, די ציגיינערינס, מיט די פארברוינטע פנימער, שווארצע אויגן און פעד־שווארצע, לאנגע צעפ, געטריבן א פאר צענדליק בהמות, באגלייט מיט איין־יאריקע, צוויי און דריי יאריקע קעלבער, טעלעצעס און ביקלעך, איינע אין איינע, אלע פון איין "מאשטש", פון איין קאליר, ווי איין מאמע וואלט זיי געבארן.

ווי נאר סענדער פלעגט אריינפארן מיט זיין מחנה אויפן פערד־מארק, פלעגט ווערן צווישן אנגעפארענעם עולם א גערודער. גויים, פריצים, קאניוכעס פלעגן באלד קומען צו לויפן אנצוקוקן אט דעם גרויסן וווּנדער: ווי קומט עס צו אזא קליינינקן יידליק אזעלכע שיינע, גאט־געבענטשטע באשעפענישן ? . .

סענדער, וואס האט געהאט א טבע זיך צו בארימען, פלעגט נאך אזא גרויסן יאריד זאגן מיט א געלעכטערל:

— איך, מיט מיינע צאצקעדיקע, אויסגעפאשעטע פערדלעך און בהמהלעך, מאך גרוים דעם יידישן נאמען צווישן די פעלקער . . .

* * * * *

יארן זיינען געלאפן ווי מיט דער שנעלקייט פון א וואסערפאל. די אלטע קאלאניסטן, זיידעס און באבעס, וואס האבן מיט זייער בלוט און שוויים געהאט באפרוכפערט די מאגערע ערד פון זייערע קאלאניעס, זיינען שוין לאנג געווען אויפן עולם האמת. זייערע זין און אייניקלעך זיינען אוועק זוכן גליקן ערגעץ אין די מרחקים. זייערע שווער אויסגעהארעוועטע טאטעס און מאמעס זיינען אויף דער עלטער געבליבן אליין. די קאלאניעס האבן אנגעהויבן איינדארן, איינשרומפן, אזוי אז ס'איז שוין באלד ניט געווען מיט וועמען אפצוריכטן א "מנין", א "יארצייט".

איין קאלאניסט נאכן אנדערן האט זיך אריבערגעקליבן מיט זיין ביסל האב און גוטס אינם שכנישן שטעטעלע זאסטאוויע, כדי אויף דער עלטער צו זיין צווישן אינאיינעם מיט יידן.

דער איינציקער קאלאניסט, וואס האט בשום אופן ניט געוואלט פארלאזן זיין "נחלת אבותיו" איז געווען סענדער. וויפל זיינע שכנים פונם שטעטעלע זאסטאוויע האבן ניט צעטענהט מיט אים:

— סטייטש, ווי זיצט עס א ייד איינינקער אליין אין אזא העק, ווו ס'איז א סכנה ביינאכט ארויסצושטעקן די נאז אינדרויסן?

פלעגט ער אויף דעם ענטפערן מיט כעס:

— די ערד אויף וועלכער ס'איז געשטאנען מיין וויגל און דאס וויגל פון מיינע קינדער, וועל איך ניט איבערענטפערן אין גוישע הענט ! . . דא

ווו איך בין געבארן געווארן, דאך וועל איך שטארבן ! . . . אזוי לאנג ווי מיינע כוחות וועלן מיר סטייען נאכצוגיין נאכן אקער אין פעלד און שטיין מיטן "מלאטעק" אין שייער, וועל איך ניט ווערן קיין שטאטישער שטעקל־דרייער ! . . נאר פהדנים, שרעקעדיקע, אנטלויפן! טא זאלן זיי לויפן! — איך בלייב דא ! . . .

סענדער, דער גרויסער עקשן, האט געהאלטן ווארט. ער איז גע־בליבן דער איינציקער יידישער קאלאניסט אין דער גאנצער געגנט. אים האט ניט אפגעשראקן די פארבייפארנדיקע שיכורע גויים און די "נאוואבראנ־צעס" (רעקרוטן), וואס פלעגן אים ניט איינמאל אויסהאקן די שויבן. ער האט זיך אויך, להבדיל, ניט געשראקן פארן פארווארלאזטן, פאריתומטן בית־מדרשל, וואס איז געשטאנען פונדערווייטנס אין מיטן פעלד מיט פארהאקטע טירן און מיט אויסגעשלאגענע פענצטער און געקוקט, ווי מיט אויסגע־שטאכענע אויגן אין דער שווארצער, פינצטערער נאכט אריין . . . קיין זאך האט אים ניט אפגעשראקן; קיין כוח אין דער גועלט האט אים ניט געקענט ארויסרייסן פון זיין אייגענער ירושה־ערד, וואס איז אים געווען אזוי ליב און טייער, אפילו נאכדעם ווען אלע זיינע קינדער האבן שוין חתונה געהאט אין די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, און ער איז געבליבן ווי מען זאגט "דיעד דא באבא", האט ער זיך נאך אלץ ניט געוואלט רירן פון ארט.

ערשט, ווען ס'האט זיך פלוצלונג געהאט אנגיאגט די ערשטע וועלט־מלחמה, און די רוסישע אפטרעטנדיקע חיילות האבן צעטראגן און צעשלעפט זיין גאנצע כודאבע, מיט הכל בכל מכל, דעמאלט האט סענדער זיך געהאט דערשראקן צו בלייבן איינינקער אליין אין דער חרוב געווארענער קאלאניע.

ווי גיך דער דייטש, דער אקופאנט, האט געהאט פארנומען די געגנט און דער מלחמה־"פראנט" האט זיך אפגערוקט ווייטער, האט ער זיך גענומען פאקן אין וועג אריין.

ער האט ביי די יידישע נשרפים אפגעקויפט זייערע "פאזשארעסקעס", די אפגעברענטע פלעצער פון זייערע הייזער, און אריבערגעפירט אהין אלע זיינע "בודינקעס": די שטוב, די שייערן, די שטאלן און די שפייכלערס, און עס אויפגעשטעלט אויף זיין נייעם פלאץ, אזוי אז ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי אין סאמע מיטן שטעטל, אין שכנות לעבן בית־מדרש, האט זיך צעלייגט און צעשפרייט שיר ניט א גאנצע קאלאניע.

* * * * *

סענדער האט געפירט א צווייענדיק לעבן. א גאנץ ווינטער האט ער זיך געקהלט, געזאגט דעות, זיך געריסן צום עמוד, ווי יעדער יוסטער באלע־באס אין שטעטל. באגינענע כלחוד השור, ווי נאר ער האט אנגעקארמעט און "אנגעפאיעט" זיינע פערד און בהמות, פלעגט ער כאפן טלית און תפילין און לויפן אין בית־מדרש אריין דאווענען בציבור. נאכן דאווענען פלעגט ער זיך צוזעצן צום חומש־טיש, וואס פישל דער מילנער האט געפירט און געלערנט אינאיינעם מיט יידן די סדרה פון דער וואך, אדער ער האט געכאפט א שמועס

מיט שכנים מכוח פערד און בהמות, און מכוח דעם פרייז אויף תבואה, וואס האלט אלץ אין איין שטייגן, און דערביי זיך שטארק געלויבט וואס ער איז אזוי קלוג און זיך ניט געאיילט צו פארקויפן, ווארים ער דארף דאך חלילה ניט גיין לייען, ווי אנדערע, א גמילות חסד אויף שבת . . .

די שטעטלשע יידן האבן אים דערפאר ניט געקענט סובל זיין. ווארים ווענן וואס מ'זאל ניט ריידן, קומט ער באלד ארויס מיט זיינע זעק־תבואה, מיט זיין רייכער "כודאבע", ווי די גאנצע וועלט וואלט באשטאנען דורכויס פון פערד און בהמות . . .

אבער מיט ערשטן שפראץ אויפן פרילינג, פלעגט סענדער ווערן אויס שטאט־מענטש און צוריק א קאלאניסט, מיט קאלאניסטישע געדאנקען און געפילן. שטעטל פלעגט דעמאלט אויף אים זאגן אין שפאס: "ווי גיך סענדער דערזעט די ערשטע זומער־שוואלב, הייבט ער אן מעקען אין פעלד אריין" . . .

ער פלעגט באלד איבערלאזן דאס בית־מדרש, די שכנים און מיט אלע שטעטלשע ענינים, ווי דאס אלץ וואלט מיט אים קיין שייכות ניט געהאט. ער האט ארויפגעצויגן אויף זיך זיינע פויערשע קליידער, פון וואס ס'האט זיך געטראגן א ריח פון פעלד און שטאל . . . איינגעשפאנט פערד און וואגן, ארויפגעלייגט די פלוג מיט דער באראנע, און "פאשאל" אין דער קאלאניע, צו זיינע פעלדער. ערשטע שפעט אין אוונט, מיט "צאת הכוכבים", פלעגט ער זיך אומקערן צוריק אין שטעטל.

אזוי האט ער זיך געפירט ביז העט אין סוף־זומער. דעמאלט איז אים גאר ניט געווען צו דערקענען. מיט איטלעכן האט ער זיך געהאלטן פונדער־ווייטנס, מיט קיינעם ניט גערעדט, מיט קיינעם זיך ניט איבערגעווערטלט. אפילו שבת אין בית־מדרש, איז ער אויך געזעסן שטיל, א פארטראכטער, ווי ער וואלט געווען א פרעמדער אין זייער מיט. דער גאנצער ארום איז אים גאר ניט אנגעגאנגען. זיין נשמה האט איצט ארומגעשוועבט אין אן אנדער וועלט, אין דער וועלט פון זיינע צעאקערטע און פארזייטע פעלדער . . .

ווי גיך ער האט זיך געהאט אפגעפארטיקט מיטן פארזייען זיין "יאר־רענע" (זומער־תבואה), האט ער זיך גענומען פאר דער "קאסעטשענע", קאסען היי און קאניושינע, וואס ער פלעגט ברענגען צו פירן צו זיך אויפן הויף, וואס האט זיך געפונען אין שכנות פונם בית־מדרש, און אויפגעשטעלט פון זיי צענדליקער אויפגעטורעמטע סטויגן. ביז ס'האט זיך געהאט אנגע־יאגט די צייט פון "זשניווא", שניט־צייט. דעמאלט פלעגט סענדער שוין אפילו ניט קומען אהיים נעכטיקן. ער פלעגט גאנצענע נעכט אפהינען אין פעלד, היטן זיינע "סקירדעס", זיינע אויפגעשטעלטע סנאפעס־תבואה, מ'זאל זיי חלילה ניט צוגנבענען.

אזוי האט ער זיך געפירט יאר־איין, יאר־אויס, ווינטער א שטאטישער

תושב: זומער אָבער, איז ער צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עובד אדמה, אין אַ פּויער מיט פּויערים גלייך...

* * * * *

שטעטעלע זאַסטאַוויע איז אָבער ווייט ניט געווען צופרידן מיט סענדערן, זייער נייעם שכן. ערשטנס, ווי ס'איז שוין דער שטייגער פון דער וועלט, האָט מען אַ גביר ניט איבעריק ליב... בפרט נאָך אַזעלכן וואָס איז קאַר: אויף דער מטבע...

צווייטנס, צוליב זיינע מיאוסע באַרימערייען. אַבי־עפּעס פּלעגט ער זאָגן מיט אַ באַרימערישן טאָן, ווי זיין טבע איז געווען: "צו דער עבודת אדמה, ערד־אַרבעט, דאַרף מען ניט נאָר האָבן אַ פּאָר געזונטע ידים, נאָר אויך אַ געזונטן קאָפּ אויף די פּלייצעס"... פון יעדער איינעם האָט ער אָפּגעלאַכט, געגעבן עצות, געזאָגט דעות, ווי ער וואָלט שוין דאָ געווען אַ תושב מי יודע ווי לאַנג.

למשל, זומער, שבת פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, האָבן יידן "שער און אייזן", באַלמעלאָכעס און אויך ערד־אַרבעטער, ליב געהאַט צו זיצן אויפן גרויסן בית־מדרש בריקל און געפּירט, ווי געוויינלעך, אַ שמועס מכוח דער היי־יאָריקער גערעטעניש, מכוח יקרות און אויך וועגן שטעטלשע נייעס און וועלט־פּאָליטיק.

פאַלט סענדער קאָלאָניסט פּלוצלונג אַריין אין די רייד און הייבט אָן דערציילן די גרויסע חידושים פון זיינע פעלדער, ווי שיין זיי האָבן זיך דאָס קיין עין הרע ניט צעוואַקסן, און וויפל פּודן תבואה, קאָרן, ווייץ, האָבער און גערשטן ער דערוואַרט היי־יאָר צו שניידן און צו דרעשן. מיין "יאָרענע", רופט ער אויס מיט שטאָלץ, איז שוין העכער פון אַלעמענס! זיי דערגרייכן שוין ביי מיר באַלד ביזן גאַרטל! און היינט מיט מיינע סטויגן היי און קאָנירשינע וואָלט איך געקאָנט אויסקאָרמענען אַלע שטעטלשע פערד און בהמות!

און אַט קומט אָן דער פּאַסטוך מיט דער יידישער טשערעדע פונם שטעטלשן וויהאָן. דער עולם וואָס זיצט אויפן בית־מדרש בריקל, שטעלט אָן אויף זיי די אויגן, הייבט אָן טייטלען מיט די פינגער דאָ אויף איין שכנס בהמה און דאָ אויף אַ צווייטנס בהמה. מען פּרוווט שאַצן און מעסטן די צאָל קוואָרט־מילך אין זייערע אייטערס.

מיטאַמאָל שפּרינגט אויף דער רייכער "בעל גוף", סענדער, און הייבט אָן ריידן מיט אַ חוזק טאָן:

— אויך מיר בהמות! דאָס זיינען דאָך דראַניצעס! זניקלעס! הויט און ביין! מיט איינגעפּאַלענע בייכער! פּאַכאַזשע אויף פּרעהס זיבן מאַגערע קי! מיינע אָבער, וואָס פּאַשען זיך אויף מיינע אייגענע פעלדער, קאָנען פאַרשטעקן אין גאַרטל אַפילו די פּריצישע פערד און בהמות!

די זאסטאווער יידן, דערהערנדיק ווי סענדער קאַלאַניסט וואגט אזוי מזלזל צו זיין אין דעם כבוד פון זייערע טייערע, ליבע בהמהלעך, וואָס זיי האָבן מיט אזויפיל שווערער מי און פראצע אויסגעהאָדעוועט, נעמען אזש קריצן מיט די ציין און וואַרפן זיך ארויף אויף אים מיט כעס:

— דו סענדער פויער, זיי נאָר ניט ביי זיך אזא תקיף! דו האָסט געזען וואָס פאר א סדר־הכל די פוילישע מלוכה האָט געמאכט פונם מאַלילניקער רוסישן פריץ? האָט צוגענומען ביי אים פאר א שיבוש זיינע פעלדער און באזעצט אויף זיי די פוילישע קאָלאָניסטן, די פּאָזנאַנטשיקעס! זי וועט זיך אויך באַלד א נעם טאָן צו דיר! וואָס מיינסטו, דו ביסט א יחסן?! טאָ זיי ניט ביי זיך אזוי פאַררים!

דער שטארק האַפּערדיקער סענדער, וואָס האָט זיך שוין לאַנג געהאַט געשראָקן פאר דער מענגלעכקייט, בלייבט זיצן ווי א שלאַנג וואָלט אים א ביס געטאָן. ער גיט א שפּרינג אויף פון אָרט און הייבט אָן שרייען אויפן קול:

— ניט דערלעבן וועלן דאָס מיינע שונאים! די ערד איז מיינע! מיינע! מיין טאַטנס! מיין זיידנס און מיין עלטער־זיידנס! ווער ס'וועט וואגן קומען מעסטן מיינע פעלדער און לאַנקעס, וועל איך די פיס איבערהאַקן! די וועלט איז נאָך ניט הפקר!!!

אזוי פלעגט שטעטל, יעדער שבת פארנאכט, זיך האַלטן אין איין אַרומקריגן מיט זייער שכן סענדערן, ביז מ'פלעגט דערהערן ווי דער בעל־תפילה האָט זיך שוין געשטעלט זאָגן דעם "והוא רחום". פלעגט מען זיך אויפהייבן פון בריקל און אריין אין בית־מדרש דאַוונען בציבור דעם ערשטן, וואכעדיקן מעריב . . .

די "שיינע" יידן פון דער מזרח־וואַנט, די יודעי־ספר, האָבן געהאַט נאָך מער אורזאַכן צו טראָגן א שווער האַרץ אויף סענדערן, צוליב גאָר אַן אַנדער סיבה:

ווען נאָר ס'איז פארגעקומען א יאריד אין שטעטל, פלעגן פויערים פון די ארומיקע דערפער ברענגען צו אים זייערע "סאָקטינעס" צו "באַלויפן"; איטלעכער האָט זיך געריסן, אַז סענדערס בוהאי, וואָס איז געווען גרויס ווי א שור־הבור, זאָל זיך מזדווג זיין מיט זיין בהמה. און אזוי אויך האָט איטלעכער געוואָלט, אַז סענדערס באַרימטער "קאַשטאַן", דער אָגער, זאָל זיך צונויפ־פּאָרן מיט זיין קליאַטשע, כדי עס זאָל ארויסקומען פון זיי אזא דור שיינע, געזונטע זשערעבקעס און שיינע געראַטענע קעלבער, וואָס זאָלן זיין פּאַכאַזשע אויף סענדערס.

פון סענדערס הויף האָבן זיך דעמאָלט געטראָגן קולות און געשרייען פון שיכורע גויים, א הירזשען פון צעווילדעוועטע פערד און א רעווען פון

בהמות מיט א בילעריי פון הינט און א כוואַשטשען פון בייטשן. די גאַנצע גאַס פלעגט זיך צונויפלויפן ווי אויף א בייזן ווונדער.

סענדער איז דעמאָלט געווען ווי אויפן זיבעטן הימל פון זיין גליק. אים איז איצט ניט אזוי געגאַנגען אין דעם געשמאַקן פאַרדינסטל, נאָר דער עיקר וואָס ער האָט דערלעבט אזא נחת אין זיינע אייגענע אויסגעהאָדעוועטע פערד און בהמות, וואָס אלע ווי איינער, מוזן צוגעבן, אז זיי געהערן זיך אָן צו גאָר אן איידעלער, אויסדערוויילטער ראַסע . . .

די זאַסטאַוויער באַלעבאַטים פון "מזרח־וואַנט" האָט שטאַרק פאַרדראָסן, האָבן געהאַט תרעומות אויף אים, וואָס אזעלכע זאַכן קומען פאָר אין שכנות פונם בית־מדרש און פאַר די אויגן פון דער גאַס . . . דאָס איז דאָך עפּעס גאָר ניט יידישלעך . . .

סענדער אָבער, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט אויף אלע זייערע טענות און מענות זיך אויסגעלאַכט און זיך נאָך געוויצלט. ער האָט גע־טענהט, אז מיט דעם איז ער דאָך מקיים א מצווה פון דער תורה, ווי אין פסוק שטייט: "פרו ורבו ומלאו את הארץ", דאָס מיינט, "פּרוכפּערט אייך און מערט אייך און פילט אָן די ערד" . . . און אויב, זאָגט ער, מ'וועט אים באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אז דאָס וואָס ער טוט מיט זיין בוהאַי און מיט זיין אָגער איז קעגן דער תורה הקדושה, איז ער גרייט, אז מען זאָל אים קנסענען.

ווי איר זעט, האָט שטעטעלע זאַסטאַוויע ניט איבעריק ליב געהאַט זייער נייעם שכן, סענדער קאָלאָניסט, ווי מ'האָט פיינט א גדלן, א בעל־גאווהניק, וואָס האַלט זיך פאַרן אויבערשטן פון שטייסל . . .

אזוי אויך האָט שטעטעלע געטראָגן א שווער הארץ אויף סענדערס פערד און בהמות, וואָס האָבן געהאַט א מאָדנע טבע, ווי נאָר מ'האָט זיך געשטעלט דאַווענען "שמונה עשרה", האָבן זיי אָנגעהויבן צו הירזשען און צו מעקען אויפן קול און מבלבל געווען אין די כוונות . . .

# דער צעריסענער קארל מארקס

די שטאַטישע יידישע ביבליאָטעק, וואָס די קאָמעניצער און זאַסטאַ־זויער יוגנט האָט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט צוריק אויפ־געבויט, האָט שוין מער ניט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ קולטור־צענטער, ווי ס'איז געווען אַמאָל, בעת זייערע עלטערע ברידער און שוועסטער האָבן זי צום ערשטן מאָל געהאַט געגרינדעט, מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן ליכט און וויסן צווישן פאָלק.

ווי מיר האָבן שוין פריער געהאַט באַשריבן, האָט זיך אין דער ביב־ליאָטעק שטענדיק גערעשט און געקאָכט; מ'האָט געפירט היציקע דיסקוסיעס איבער ציוניזם און סאָציאַליזם; איבער יידישיזם און העברעיזם; די טעאַטער־אַמאַטאָרן פלעגן דאָ דורכפירן זייערע רעפּעטיציעס; דאָ פלעגט מען אויך אָפּהאַלטן עפנטלעכע "משפטים" איבער געוויסע העלדן פון דער יידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור, אַזוי אַז די "ביבליאָטעקאַ" איז געווען פאַר דער יוגנט זייער קולטורעלע היים.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל, אין די גוטע צייטן פון פאַר דער מלחמה, וואָס קיינער געדענקט שוין באַלד ניט ווען דאָס איז געווען . . . איצט קומט אויך אַהין די יוגנט, אָבער שוין ניט מיטן צוועק צו שטילן זייער גייסטיקן הונגער, לייענען ראָמאַנען און נאָוועלן, נאָר זי זוכט אינפאָרמאַטיווע ביכער וועגן פרעמדע לענדער און ווייטע רייזעס. און אַלע רייד און דיסקו־סיעס, וואָס קומען דאָרט פאָר, דרייען זיך אַרום איין פּראָבלעם: — וווהין פאָרט מען? ווהין אַנטלויפט מען פונם נייעם גלות־פּוילן, וואָס איז פאַר דער יידישער יוגנט געווען פיל ערגער ווי אונטער דער צאַרישער הערשאַפט.

פאַר דער יידישער יוגנט זיינען פאַרשלאָסן געווען אַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון לאַנד. לאָ די וואָס זי איז אַרומגעגאַנגען גאַנצענע טעג און געשלונגען די לופט, איז זי נאָך פאַררעכנט געווען אין די אויגן פון דער פּוילישער "וולאַסט", פאַר באָלשעוויקעס, שונאים פונם אויפגעקומענעם פּוילישן פאָטערלאַנד. די פּוילישע זשאַנדאַרמעריע, די טרויעריק באַרימטע "דעפענסיווא", האָט זיי פאַרפאָלגט אויף יעדער שריט און טריט. פאַר אַ מינדסטן חשד האָט מען יידישע בחורים און מיידלעך פאַרשפּאַרט אין די תפיסות, ווו מ'האָט זיי געפייניקט אויפן גרויזאַמסטן אופן.

אין דער זעלבער צייט האט דער פוילישער פינאנץ־מיניסטער גראב־סקי, דער שונא ישראל, מיט זיינע דראקאנישע געזעצן פארשטאפט אלע קוואלן פון יידישער פרנסה. אויף יעדער יידישן קרעמער און באלמעלאכע האט ער ארויפגעלייגט אזעלכע שווערע "פאדאטקעס", שטייערן, אזוי אז ס'איז שוין באלד ניט געווען מיט וואס שבת צו מאכן. אין א סך יידישע הייזער האט געהערשט נויט און דחקות. יידישע סוחרים און קרעמער זיינען צערוינירט געווארן, זיינען ארומגעגאנגען דערשלאגענע און פארצווייפלטע, געקרעכצט און געזיפצט און ניט איינמאל זיך געפרעגט: "מאין יבא עזרי?" פון וואנען וועט קומען מיין הילף ? . .

די יוגנט האט זיך געפילט ווי אין א קלעם. זייער איינציקע האפענונג איז געווען וואס גיכער זיך ארויסצורייסן פון די נעגל פון מלכות פוילן. מ'האט אנגעהויבן לויפן וווהין נאר די אויגן האבן געטראגן, ווו ס'איז נאר געבליבן אן אפן טירעלע פארן עלנטן יידישן עמיגראנט.

אוודאי האבן אלע געוואלט לויפן קיין אמעריקע, ווו יעדער איינער האט שוין דארטן געהאט א ברודער, א שוועסטער, א פעטער, א מומע, אדער סתם א קרוב. האט אבער אמעריקע, ווי אויף צו להכעיס, פארשלאסן אירע טויערן, איינגעפירט אימיגראציע גזירות.

אין וווהין־זשע פארט זאל מען זיך ראטעווען? דאס איז שוין פאר זיי קיין נפקא מינא ניט וווהין — ווו נאר מען קאן, ווו נאר מ'וועט אריינלאזן. זוכט מען אט דעם "ערגעץ־לאנד", וואס לאזט נאך אריין.

יעדער אוונט קלייבט זיך צונויף די יוגנט אין ביבליאטעק, מען זעצט זיך אוים ארום דעם גרויסן טיש, מען שפרייט אוים אויף אים א גרויסע וועלט־מאפע, און מיט גיריקע אויגן וואנדערט מען איבער אירע לענדער און קאנטי־נענטן; מען קוקט קיין מזרח און קיין מערב, קיין צפון און קיין דרום, אפשר קיין קובא? קיין מעקסיקע? קיין ארגענטינע? צי גאר קיין בראזיליע פארא־גוויי? אורוגוויי ? . .

דערוויסט מען זיך אין שטעטל, אז עמיצער האט שוין געקראגן א וויזע, איז מען אים שטארק מקנא, איטלעכער קוקט אויף אים ווי ער וואלט פלוצלונג אויפגעריכט געווארן. די נייעס צעטראגט זיך באלד איבערן שטעטל; ווו מען גייט און ווו מען שטייט האלט מען כסדר אין איין ריידן דערפון.

די יוגנטלעכע אבער, וואס האבן ניט געהאט קיין אויסזיכטן צו קריגן באלד א וויזע אין "ערגעץ־לאנד", האבן זיך מאסנווייז אנגעשלאסן אין די ציוניסטישע יוגנט ארגאניזאציעס, מיט דער האפענונג, פריער צי שפעטער, צו קאנען "עולה" זיין קיין ארץ־ישראל און העלפן בויען די צוקונפטיקע יידישע מדינה.

עס האבן זיך אבער געפונען אזעלכע יוגנטלעכע, וואס האבן שוין מער ניט געקענט צוזען דעם צער פון זייערע פארהונגערטע טאטע־מאמע,

יונגע ברידערלעך און שוועסטערלעך. זיי האָבן שוין מער קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן אויף דער גאולה וואָס דער ציוניזם וועט ברענגען און אויך ניט אויפן לאַנגזאַמען גאַנג צום פרייהייטלעכן סאָציאַליזם, ווי דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די יידישע אַרבעטער פּאַרטיי "בונד". אויס פאַרצווייפלונג האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין די אונטערערדישע קאָמוניסטישע קעמערלעך, וווּ מ'האָט זיי פאַרשפּראָכן, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אויפן שטייגער פונם שכנישן סאָוועטן פאַרבאַנד, שטייט שוין ביי דער טיר. דעריבער דאַרף מען קעמפן מיט אַלע כוחות אַראָפּצוואַרפן וואָס גיכער דעם פּויליש־פּריצישן יאָך, פאַרניכטן דעם בלוטיקן שונא דעם קאַפּיטאַליזם, ממילא וועט שוין אויך קומען די גאולה שלימה פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט . . .

די יידישע יוגנט, וואָס האָט אַזוי שווער געליטן פונם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, איז געוועזן צעריסן צווישן זיך אויף פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען. ס'האָבן געקעמפט "רעכטע" פּועלי ציון מיט "לינקע" פּועלי ציון. זיי ביידע האָבן באַקעמפט די אָנגעהעריקע צום "בונד", וואָס איז געווען שטאַרק אַנטי־ציוניסטיש. און קעגן זיי אַלעמען האָט געפירט אַ ביטערן קאַמף די "לינקע", די קאָמוניסטן.

דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער ברודער־קאַמף, וואָס האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט די יידישע אַרבעטער גאַס איבערן גאַנצן לאַנד, איז שוין אויך געהאַט דערגאַנגען אַזש צום ווייטן שטעטל קאַמעניץ־ליטאָווסק און צו איר שכנישן שטעטעלע זאַסטאַוויע.

* * * * *

די שטאָטישע ביבליאָטעק, וווּ ס'האָט שטענדיק געהאַט געהערשט אַ חברשע אַטמאָספערע, איז לעצטנס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָליטישער אַרענע. אָנשטאָט די אינטערעסאַנטע, באַלערנדע לעקציעס און דיסקוסיעס איבער נאַציאָנאַלע און קולטורעלע ענינים, וואָס האָבן אַזוי געהאַט פאַרכאַפּט די יוגנט, האָט מען איצט דאָרט געהאַלטן אין איין אַרומקריגן זיך מכוח ציוניזם און קאָמוניזם, דעמאָקראַטיע און פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. פּנימער האָבן געפלאַמט, אויגן האָבן געשפּריצט מיט האַס און שנאה קעגן זייערע פּאָליטישע קעגנער. און ניט איינמאָל האָט מען זיך געוואָרפן איינער אויפן אַנדערן מיט די פויסטן.

דער ליידנשאַפטלעכער פּאַרטיי־קאַמף איז שוין געהאַט אַריינגעדרונגען אין שטוב, אין דער משפחה. אַ זון, אַ פייערדיקער ציוניסט, האָט זיך אַרומגעשלאָגן מיט זיין לייבלעכן ברודער, אַ קאָמוניסט; אַ טאָכטער, אַ פאַרכאַפּטע קאָמוניסטקע, וואָס האָט געחלומט פון אַריבערכאַפּן זיך דעם גרעניץ קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט בשום אופן ניט געוואָלט שלאָפן אין איין בעט מיט איר שוועסטער, דער חלוצקע, וואָס האָט שוין געהאַט אַ סערטיפיקאַט אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. די שווער־פאַרהאָרעוועטע מאַמע האָט נעבעך געדאַרפט שטיין אויף דער וואַך און היטן אירע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך, חלילה, איינע די אַנדערע ניט אויסדראַפּען די אויגן . . .

דער אמתער פארטיי־קאמף פלעגט זיך ערשט צעפלאקערן ווען איין פאלימישע גרופע פלעגט אראפברענגען פון "צענטער", פון דער גרויסער שטאט, א "פירער", א גענעראל־רעדנער. דעמאלט איז שוין געווען גאר פריילעך אין שטעטל!

איז דער גאסט־רעדנער געווען א "לינקער שבלינקס", זיינען די לינקע חברים, ווי די הויפט־מחותנים, ארומגעלאפן פון איינעם צום צווייטן, ארויסגעגעבן אינסטרוקציעס, ווער ס'זאל שטיין אויף דער וואך און היטן, אז קיין "שפיצל" (א שפיאן) זאל חלילה זיך ניט אניאגן. און אויך פאר־מירן א "באיוווקע", אין פאל די "רעכטע" וועלן מאכן אן אבסטרוקציע, א טומל, שטערן דעם גענעראל־רעדנער, זאל מען די טומל־מאכער ארויס־טראגן פון זאל אין א ליילעך . . .

די "רעכטע" זיינען אויך ניט געבליבן זיצן מיט פארלייגטע הענט. זיי האבן באלד מאביליזירט זייער גאנצע ארמיי, אנגעשטעלט שווערע האוויצערס (קאנאנען), דאס הייסט, זייערע אינטעליגענטע אנפירנ־דע חברים, וואס ווי נאר דער לינקער רעדנער וועט פארענדיקן זיין רעדע, זאלן זיי אים "נעמען אויפן צימבל", "מאכן אים אויסצודרייען", באווייזן מיט ציטאטן פון בער בעראכאוון, דעם טעארעטיקער און גרינדער פון "פועלי ציון" און מיט "פסוקים" פון קארל מארקס "קאפיטאל", אז דער לינקער גענעראל־רעדנער פארשטייט אזוי דעם היסטארישן מאטעריאליזם, ווי א האן אין "בני אדם", והא ראיה, מען זעט דאך באשיינפערלעך, אז דער סטיכישער פראצעס פון דער יידישער עמיגראציע גייט דורכווים קיין ארץ־ישראל, ווו עס ווערט געבויט א קלאסנלאזע געזעלשאפט; נאר דארט וועט פארווירקלעכט ווערן דער אמתער פרייהייטלעכער סאציאליזם . . .

די יוגנט איז געווען געשפאנט, האט געווארט מיט אומגעדולד, אז ס'זאל שוין ווערן נאכט, און ס'זאל זיך שוין אנהייבן די אמתע פארטיי־שלאכט.

דער ביבליאטעק לאקאל איז געווען געפאקט איבער די ברעגעס. מען איז געשטאנען אויף די קעפ. אלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדעט צו דער טיר פון וואנען ס'האט געדארפט אריינקומען דער גענעראל־רעדנער. ענדלעך איז געקומען דער גרויסער מאמענט. דער גאסט, ארומגערינגלט פון זיינע לינקע חברים איז ארויף אויף דער טריבונע. די לינקע האבן אים אויפגענומען מיט א גרויסן אפלאז. די "רעכטע" אבער זיינען געבליבן זיצן אומבאוועגלעך, ווי זיי וואלטן געווען טויב און שטום.

דער גענעראל־רעדנער, פארשטייט זיך, האט גערעדט פאר פייער און פאר וואסער. צום אלעם ערשטן האט ער זיך גענומען פאר די ציור־ניסטלעך, וואס זיינען די לאקייען פונם ענגלישן אימפעריאליזם, נעמען צו ביי די ארעמע, פארשקלאפטע אראבער זייער שטיקל ערד. נאכדעם האט ער זיך ארויפגעווארפן אויף די בונדאוועס, די סאציאל־פאשיסטן, די קאנטר־רעוואלוציאנערן, וואס ווילן אומברענגען דעם סאוועטן־פארבאנד, דעם איינ־

ציקן סאציאליסטישן פאטערלאנד פארן אלוועלטלעכן פראלעטאריאט . . .
אבער נישקשה, די רעוואלוציע האלט אן אויג! מיר וועלן זיי נאך אלעמען שטעלן צום וואנטל ! . . — האט דער רעדנער אויסגערופן מיט א דונערדי־קער שטימע.

די "לינקע חברים" האבן געפאטשט בראווא, זײנען ארײנגעפאלן אין עקסטאז. האבן געקוקט מיט פרײדיקע, צעשטראלטע אויגן אויף זײער פירער, ווי, להבדיל, פארברענטע חסידים קוקן אויף זײער הײליקן רבין . . .

די רעכטע זײנען נעבעך געבליבן זיצן ווי פריטשמעליעטע. אויף אזא פײערדיקן רעדנער פונם שונאס צד האבן זײ זיך גארניט געריכט. זײ האבן זיך געשעמט אויפצוהײבן די אויגן זיך ניט דארפן באגעגענען מיט די טריומפירנדיקע בליקן פון זײערע בלוטיקע שונאים, די לינקע.

נאך דער לאנגער פאליטישער רעדע פונם לינקן "גענעראל", האט דער פארזיצער זײערער אויסגערופן מיט א זיגערישן טאן:

— ווער וויל נעמען א ווארט? ווער וויל שטעלן א פראגע דעם רעפערענט?

ס'האט זיך אנגעהויבן די לאנג דערווארטעטע דעבאטע. איין רעכטער חבר נאכן אנדערן האט זיך אויפגעשטעלט און גענומען פארווארפן דעם רעדנער מיט פראגעס, כדי צו באווײזן, אז ער ווײסט נעבעך ניט מאי דקאמרי רביצין. דא זײנען די רעכטע חברים געווארן בײ זיך האפערדיקער און גענומען שטארק אפלאדירן זײערע אינטעליגענטע חברים, די דעבא־טאנטן. און די לינקע האבן געמאכט חוזקדיקע צווישנרופן:

— סאציאל־פאשיסטלעך!

— ציוניסטלעך!

— שאוויניסטלעך!

— קאנטער־רעוואלוציאנערן!

די רעכטע האבן צוריק־געשריען:

— מערדער פון דער רוסישער רעוואלוציע!

— חברים מיט אראבער־פאגראמשטשיקעס!

— איר האט דערמארדעט טראצקין!

ס'איז געווארן א טומל, א געשריי, א פײפערײ, א קלאפערײ מיט הענט און מיט פיס, אזש די ווענט פון זאל האבן געציטערט.

אבער, ווי ס'פירט זיך בײ אלע פאליטישע דעבאטעס, האט דער רעדנער שטענדיק "דאס לעצטע ווארט". ערשט איצט האט ער זיך מיט זײן שארפן צינגל ארויפגעווארפן אויף זײנע פאליטישע שונאים און זײ שיר ניט פארצוקט; מיט זײנע קלוגע, שארפזיניקע חכמהלעך, האט ער פון די "רעכטע" געמאכט תל און אש. פון גרויס פרייד און ניצחון, האבן די

לינקע אזש געשפרונגען פון די ערטער, און מיט א ווילדן קאַצניאַמער ארויס־באַגלייט די רעכטע פון זאל.

די רעכטע זיינען דאך אבער אויך ניט געווען קיין שיפּע־זיבעלעך, האבן זיי באלד געקלאַפּט א דעפּעשע צו זייער "צענטער", אז מ'זאל זען וואס גיכער אראפּשיקן צו זיי א גענעראל־רעדנער, וואס זאל ראַטעווען דעם פּרעסטיזש און דעם כבוד פון זייער "באַוועגונג", און איינמאל פאר אלעמאל זיך אָפּרעכענען מיט די קאָמוניסטלעך, אזוי אז זיי זאלן שוין מער ניט קאָנען אויפשטיין צו תחית המתים . . .

אָבער ווי נאר דער "רעכטער" גענעראל־רעדנער האָט זיך אוועקגעשטעלט ריידן פארן געפּאַקטן עולם, האָבן די "לינקע", ווי זייער שטייגער איז געווען, באלד געמאַכט אן "אָבסטרוקציע", אנגעהויבן שרייען, ליאַרעמען, טופּען מיט די פיס, קלאפּן מיט די בענקלעך.

די רעכטע האָבן זיך ארויפגעוואָרפן מיט די פויסטן אויף די לינקע, די לינקע אויף די רעכטע, אזוי אז פונם פּאָליטישן ווערטער־קאַמף איז געווארן אן אמתע פּארטיי־שלאַכט.

אויף די געשרייען און אויף די גוואַלדן, וואָס האָבן זיך געהאַט געטראָגן פון ביבליאָטעק־לאָקאל, זיינען געקומען צו לויפן טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, זיך אָננעמען די קריוודע פון זייער אייגן בלוט און פלייש. ערשט איצט האָט זיך די "פּאָליטישע מלחמה" צעפלאַקערט מיט נאָך מער פאַרביסנקייט. ס'האָבן זיך געשלאָגן "ציוניסטישע" טאַטעס מיט "קאָמוניסטישע" טאַטעס, מען איז אריין איינע די אנדערע אין די בערד; "ציוניסטישע" מאַמעס האָבן מיט ציין און נעגל געריסן די האָר פון קאָפּ ביי די מאַמעס פון "קאָמוניסטישע" זין און טעכטער. די לינקע האָבן געוואָרפן בענקלעך און ביכער אויף די רעכטע, די רעכטע אויף די לינקע, אזוי אז דער גאַנצער ביבליאָטעק־זאל איז פאַרוואַנדלט געווארן אין אן אמתען שלאַכטפעלד. מ'האָט זיך אזוי לאַנג געשלאָגן און געממיתט, ביז עמיצער א ליץ האָט אויסגעשריען אויפן קול:

— די פּאָליציי גייט! די פּאָליציי ! ! !

ווי דורך א כישוף־שפּרוך האָט די צעפלאַקערטע מלחמה זיך באלד אָפּגעשטעלט. די צעשלאָגענע מחנות, די רעכטע ווי די לינקע, האָבן באלד גענומען לויפן, ווי פאַרסמטע מייז, דורך דער הינטער־טיר, דורך די פענצטער, אבי וואָס גיכער אנטלויפן פון פּלאַץ . . .

און שטאָט קאָמעניץ איז שוין איינמאל געווען פריילעך ! . .

* * * * *

די אָפּטע געשלעגערייען צווישן די "רעכטע" און די "לינקע" אויף דער יידישער גאַס, האָבן דערווייל קיין גרויסע ענדערונגען אין דער פּאָליטישער לאַגע פון דער וועלט ניט געבראַכט. אַלץ איז געבליבן דערווייל ביים אַלטן . . . "גראַבסקים עגלה" אויפן נאָמען פונם טרויעריק־באַרימטן

פוילישן פינאנץ מיניסטער, האט ווי פריער, נאך אלץ געהאלטן אין איין ארויספירן פון די יידישע הייזער, פון יידישע קרעמלעך, דאס לעצטע ביסל האב און גוטס, מיטן לעצטן ביסל סחורה אלס שטראף פאר ניט באצאלטע שטייערן צו דער מלוכה. מיט יעדער טאג האט דער יידישער דלות זיך אלץ מער צעלייגט און צעשפרייט איבער יידישע הייזער.

אין דער זעלבער צייט איז די שנאה, דער ברודער־קריג, צווישן איין יידישער ארבעטער פארטיי און דער צווייטער, געווארן אלץ שטארקער און פארביסענער. ארבעטער - פאריינען, סאציאלע, קולטורעלע אינ־סטיטוציעס, האבן זיך געשפאלטן אויף "רעכטע" און אויף "לינקע". די אנגעזאמלטע ענערגיע ביי דער פארצווייפלטער יידישער יוגנט, האט גע־זוכט א תיקון, געוואלט קומען צום אויסדרוק, האט זי עס פארווענדט אינם פארטיי־קאמף אויף דער יידישער גאס, וואס האט מיט יעדער טאג געהאט אנגענומען דעם כאראקטער פון א פארביטערטן ברודער־קריג.

ביי דער קאמעניצער יוגנט האט זיך אויך געהאט צעפלאקערט א מחלוקת איבער דער ביבליאטעק. די "רעכטע" האבן געטענהט, אז זי איז זייערע! זיי זיינען אין דער מערהייט! זי געבויט מיטן שוויים פון זייער פנים! די "לינקע" האבן געטענהט, אז זי געהערט נאר צו זיי, ווייל זיי זיינען די אמתע יורשים פון דער פראלעטארישער קולטור ! . . האבן די "לינקע" אויפגעהאנגען א שלאס אויף דער ביבליאטעק, זיינען באלד געקומען די "רעכטע" און אויפגעהאנגען זייער שלאס. גאנץ שטאט איז געגאנגען כאראם. די איינציקע, וואס האבן נעבעך געשוויגן און זיך ניט געקענט אריינמישן אין דעם קאמף, זיינען געווען די הונדערטער יידישע ביכער, וואס זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אויף די פאליצעס און געווארט, אז מ'זאל זיי קומען און אויסלייזן פון דער תפיסה . . .

נאך לאנגע אסיפות און קריגערייען, איז מען ענדלעך געקומען צום באשלוס, אז ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה ווי דורכצופירן א חלוקה, ד"ה, אנשטאט איין ביבליאטעק, זאל ווערן צוויי, איינע א "רעכטע" און איינע א "לינקע", אבי ס'זאל זיין שלום על ישראל ! . .

בײדע פאליטישע ריכטונגען האבן אויסגעקליבן פון זייער מיט צו איין פארשטייער וואס זאלן זען, אז די צעטיילונג פון די ביכער אויף "רעכטע" און אויף "לינקע" זאל חלילה ניט גיין אויפן חשבון פונם צווייטן צד.

די רעכטע האבן אויסגעקליבן פון זיך אן עלטערן חבר, וואס איז נאך געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער אמאליקער "ביבליאטעקא", א פייערדיקער ציוני, וואס איז געווען קלאר אין אלע ציוניסטישע ארבעטער שריפטן, ווי א פרומער ייד אין אשרי. גערופן האט מען אם משה דער לאנגער, מחמת ער איז געווען הויך און דאר ווי א שטעקן.

די "לינקע" האבן אויסגעקליבן זייערן א חבר, וואס איז ביי זיי פאר־רעכנט געווען פאר זייער א וויל־געלערנטן, מחמת ער איז געווען א

לײדנשאַפטלעכער לײענער פון דער ײדישער און רוסישער ליטעראַטור און איז אויך געװען גוט באַהאַװנט אין קאַרל מאַרקס און לענינס שריפטן. און װי אויף צו להכעיס, האָט ער אויך געדאַרפט הײסן משה, װאָס איז גע־װען פונקט דער היפוך פונם "רעכטן" משהן. ער איז געװען אַ קורץ, געפּאַקט מענטשל, מיט ברײטע פּלײצעס און מיט אַ פּאָר געזונטע הענט, װאָס האָבן עדות געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון דורות באַלעמעלאָכעס, אמתע פּראָלעטאַריער . . . און כדי ניט צו פאַרבײטן בײדע משהס, האָט שטעטל אַ נאָמען געגעבן דעם רעכטן משה — משה דער לאַנגער, און דעם לינקן משה — משה דער קורצער. אויף די דאָזיקע צװײ "משהס" איז געפאַלן דער גורל דורכצופירן די היסטאָרישע חלוקה איבער דער ײדישער ביבליאָטעק.

װאָס שײך מיטן ביסל מטלטלין, דעם אינװענטאַר פון דער ביב־ליאָטעק, איז נאָך צוגעגאַנגען רויִק, גלאַטיק, לױט אַ פּשוטן חשבון: מיר אַ בענקל און דיר אַ בענקל, מיר אַ טישל און דיר אַ טישל, מיר אַ פּאָליצע און דיר אַ פּאָליצע. אָבער װען ס'איז געקומען צו דער חלוקה פון ביכער, דאָ האָבן זיך אָנגעהױבן די אמתע צרות.

דער קורצער, פלינקער, משה דער לינקער, האָט אויף גיך אַראָפּ־געכאַפּט פון דער ערשטער פּאָליצע מענדעלע מוכר ספרימס "קליאַטשע" און זי אַ שלײדער געטאָן אין דער זײט פון זײן שונא, משה דעם לאַנגן, און מיט סאַרקאַזם אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז אַן אַנטיקל פאַר אַזאַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנער װי דו ביסט! זעסטו, די "טאַקסע", װו דער זײדע מענדעלע באַשרײבט די פּרומאַ־קעס, די אמתע צבועקעס, װי עס זײנען דײנע כּפל שמונהדיקע ציוניסטלעך, געהערט צו מיר!

װי גיך משה דער קורצער האָט זיך געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט מענ־דעלעס װערק, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו פּרצן, װאָס איז געשטאַנען אין שכנות מיטן "זײדן". ער האָט באַלד אַרױסגעכאַפּט אײנס פון זײנע ביכער מיטן נאָמען "חסידיש" און אױסגערופן מיט אַ ציניש געלעכטערל:

— די דאָזיקע "װערקע", װאָס גלאָריפיצירט די פינצטערע חסי־דישע רעאַקציע, קענסטו זיך נעמען! װען פּרץ װאָלט געלעבט, װאָלט ער עס אַלײן מיט זײנע אײגענע הענט פאַרברענט ! . . .

משה דער לאַנגער האָט פאַר װײטיק זיך אַזש צונױפגעקאַרטשעט. אַלץ אין אים האָט געברױזט און געקאָכט. ער האָט פאַרשטשעמעט די ליפּן און געשװיגן. אַ, װען ער קען, װאָלט ער זײן בלוטיקן שונא, דעם קאָמוניסטל, צעריסן װי אַ הערינג. ער, װאָס האָט מיט אַזױפיל שװערער מי און מאַטערניש צונױפגעזאַמלט די אַלע ביכער, װאָס איטלעכעס בוך איז בײ אים געװען טײער װי זײן אויג אין קאָפּ, דאַרף איצט צוקוקן און זיך צוהערן, װי אָט דער דאָזיקער "שטערער און ברעכער" איז אַזױ

מזלזל זיינע הייליקטימער! ס'איז אים אזש געווארן טרוקן אין האלדז. טרערן האבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. ער האט געהאט דאס געפיל ווי איבער אים וואלט איצט געשטאנען א קאלטער גזלן און שניידט מיט א שארפן מעסער שטיקער פלייש פון זיין לייב.

משה דער "לינקער" איז זיך ווייטער אנגעגאנגען מיטן "צענזור־רירן" די ביכער און דערביי זיך אונטערגעפייפט עפעס א פריילעך לידל . . . ס'האט ניט געדויערט לאנג ווי אויף דער זייט פון משה דעם "רעכטן" האט זיך אנגעהויפנט א היבשער בארג ביכער, וואס דער קורצער, "לינקער" משה, האט געהאט אויסגעבראקירט, ווי זיי וואלטן געווען "טריף־פסולן". . . און אויף דער זייט פונם לינקן משהן איז געלעגן ניט מער ווי א קליין בער־געלע ביכער. דערפאר אבער ריינע, כשרע, אמתע, פראלעטארישע ווערק . . .

נאכן אפפארטיקן זיך מיט דעם בעלעטריסטישן טייל, האט מען זיך גענומען איינטיילן מיטן באהאלטענעם אוצר — די אומלעגאלע, רעוואלוציא־נערע ליטעראטור, וואס מען האט געהאט אויסבאהאלטן פון דער פוילישער פאליציי.

משה דער לינקער האט א כאפ געטאן דעם שווערן באנדיקן "קאפי־טאל", פון קארל מארקס, און עס שוין געוואלט אוועקלייגן צו זיך. אבער דא האט משה דער רעכטער געגעבן א שפרונג צו צום לינקן משה און מיטן גאנצן כוח גענומען רייסן פון אים קארל מארקסן און דערביי געשריען, ווי ניט מיט זיין קול:

— דו פארדאמטער קאמוניסטל, קארל מארקס איז אונדזערער! אונד־זערער! צו אונדז געהערט זיין "קאפיטאל" ! . .

משה דער לינקער האט מיט איין האנט גענומען אפשטויסן פון זיך דעם צעהיצטן "רעכטן" משהן און מיט דער צווייטער האנט געהאלטן צוגע־קלאמערט צום הארצן קארל מארקסן און געשריען דורך פארשטעמעוועטע ציין, אזש א שוים האט אים ארויסגעזעצט פון מויל:

— דו סאציאל־פאשיסט! ווי וואגסטו מיט דיינע קאנטער־רעוואלוציא־נערע הענט זיך גאר צורירן צו אונדזער קארל מארקס? ער איז אונדזערער! מיר האבן איינגעפירט סאציאליזם אויף א זעקסטל פון דער וועלט ! . . אזא חוצפה פון א ציוניסטל, א פאשיסטל, א פעטליוראוועץ ! . .

דא האט משה דער רעכטער זיך שוין מער ניט געקענט איינהאלטן. אים, דעם אויסגעהאלטענעם סאציאליסט, וואס איז ניט איינמאל שוין געהאט געזעסן אין טורמע צוליב דער רעוואלוציע און צוליב דער רעוואלוציע איז ער פארבליבן אן אלטער בחור, זאל מען רופן פאשיסט, פעטליוראוועץ?! דאס איז שוין געווען איבער זיינע כוחות.

מיט זיינע לאנגע, ביינערדיקע הענט, האט ער זיך ארויפגעווארפן אויף זיין בלוטיקן שונא און אים גענומען זעצן מיט די פויסטן איבערן קאפ,

גערִיסן אים מיט די נעגל דאָס פּנים. ס׳האָט זיך צעפּלאַקערט אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן.

ביידע משהס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דר׳ערד, איינער איינגעקלאַמערט אינעם צווייטן, אַזוי אַז קיין כּוח אין דער וועלט האָט זיי ניט געקענט פונאַנדעררייסן. דאָ איז געלעגן משה דער רעכטער אויף משה דעם לינקן און דאָ איז געלעגן דער לינקער משה אויפן רעכטן משהן און מיט זיינע געזונטע קולאַקעס געזעצט אים אין פּנים און אין די זייטן. בלוט האָט גערונען פון ביידן. ביידע האָבן געשריען, געקרעכצט און געברומט מיט פאַרשטיקטע קולות. אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן.

עס זיינען באַלד אָנגעלאָפן שכנים, וואָס האָבן זיי קוים פונאַנדערגעריסן. משה דער "רעכטער" איז אַוועקגעפאַלן ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים און איז געבליבן ליגן אין איין ווינקל פון דער ביבליאָטעק און שווער געסאָפּעט. און ניט ווייט פון אים איז געלעגן דער לינקער משה מיט אַ צעקאַלעטשעטער נאָז און מיט אַ האַנט זיך געווישט דאָס שווייס און דאָס בלוט פון פּנים. און צווישן זיי ביידן איז געלעגן אויף דר׳ערד קאַרל מאַרקס אַ צעריסענער און אַ צעפליקטער . . .

# דער אָנהייב פונם סוף . . .

סעפּטעמבער 1939. פּלוצלונג, ווי א דונער אין מיטן העלן טאָג, איז אויסגעבראָכן די צווייטע, גרויסע וועלט־שריפה. ווי א היישעריק, האָבן זיך א לאָז געטאָן די היטלעריסטישע האָרדעס אויפן לאַנד פּוילן. זייערע עראָפּלאַנען, ווי שטאָלענע רויב־פייגל, האָבן פון אונטער בלויע הימלען געזייט חורבן און טויט. דאָס גאַנצע לאַנד איז אריינגעפאַלן אין א פּאַניקע.

מער פון אַלעמען האָבן זיך געשראָקן די יידן, ווי דאָס הארץ האָט זיי געזאָגט, אז זיי וועלן זיין, ווי שטענדיק, די ערשטע צו ליידן . . . בפרט ווען ס'האָבן זיך שוין געהאט דערטראָגן אהער די ערשטע טרויעריקע נייעס, אז דער שונא, דער נאַצי, איז גרויזאַם; ער שוינט ניט קיין זקנים, קיין פרויען און קינדער; אַלץ וואָס ער טרעפט אָן אויף זיין וועג צעשטערט ער און פאַר־ניכטעט מיט א טייוולאַנישן כוח.

ס'האָבן זיך שוין געהאט באַוויזן אין שטעטל די ערשטע יידישע היימלאָזע, מיט קליינע קינדער ביי דער זייט, מיט עופּהלעך אין די אָרעמס, מיט קלומקעס אויף די פּלייצעס. אַלע מיט אַזעלכע טויט־בלאַסע פּנימער און מיט ווילד־צעשראָקענע אויגן. זייער אַנבליק, זייער טרויעריק אויסזען, האָט איינגאַנצן שוין צערודערט די שטעטלשע יידן. די אַנטרונענע פון טויט און חורבן האָבן זיך געהאט אָנדערציילט שרעקלעכע מעשות, איינע שוידער־לעכער פון דער צווייטער:

— דער בלוטיקער שונא האָגלט אויף יידישע שטעט און שטעטלעך מיט צינד־באָמבעס; יידישע שטעטלעך ברענען ווי יום־כיפּור־ליכט; די פּוילישע אַרמיי ווערט געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן; די רעגירונג אין וואַרשע איז אַנטלאָפן און קיינער ווייס ניט אפילו וווהין.

ס'האָט אַלעמען ארומגעכאַפּט אן אימה, א פינצטערע בהלה.

זאַסטאַוויער יידן זיינען באַלד אוועקגעלאָפן קיין קאָמעניץ, זען, הערן, וואָס "שטאָט" האָט בדעה צו טאָן.

אָבער די שטאָט קאָמעניץ איז געווען נאָך מער צעשראָקן און צע־טומלט פונם שטעטעלע זאַסטאַוויע. זיינען זיי אוועק צום רב, ר' בנימין בור־שטיין, אפשר וועט ער געבן אן עצה וואָס צו טאָן? צי זאָל מען אויך כאַפּן

ווייב און קינד, און לויפן וווהין די אויגן וועלן טראגן, צי מ'זאל בלייבן זיצן אויף די ערטער?

דער קאמעניצער רב האט אויפגעהויבן דעם קאפ פון דער גמרא, אנגעשטעלט זיינע טרויעריקע, שווארצע אויגן אויף די בלייכע, צעשראקענע זאסטאוויער יידן און זיך צעקרעכצט. ער האט זיך אויפגעהויבן פון ארט און אנגעהויבן שפרייזן מיט שלאבעריקע פיס הין און צוריק איבער זיין בית־דין שטיבל. אלע ווײַלע געווארפן א טרויעריקן בליק אויף זיינע פאליצעס ספרים, צווישן וועלכע ס'האבן זיך געהאט געפונען יקר המציאותן און אויך זיין כתב־יד, זיין נייער פירוש אויף ש"ס . . . ס'איז אנטשטאנען א שווערע, געדריקטע שטילקייט. דער רב האט זיך צוגעזעצט צום טיש און מיט א ציטערדיקגעבראכענעם קול געגומען ריידן:

— מ'דארף ניט לויפן . . . ווארים "מלאך המות מה לי הכא ומה לי התם". . . פון טויט קאן מען ניט אנטלויפן . . . מ'טאר אבער ניט ארייג־פאלן אין קיין יאוש . . . מיר זיינען יידן, זיינען מיר . . . מ'דארף האבן ביטחון . . . נאר דער אבינו שבשמים קאן אונדז העלפן . . .

פונם רבס קורצע, אפגעהאקטע רייד, האבן די צעשראקענע, פארצווייפלטע זאסטאוויער יידן ערשט פארשטאנען, אז דאס אומגליק איז נאך גרעסער ווי זיי האבן זיך פארגעשטעלט. דערשלאגענע און צעבראכענע זיינען זיי אוועק אהיים.

פארנאכט. דער בית־מדרש איז געווען געפאקט מיט יידן, ווי יום־כיפור צו כל־נדרי. ווי א סטאדע שאף ערב א שטורעם, האבן זיך יידן איצט געטוליעט איינער צום אנדערן. א שטילקייט האט געהערשט אינם האלב־טונקעלן בית־מדרש. ווי פון זיך אליין, האט מען גענומען אפהאלטן אן אסיפה. די פראגע: וואס טוט מען? ווי אזוי ראטעוועט מען דאס ארעמע לעבן? האט איטלעכן געעגבערט אין מוח.

אברהם טראשינסקי, א געוועזענער סארעווער קאלאניסט, האט פארגעשלאגן, אז מ'זאל גלייך שפאנען פערד און וואגן, און לויפן קיין קאמעניץ, ווייל ווי עס מאכט זיך, זאל מען באטש זיין אינייינעם מיט יידן . . .

— גערעכט! גערעכט! — האבן אלע "פאטאקעוועט", — ווארים די אפטרעטנדיקע פוילישע סאלדאטן קענען נאך חלילה פארברענען די בריקן, דעמאלט וועלן מיר שוין אינגאנצן בלייבן אפגעשניטן פון דער וועלט! . .

— און קיין קאמעניץ וועלן זיי ניט קומען? — האט ר' יצחק־אייזיק, דער גמרא מלמד און א בעל־מטופל מיט קינדער, אלעמען איבערגעשריען.

— לאמיר בעסער לויפן קיין וויסאקע־ליטאווסק! עס איז אויך א שטאט מיט יידן! — האט געטענהט יאסל נחמיה אייזיקס, — און אויב מ'וועט חלילה פון דארטן אויך דארפן לויפן, איז באטש דא ניט ווייט א באן! . .

אזוי האט איטלעכער געהאלטן אין איין פארשלאגן עפעס אנדערש.

אלע האָבן געערדט, געטענהט, זיך געהיצט און געקאָכט, אָבער צו קיין טאָלק איז מען ניט געקומען.

מיטאמאָל האָט סענדער, דער קאָלאָניסט, זיך געגעבן א שטעל אויף און אויסגערופן אויפן קול:

— יידן, מיין עצה איז, אז מיר זאָלן אלע בלייבן אויף די ערטער! און וואָס גאָט וועט געבן, דאָס וועט זיין!

אָבער דאָ איז אים עמיצער אריינגעפאַלן אין די רייד און אויסגע־שריען:

— באשר אים איז שווער געווען צעשיידן זיך מיט זיינע פערד און בהמות דעריבער הייסט ער אונדז בלייבן און אומקומען פון די דייטשישע באָמבעס! ער וויל בלייבן, טאָ זאָל ער בלייבן געזונטערהייט! יידן, לאָמיר גיין ! . .

עס איז געוואָרן א טומל, א געפילדער. איינער האָט איבערגעשריגן דעם צווייטן. סענדער אָבער האָט זיך ניט געלאָזט פארטומלען, גענומען קלאַפּן מיטן פויסט אויפן טיש און אנגעהויבן ריידן נאָך מיט א העכערן קול:

— רבותי! הערט מיך אויס! מיר האָבן שוין געזען וואָס ס׳איז גע־וואָרן מיט די וואָס זיינען געלאָפן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ! . . געדענקט, יידן, דער דייטש פירט איצט א גרויסן קריג! ער וועט דאַרפן האָבן א סך ברויט אויף צו קאָרמענען זיינע סאָלדאטן! מיר זיינען כמעט אלע ערד־ארבעטער, מיר האָבן אלע גערטנער! איך בין זיכער, אז דער דייטש וועט ווייטער אונדז נאָך אליין געבן זריעה צו פארזייען וואָס מער תבואה און וואָס מער שאר ירקות, ווי ער האָט עס געטאָן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעריבער איז מיין עצה, אז מיר זאָלן בלייבן זיצן אויף די ערטער און אנגיין מיט אונדזער ארבעט!

פונקט ווי א טרינקענדער כאַפּט זיך אָן פאר א שטרוי, אזוי האָט דער גאנצער עולם זיך אנגעכאַפּט אָן סענדערס רייד. די שרעק, די פארצווייפלונג האָט נאָכגעלאָזן. א געפיל פון דערלייכטערונג האָט איטלעכן ארומגעכאַפּט. ס׳האָבן זיך באַלד גענומען טראָגן קולות פון אלע זייטן:

— סענדער איז גערעכט!

— איך ריר זיך ניט פון אָרט!

— איך אויך ניט!

— וואָס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט ר׳ ישראל!

— מיר וועלן אלע בלייבן ! . .

— יידן ס׳איז שוין שפּעט! צייט צו דאַווענען מעריב! איך האָב היינט יאָרצייט! — האָט אויסגערופן ר׳ לייבל שמיד, א ייד א זקן.

ער האָט זיך באַלד געגעבן א שטעל אוועק פארן עמוד און מיט א געבראָכענער, וויינענדיקער שטימע גענומען זאָגן דעם "והוא רחום יכפר

עוון ולא ישחית"... זיין אומעטיקער, טרויעריקער ניגון האט אנגעיאגט אויפן גאנצן עולם א דערדריקטע שטימונג, ווי מ'וואלט איצט געדאוונט ביי אן אבל אין שטוב...

* * * * *

שוין די צווייטע און די דריטע נאכט ווי די קאמעניצער און זאסטאַ־וויער יידן זיינען געלעגן פארטייעטע הינטער פאררינגלטע טירן און לאדן. מאמעס מיט בלייכע פנימער האבן געטוליעט צום הארצן זייערע קינדער, אז זיי זאלן ניט ארויסלאזן קיין פיפס פון מויל. טאטעס מיט ציטערדיקע ליפן האבן געשעפטשעט קאפיטלעך תהילים. די שעהן און די מינוטן האבן זיך געצויגן פאר זיי ווי אייביקייטן. די נאכט מיט אירע פינצטערע שאטנס האט נאך פארגרעסערט די שרעק פארן טויט... יעדער שארך וואס האט זיך דערטראגן פון דרויסן האט געפרירט די האר־ווארצלען ביי זיי אויפן קאפ; איטלעכער האט געבעטן גאט, אז ס'זאל שוין קומען וואס ניכער א סוף צו דער גרויזאמער נערוון־געשפאנטקייט; איטלעכער האט געגארט, אז ס'זאל שוין וואס ניכער קומען דער אנטשיידענער מאמענט אזוי אז מ'זאל שוין וויסן וואס דער גורל האט צו געגרייט פאר זיי...

פלוצלונג, מיטן שפראץ אויף טאג, האט זיך דערהערט א שטעפן פון קוילן־ווארפערס און א קנאלן פון הארמאטן, וואס איז געקומען פונם בריסקער שאסיי. יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען צוגעפאלן צו דר'ערד, האבן זיך גענומען באהאלטן הינטער די אויוונס.

מיטאמאל איז די קאנאנאדע פארשטומט געווארן. ס'איז אנטשטאנען אן אויסערגעוויינלעכע שטילקייט, וואס האט נאך מער געשראקן ווי דער טראַ־טאַ־טאַ פון די פוליעמיאטן און פלאצנדיקע סנאריאדן...

פלוצלונג האט זיך דערהערט א שטארקע טראסקעריי פון שווערע, מיליטערישע אייזערנע רעדער, וואס האבן, ווי מיט שארפע שטאלענע ציין, זיך איינגעביסן אינם שטיינערנעם ברוק, אזוי אז די ווענט פון די יידישע שטיבלעך האבן אזש זיך געטרייסלט...

מיט צאפלדיקע הערצער און מיט איינגעהאלטענע אטעמס האבן יידן זיך "צוגעגנבעט" אויף די שפיץ־פינגער צו טיר און פענצטער, צו כאפן א קוק דורך א שפארונע, זען צי די דאזיקע טראסקעריי פון די מיליטע־רישע אבאזן זיינען פון "אייגענע", צי חלילה פונם שונא?...

מיטאמאל האט דער מיליטערישער צוג זיך אפגעשטעלט. סאלדאטן מיט די פויסטן און מיט די פריקלאדן פון זייערע ביקסן, האבן גענומען קלאפן אין די טירן און אין די לאדנס און געשריען:

— גראזשדאניע, אטווארימי! בירגער עפנט אויף! טא סוואי! ליודי! דאס זיינען אייגענע מענטשן! די רויטע ארמייער!...

די צעשראקענע יידן האבן ניט געגלייבט זייערע אייגענע אויערן.

קען דאָס טאַקע זיין, אַז דאָס הפקרדיקע לעבן זייערס איז געראַטעוועט?
ס'איז זיי שווער געווען דאָס צו גלויבן...

דאָ און דאָרט האָט זיך געעפנט א טיר. פון דאָ און דאָרט האָט זיך באַוויזן א קאָפּ, וואָס האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט אַרויסצו־רוקן זיך פון אונטער איינגענעם דאַך...

— גראַזשדאַניע, אַטוואַריטי! — האָבן זיך געטראָגן איבער דער גאַס אַלץ העכער און העכער די סאַלדאַטסקע קולות.

ערשט ווען יידן האָבן זיך שוין געהאַט איבערצייגט, אַז דאָס זיינען טאַקע אמתע רוסן, פון רוסלאַנד, איז מען געוואָרן ביי זיך אביסל דרייסטער. באַלד הגבן זיך צעעפנט טירן. די פאַרטייעטע יידן האָבן איינציקווייז זיך גענומען אַרויסשאַרן פון זייערע באַהעלטענישן. שכנים, קרובים, זיינען זיך גע־פאַלן איינע די אַנדערע אויף די העלדזער, און פאַר פרייד, וואָס מען איז ניצול געוואָרן פון טויט, האָט מען געוויינט און געלאַכט, געלאַכט און געוויינט...

* * * * *

די גוישע גאַס האָט אויפגענומען די נייע, סאָוועטישע "וולאַסט" מיט געמישטע געפילן. די פונם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן האָבן זיך געפרייט, ניט אַזוי צוליב דעם וואָס זייערע פּראַוואָסלאַוונע ברידערלעך, די באָלשעוויקעס, זיינען ווידער געקומען הערשן איבער זיי, נאָר דער עיקר, וואָס זיי האָבן איצט דערלעבט א נקמה אַן זייערע פאַרהאַסטע ליאַכן, די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געהאַט איזדיעקעוועט איבער זיי.

דערפאַר אָבער זיינען די מעשטשאַנעס פונם קאַטוילישן גלויבן אַרומ־געגאַנגען מיט פאַרפינצטערטע פּנימער, מיט פאַרביסענע ליפּן און מיט א פאַרטייעטן פייערל אין די אויגן. זיי האָבן געקוקט אויף די נייע הערשער ווי אויף זייערע בלוטיקע שונאים, וואָס האָבן אַריינגעשטאָכן א מעסער אין רוקן פון זייער פאַרפייניקטן פאָטערלאַנד. אָבער נאָך מער שנאה און האַס האָבן זיי געטראָגן אין האַרצן אויף זייערע יידישע שכנים, ווי זיי וואָלטן געווען די הויפּט־שולדיקע אין זיירע איצטיקן נאַציאָנאַלן אומגליק...

פונדעסטוועגן האָבן א סך פון די דאָזיקע עכטע, פּוילישע פּאַטריאָטן באַלד אַראָפּגענומען פון זייערע ווענט די קאַטוילישע איקאָנעס און אויפגע־האָנגען אויף זייער אָרט פּראַוואָסלאַוונע ווי א סימן, אַז זיי געהערן זיך אויך אַן צום גרויס־רוסישן פאָלק...

ביידע אָבער, סיי די קאַטאָליקן און סיי די פּראַוואָסלאַוונע פון דער גוישער גאַס, האָבן איצט הכנעהדיק צוגעשמייכלט צו זייערע שכנים פון דער יידישער גאַס, ווי יענע וואָלטן געווען גאָר נאָענטע ר' שמעלקעס מיט דער נייער סאָוועטישער וולאַסט... בפרט נאָך ווען דאָרט, אויף יענער זייט טייך, האָט דער הויפּט־נאַטשאַלניק פונם שטאָטישן רעווקאָם (רעוואָלוציאָ־נערן קאָמיטעט), געטראָגן אויף זיך א לענגלעכע יידישע נאָז...

די באָלשעוויקעס האָבן זיך באַלד, ווי די הייִשעריקן, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די ייִדישע קרעמלעך און מיט איין "שמע ישראל" אויסגעקויפֿט אַלץ אויף וואָס נאָר זייער אויג איז געפֿאַלן, פֿון אַ קרענצל גלעזערנע פּאַטשערקעס ביז אַ שוך־בענדל — מתנות פֿאַר זייערע ווייבער און קינדער אין טיף־ראַסיי. ס'האָט ניט געדויערט לאַנג ווי די ייִדישע קרעמער פֿון שניט־סחורה, באַקאַליי און גאַלאַנטעריי, זיינען געבליבן שטיין ביי ליידיקע פּאָליצעס . . .

* * * * *

די נייע באָלשעוויסטישע מאַכט האָט באַלד גענומען אויסוואָרצלען יעדער סימן פֿון דער פּוילישער הערשאַפֿט, ווי זי וואָלט דאָ קיינמאָל ניט עקזיסטירט. פּוילישע נעמען פֿון גאַסן און אינסטיטוציעס זיינען פֿאַרביטן געוואָרן אויף רוסישע. זי האָט אויך באַלד גענומען איינפֿירן, אויף איר שטייגער, די באָלשעוויסטישע געזעצן וועגן סאָציאַלן יושר, אַזוי אַז איינער זאָל ניט האָבן מער פֿונעם צווייטן; האָט ווער פֿאַרמאָגט אַ פֿערד, אַ בהמה, אַ חזיר מער פֿונעם אַנדערן, האָט מען עס ביי אים צוגענומען. ס'האָט טאַקע ניט געדויערט לאַנג, ווי אַלע זיינען געוואָרן גלייך . . .

ייִדן, וואָס זיינען שטענדיק די ערשטע צו ליידן פֿון יעדער נייער פּאָליטישער ענדערונג, האָבן דאָס מאָל, חלילה ניט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. פֿאַרקערט, מ'האָט נאָך געהאַט אָפּגעגעבן אַ שבח צו דעם "וואָס לעבט אייביק", וואָס מ'איז ניצול געוואָרן פֿון אַריינצופֿאַלן אין די נעגל פֿון די רשעים, די דייטשן.

אויף די אַלע אָפּטע רעקוויזיציעס און קאָנפֿיסקאַציעס, וואָס די נייע מאַכט האָט ביי זיי דורכגעפֿירט, האָבן ייִדן, ווי זייער שטייגער איז, באַלד געפֿונען אַ טרייסט אין אַ פּסוק, וווּ עס זאָגט זיך: "תן לי הנפש והרכוש קח לך" — "גיב מיר די נפֿשות און דאָס פֿאַרמעגן נעם זיך". . . האָבן די זאַמ־טאַוויער און קאַמעניצער ייִדן עס פֿאַרטייטשט אַזוי: "מיר דאַנקען דיר, פֿריצל, פֿאַרן שטיקל לעבן, וואָס דו האָסט אונדז געשענקט, און דאָס ביסל פֿאַרמעגן אונדזערס, וואָס מיר האָבן געהאַט "נאַזשיוועט" מיטן שווייס פֿונעם פּנים, נעם זיך דיר געזונטערהייט". . .

דער איינציקער ייִד אינעם שטעטעלע זאַסטאַוויע, וואָס איז נעבעך זייער ניט געווען צופֿרידן מיט דער נייער סאָוועטישער ממשלה, איז געווען סענדער, דער רייכער קאָלאָניסט. וואָרים די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן אין זיין "כוראַבע". זיי האָבן ביי אים געהאַט צוגע־נומען זיינע גרויסע סטויגן היי און קאָניושינע, אויסגעליידיקט אַלע זיינע שייערן און שפּייכלערס מיט תבואה, און אויך זיינע שיינע, ראַ־סאָווע פֿערד און בהמות, וואָס ער אַליין האָט אויסגעהאָדעוועט.

ער איז נעבעך אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און אַ צעבראָכענער, ווי אַן אָבל. ער האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. קיין שלאָף איז ניט געקומען אויף זיינע אויגן. פֿון גרויס האַרצווייטיק און גריזאָטע איז ער

געווארן אלט און שוואך, אז קוים די נשמה האָט זיך געהאלטן אין אים. ער האָט צו קיינעם ניט גערעדט. געזעסן טאָג און נאכט אין שטוב. ניט איבערגעטראָטן די שוועל פון בית־מדרש, ווי ער וואָלט זיך געשעמט ווייזן דאָס פּנים פאר לייטן . . . ער האָט מורא געהאט פארבייצוגיין זיינע אויסגעלייזדיקטע שטאלן און שייערן. ס'האָט זיך אים רק געדוכט ווי ער הערט דאָס טרויעריקע הירזשען און דאָס רעווען פון זיינע אוועקגענומענע פערד און בהמות . . .

וויפל די שכנים האָבן אים ניט געפּרווט טרייסטן, האָט ער קיין טרייסט ניט געוואָלט פארנעמען. ער איז געזעסן א צונויפגעקנוידערטער, מיט אן אראָפּגעזונקענעם קאָפּ און מיט טויט־בלאסע, ציטערדיקע ליפּן געהאלטן אין איין מורמלען עפּעס צו זיך. און יעדער מאָל, ווען ס'האָט זיך ארויסגעריסן פון אים א זיפץ, א שווערער קרעכץ, האָט זיין אלטער, געטרייער, שווארצער, קודלעוואטער הונט, וואָס איז געלעגן ביי זיינע פיס, זיך צעוואָיעט אויפן קול . . .

# צופוסנס פון א טויטער שטאָט

יוני, 1941. ס'איז געווען א ווארעמער זומער פארנאכט. א פריידיק, קינדיש געלעכטער האָט זיך געטראָגן פון דרויסן און פון בית־מדרש הויף. מאמעס מיט פארדויטלטע פנימער און מיט פארקאשערטע ארבל זיינען געשטאנען פאר די קוימענס און געקאָכט וועטשערע. פונדערווייטנס האָט זיך דערטראָגן דאָס פרייליכע מעקן פון דער יידישער טשערעדע, וואָס האָט זיך אומגעקערט אהיים פון דער פאשע. א זיס־זויערלעכער ריח פון בהמהשן שוויים און פון פרישער מילך, וואָס האָט זיך געשפּאָרט פון די בהמהשע פולע אייטערס, האָט א ווייע געטאָן אין דער לופטן.

באלד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טאטעס און זין מיט פערד, מיט אקער און בראָנע פונם פעלד. אלע מיט פארשטויבטע קליידער און מיט פארברוינטע פנימער פון זון און ווינט. באלעמלאָכעס, שוסטערס, שמידער, האָבן אוועקגעלייגט די ארבעט און מיט גיכע טריט זיך אוועקגעאיילט אין בית־מדרש.

אין דער לעצטער צייט, זינט דער דייטש איז ארויס אויף דער מלחמה און דער "באָלשעוויק" איז אריין, האָבן די זאסטאוויער יידן זיך נאָך מער גענומען טוליען צו זייער בית־מדרש. וואָרים איניינעם מיט יידן איז עפּעס היימלעכער און זיכערער . . .

אין דער שטיל, אז קיין פויגל זאָל ניט הערן האָט מען זיך צוגערוקט איינער צום אנדערן, און מ'האָט זיך איבערגעגעבן אויפן אויער די לעצטע נייעס פון טאָג, וואָס מ'האָט זיך דערוווסט פון א באקאנטן יידישן רויט־ארמייער, אָדער פון א זון, א טאָכטער, וואָס האָט געארבעט ביי דער שטאָטישער קאָמענדאנטור.

די נייעס זיינען, צום באדויערן, געווען גאָר ניט קיין פרייליכע: דער דייטש גייט "מחיל אל חיל", פון איין ניצחון צום אנדערן: די הויפּטשטאָט ווארשע ליגט שוין לאנג אין חורבות; לאָנדאָן, די עיר הבירה, פון דער ענגלישער אימפּעריע, ווערט כסדר באהאָגלט פון דייטשישע באָמבעס; די גרויסע אמעריקע שטייט נאָך אלץ אָן א זייט; יידן, אונטער דער דייטשישער אָקופּאציע, שטייען זיך דאָרט נעבעך אויס כלערליי נגישות; מען טרייבט זיי פון אָרט צו אָרט, ווי בלודנע שאָף.

א ציטער גייט איטלעכן אריבער איבערן לייב. א פינצטערער געדאנק הייבט אָן עגבערן אין מוח: ווער ווייס וואָס דער גורל דערוואַרט זיי? ווער ווייס ווי לאַנג זיי וועלן נאָך דאָ קענען זיצן בשלווה?

און כדי צו פאַרטרייבן דעם אומעט און די מרה שחורה, הייבט מען אָן זאָגן תהילים בחברות. יודעי ספר פּרוּוון פאַרגעסן דעם צער און יאוש אין א פּרק משניות. אָבער ניט דאָס תהילים־זאָגן און ניט דאָס משניות לערנען קריכן איצט ניט אין קאָפּ און ניט אין האַרצן. די שאָטנס אויף די האַלב־טונקעלע ווענט פון בית־מדרש וואַרפן אָן אויף איטלעכן א דערדריקטע שטימונג . . .

דערהערט יצחק אייזיק, ר׳ ישראל לוסקעלערס זון, א ייד א למדן, ווי יידן קרעכצן, זיפצן, פאַלן אריין אין עצבות, הייבט ער אָן זיי זאָגן פאַטער־לעכן, ווייכן מוסר:

— יידן, — רופט ער אויס מיט א שטילן קול, — מ׳טאָר חלילה ניט אריינפאַלן אין יאוש. וואָרים "כי הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל", עס שלאָפט ניט און עס דרעמלט ניט דער שומר פון ישראל . . . מיר זיינען יידן, מיר דאַרפן האָבן ביטחון, ווי אין פּסוק שטייט : "וכל הרשעה כעשן תכלה" — די רשעות פון דער וועלט וועט ווי דער רויך פאַרשווינדן ווערן . . . פאַרגעסט ניט, יידן, אז אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען אריינ־געפאַלן אין די נעגל פון די דייטשן, די רשעים, איז פיל ערגער פון אונדז . . .

ר׳ יצחק־אייזיק דער מלמד האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע רייד, איז פּלוצלונג אריינגעלאָפן אָן אָן אָטעם יאַנקל ידידיהס, מיט א טויט־בלאַסן פּנים און מיט ווילד־צעשראָקענע אויגן, און אויסגעשריען:

— יידן, די דייטשן זיינען ארויס אויף א מלחמה קעגן רוסלאַנד! זייערע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן בריסק! די שטאָט ברענט! די באָלשע־וויקעס לויפן שוין פון שטאָט! אויף די בריקן שטייען שוין פעסער סמאָלע גרייט זיי צו פאַרברענען!

די זאַסטאַוויער יידן זיינען געבליבן זיצן ווי זיי וואָלטן פּלוצלונג געקראָגן מיט א שווערער דובינע איבערן קאָפּ. ס׳איז באַלד געוואָרן א סומאַטאָכע. מאַמעס מיט קינדער ביי דער זייט און מיט עופהלעך אויף די הענט האָבן זיך אריינגעריסן אין בית־מדרש מיט א געיאָמער און מיט א געוויין.

פּעשע־בלומע, די זאָגעריןָ, וואָס האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרלאָרן אירע צוויי שיינע, יונגע זין, איז צוגעלאָפן צום אָרון־קודש, אויפגעפּראַלט די טירלעך און גענומען קלאָגן אויפן קול:

— הייליקע ספרי תורות, שטעלט זיך איין פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדערלעך! מיר האָבן שוין גענוג קרבנות געבראַכט! צעריים, רבונו של עולם, דעם פינצטערן גזר דין, וואָס הענגט איבער אונדזערע קעפּ! ענטפּער אונדז ניט איבער אין די הענט פון אונדזערע שונאים, וואָס זיינען

ערגער פון חיות אין וואלד! הארציקער פאטער אין הימל, דערבארעם זיך אויף אונדז און אויף אונדזערע קינדערלעך, דיינע הייליקע "צאן קדשים"! . .

אויף פעשע־בלומעס געשרייען האבן אלע ווייבער און קינדער אויפגעהויבן אזא גוואלד און אזא יאמערלעכן געוויין, אז א סקרוד איז אלעמען אריבער איבערן לייב.

— מאנצבילן, וואס שווייגט איר?! — האט פעשע־בלומע די מילנערקע, מיט א פארגאסענעם פנים פון טרערן, זיך געווענדעט צום עולם, — זאגט תהילים, אז די הימלען זאלן זיך שפאלטן.

דער עולם איז געבליבן שטיין מיט פארגליווערטע פנימער, געקוקט מיט ווילד־צעשראקענע, ארויסגעשטארצטע אויגן און פון ארט זיך ניט געקענט רירן.

— יידן, וואס שטייט איר ווי געליימטע?! לאמיר שפאנען פערד און וואגן און לויפן צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, כל זמן ס'איז נאך ניט שפעט! — האט עמיצער געשריען פון עולם.

אבער די רויט־פייערדיקע צונגען, וואס האבן זיך געריסן פון די ברענענדיקע בריקן צום הימל, האבן אויף אלעמען אנגעיאגט א טויט־שרעק, וואס האט פאראליזירט דעם ווילן עפעס צו טאן.

מיטן פארברענען די בריקן איבערן טייך לעשנא, וואס האבן געפירט צו דער שכנישער שטאט קאמעניץ, איז דאס שטעטעלע זאסטאוויע מיט אירע הונדערט משפחות, געבליבן אפגעשניטן פון דער וועלט . . .

* * * * *

ביינאכט, ווען די שכנישע, גוישע גאס איז שוין געווען פארזונקען אין שלאף, האבן זאסטאוויער יידן זיך ארייננגעגנבעט שטילענקערהייט, ווער צו זיך אין שייער, ווער צו זיך אין שטאל און ווער אין א שפייכלער, און פארן שיין פון א ליכט גענומען אויף גיך גראבן גריבער צו באהאלטן אין זיי זייערע טייערע, ווערטפולע חפצים: די קופערנע פאנען, מעשענע לייכטער, סאמאווארן, שטייסלען, פראזשעט און נאך אזעלכע טייערע ארטיקלען, וואס זיינען איבערגעגאנגען צו זיי בירושה פון דור דורות . . .

דאס אלץ האבן טאטע־מאמע, מיט ציטערדיקע הענט, פארפאקט אויף גיך אין קאסטנס און אין קופערטן, און עס אראפגעלאזן טיף אין גרוב אריין. און פארן "סתימת הגולל" — איידער מען האט אלץ פארשאטן, האט מען אויפגעוועקט פון שלאף די קינדער, און מיט פארשטיקטע טרערן אין האלדז זיי אנגעזאגט:

— געדענקט קינדערלעך, אז גאט וועט אייך באשערן צו לעבן, זאלט איר וויסן ווו דאס אלץ ליגט באגראבן . . . קוקט זיך גוט צו, קינדערלעך, פארגעסט ניט אין דעם מזרחדיקן ווינקל, אין שטאל פון האלץ . . . געדענקט, טייערינקע, אז אייער טאטע־מאמעס האב און גוטס . . .

און נאך איידער דער מארגנשטערן איז אויפגעגאנגען, האבן טאטעס

און אונטערגעוואקסענע זין, מיט ציטערדיקע הענט און מיט טרערן פארגאסענע אויגן, די גריבער פארשאטן, מיט בהמהשע מיסט פארדעקט, מיט האלץ פארלייגט, אז ס׳זאל ניט בלייבן קיין שפור, קיין סימן פון א גרוב . . .

* * * * *

באגינען. די זון איז אויפגעגאנגען, ווי אלעמאל, א ליכטיקע, א צעשטראלטע. די פייגל האבן, ווי שטענדיק, פריידיק געצוויטשערט, ווי קיין זאך וואלט ניט געשען.

זאסטאוויער יידן, מיט שווארצע, פינצטערע פנימער און מיט רויטע, ניט אויסגעשלאפענע אויגן, האבן זיך ארויסגעשארט אינדרויסן, זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן, ווי צעשראקענע חיהלעך . . . איין שכן האט געפרעגט מיט שטומע בליקן ביים צווייטן שכן:

— וואס וועט ווייטער זיין? וואס וועט אונדז ברענגען דער נייער טאג ? . .

דער נייער טאג האט זיך געצויגן פאר זיי אזוי לאנג און אזוי טרויעריק ווי די לאנגע, פינצטערע נאכט. און די פינצטערע נאכט ווי דער ליכטיקער טאג. יעדער שעה איז פאר זיי א גאנצע אייביקייט געווען.

זאסטאוויער יונגעלייט זיינען אלע ווײַלע געלאפן צום ברעג טייך, צו די פארברענטע בריקן, האבן ארויפגעקלעטערט אויף די הויכע טאפאל־ביימער, וואס זיינען געשטאנען ביי זיין ברעג, אפשר וועט מען פון דער הויך קענען זען, הערן וואס טוט זיך איצט אין דער שכנישער שטאט קאמעניץ. אבער די "אויסשפירער" האבן פון דארט גארניט געקענט אויפכאפן. די שטאט וואס איז שטענדיק געווען אזוי נאענט, ווי מיט דער האנט צו דערלאנגען, איז איצט געווארן שרעקלעך ווייט . . .

אין דער זעלבער צייט האט דער אינסטינקט צום לעבן גענומען וועבן ביי איטלעכן אין הארצן א דין־פעדעמל פון האפענונג. ווער ווייס האט איטלעכער ביי זיך געטראכט, אפשר איז אונדז טאקע געשען א נס וואס דער אנטלאפענער רויט־ארמייער האט פארברענט די בריקן און מ׳איז דורך דעם געווארן אפגעריסן פון דער ארומיקער, צעשטורעמטער וועלט ? . . אפשר וועט דאס אומגליק אזוי גיך ניט קומען צו אונדזער גבול ? . . א חיי שעה איז אויך גוט ? . . און אפשר איז טאקע גערעכט סענדער קאלאניסט, וואס הייסט ניט לויפן ? . . האבן געטראכט די זאסטאוויער.

די שטומע־צינג, די פערד און בהמות, וואס מ׳האט שוין דעם דריטן טאג געהאט געהאלטן פארשפארט אין די שטאלן און זיי האבן שיר ניט די ווענט צעלייגט, האט מען ווידער ארויסגעלאזן אויף דער פאשע. אויך די קינדער האט מען צוריק אוועקגעשיקט צום רבין אין חדר.

דער אלטער ר׳ לייבל שמיד מיט זײַנע געזונטע בנים האבן זיך צוריק געשטעלט ארבעטן מיטן האמער ביי דער קאוואדלע.. אויף זיי קוקנדיק, האט

יעדער איינער זיך גענומען פאר זיין ארבעט. ווער ס'איז אוועק מיט פערד און אקער אין פעלד, ווער מיט רידל און מאטיקע אין גארטן, און ווער מיט האמער און זעגל צו זיין ווארשטאט.

דער היימלעכער קלאנג פון שטאל און אייזן וואס האט זיך ווידער געטראגן פון ר' ליבל שמידס קוזשניע, האט געגעבן דעם שטעטל א נאר־מאלן אויסזען; ס'האט זיך ביי אלעמען געשטארקט דער מוט און די האפענונג, אז דאס ביסעלע "געשענקטע" מנוחה און רו וועט, חלילה, אזוי גיך ניט צעשטערט ווערן . . .

אבער, אין די דאזיקע טעג, ווען ייד האט זיך געטאן באגעגענען אין פעלד, אין גארטן, מיט א שכן פון דער גויישער גאס, מיט וועמען מ'האט יארן־לאנג געארבעט זייט ביי זייט, און ניט איינמאל זיך געהאט ארויסגע־האלפן איינע די אנדערע אין א נויט, און פלוצלונג האט ער אויפגעהערט צו ענטפערן אויף זיין יידישן שכנס "דזיען דאברי" (גוטן טאג) און אויף זיין "באך פאמאשטש" (גאט העלף), ווי ער וואלט אים גאר ניט געקאנט, האט דאס ברעקעלע האפענונג ביים יידן אין הארצן אנגעהויבן זיך צעקרישלען אין שטויב . . .

און נאך מער האט מען זיך אנגעהויבן עפעס שרעקן פאר די גוישע "וויזיטן": אין די פארנאכטן נאך דער ארבעט, און אין די זונטיקדיקע ביי־טאגן, האבן די שכנים פון דער גויישער גאס גענומען עפעס צו אפט "ארומ־שפאצירן" איבער דער יידישער גאס; זיינען אריינגעקומען מכלומרשט מיט א תירוץ, געכאפט א קוק ביים יידן אין שטוב, אין שייער, אין שטאל, "געגעסן מיט די אויגן" די יידישע "סקאטינעס". . .

אט די דאזיקע פארטייעטע, שפיזלדיקע בליקן פון זייערע שכנים פון דער גויישער גאס האבן אנגעיאגט אויף איטלעכן אין שטעטל א שרעק . . .

* * * * *

פלוצלונג, אין א שיינעם, ליכטיקן, זומער־פרימארגן, האט פון יענער זייט טייך, איבער די פארברענטע בריקן, זיך דערטראגן צום זאסטאוויער ברעג א הילכיק קנאלן פון ביקסן און מאשין־געווער, באגלייט מיט יאמערלעכע געשרייען, וואס האבן זיך געריסן צום הימל. פון שרעק האבן ביי די זאס־טאוויער יידן די האר־ווארצלען גענומען פרירן.

די שיסעריי און די פארצווייפלטע געשרייען פון דער שטאטישער זייט, האבן לאנג ניט אנגעהאלטן. אט זיינען זיי פארשטילט געווארן און אט זיינען זיי ווידער אויסגעבראכן נאך שטארקער, נאך הילכיקער, ביז זיי זיינען אינגאנצן פארשטילט געווארן . . .

ס'איז ביי קיינעם קיין ספק ניט געווען, אז עפעס שוידערלעכעס קומט

דאָרט איצט פאַר. איטלעכער האָט זיך משער געווען, אַז דאָרט, אויף יענער זייט טייך ווערט איצט פאַרזיגלט דער גורל פון זייערע ברידער און שוועסטער. אַלע האָבן איצט דערשפּירט, אַז דער פינצטערער גזר־דין, פאַר וועלכן מ׳האָט זיך די גאַנצע צייט געשראָקן, האָט זיך שוין אָנגעהויבן . . .

די זאַסטאַוויער מעשטשאַנעס פון דער גוייִשער גאַס האָבן באַלד געוואָרפן די אַרבעט, געכאַפּט שיפלעך מיט וויאַסלעס און זיך אַוועקגעלאָזט מיטן טייך אַהין, צו דער שטאָט.

ס׳האָט ניט געדויערט לאַנג ווי זיי זיינען געקומען פון דאָרט מיט פולע, אָנגעלאָדענע שיפלעך מיט יידישן האָב און גוטס, וואָס זיי האָבן אויף גיך אויסגעלאָדן אויפן ברעג צו זייערע ווייבער און קינדער, און באַלד צוריק זיך אַוועקגעשיפלט אַהין צו דער שטאָט. אַזוי האָט די גויישע גאַס, א גאַנצן טאָג און א גאַנצע נאַכט, געהאַלטן אין איין רודערן מיט זייערע לאָדקעס הין און צוריק איבערן טייך, ווי צו א גרויסן פיש־פאַנג . . .

פון די דאָזיקע שכנים זייערע, האָבן די זאַסטאַוויער יידן זיך באַלד דערוווּסט דעם טרויעריקן, פינצטערן אמת וואָס איז געשען צו זייערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער אויף יענער זיין טייך. און דערציילט האָבן זיי עס ווי ס׳וואָלט געווען א גאַנץ געוויינלעכע פּאַסירונג:

די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט; האָבן געשלאָגן און געהרגעט יונג און אַלט, קליין און גרויס; זיי האָבן צונויפגעטריבן אַלע יידן אויפן מאַרק; די ערשטע דערשאָסן צו ווערן זיינען געווען די יידישע בחורים און שלמהקע מאַנדלבלאַט, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען דער "שרייבער" פון שטאָטישן מאַגיסטראַט (זע, קאַפּיטל שלמהקע דער שרייבער) זיי האָבן אים מיט זיין פרוי און קינדער דערשאָסן פאַר אַלעמען אין די אויגן; דערנאָך האָבן זיי אַלע יידן אויסגעשטעלט אין שורות און ערגעץ ווו אַוועקגעפירט . . .

א גרויל האָט אַרומגעכאַפּט די עלנטע זאַסטאַוויער יידן. דער פאַקט וואָס דער שונא האָט געקענט נעמען די שענסטע יידישע זין און זיי אויסשיסן אין מיטן העלן טאָג, פאַר זייערע טאַטע־מאַמע אין די אויגן, און נאָכדעם נעמען א גאַנצע שטאָט מיט יידן, מיט זייערע ווייבער און קינדער, און זיי אַוועקפירן ווער ווייס וווהין, האָט זיי שיר ניט געטריבן ביז צו משוגעת. ס׳האָט זיך איטלעכן געוואָלט אויסשרייען: ניין! עס קאָן ניט זיין! עס איז א ליגן! ווי קאָן דאָס זיין, אַז א גאַנצע שטאָט, ווו ס׳האָט זיך שטענדיק גערעשט און געקאָכט מיט יאַר־מערק, מיט יארידן, מיט האַנדל־וואַנדל, זאָל פּלוצלונג אויסגעריסן ווערן מיטן וואָרצל?! א שטאָט וואָס איז ביז איצט געווען אַן "עיר ואם בישראל", מיט א פאָר צענדליק בתי־מדרשים, שולן, חדרים און תלמוד־תורות, פון וואַנען דאָס קול פון תפילה און תורה האָט געהאַט פאַרקלונגען אַלע גאַסן, זאָל פּלוצלונג פאַרשטומט ווערן?! ניין, עס קאָן ניט זיין ! ! ! . . .

אבער די אנגעלאדענע שיפלעד מיט יידישן האב און גוטס, וואס זייערע שכנים פון דער גוישער גאס האבן געהאלטן אין איין ברענגען צופירן, האט זיי באשטעטיקט, אז סאיז שוין גאר ניט קיין ליגן. דער באוווסטזיין, אז זיי געפינען זיך איצט צופוסנס פון א טויטער יידישער שטאט, האט די זאסטאוויער איינגאנצן דערשלאגן. בפרט ס'האט זיך שוין אויך געהאט דערטראגן צו זיי, אז דער נאצי איז שוין אויך אריין קיין ביאליסטאק, קיין ביאלאוויעזש און קיין וויסאקע-ליטאווסק, אזוי אז ס'איז שוין אין ערגעץ ניטא פאר זיי קיין אנטרינונג.

די וואס האבן זיך נאך אפשר געקענט ראטעווען, האט די פינצטערע שרעק פאראליזירט אין זיי דעם ווילן צו טראכטן אפילו פון רעטונג. ווי די לעמער וואס ווערן געפירט צו דער שחיטה, אזוי זיינען די זאסטאוויער יידן גרייט געווען זיך איבערצוגעבן דעם פינצטערן גורל אין די הענט. ס'איז פאר זיי שוין געווען קלאר און באשטימט, אז היינט צי מארגן וועלן זיי אויך מוזן גיין אויפן זעלבן וועג אויף וועלכן ס'זיינען געגאנגען זייערע שכנים, די קאמעניצער יידן . . .

# "נאשא בלומקא"

געשריבן אין 1946

געווידמעט מיין שוועסטער פעשע, וואס איז אומגעקומען על קידוש השם, צוזא־מען מיט אירע קינדער, אין טרעבלינקע.

## א. יתגדל ויתקדש

יוני 22, 1941. פלוצלונג, אין מיטן העלן טאג, האט זיך אנגעיאגט פונם וויסאקער וועג א לאסט־אויטאמאביל מיט א טרובען און מיט א גריל־צעריי און זיך אפגעשטעלט אין מיטן שטעטל.

א כאפטע נאצים, מיט סוואסטיקאס אויף די ארבל, מיט ביקסן אויף די אקסלען און מיט שפיצרוטן אין די הענט, זיינען אויף גיך אראפגעשפרונגען פונם אויטאמאביל, באגלייט מיט א טשאטע הינט מיט ווילד־רוצחישע אויגן און אויסגעשטשירעטע ציין.

די נאצים מיט ווילד צעיושעטע פנימער, האבן באלד אנגעהויבן שיסן אין דער לופטן און אין די יידישע הייזער. פון דא און דארט האט זיך דער־הערט א יאמערלעך געשריי. די דייטשישע הינט האבן זיך צעבולן אויפן קול, ווי זיי וואלטן שוין באצייטנס דערשפירט דעם ריח פון פריש־צאפלדיקן בלוט.

— יודען ערויס! ערויס! — האט מיט רציחה זיך צעשריען דער עלצטער פון די נאצים.

— פארפלוכטע באנדע, אנרייען! — האבן מיט רוגזה געשריען זיינע אונטערגעארדנטע.

גאנץ שטעטל איז ווי פארגליווערט געווארן פון שרעק. אויפן מאמענט האט קיינער זיך ניט געקענט רירן פון ארט, ווי יעדער אבער אין זיי וואלט פלוצלונג אפגעשטארבן.

— יודען פארעקע! ערויס!! ערויס!!!

די מאמעס זיינען די ערשטע געקומען צו זיך. האבן געכאפט זייערע פיצלעך קינדער אויף די הענט און גענומען מיט זיי לויפן, ווער אויפן בוידעם און ווער אין קעלער.

די בלוטדורשטיקע נאצים, מיט זייערע ווילדע הינט, האָבן זיך אריינ־געריסן אין די הייזער און ווען זיי האָבן געכאפּט זיך באהאלטן האָבן זיי מערדערלעך געשלאָגן. זיי האָבן ניט געשוינט קיין זקנים, פרויען און קליינע קינדער. די יאָמערלעכע געשרייען פון די געשלאָגענע און געפּייניקטע האָבן זיך געטראָגן צום הימל.

אויף די פאַרצווייפלטע געשרייען פון זייערע פרויען, מאַמעס און קינדער, זיינען געקומען צו לויפן די טאַטעס און די זין פון פעלד, איבער־לאַזנדיק דאָרט די פערד מיטן אַקער אויף גאָטס באַראָט. די צווייפנעיאָגטע מאַמעס מיט זייערע עופהלעך אין די אָרעמס זיינען צוגעפאלן מיט א יאָמער און מיט א געוויין צו זייערע מענער און זייערע אונטערגעוואַקסענע זין, ווי זיי וואָלטן געוואָלט געפינען ביי זיי שוץ.

אָבער וואָס מער זיי האָבן געוויינט און געיאָמערט, אַלץ מער האָבן די רשעים, די נאַצים, זיי געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און מיט די גומענע שפּיצרוטן איבער זייערע קעפּ, ביז ניט איינער פון זיי איז אוועק־געפאַלן א באַגאָסענער מיט בלוט. ס'האָט ניט געדויערט לאַנג ווי גאַנץ שטע־טעלע האָט זיך שוין געפונען אינדרויסן פאַר זייערע הייזער, באוואַכט פון אַלע זייטן מיט באַיאָנעטן, ווי זיי וואָלטן געווען די גרעסטע פאַרברעכער.

די "גוישע גאַס", וואָס האָט זיך געהאַט געטיילט אויף פּראַוואָסלאַוונע און אויף קאַטאָליקן, און שטענדיק געטראָגן איינע אויף די אַנדערע האָס און שנאה, האָט איצט פאַרגעסן אויף אַלע זייערע קריוודעס, און אַלע ווי איינער, האָבן זיך א לאָז געטאָן אויף דער יידישער גאַס מיט זעק, מיט פערד און וועגן, ווי צו א גרויסן יאַריד . . . זיי האָבן געקוקט מיט גיריקע אויגן צום פאַן ניעמעץ, אַז ער זאָל שוין געבן א צייכן, אַז מען מעג שוין אָנהייבן . . .

דער נאַצישער עלצטער, דערזעענדיק די אָנגעלאָפענע גוישע שכנים, מיט זייערע ווייבעראַס, זין און טעכטער און קליינע קינדער, האָט ער זיך געווענדעט צו זיי מיט די ווערטער:

— דיזע פאַרפלוכטע יודען מוסן אומגעבראַכט ווערדען! . . דאַס זינד פּאַראַזיטן, איינע רויבער־באַנדע! . . איבעראַל העלפן אונדז גוטע, אַנשטענדיקע קריסטן אויסצוראָטן דיזע ווערים! . . דאַס שטעטכען זאָמאָסטי מוס זאָפאָרט יודען ריין ווערדען! ! ! . . . און יעצט שנעל צו דער אַרבייט!.. וויר האָבען קיינע צייט ניכט! הייל היטלער!

די נאַצים, מיט רויט־אָנגעגאָסענע פּנימער, מיט גזלנישע אויגן, האָבן, אינאיינעם מיט א כאָפּטע יונגע שקצים פון דער גוישער גאַס, זיך א לאָז געטאָן אויף די יידישע הייזער. האָבן געזוכט און גענישטערט אויף אַלע בוי־דעמער, אין אַלע קעלערן, אין אַלע שטאַלן און שייערן. און ווי און ווינד איז געווען דעם יעניקן וועמען זיי האָבן געפונען זיך אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן אים געשלאָגן מיט דער גרעסטער אכזריות, געטראַמפּלט מיט די פיס, צוגעוואָרפן אים צו די דייטשישע וועלפישע הינט, ביז דער אומגליקלעכער קרבן איז געבליבן ליגן א צווייפגעקאַרטשעטער, אָן א סימן לעבן.

דאס רעשט ביסל צונויפגעטריבענע און צונויפגעיאגטע יידן האבן, מיט וואקלדיקע פיס און מיט בלוט פארגאסענע פנימער, זיך גענומען אויס־שטעלן מיט זייערע משפחות. איטלעכער האט זיך געטוליעט און זיך גע־קלאמערט צו זיין אייגן בלוט און פלייש; איטלעכער האט געוואלט מיט זיין צעבראכענעם, צעקאליעטשעטן לייב און לעבן באשיצן זיינע נאענטסטע און ליבסטע.

די קליינע עדה יידן איז געשטאנען איינגעדרויסן פאר זייערע הייזער, ווי א סטאדע צעשראקענע שאף, און געקוקט מיט שטומע בליקן צום בלויען, זוניקן הימל, ווי זיי וואלטן פון דארט דערווארט א ישועה, א נס . . .

מיט דער דערלויבעניש פון די נאצים, האבן די שכנים פון דער גוישער גאס זיך באלד א לאז געטאן מיט העק, מיט לאמען אויף די צעפראל־טע, צעעפנטע יידישע הייזער און גענומען ברעכן שאפעס, קופערטן, אויפגע־ריסן פאדלאגעס, ארויסגעשלעפט פון דארט קליידער, ווייסצייג, חפצים, כלים, קישנס, פערענעס, וואס נאר ס'איז זיי געקומען אין די הענט אריין, און דאס אלץ אנגעהויבן פאקן אין די זעק און אין די וועגענער. און אלץ מיט אזא גיכקייט, מיט אזא זשעדנעקייט, וואס האט זיך גאר ניט געפאסט פאר שטילע, מיושבדיקע באלעבאטים־שכנים, נאר ווי זיי וואלטן זיך אלע אנגעהערט צו איין גרויסער רויבער־באנדע . . .

די אומגליקלעכע, דערשלאגענע זאסטאוויער יידן, זעענדיק ווי זייערע שכנים, מיט וועלכע מ'האט יארן־לאנג איינעם געלעבט אויף דער זעלבער מאמע־ערד, לויפן איצט ארום פארהאווען מיט צעפלאמטע פנימער איבער זייערע הייזער און שלעפן פון דארט ארויס האב און גוטס, וואס זיי האבן אנגעלעבט מיט אזויפיל שווערער מי און פראצע, האבן ביי זיי די הערצער זיך צונויפגעקארטשעט אין קראמפן. דאס איז פאר זיי געווען נאך מער ווייטיק־דיקער און פיינלעכער ווי די פיזישע אכזריותדיקע קלעפ פון די דייטשישע רוצחים . . .

אברהם טראשינסקי, א געוועזענער קאלאניסט, איינער פון די אנגע־זעענסטע באלעבאטים אין שטעטל, וואס איז ערשט אנגעקומען מיט פערד און וואגן פון זיין פעלד־ארבעט, און האט דערזען ווי קאלענטי, דער שבת־גוי, שטייט מיט זיין ווייבערא ביי אים אין הויז און האלט אין איין פאקן צו זיך אין זאק זיין האב און גוטס, האט ער זיך אנגערופן צו אים מיט א געבראָ־כענעם קול:

— קאלענטי, שכן מיינער, ווארט כאטש צו אביסל, ווען איך וועל שוין דא מער ניט זיין, דעמאלט וועסטו שוין קאנען נעמען ביי מיר, וואס נאר דיין הארץ וועט גלוסטן . . .

דער שכן, דער שבת־גוי, וואס איז געווען אזוי שטארק פארנומען ביים פאקן דעם יידנס זאכן צו זיך אין זאק אריין, האט זיך אפילו ניט פאר־גונען אויפצוהויבן דעם קאפ צו זיין יידישן באלעבאס, נאר א זאג געטאן קורץ, מיט א דראבנינקן חוזק־געלעכטערל:

— כאַזאַין אבראַמקאַ, ניטאָ קיין צייט צו וואַרטן . . . מיר, גלויביקע קריסטן, האָבן שוין לאַנג געוואַרט אויף דעם דאָזיקן טאָג . . .

ווי נאָר דער גוישער פּאַסטוך האָט דערהערט די שיסערייען, די געשרייען און די גוואַלדן, וואָס האָבן זיך געהאַט געטראָגן פון דער יידישער גאַס, האָט ער באַלד געכאַפּט און גענבראַכט צו טרייבן די יידישע טשערעדע פון וויהאַן.

אָבער ווי נאָר די יידישע בהמות זיינען צוגעקומען נאָענט צו זייערע שטאַלן, האָבן די מעשטשאַנעס זיי פאַרשטעלט דעם וועג און זיי גענומען טרייבן צו זיך אין דער גוישער גאַס . . . די אָרעמע יידישע בהמהלעך נע־בעך, זיינען פון אַזאַ אומגעריכטן "קבלת פּנים" געוואָרן שטאַרק צעטומלט. זיי האָבן זיך גענומען שפּאַרן און זיך שטויסן איינע די אַנדערע, געוואָלט דורכברעכן פאַר זיך אַ וועג צום אייגענעם שטאַל און ניט געקענט. די גוים האָבן אָנגעהויבן האַקלען אויף זיי מיט בייטשן און מיט שטעקנס. די בהמות האָבן נעבעך געשריען, געבריוועט מיט באַנומענע קולות, ווי מען וואָלט זיי איצט געפירט צו דער שחיטה . . .

די זאַסטאַווער יידן, וואָס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין שורות, מיט קליינע פּעקלעך אין די הענט, אַרומגערינגלט פון די נאַציס מיט זייערע בייזע הינט, דערזעענדיק ווי מען פירט אַוועק זייערע טייערע, ליבענקע בהמהלעך, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעהאָדעוועט מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש, האָבן אַרויסגעבראַכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין. זיי האָבן ערשט דערפילט דעם גרויסן בראָך, וואָס איז פּלוצלונג געקומען אויף זיי. אַלטע לייט, מיט בלייכע ציטערדיקע ליפּן, האָבן גענומען זאָגן ווידוי. מאַ־מעס האָבן געבראָכן מיט די הענט. קליינע קינדער זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַזאַ שרייענדיקן געוויין, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם שרייען און רעווען פון זייערע אַוועקגעפירטע בהמות.

— אַנרייען! איינשטעלן! — האָט דער נאַצישער הויפּטמאַן געגעבן אַ קאָמאַנדע.

די עדה יידן, צעבראָכענע און דערשלאָגענע, פיזיש און גייסטיק, האָבן איבערנייס זיך גענומען אויסשטעלן אין שורות, צו צווייווייז און צו פירווייז. איטלעכער האָט געוואָלט שטיין וואָס נעענטער צו זיינע אייגענע, אַזוי אַז זייערע משפחות זאָלן חלילה ניט צעריסן ווערן . . .

— פאָרויס! מאַרש! — האָט דער נאַצי אויסגעשריען.

די זאַסטאַווער יידן האָבן מיט פאַרטרערטע אויגן געגעבן זייער לעצטן בליק אויף זייערע שטיבעלעך, אויף זייער טייערן, ליבן היים־שטעטעלע, און מיט וואַקלדיקע פיס זיך גענומען רירן אין וועג אַריין . . .

אָבער ווי נאָר מען איז צוגעקומען צום בית־מדרש, האָט דער נאַצישער הויפּטמאַן אויסגעדונערט אַ נייעם באַפעל:

— שטיין בלייבן, פארפלוכטע באנדע! מיט די געזיכטעו צו דער סינאגאגע זיך שטעלען ! ! !

— וויר וואלען היר די יודען איין ספעקטאקל געבען, אמוזירן אביס־כען! פארשטאנדען? אמוזירען!

ער האט באלד צוגערופן צו זיך אייניקע פון זיינע אונטערגעארדנטע און מיט זיי זיך עפעס דורכגערעדט אויף גיך. זיי האבן מיט א צופרידנ־קייט צוגעשאקלט צו אים מיט די קעפ.

זיי האבן באלד געבראכט א כאפטע יונגע שקצים און אלע צוזאמען האבן מיט גיכע טריט זיך א לאז געטאן צום בית־מדרש, אויפגעפראלט די טיר, צוגעלאפן צום ארון קודש, ארונטערגעריסן דעם פרוכת, ארויסגעכאפט די ספרי תורות און זיי גענומען ארויסשלײדערן אין דרויסן דורך די פענצ־טער. ווי גיך זיי האבן זיך אפגעפארטיקט מיט די ספרי־תורות, האבן זיי זיך א נעם געטאן פאר די פאליצעס ספרים, פאר די אלטע ווילנער און סלאוויטער ש״ן. דאס אלץ האבן זיי אנגעהורבעט אין איין גרויסן בארג, באגאסן מיט נאפט און עם אונטערגעצונדן.

— טאנצען! יודען מוסן טאנצען ארום דעם פייער! — האט דער הויפטמאן זיך צערעוועט אויפן קול.

די יידן זיינען געבליבן שטיין ווי פארגליווערטע. א פארשטיק־טער, צאפלדיקער קרעכץ האט זיך ארויסגעריסן פון זייער אינגעווייד. פאר שרעק האבן זיי זיך גענומען צוטוליען איינער צום אנדערן.

— איך וועל צום טאדט שלאגען! זיי מוסן טאנצען ! ! !

די יידן האבן זיך ניט גערירט פון ארט. דער בלוטדורשטיקער נאצי האט געגעבן א פייף. זיינע הינט מיט אויסגעשטשירעטע ציין האבן זיך ארויפגעווארפן אויף די אומגליקלעכע יידן און זיך גענומען אייגבייסן אין זייערע לייבער. די צוויי־פיסיקע הינטישע נאצים זיינען געקומען צו הילף די פיר־פיסיקע און אנגעהויבן שלאגן איבער די קעפ פון דער צונויפגעדריקטער עדה יידן מיט די גומענע שפיצרוטן און מיט די קאלבעס פון זייערע ביקסן, און געהאלטן אין איין שרייען:

— טאנצען! פארפלוכטע באנדע מוסן טאנצען ! . . .

די פארצווייפלטע יאמערלעכע געשרייען און גוואלדן פון די יידן האבן ממש געלעכערט די הימלען.

דא האט דער אלטער, ניינציק־יאריקער ר׳ לייבל דער שמיד, דער גבאי פון שטעטל, זיך אנגעלענט אויף צוויי פון זיינע זין, דער ערשטער זיך אנ־געהויבן דרייען ארום דעם ברענענדיקן שייטער ספרים. אויף אים קוקנדיק האט א צווייטער, א דריטער אים גענומען נאכגיין, ביז די גאנצע עדה יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער ביי דער זייט און מיט זייערע עופהלער אין די ארעמס גענומען מאכן "הקפות" ארום דעם פלאקער ספרים.

— שנעלער! שנעלער! טאנצען! — האט דער נאצי געשריען, און ווי א שיכורער זיך געקאטשעט פאר גלעלעכטער.

די יידן מיט געבויגענע קעפ, מיט טויט־בלאסע פנימער, וואס האבן אויסגעזען ווי מתים, וועלכע וואלטן ערשט ארויסגעקראכן פון זייערע קברים, האבן מיט געבראכענע קני זיך קוים געדרייט ארום דעם ברענענדיקן שייטער ספרים.

דער פלאקער־פייער איז מיט יעדער מינוט געווארן אלץ גרעסער און גרעסער. דער ווינט האט אלע ווײַלע א כאפ געטאן פונם ברענענדיקן שייטער שטיקלעך פארברענטע שמות און שטיקלעך צונויפגעקארטשטע ברענענדיקע יריעות און זיך געדרייט מיט זיי אין דער לופטן, איבער די קעפ פון דער אומגליקלעכער עדה יידן . . .

— זינגען! פארפלוכטע באנדע, זינגען! — האט דער ווילדער, צעיושעטער שונא, דער נאצי, נאך אלץ ניט געוואלט ארויסלאזן זיין קרבן פון זיינע חיהשע הענט.

די יידן זיינען פארצאפלט געווארן. דאס איז שוין געווען איבער זייערע כוחות. זיי זיינען געבליבן שטיין ווי געליימטע. ווייבער האבן אנגעהויבן צו ספאזמירן, צו חלשן. קינדער זיינען פארגאנגען אין א מוראדיקן געוויין.

— דו אלטער יודע, זינג! — איז דער הויפטמאן צוגעלאפן צום אלטן ר׳ לייב, וואס איז געגאנגען פארויס פון זיין קהילה, און זיך פארמאסטן איבער אים מיט זיין שפיצרוט.

ר׳ לייב, דער אלטער בעל־תפילה, האט שווער אפגעקרעכצט, אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, און מיט א פארשטיקטן, וויינענדיקן קול, גענומען זאגן דעם יום־כיפורדיקן נעילה קדיש:

— י ת ג ד ל  ו י ת ק ד ש  ש מ י ה  ר ב א ! . .

מיט וואקלדיקע פיס האט ער זיך ווייטער אנגעהויבן צו דרייען ארום דעם ברענענדיקן שייטער ספרים און ניט אויפגעהערט צו זינגען דעם קדיש.

די עדה יידן האבן אונטערגעכאפט דעם טרויעריקן, אלטן, וויינענדיקן קדיש, ווי זיי וואלטן איצט געווען זיינע משוררים. דאס געזאנג איז מיט יעדער רגע געווארן אלץ העכער און העכער, און דאס געוויין און כליפען פון מאמעס און קינדער, אלץ שטארקער און שטארקער. דער טרויעריקער ניגון פונם יום־כיפורדיקן נעילה־קדיש, האט זיך דערהויבן ביז צו דער העכסטער אקטאווע און איז געווארן שטילער און דא ווידער זיך דערהויבן העכער און העכער.

די דייטשישע הינט האבן נאכגעבולן. די דייטשן, ווי באזויפענע, האבן געלאכט, געכאבאטשעט, זיך געהאלטן ביי די בייכער פון געלעכטער. דער שיינער, וואונדערלעכער ספעקטאקל, וואס די יידן האבן איצט פארגעשטעלט פאר זיי, האט זיי ווילד געמאכט פון פרייד . . .

— פארויס! מארש! — האט ענדלעך דער נאצישער הויפטמאן געגעבן א קאמאנדע, — שנעל גיין! . .

די יידן, באגאסענע מיט שווייס און בלוט, פארמוטשעטע און פארפייניקטע, האבן גענומען שטעלן גיכע טריט, ווי זיי וואלטן שוין געוואלט זיין וואס ווייטער פון דאנען . . .

## ב. קרומע, לאמע צלמימלעך

די זאסטאווער קהילה, ארומגערינגלט פון די נאצים, האט נאך ניט געהאט באוויזן אפצוגיין א פאר צענדליק טריט, איז מיטאמאל געקומען צו לויפן פארויס אן אן אטעם דער אלטער סאלטים פון דער גויישער גאס, מיט עטלעכע באיארנטע מעשטשאנעס מיט זייערע ווייבעראס־מעשטשאנקעס, און מיט גרויס הכנעה און געבעט גענומען עפעס איינטעניהן מיטן עלצטן פון די נאצים, ווי ס׳וואלט אים עפעס שטארק געגאנגען אין לעבן.

— יאסני וויעלמאזשני פאן, — האט דער סאלטים זיך געקליאנעט און זיך געבוקט צום נאצי, — האב רחמנות אויף א קריסטלעכער געמיינדע. שענק אונדז אוועק די דאזיקע זשידוווקע, — האט דער אלטער סאלטים אנגעוויזן מיט א ציטערדיקן פינגער אויף אן עלטערער פרוי, וואס איז געשטאנען צווישן די ערשטע אין דער ריי פון איר משפחה, מיט א פיצל קינד, אן אייניקל, אין אירע ארעמס.

דער הויפטמאן איז געבליבן שטיין אן איבערראשטער. ער האט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט, אז די דאזיקע שמוציקע גוזינדל זאל גאר וועלן פון אים פארלאנגען אזא זאך. ער האט שוין פאר דער צייט ניט איין יידיש שטעטל געהאט אויסגערייניקט פון יידן און נאך קיינמאל ניט געהאט אזא מאדנע דערפארונג, אז קריסטן זאל זיך אזוי איינשטעלן פאר אן אלטער יידישקע.

ער האט אנגעשטעלט א פאר גרויסע, פארוווּנדערטע אויגן אויפן אלטן סאלטים וואס איז געשטאנען פאר אים מיטן היטל אין האנט און ארויפגעקוקט צו אים מיט אזא לעכערלעכן, שטומען, הינטישן געבעט. א חוזקשמייכעלע האט זיך צעשפילט אויף זיינע בלאנדע וואנצעלעך. ער האט געווארפן א בליק אויף זיינע אונטערגעארדנטע נאצים, וואס זיינען אויך ווי ער, געווען ניט ווייניקער איבערראשט פון דער אומגעריכטער סצענע.

דער סאלטים, פאן ליפאשקעוויטש, זעענדיק ווי דער פאן ניעמעץ (דייטש) לאזט זיך ריידן, האט ער געקראגן מוט און זיך ווייטער גענומען בעטן:

— פריצל לעבן, מיר זיינען דא א קליינע געמיינדע, ווייט פון א באן, ווייט פון א גרויסער שטאט . . . די בריקן זיינען פארברענט . . . מיר האבן ניט קיין דאקטאר . . . מיר האבן ווייבער, יונגע שניר, אויסגעגעבענע טעכטער, וואס דארפן א ליאדע טאג געלעגן ווערן . . . די דאזיקע זשידאווקע, בלומקא, הייסט זי, איז שטענדיק געווען אונדזער דאקטארשע, אונדזער „באבקא". . . זי האט כמעט אלע אונדזערע קינדער אפגענומען . . . אן איר וועלן

מיר זיך.דא גאר קיין עצה ניט קענען געבן . . . בעטן מיר דיך, פאני קאכאני (ליבינקער פריצל), טו א קריסטלעכע זאך, לאז אונדז איבער אט די דאזיקע יידישקע . . . דערפאר וועט דיך דער גוטער "פאן באך" (גאט) שענקען געזונט און לאנגע יארן . . . — האט דער אלטער סאלטיס זיך געבעטן אין נאמען פון דער גוישער גאס און ניט אויפגעהערט זיך צו קליאנען און בוקן.

דער נאצישער עלצטער האט, פאר א טשיקאוועסט, אנגעשטעלט פונ־דערווייטנס זיין שארפן, דורכדרינגלעכן בליק אויף דער אלטער בלומען, וואס איז געשטאנען איינגעוויקלט אין א פאטשיילע מיט א קינד, אן אייניקל, צוגעטוליעט צום הארצן.

ער האט פלוצלונג אויסגעשאסן אין א הילכיקן געלעכטער, וואס אזא צעשמאדערטע, איינגעדארטע יודין, האלטן די דאזיקע דומע קערלען פאר זייער דאקטארשע. אויף אים קוקנדיק האבן אויך די איבעריקע נאצי־סאלדאטן זיך צעלאכט אויפן קול.

דער נאצישער הויפטמאן האט א ווײַלע געטראכט, ווי ער וואלט זיך געשלאגן מיט דער דעה, צי זאל ער נאכגעבן דעם אויסטערלישן פארלאנג פון די דאזיקע קריסטלעכע בויערן (פויערים), צי ניט? פון איין זייט האט זיך אים יא געוואלט מיט עפעס אפדאנקען די דאזיקע קריסטלעכע איינוווינער פאר זייער טיכטיקער ארבעט ביים העלפן אים צונויפטרייבן די פארפלוכטע, שמוציקע באנדע — די יודען. פון דער צווייטער זייט אבער איז זי דאך פארט א יידישקע ? . . ער האט זיך איבערגעקוקט מיט זיינע קאמעראדן־נאצים, ווי ער וואלט ביי זיי געוואלט קריגן א הסכמה.

ענדלעך האט ער א שפיי געטאן און א זאג געטאן מכלומרשט מיט כעס:

— צום טייוול מיט דער דרעקישער יודין!

ער האט אויף גיך ארויסגעכאפט פון זיין מונדיר־קעשענע א נאטיץ־ביכל, עפעס אנגעשריבן דערין און מיט א דראענדיקן פינגער גענומען טייטלען דעם סאלטיס אין פנים:

— אבער זי מוזן אונטערשרייבען דאס זי ניכט פארט לאופען (אנט־לויפן) ווירד, זאנסט ווערדעט איר מיט אייער אלטן קאפ בעצאלן, פארי־שטאנדן?!

דער אלטער סאלטיס האט אנגעשטעלט א פאר צעשראקענע, אויס־געגלאצטע אויגן אויפן פאן ניעמעץ, ווי דער דייטש וואלט פון אים איצט פארלאנגט גאט ווייס וואס פאר א שווערע זאך. ער האט זיך גענומען דרייען ווי א ווארעם, אלע ווײַלע איבערגעלייגט דאס היטל פון איין האנט אין דער צווייטער און געציטערט אויפן גאנצן לייב.

—נו, דומער קערל! מאך עם אביסכען שנעלער! — האט אים דער נאצי אונטערגעאיילט.

דער סאלטיס האט אפגעהוסט, א וויש געטאן מיטן ארבל דאס פנים און מיט א ציטערדיקער האנט גענומען דעם בליישטיפט און ענדלעך אוועק־

געשטעלט אויפן פאפיר עטלעכע קרומע, לאמע צלמימלעך, אזש א שוויים האט אים אזוי געזעצט אויפן שטערן.

די נאציס האבן געכיכעט און געהירזשעט פון גרויס הנאה. ווארים אויף נאך אזא אומדערוווארטן שיינעם ספעקטאקל האבן זיי זיך גאר ניט גערעכנט און נאך מער האט זיי שטארק אמוזירט דעם אלטן סטאראסטעס משונהדיקער אונטערשריפט וואס אזא האבן זיי נאך קיינמאל ניט געזען.

די זאסטאוויער יידן זיינען די גאנצע צייט, וואס איז אנגעגאנגען דער "משא ומתן" צווישן דעם סאלטיס פון דער גוייִשער גאס מיטן נאצישן הויפט־מאן, געשטאנען ווי א צונויפגעטריבענע סטאדע שאף, און זיך געצאפלט אין טויט אנגסטן.

דער נאצי האט אויסגערופן בלומעס נאמען און איר באפעלן ארויסצו־טרעטן פון דער ריי. די אלטע בלומע האט אנגעהויבן וויינען און קלאגן אויפן קול און זיך געבעטן אויף יידיש און אויף פויליש, אז מען זאל זיך דערבא־רימען אויף איר און זי ניט צעשיידן פון איר משפחה. אירע קינדער, איר טאכטער, איר זון, איידעם און שנור און אייניקלעך, האבן זיך איינגעקלא־מערט אין איר און זי ניט אפגעלאזן.

דער נאצי האט ווידער אויסגעשריען שוין מיט צארן, אז בלומע זאל זאפארט ארויסטרעטן פון דער שורה. אבער בלומע האט זיך אלץ ניט גערירט פון ארט, און נאך שטארקער צוגעטוליעט איר אייניקל צום הארצן, ווי זי וואלט אינם פיצל קינד געזוכט שוץ . . . אירע קינדער האבן זיך נאך מער אנגע־הויבן קלאמערן צו איר, ווי זיי וואלטן זיך אלע צונויפגעגאסן אין איין גוף און אין איין נשמה, אזוי אז ס'האט זיך געדוכט, אז קיין כוח אין דער וועלט וועט זיין איצט ניט קאנען פאנאנדערררייסן . . .

דער נאצישער הויפטמאן האט מיט גרויס רציחה אנגעהויבן כוואש־טשען מיטן שפיצרוט איבער די קעפ פון דער אלטער מאמען און אירע קינדער. א פארצווייפלטער, יאמערלעכער געשריי האט דורכגעשניטן די לופט. א צאפלדיק געוויין פון א קינד איז אין מיטן פארשטומט געווארן . . . א סקרוד איז אריבער דער עדה יידן איבערן לייב.

ס'זיינען צוגעלאפן א פאר נאצי־לייט, א כאפ געטאן די אלטע בלומע, ארויסגעריסן זי פון דער מיט און מיטן גאנצן כוח זי א שליידער געטאן צו די פיס פונם סאלטיס.

די אלטע בלומע האט מיט אירע לעצטע כוחות זיך גענומען רייסן פון די גויישע הענט. זי האט געוואלט נאכלויפן, אניאגן די אוועקגעפירטע יידן און אירע קינדער. אבער די גויים, אירע געוועזענע שכנים, האבן זי געהאלטן פעסט מיט זייערע געזונטע הענט. זי האט זיך געראנגלט מיט זיי, געדראפעט מיט די נעגל זייערע פנימער, מיט די ציין געביסן.

די גויים האבן זי אוועקגעשלעפט צו זיך אין דער גויישער גאס, אריינ־געווארפן זי צום סאלטיס אין שייער און פארשלאסן הינטער איר די טיר.

בלומע האט געשריען, געוויינט און געקלאגט, ווי א פארווונדעטע חיה ביי וועלכער מהאט אקארשט צוגענומען אירע קינדער. זי האט געקלאפט מיט די פויסטן אין טיר, אין די ווענט. זי האט זיך געריסן די האר פון קאפ ביז די כוחות האבן זי פארלאזן. ס'האט איר אנגעהויבן שווינדלען אין קאפ. רויטע, שווארצע, פייערדיקער צונגען האבן גענומען טאנצן פאר אירע אויגן. דער באדן אונטער אירע פיס האט זיך אוועקגערוקט. זי האט דערפילט ווי זי ווערט פארשלונגען אין א פינצטערן תהום. זי האט זיך א וואקל געטאן און א פאל געטאן צו דר'ערד ווי א צעשאטענער זאק ביינער . . .

## ג. א שפיי דעם שכן אין פנים

די אומגליקלעכע בלומע איז א גאנצע נאכט געלעגן ביים גוי אין שייער אויף א בערגל שטרוי, אין א באוווסטלאזן צושטאנד. באגינען, האט זיך ערגעץ דורך א שפאלט אין שייער ארייננעריסן א דיניקער זון שטראַלעכל, וואס האט, ווי א שלענגל, גענומען פויזען איבער איר צעפאטלטן קאפהאר און איבער אירע פארשלאסענע אויגן און איינגעפאלענע באקן. בלומע האט זיך אנגעהויבן וועקן. זי האט אויפגעעפנט די אויגן און מיט שטארע בליקן זיך גענומען ארומקוקן וווּ זי איז אין דער וועלט:

— ווי קומט זי עפעס צו ליגן אויפן הארטן שטרוי, אן א קישן צו קאפנס? — האט זי זיך געפרעגט, — און פארוואס איז עפעס ארום איר היינט אזא טונקלקייט, אזא שטילקייט? און פארוואס הערט זי איצט נאר ניט דאס פריילעכע קינדישע פלאפלעריי פון אירע טייערע, ליבע אייניקלעך, וואס האבן שטענדיק, מיטן ערשטן קריי פון האן, ליב געהאט זיך ארייצוכאפן צו איר אין ווארעמען בעט? ניט אנדערש, דאס מוז זיין עפעס א חלום?..

באלד האט זיך דערטראגן צו אירע אויערן דאס פייפן פונם פאסטוך אויפן פייפל, וואס איז געקומען פארנעמען די טשערעדע אויף דער פאשע. די הענער האבן זיך צעקרייט. דא און דארט האט זיך א טיר צעסקריפעט; דא און דארט האט א פערד זיך צעהירזשעט, א בהמה האט זיך צעמעקעט.

דאס אלץ האט זי געהערט אזוי קלאר, אזוי דייטלעך, ווי אויף דער וואר. הייסט עס, האט זי געטראכט צו זיך, דאס איז גאר ניט קיין חלום? טא וואס־זשע ליגט זי דא אזוי? ס'איז דאך שוין שפעט! צייט אויפצושטיין! ס'ווארטן דאך אויף איר אזויפיל ארבעטן ! . .

זי האט געפרווט זיך אויפהויבן און ניט געקענט — דער קאפ איז איר צוריקגעפאלן צום בערגל שטרוי. עפעס ברעכן איר היינט אזוי די ביינער ? . . אין מויל איז איר עפעס אזוי טרוקן ? . . אפשר איז זי ניט מיט אלעמען ? . . און פארוואס איז ארום איר אזוי טונקל? אזוי שטיל? זי וויל נעמען שרייען, רופן: איציקל, זון מיינער, ווו ביסטו?! רייזעלע, טאכטער מיינע, וואס הערט מען פון דיר גארניט? — דינט איר אבער ניט די צונג. זי קאן קיין ווארט ניט ארויסברענגען פון האלדז.

מיטאמאל האט זיך נעגעבן א פראל אויף די שווערע טיר פון שייער.

א פאס ליכט האט איר א שלאג געטאן איבערן פנים, אזוי אז זי האט אזש די אויגן פארזשמורעט. זי האט דערפילט ווי עמיצער שטייט לעבן איר. זי האט אויפגעעפנט די אויגן, אנגעשטעלט אויפן אריינקומענדן א שארפן, דורכ־דרינגלעכן בליק. זי האט דערזען דעם אלטן סאלטיס, ליפאשקעוויטש, שטיין איבער איר מיט א שטיק ברויט אין איין האנט און מיט א טעפל מילך אין דער צווייטער.

די אלטע בלומע האט זיך א צאפל געטאן. ס'האט איר שטארק א טיאכקע געטאן אין הארצן. זי איז באלד געקומען צו זיך פון איר שווערן הינער־פלעט. זי האט זיך באלד דערמאנט וואס מיט איר און מיט אלע יידן איז נעכטן געשען און ווי אזוי זי קומט אהער צום גוי אין שייער. א גרויל איז איר אריבער איבערן לייב. זי האט ארויסגעלאזן א שווערן קרעכץ.

— שטיי אויף, סאסיעדקא (שכנה) בלומקא! — האט דער גוי גענומען ריידן צו איר מיט ווייכע רייד, — צייט צו נעמען עפעס אין מויל אריין . . . פארגעס אויף דייניקע . . . דאנק דעם פאן־באך (גאט), וואס דו ביסט כאטש געבליבן לעבן . . . דאס האסטו אונדז, קריסטן, דיינע שכנים, צו פארדאנקען . . . אט האסטו ברויט און א טעפל מילך . . . דאס איז א כשרער טעפל — פון דיין אייגן הויז געבראכט . . . — האט ער פארענדיקט מיט א דריבנינקן געלעכטערל.

די שוואכע, צעבראכענע בלומע האט ארויסגעלאזן א פארשטיקטן געשריי, ווי דער גוי וואלט זי אפגעגאסן מיט הייס־זודיקן אקרופ. זי האט זיך האסטיק א ריס געטאן פונם בערגל שטרוי, און ווי א צערייצטע טיגערין א שפרונג געטאן צום גוי און מיטן גאנצן כוח אריינגעשפיגן אים אין זיין טריפענעם פרצוף אריין. דער גוי איז פאר שרעק אפגעשפרונגען אויף הינטער זיך.

בלומע איז צוגעלאפן צו אים מיט צונויפגעביילטע פויסטן און מיט א פארכאפטן אטעם זיך צעשריען, ווי ניט מיט איר קול:

— דו פארשאלטענער! עסן האסטו מיר געבראכט?! דו ווילסט אנפאשען דעם חזיר פארן קוילענען?! א, איר פינצטערע רשעים! היצלעס! מנוולים! ארויס פון דאנען! איך וויל אייערע טריפענע פנימער מער ניט אנקוקן! ארויס! ארויס!!! — זי האט זיך ארויפגעווארפן אויף אים מיט די נעגל און אים געוואלט צערייסן, כאטש די אויגן אויסדראפען.

דער גוי האט איר א שטארקן שטויס געטאן פון זיך. בלומע איז א פאל געטאן צו דר'ערד און איז געבליבן ליגן א פארחלשטע.

— אך, טי פראקליאטא, ניעסטשאסטנא זשידוווקא! (דו פארשאלטע־נע, אומגליקלעכע יידישקע), — האט דער גוי געשאלטן און געווארטשעט און זיך געווישט מיטן ארבל פון העמד איר שפייעכץ פון זיין פנים. ער האט זיך שנעל אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן, א זעץ געטאן מיט דער טיר און איז ארויסגעלאפן ווי אן אונטערגעשאסענער פון שייער.

## ד. א שטיין אין הימל

א גאנצן טאג איז בלומע געלעגן ביים גוי אין שייער, אויפן בערגל שטרוי. און כאטש דער הונגער האט איר שוין געהאט שטארק דאקוטשעט, האט זי זיך ניט געוואלט צורירן צום גויס געשאנק, צום ברויט און צום טעפל מילך.

זי האט זיך געוואלט פארהונגערן צום טויט, כדי עס זאל שוין וואס גיכער קומען דער סוף צו אירע ליידן און יסורים, און איר אויסגעפייניקטע נשמה זאל וואס גיכער קענען ארויפגיין צום הימל און זיך פארייניקן מיט די הייליקע נשמות פון אירע טאטע־מאמע, זיידעס און באבעס. און אפשר וועט זי דארט, אין הימל, זיך קענען ווידער באהעפטן מיט די ריינע, אומשולדיקע נשמהלעך פון אירע קינדער און אייניקלעך, וואס דער מערדער האט ארויסגעריסן פון אירע ארעמס. ווארים איר מאמעס הארץ האט איר געזאגט, אז דער סוף זייערער וועט, חלילה, זיין ניט קיין גוטער . . . די רשעים, די דייטשן וועלן פריער אדער שפעטער, זיי אומברענגען צוזאמען מיט אלע יידן, ווי זיי האבן אן א פארוואס און אן א פארוועז, אומגעבראכט די שענסטע יונגע זין פון קאמעניץ און זאסטאוויע.

זי האט געקוקט אויף זיך ווי אויף א זינדיקער, אויף וועמען ס'איז געפאלן דער פינצטערער גורל צו בלייבן איינינקע אליין צווישן די דאזיקע רשעים, אירע געוועזענע גוישע שכנים, מיט וועלכע זי האט יארן־לאנג געלעבט אין שכנות, און ערשט איצט האט זי זיי דערקענט אין זייער גאנצער רשעות. א, ווי זיי האבן זיך דאס נעכטן אזוי משמח געווען אויף דער בלוטיקער יידישער "חתונה"! . . א סקרוד איז איר אריבער איבערן לייב.

דער דאזיקער געדאנק צו בלייבן אליין, די איינציקע יידישע טאכטער אין דעם וויסטן שטעטל, און נאך דארפן געשפייזט ווערן פון זייערע בלוטיקע הענט, האט איר שיר ניט געטריבן צו משוגעת. זי מוז שטארבן! דער טויט וועט זיין איר גואל און איר אויסלייזער! — האט זי געשעפטשעט צו זיך מיט אירע טויט־בלאסע ליפן.

אבער, ווי א גאטספארכטיקע יידישע טאכטער און א וויל־געלערנטע דערצו, האט זי געוווסט, אז ס'איז א גרויסע זינד זיך אליין אומצוברענגען; מ'קען נאך חלילה פארלירן דעם חלק לעולם הבא, ווייל לעבן און טויט איז דאך אין גאטס האנט . . .

בייםווארט "גאט", איז זי געבליבן שטיין. אין איר צעצונדענעם מוח האבן זיך בליץ שנעל גענומען ראיען שווארצע, פינצטערע מחשבות, איינע שרעקלעכער פון דער אנדערער. ס'האט איר אנגעהויבן ווארפן אין היץ און אין קעלט. איר גאנצער גוף האט זיך צונויפגעקראמפט אין יסורים, און דורך פארשטשעמעטע ציין האט זי גענומען מורמלען צו זיך:

— גאט? גאט? ווו איז טאקע גאט, דער אל קנא ונוקם? . . פארוואס האט דער צארנדיקער גאט געשוויגן? כא־כא־כא, — האט זי זיך פלוצ־

לונג היסטעריש צעלאכט, — ציי האט טאקע מיין צוויי־יאריק אייניקל, פישע־לע, א נאמען נאך זיין זיידן, געזינדיקט קעגן דעם גרויסן, אלמעכטיקן גאט?!... כא־כא־כא! און מיין צווייט זעקס־יאריק אייניקל, ישראלקעלע, א נאמען נאך מיין טאטן, דעם למדן, איז אויך געווען א זינדיקער?! כא־כא־כא! ער האט דאך שוין חומש געלערנט, גאטס תורה?!... און מיין בת־יחידקעלע, רייזעלע, די מאמע פון די קינדער, אויך געווען א זינדיקע?! כא־כא־כא!... ניין! ניין!!! — האט זי אויסגעשריען אינם פוסטן חלל פון שייער, ווי ניט מיט איר קול; — עס איז ניט אמת! ער איז ניטא! ליידיקע, פוסטע הימלען זיינען דאס! איך וועל לויפן און שרייען אין אלע גאסן, אז ס'איז א ליגן! א ליגן! עס איז ניטא קיין גאט ! . . ניטא ! . . .

זי האט זיך א ריס געטאן פון ארט און מיט א היסטערישן ווילדן געשריי „ניטא!" איז זי ארויסגעלאפן פון שייער. די ליכטיקע שטראלן פון דער זון האבן איר א שטאך געטאן אין די אויגן, ווי מיט שארפע שפיזן, אזוי אז ס'האט איר אזש דער אטעם פארשלאגן. זי האט זיך אנגעהויבן יאגן הין און צוריק איבערן גוים הויף, ניט ווייסנדיק אליין וואהין און צוליב וואס.

מיטאמאל איז זי געבליבן שטיין, זיך ארומגעקוקט מיט ווילדע בליקן, ווי זי וואלט געוואלט אן עפעס זיך דערמאנען. זי האט זיך אראפגעבויגן צו דר'ערד, א כאפ געטאן עטלעכע שטיינער אין די הענט און זיי גענומען שליידערן מיטן גאנצן כוח איינעם נאכן אנדערן צום ליכטיקן, בלויען הימל, און דערביי געשריען מיט באנומענע קולות, אזש א שוים האט איר ארויסגעזעצט פון מויל:

— איך וועל אים די פענצטער אויסהאקן! עס איז דארט סיי ווי קיינער ניטא! קיינער! קיינער ניטא! ניטא!!!

אויף אירע ווילדע געשרייען זיינען זיך צונויפגעלאפן די שכנים. דערזעענדיק איר אויסזען, איר צעפאטלטן קאפ האר און אירע ווילדע אויגן, איז זיי באפאלן א שרעק.

— א, יעזוס קאכאני! א, שווינטא מאריא! — האבן די גויעס געבראכן מיט די הענט, זיך געצלמט און געשריען, — זי איז דול! זי איז פון זינען אראפ ! . .

בלומע איז באלד פארשטומט געווארן, ווי זי וואלט זיך האבן דער־שראקן פאר אירע אייגענע רייד . . . זי איז געבליבן שטיין א ווייל אומבא־וועגלעך, איינגאנצן אן אויסגעשעפטע. זי האט זיך גענומען וואקלען פון די פיס. זי איז א פאל געטאן צו דער ערד און זיך צעיאמערט אויפן קול . . .

## ה. די חלוקה פון דער יידישער ירושה

די ערשטע עטלעכע טעג נאך דער אויסזידלונג פון די יידן פונעם שטעטל, איז די גויישע גאס געווען שטארק פארנומען מיטן צעטיילן צווישן זיך די יידישע ירושה, וואס דאס איז זיי אנגעקומען גאר ניט אזוי גרינג.

וואס שייך מיט דער חלוקה פון די יידישע מטלטלין, די נכסי דניידי:

פערד, בהמות, מעבל קליידער און נאך אזעלכע חפצים, איז נאך געווען א האלבע צרה. יעדער מעשטשאן, וואס ס'האט פארמאָגט מער "הענט", מער נפשות אין זיין משפחה, האט פארכאפט פאר זיך א גרעסערן חלק פונם יידישן פארמעגן. אבער ווי נאר ס'איז געקומען צו דער חלוקה פונם גרונט־טאוונעם פארמעגן: פעלדער, גערטנער, הייזער, שטאלן און שייערן, איז געווארן שלעכט.

די רייכע "בעלי גופים", די "קולאקעס" פון דער גויישער גאס, מיט דער הילף פון זייערע אונטערגעוואקסענע זין און טעכטער, האבן באלד פארכאפט פאר זיך די שענסטע הייזער, וואס יידן האבן געהאט אויסגע־בויט באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווי גיך דער גוי האט זיך באזעצט אינם יידנס הויז, האט ער זיך שוין אויך געהאט באטראכט פארן געזעצלעכן יורש פונם יידנס שטיקל פעלד און גארטן, אזוי אז פאר די אָרעמע באטראקעס, די אמתע בעדניאקעס (קבצנים) פון דער גויישער גאס, איז פארבליבן ניט מער ווי די אָרעמע יידישע הייזקעס, וווּ ס'האט אין זיי שטענדיק געהערשט נויט און דחקות.

ס'האט זיך באלד צעפלאקערט א מוראדיקע קנאה און שנאה צווישן די אָרעמע און רייכע מעשטשאנעס. ס'האט זיך אנגעצונדן אין זיי די טריי־בענע יוכע; איין שכן האט זיך געשלאָגן מיטן צווייטן, איין משפחה מיט דער אנדערער; מ'האט זיך געשלאָגן מיט מעסערס, מיט ווילקעס און מיט קאָ־סעס; גוייש בלוט האט זיך געגאסן ווי וואסער. דאָס יידישע שטעטל האט אויסגעקוקט ווי אן אמתע שלאכטפעלד. ס'האט שוין שיר ניט געהאלטן, אז דאָס גאנצע אָנגעראבעוועטע יידישע פארמעגן זאָל אוועק מיטן רויך . . .

ווארים בימים ההם, אין די דאָזיקע צערודערטע טעג, האט געהערשט בלויז דאָס געזעץ פון כל דאלים גבר: ווער ס'האט געהאט א שטארקערן פויסט, דער האט פארנומען פאר זיך א גרעסערן חלק.

ענדלעך האט דער סאָלטיס פון דער גויישער גאס צונויפגערופן די גאנצע הראמאדא אין דער "באזשניצע", אינם געוועזענעם יידישן בית־מדרש, צו זען אריינברענגען אין דער "אמאָליקער", יידישער גאס, וואס איז איצט געווען שוין דורכוים א גויישע, א שטיקל טאָלק.

דער אלטער סאָלטיס, אָנגעטאָן אין זיינע אמטלעכע קליידער, מיט דער גרויסער, מעשענער קייט און צלם איבערן האלדז, איז געשטאַנען אין דער הויך אויפן באלעמער און געהאלטן א שארפע "מוסר דרשה" פאר זיינע אונטערגעאָרדנטע:

— בראטצי (ברידערלעך)! — האט ער אויסגערופן, — עס איז ניט שיין פאר גאָט און פאר לייט, אז צווישן גלויביקע קריסטן זאָל הערשן אזא סנאה און שנאה ! . . ס'איז א גרויסע זינד צו שלאָגן זיך, צו פארגיסן קריסטלעך בלוט ! . . לאָמיר איינשטעלן א טאָלק אין אונדזער מיט ! . . מיר דארפן זען אז אין אונדזער "אָבשטשינע" (געמיינדע) זאָל הערשן יושר און גערעכטיקייט,

ווי פריער! . . מיר טארן ניט קריוודען אונדזערע ארעמע ברידער־קריסטן! . . זיי דארפן אויך קריגן א חלק פונם זשידאווסקען פארמעגן! . .

— פראוודא! פראוודא! (אמת!) — האבן זיך געטראגן געשרייען פון אלע זייטן.

עס איז באלד אויסגעבראכן, א טומל, א געשריי. די ארעמע האבן געזידלט, געקריצט מיט די ציין, געביילט פויסטן און געסטראשעט די רייכע, די קולאקעס, אז זיי וועלן ניט שווייגן, זיי וועלן זיך אפרעכענען מיט זיי פארן פארכאפן אלץ פאר זיך. זייערע ווייבער האבן געשריען, געקוויטשעט און געשאלטן. עס איז שיר ניט געקומען צו א פרישן געשלעג.

דער סאלטיס האט געקלאפט מיט דעם פויסט אויפן "שלחן" פון באלעמער, אז ס'זאל ווערן שטיל. ער האט געסטראשעט און זיך געשווארן ביים אראפגעהאנגענעם צלם פון זיין קיט, אז ער וועט זיין געצוונגען צו ברענגען די דייטשן פון שטאט, אז זיי זאלן דורכפירן די חלוקה . . .

ענדלעך, נאך לאנגע קריגערייען און "סאבראניעס" (אסיפות), האט די "הראמאדא" אויסגעקליבן פון זיך עטלעכע "בעלי־גופים", די סאמע פני, די שטענדיקע טאן־געבער פון דער גויישער גאס, אז זיי זאלן זען, אז ביי דער חלוקה זאל קיינער ניט געקריוודעט ווערן.

די דאזיקע אויסגעקליבענע "שופטים" זייערע, זיינען ארומגעגאנגען מיט א לאנגער שנור איבער די יידישע פעלדער, גערטנער און סעדער. זיי געמאסטן אין דער לענג און אין דער ברייט, צוגעטיילט דעם נאך א בייט־גארטן און יענעם נאך א שטיקל פעלד. מהאט באלד גענומען איבערטראגן פלויטן, פארקאנעס פון יידישע גארטנס, פון יידישע פעלדער: מ'האט באלד אוועקגעשטעלט נייע מעזשעס, נייע צוימען, נייע גרעניצן צווישן איין שטיקל פעלד און צווייטן, צווישן איין גארטן און אנדערן. אזוי ארום האט אפילו דער גרעסטער "בעדניאק", דער ארעמסטער צווישן זיי, אויך געקראגן צוגע־טיילט א חלק פון דער יידישער ירושה . . .

די צעהיצטע געמיטער האבן זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. דאס "אמאליקע" יידישע שטעטעלע האט ביסלעכווייז צוריק באקומען איר רויקן, נארמאלן אויסזען, ווי קיין זאך וואלט ניט געשען . . .

### ו. פאר דער אייגענער פרעמדער טיר

באגינען. א רויט־צעפלאקערטע זון האט זיך גענומען אויסשניידן אין מזרח. ווי א דורכזיכטיקער רויכל האט דער טוי זיך געקייקלט איבער פעלד און לאנקע. פון דא און דארט האט זיך דערטראגן דאס פריילעכע שפילן פון א מויל־הארמאשקע און דאס פייפן פון א פאסטוך־פייפל. דא און דארט האט א טיר זיך צעסקריפעט, א טויער האט זיך צעפראלט. דאס פויערים־פאלק האט זיך גענומען ארויסשיטן אינדרויסן.

פויערטעס מיט בארוועסע פיס, מיט קאלירטע טיכלעך אויף די קעפ, מיט מעלק־שעפעלעך אין די הענט, זיינען געלאפן מיט איילנדיקע טריט אין

די שטאלן אויסצומעלקן זייערע בהמות, אײדער דער פאסטוך וועט קומען זיי פארנעמען אויף דער "ראסע" (פרימארגן־פאשע).

פון די בוידעמער און פון אונטער די פאדאשקעס האבן, מיט רעש און געפילדעריי גענומען אראפפליען טשאטעס הינער, העגער, מיט א פרײלעכער גארגאטשעריי און קרײעריי, ווי זיי וואלטן איצט אלע אײנײנעם אפגעריכט, אויף זייער עופות־לשון שירה — א געזאנג צום בורא עולם, וואס האט געבראכט א נייעם, ליכטיקן, זוניקן טאג פאר זיי.

די פאסטוכער האבן גענומען ארויסלאזן די "סקאטינעס" פון די שטאלן. איבערן שטעטל האט זיך באלד צעטראגן א הירזשען פון פערד, א מעקען פון בהמות, א כרוקען פון חזירים און א בילעריי פון הינט, ווי אויף א יאריד. ביז דער פריילעכער הארמידער איז פארשוואונדן פון שטעטל און זיך אויפגעלייזט אויף דער פאשע.

די אומגליקלעכע בלומע, וואס איז א גאנצע נאכט געלעגן ווי אין א הינער־פלעט, פארזונקען אין פינצטערע קאשמארן, האט זיך אויפגעכאפט ניט טויט ניט לעבעדיק. זי האט ניט געהאט קיין שום אנונג וו זי איז און וואס מיט איר איז פארגעקומען. נאר געדוכט האט זיך איר, אז דאס איז זי געבליבן צופעליקערווייז נעכטיקן אין דער "גוישער גאס", מסתמא צוליב א קראנקן, אדער א שווער געווינעריין, ווי דאס האט שוין מיט איר ניט איינמאל פאסירט . . . זי האט זיך גענומען מאכן פארווורף:

— אך, דו פעפערקע, וואס דו ביסט! צייט שוין צו לויפן אהיים, אויסמעלקן די בהמה ! . . דער פאסטוך וועט דאך באלד קומען! מ'דארף מאכן פייער אפקאכן א טעפל ציקאריע . . . זונעלע איציקל וועט דאך באלד דארפן אוועקפארן אין פעלד צו דער ארבעט . . . מ'דארף שוין אויך אנקארמענען די הינער . . . און דו ליגסט, לאזסט זיך וווילניין ! . .

זי האט זיך א ריס געטאן פון ארט, א כאפ געטאן אויף זיך די פאטשיילע און מיט האסטיקע טריט זיך געלאזן לויפן מיטן שמאלן וועגל, וואס איז געלעגן הינטער די שייערן, צווישן פעלדער און גערטנער, וואס האט געפירט פון דער גוישער גאס צו דער יידישער גאס, אויף וועלכן זי איז פון יארן לאנג געוווינט געווען צו שפרייזן. זי איז געלאפן מיט גרויס אימפעט, ווי אן אומזעבארער כוח וואלט זי געטריבן, ווי זי וואלט מורא געהאט חלילה צו פארשפעטיקן.

אט איז זי שוין באלד נאענט צו דער יידישער גאס. אט זעט זי שוין די ערשטע הייזער, אט איז שיע סטאליערס שטוב, יאסל זשאזשורסקיס, ר' וועלוול פריכאצקיס. זי לויפט ווייטער. אט זען זיך שוין פון דער ווייטנס די דריי יידישע מילן, מיט זייערע הויכע פליגל, צווישן זיי, איר אייגענע מיל . . . א זיסע ווארעמקייט גייט איר אדורך איבערן לייב. עס ווערט איר עפעס אזוי היימלעד אויפן הארצן, אזש דער אטעם פארכאפט איר. זי שפירט אפילו ניט דעם הייסן, קאלטן שווייס וואס רינט איר פון פנים . . .

באלד וועט זי ארײַנפאלן צו זיך אין שטוב . . . אירע צוויי שיינע, ליכטיקע אייניקלעך, פישעלע און ישראלקעלע, וועלן, ווי שטענדיק, ארויסלויפן איר אנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך און "ארײַנפוצן" גלייך אין אירע ארעמס . . . זי וועט זיי שטארק, שטארק צוטוליען צום הארצן . . . זי פילט שוין באצייטנס דעם געשמאקן, זיסן ריח פון זייערע ווארעמע, האלב־נאקעטע גופימלעך . . . מיר זאל זיין פאר זייערע כשרע ביינדעלעך . . . — האבן גע־שעפּטשעט אירע ליפּן.

זי לויפט ווייטער, געטריבן ווי פון א שטורעם. אבער ווי אויף צו להכעיס פּלאָנטערן זיך איר עפּעס היינט אזוי די פיס? עס זעצן זיך איר די קני. און מאָדנע, וואס מער זי גייט, אלץ מער וואקסט אויס פאר איר דער וועג. זי קאן עס גאר ניט פארשטיין . . . און פאר אירע אויגן טאנצן און שפּרינגען עפּעס אזעלכע משונהדיקע קאלירטע רייפן . . . אין די שלייפן קלאפט איר ווי מיט האמערס . . . און דאס הארץ שפּרינגט פון איר שיר ניט ארויס. זי פילט אט־אט וועט זי אנידערפאלן. אבער ניין, ניין! זי מוז גיין ווייטער, ווייטער! אבי וואס גיכער אנקומען צו זיך אין שטיבעלע, וווּ ס'ווארטן אויף איר איר אייגן בלוט און פלייש . . .

אט איז זי שוין ביים שייער, ביים פּארקאן פון איר גרויסן קארשן־סאד . . . אט האלט זי שוין מיט דער האנט דאס אייזערנע רוקערל פונם טויערל, נאך א טריט, נאך א שפּאן און זי וועט זיין אינעווייניק . . .

אבער פּלוצלונג, ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואקסן אנטקעגן איר א גרויסער, שווארצער, קודלאטער הונט מיט אויסגעשטשירעטע ציין און מיט א ווילדער רציחה זיך ארויפגעווארפן אויף איר.

בלומע איז געבליבן שטיין א דערשראקענע, א צעטומלטע.

— פון וואנען האט זיך דא צו איר גענומען עפּעס אזא בייזער, צע־רייצטער הונט? — איז איר דורכגעלאפן בליץ־שנעל א פראגע. זי האט אבער נאך ניט געהאט באוויזן צו קומען צו זיך פון דער פּלוצלונגדיקער שרעק, האט זי מיטאמאל דערהערט א געשריי:

— העי, דו, פּראקליאטא! זאלסט ניט וואגן אריבערצוטרעטן דעם שוועל פון מיין הויז! . . איך וועל דיר די פיס איבערהאקן! . . — האט מיט צארן געשריען צו איר דער גוי, דער נייער באלעבאס, וואס איז געשטאנען אויפן שוועל פון איר שטוב . . .

דאס געשריי פונם בייזן גוי האט איבערגעריסן ביי בלומען דעם לעצטן פאדעם פון איר ליכטיקן חלום. זי איז באלד געקומען צו זיך און זיך דערמאנט אן איר טרויעריקער ווירקלעכקייט, אן דער מאַיומדיקער טראגעדיע, וואס איז צו איר און צו אלע יידן אזוי פּלוצלונג געשען.

זי איז א פאל געטאן צו דר'ערד און יאמערלעך זיך צעשריען, ווי עס יאמערט און קלאגט א פארווונדעטע חיה אין פעלד . . .

## 7. אויף לאסקאוון ברויט

אין מיטן דער נאכט. דער אלטער סאלטיס, מיט א לאמטערנע אין האנט, מיט זיין ווייב ביי זיין זייט, איז געשטאנען איבער דער שלאפנדער בלומען, וואס איז געלעגן אין זיין שייער, אויף א בערגל שטרוי, איינגעגניר־רעט, ווי אן עלנט, איינזאם הינטל, און זי געוועקט:

— בלומקא, סאסיעדקא נאשא! שטיי אויף! גיך! מיין טאכטערל יאד־וויגא גייט שווער צו קינד! זי איז אן ערשטלינג! קום! האב רחמנות!

די אלטע בלומע האט ניט געענטפערט. זי איז געבליבן ליגן אין דער זעלבער פאזע, ווי פריער, א צונויפגעדרייטע אין א בייגל, פארזונקען אין פינצטערע קאשמארן.

די צעשראקענע גויע, די מאמע פון דער געווינערין, איז געפאלן פאר איר אויף די קני און מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן:

— טייערנקע מיינע, דערבארעם זיך אויף א קריסטלעכער נשמה! קום, העלף אונדז!

בלומע האט ניט געענטפערט. זי איז געלעגן אין א שווערן הינער־פלעט, געקוקט מיט שטארע אויגן אינם פינצטערן חלל פונם שייער און ניט געהערט און ניט פארשטאנען וואס מען וויל האבן פון איר.

דער אלטער סאלטיס האט זיך אריבערגעבויגן איבער איר, צוגעלייגט די אנגעצונדענע לאמטערנע צו איר פנים און ווידער זי גענומען טארגן, וועקן.

— אך, טי זלידנאיא בלומקא! אידי כודשע! שטיי אויף גיך! יעדער מינוט איז טייער!

בלומע האט פארזשמורעט די אויגן. האט שווער אפגעאטעמט, זיך שטארק צעקרעכצט, און אנגעהויבן עפעס מורמלען צו זיך. זי האט געפרווט זיך אויפזעצן און איז באלד צוריקגעפאלן צום בערגל שטרוי.

ס'זיינען אנגעלאפן עטלעכע שכנהם מיט א געשריי און מיט א ליארעם זיך ארויפגעווארפן אויף בלומען:

— וואס באלמוטשעט זי אזוי לאנג? די געווינערין ליגט אין די שטוב! א יונג קריסטלעך לעבן שטייט אין קאן ! . .

די אלטע בלומע האט נאך אלץ ניט געהאט באנומען וואס איינגטלעך מען וויל האבן פון איר. זי האט זיך געדרייט אויף אלע זייטן, געווארפן מיט די הענט אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי איינער וואס ליגט אין א שטארקער היץ־קרענק.

די גויעס זיינען געוואָרן אויסער זיך פאר כעס. די מוטערלא פון דער געווינערין האט, אויס פארצווייפלונג און שרעק, גערינען פון זיך דאס פלייש, געבראכן מיט די הענט, זיך געקנייפט די באקן און מיט א וויינענדיקן קול געהאלטן אין איין "קליאנען" זיך איבער איר:

— בלומקא, סערדצע! דערבארעם זיך אויף מיר! קום ראטעווע! זי איז דאך מיין אויג אין קאפ!

דער אלטער סאלטיס מיט די אנגעלאפענע גויעס, האבן זי א כאפ געטאן פאר די הענט און אונטער די ארעמס, און מיט גוואלד זי גענומען שלעפן פון שייער, דורכן פינצטערן שטעטל, ביז זיי האבן זי געבראכט צו טאסקען צו דער קינפעטארין אין שטוב.

בלומע, א פארמאטערטע, אן אויסגעשעפטע, האט זיך אראפגעזעצט אויפן ערשטן בענקל און שווער געסאפעט. איר דארע, איינגעפאלענע ברוסט האט זיך געהויבן אויף און אפ. זי האט זיך גענומען ארומקוקן אויף אלע זייטן, געקנייטשט דעם צעקארבטן שטערן, ווי זי וואלט זיך געוואלט אן עפעס דערמאנען. פלוצלונג האט זי אויסגעשריען צו זיך:

— א, גאט, דאס איז דאך ליפטשע אהרן משהס שענק־שטוב! דאס שענסטע, באלעבאטישסטע הויז אין שטעטל ! . .

אירע בליקן האבן אנגעהויבן וואנדערן פון ווינקל צו ווינקל, פון וואנט צו וואנט, אויף וועלכע ס'זיינען געהאנגען כלעריליי "אבראזן", איקאנעס פון דער "מאטקא באסקא", פון איר זונדל, ישו הנוצרי, די פרוכט פון זיין הייליקן גייסט . . .

מיטאמאל איז איר בליק געפאלן אויפן באלקן, וווּ ס'איז געהאנגען אויף א טשוואק א קליין, קיילעכיק מצהלע, א זכר פון א ניט־לאנג אפגעריכטן סדר . . . הפנים דער גוי, דער נייער באלעבאס פון דער שטוב, האט נאך ניט געהאט באוויזן עס אראפצונעמען, אדער ער האט מורא געהאט זיך צורירן צו דעם, ווער ווייס ? . .

בלומע האט ניט געקאנט אפרייסן איר בליק פון דעם שטיקל מצה, וואס האט, מ'שטיינס געזאגט, געזאלט זיין א סגולה, א שמירה קעגן גנבים און שריפות... ס'האט זיך איר גענומען אויסדוכטן, אז דאס קיילעכיקע שטיקל מצה קוקט אראפ צו איר ווי מיט אן אויג . . . און פונם דאזיקן אויג קריכן ארויס מחנות יידן, שבת־יום־טובדיקע יידן, מיט ווייבער און קינדער, און אלע קוקן צו איר מיט אזעלכע גרויסע, שטומע, בעטנדיקע אויגן . . .

זי האט זיך א צאפל געטאן. א קעלט איז איר אריבער איבערן לייב. דאס הארץ האט איר געקלאפט ווי א פויק. ס'האט איר אנגעהויבן שווינדלען פאר די אויגן, ווי צום חלשן.

א גויע האט באלד א כאפ געטאן א קענדל וואסער און א גאס געטאן איר אין פנים אריין. בלומע האט געעפנט די אויגן און זיך ארומגעקוקט פונ־דאסניי.

די יונגע געווינערין האט זיך צעשריען און צעגוואלדעוועט אויפן קול. בלומע האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א חלום, אנגעשפיצט די אויערן, זיך אויפגעהויבן פונם בענקל, נעגעבן א טראט פארויס. אבער מיטאמאל האט זי זיך א ריס געטאן אויף צוריק און אנגעהויבן שרייען נאך העכער פון דער געווינערין:

— ניין! כ'וועל ניט גיין! כ'וועל מער ניט צולייגן קיין האנט! איך בין שוין מער קיין "באבע" ניט! ניין! . . .

דער יונגער באַלעבעסל, דער מאַן פון דער געווינערין, איז צוגעלאָפן צו איר, א כאַפּ געטאָן זי מיט זיינע געזונטע הענט און אריינגעטראָגן זי צו זיין ווייב אין צימער, וואָס איז געלעגן אין טויט־אַנגסטן, אויף א ברייטן בעט, אויף ווייסע קישנס, באַפּוצט מיט בלוי־זיידענע בלימעלעך, וואָס יידישע כלה־מיידלעך האָבן עס מיט אַזויפיל צניעותדיקן חן און מיט אַזויפיל זיסע, ליבע־טרוימען אויסגעהאַפטן . . .

די געווינערין האָט זיך ווידער צערעוועט ווי א פאַרוווּנדעטע חיה. עס איז געקומען צום סאַמע אַנטשיידענעם מאָמענט.

אירע געשרייען און גוואַלדן זיינען פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. זי האָט געהאַקט מיט די פויסטן אין וואַנט. די גויעס האָבן זיך געהאַלטן אין איין צלמען. געשעפּטשעט תּפילות.

און וווּנדער איבער וווּנדער! פּלוצלונג האָט בלומעס פּנים באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל פאַרטריבן פון זיך אַלע אירע ביטערנישן, אַלע אירע פּיינען, וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעקליבן אויף איר נשמה. זי איז באַלד אריין אין דער ראָל פון א הייב־אַם. זי האָט פאַרקאַשערט די אַרבל, געגעבן א באַפעל, אַז מ'זאָל גלייך דערלאַנגען א שיסל מיט הייס וואַסער און מיט א ריינעם האַנטוך. זי האָט אויך גיך אָפּגעוואַשן די הענט און זיך גענומען פּאַרען אַרום דער געווינערין, וואָס האָט שוין געשעפּטשעט ווי א שוואַך הינדל. און ווי איר שטייגער איז געווען, האָט בלומע זי באַלד גענומען איינעמען מיט ווייכע רייד:

— שרעק זיך ניט, דו יונגע ציג! דו ביסט ניט די ערשטע און ניט די לעצטע . . . באַלד, נאָך ביסל, וועסטו אַנטבונדן ווערן . . . דו וועסט האָבן א קינד . . . א קינד . . . האָב ניט מורא, דו וועסט ניט שטאַרבן . . . מען שטאַרבט ניט אַזוי גיך ווען ס'ווילט זיך שטאַרבן . . . דו העלף מיר נאָר צו . . . סטאַרע זיך מיט אַלע כוחות . . . נעם אַן שטאַרקערע ווייען . . . אָט אַזוי, גוט! גיב זיך נאָך א שטאַרקערן קוועטש ! . . .

פּלוצלונג האָט די ערשטלינג אַרויסגעלאָזן א פאַרשטיקטן געשריי, ווי א יונג עקסל ביי דער שחיטה, און באַלד נאָכדעם האָט א דין שאַרף קוויטשל פון א ניי־געבאָרענעם נפשל דורכגעשניטן די לופט. די גויעס האָבן זיך באַלד אַראָפּגעלאָזן אויף דר'ערד, גענומען קניען און זיך בוקן פאַר די "הייליקע" איקאָנעס און זיך געצלמט.

די "באָבע" בלומע האָט אויך גיך אָפּגעשניטן מיט א שערל ביים קינד דעם נאָפּל און עס פאַרבונדן מיט א פעדעמל. זי האָט עס באַלד אריינגעלייגט אינם מולטערל וואַרעמען וואַסער און עס גענומען אויסבאָדן. אירע הענט האָבן געאַרבעט שנעל. דאָס פּנים ביי איר איז געווען פאַרפלאַמט. טראָפּנס שווייס האָבן איר אַרויסגעזעצט אויפן שטערן. טרערן האָבן גערונען

איבער אירע באקן און זיינען געפאלן צום קינד אין מולטער אריין . . . און בשעת מעשה האבן אירע ליפן געשעפטשעט:

— א, נאך א גוי, נאך א שונא געהאלפן ברענגען אויף דער וועלט . . . כ'האב עס בעסער געדארפט דערשטיקן מיט מיינע אייגענע הענט . . . דאס וואלט כאטש געווען א שטיקעלע נקמה פאר מיינע קינדער, פאר מיינע אומ־גליקלעכע אייניקלעך, מיינע שוועלבעלעך, וואס די רשעים האבן צוגערויבט פון מיר . . . א, גאט, שטראף מיך ניט פאר מיינע בייזע, זינדיקע מחשבות . . .

— העי, דו פארשאלטענע זשידוווקא! וואס שילסטו דארט אויף דיין פארשאלטענעם לשון מיין ניי־געבארענעם זונעלע?! — האט דער יונגער פאר־טערלא, וואס איז די גאנצע צייט ניט אפגעטראטן פון בלומען, זיך צעשריען אויף איר מיט כעס.

— שרעק זיך ניט, יונגער פאטערל, — האט בלומע אים געענטפערט מיט א סארקאסטישן טאן, — איך שילט אים ניט . . . איך באדויער נאר וואס דיין זונעלע, ווען ער וועט אויסוואקסן, וועט ער נעבעך ניט האבן קיין יידן וועמען צו שלאגן און צו בארויבערן . . .

— דו באדויער ניט און חכמה זיך ניט אזוי! האלט דיין פיסק! פאר־געס ניט, אז דו ביסט ביי אונדז אויף לאסקאווע ברויט! — האט דער יונגער גויעצל זיך צעהוקעט אויף איר און בשעת מעשה געקוקט צום מולטער, צו זיין ערשט געבארענעם זונדל.

בלומע האט באלד ארויסגעכאפט דאס רויט נפשל פונם וואסער, און עם צוגעטראגן צו דער יונגער מוטערלא און א זאג געטאן דורך פארשטשעמ־טע ציין:

— נא דיר דיין בייבאק ! . .

זי האט א כאפ געטאן אויף גיך די פאטשיילע און מיט האסטיקע טריט זיך געלאזן צו דער טיר.

די מוטער פון דער יונגער קימפעטארין האט איר פארשטעלט דעם וועג, אנגעכאפט זי פאר א האנט און זיך גענומען בעטן ביי איר:

— בלומקא, סערדצע, פארלאז אונדז ניט אזוי גיך . . . דו ביסט דאך שטענדיק געווען אזוי גוט צו אונדז . . . זאל דיר דער פאן־באך (גאט) באצאלן פאר דיין גוטסקייט . . . קום, בלומקא, איך וועל דיר מאכן א גלעזל ווארעמס . . דו וועסט עפעס צובייסן . . .

בלומע האט אנגעשטעלט אויף דער גוט־מוטיקער גויע א פאר משונה־דיקע ביסטרע אויגן און זיך צעלאכט מיט אזא ווילדן, היסטערישן געלעכטער, וואס האט אנגעיאגט אויף אלעמען א קעלט. זי האט ארויסגעריסן איר האנט פון דער גויע, געגעבן א שפיי אין איר זייט, און מיט גיכע טריט ארויסגעלאפן פון דער גויעס שטוב . . .

## ח. קלויסטער־גלאקן קלינגען

אינדערפרי, דער הייליקער קריסטלעכער זונטיק האט זיך צעלייגט אין צעשפרייט איבערן געוועזענעם יידישן שטעטל מיט אזא רויקייט און

געמיטלעכקיים. פון יענער זייט בריקן האבן זיך דערטראגן אהער דאס היל־כיקע קלינגען פון די קלויסטער־גלאקן, וואס האבן גערופן די גאטספארכטיקע קריסטן צו קומען אפריכטן די זונטיקדיקע, פרימארגנדיקע "מאליטוועס" (תפילות).

"די גויישע גאס" האט זיך אויסגעפוצט אין עסיק און האניק. באַ־יארנטע טאטעס, מיט זין און איידימס, האבן זיך אנגעטאן אין שבת־יום־טובדיקע סורדוטן און גארניטורן, וואס יידן, יידישע יונגעליט, חתנים־בחורים, האבן ערשט ניט לאנג געהאט געטראגן אויף זייערע לייבער . . .

די "מוטערלאס", די מעשטשאנקעס, מיט זייערע טעכטערלעך און שניר, האבן זיך אויסגעפוצט אין יום־טובדיקע קליידער, מיט טערקישע שאלן און מיט זיידענע, וואלענע טיכער, באהאנגען מיט כלערליי צירונג: אויררינגלעך, גאלדענע קייטעלעך, קידושין־פינגערלעך און נאך אזעלכע כלה־מתנות, דרשה־געשאנקען, וואס פרומע, גאטספארכטיקע יידישע טעכטער האבן געטראגן אויף זייערע חתונות און שמחות.

אזוי אונטערן קלאנג פון קלויסטער־גלאקן, האט גויישע גאס, מיט שטילע, געמאסטענע טריט, מיט פרומע, גאטספארכטיקע פנימער און מיט געבעט־ביכער אין די הענט, זיך אוועקגעלאזן, משפחהווייז, אין שטאט, אין קלויסטער אריין — די קאטאליקן אין קאשטשיאל און די פראוואסלאווגע צו זיך אין צערקווע, אפצוריכטן די הייליקע, זונטיקדיקע "תפילות" און אויס־הערן די פרומע "דרשות" פונם גלח . . .

און די זון האט געשיינט אזוי זונטיקדיק, אזוי יום־טובדיק. די קלויסטער גלאקן האבן פריידיק געקלונגען, און די גויישע גאס, וואס האט זיך אויסגע־שפרייט אויפן חשבון פון דער יידישער גאס, האט פרום, גאטספארכטיק גע־תפילהט, זיך געצלמט, געדאנקט דעם פאטער אין הימל פאר זיין גרוים געגאד און פאר דער גרויסער שפע, וואס ער האט זיי צוגעטיילט . . .

* * * * *

אין די זונטיקדיקע פארנאכטן, — די צייט ווען אינם "אמאליקן" יידישן שטעטל האט עס געהייסן דער "בין מנחה למעריב", האט דאס פויערים־פאלק זיך גענומען פארזאמלען ארום דעם בית־מדרש, וואס "גויישע גאס" האט, באלד נאך דער אויסזידלונג פונם יידישן שטעטל, פארוואנדלט אין א "וואלאסטנאי דאם" . . .

די חשובע באלעבאטים, מיט זייער סאלטים בראש, האבן זיך אויסגע־זעצט אויף די הויכע טרעפ פונם בית־מדרש בריקל, מאנצבילן פון איין זייט און ווייבער פון דער צווייטער זייט, און געפירט צווישן זיך לעבהאפטע שמועסן, אזוי אז פון דער ווייטנס האט מען געקענט מיינען, אז דאס זיצן נאך אלץ שבת יום־טובדיקע יידן און ריידן צווישן זיך וועגן שטעטלשע יידישע ענינים, ביז אין דער הויך אין הימל, וועלן זיך באווייזן די ערשטע דריי שטערן, וועט דער שמיש געבן א קלאפ אופן "שלחן" פון באלעמער, אז ס'איז צייט צו שטעלן זיך דאווגען מעריב . . .

די דאזיקע זונטיקדיקע פארנאכטן, ארום דער געוועזענער יידישער "באזשעניצא" (בית־מדרש), האבן צוגעצויגן א גרויסן "נאראד". דא האט דאס "פאלק" זיך געהאט דערוווסט פון די סאמע לעצטע פאסירונגען אין שטעטל און אויך מכוח מלחמה־נייעס, וואס איז צו זיי דערגאנגען פונם ווייטן רוסיש־דייטשישן קריגס־פראנט. די נייעס איז פאר זיי געווען גאנץ פרייד־לעכע: דער גערמאניעץ (דייטש) שלאגט די מאסקאלעס, די באלשעוויקעס אויף אלע פראנטן; ער האט זיי שוין פארטריבן העט־ווייט אויף יענער זייט סמאלענסק; ער וועט שוין באלד שטיין ביי די טויערן פון מאסקווע... די זשידעס וועלן זיך שוין מער ניט צוריק אומקערן אין שטעטל...

דער אלגעמיינער שמועס איז באלד אריבערגעגאנגען אויף לאקאלע ענינים, דער עיקר מכוח היי־יאריקן "אוראזשיי" (גערעטעניש). מען האט אנגעהויבן זיך בארימען איינער פארן אנדערן וויפל אן ערד "שאקן" תבואה ער רעכנט היי־יאר אפשניידן פון אייגענע און פון די יידישע פעלדער און וויפל פודן גרינסן און פרוכט ער וועט אראפנעמען פון זיין יידישן סאד און גארטן...

א צווייטער האט זיך בארימט, אז זיין פערד, וואס האט געהערט צום יידן שמולקא, איז א סך שענער און ייִנגער פון זיין שכנס "יידישן" פערד...

א דריטער האט דערציילט גאר א שטוינענדיקע מעשה אויף וואס אלע האבן אנגעשטעלט מויל און אויערן: ווערליק מען שמועסט האט דער און דער שכן געפונען באהאלטן ביים יידן אין שטוב, אונטער דער פאדלאגע, א היבשע "מאטניא", א גאנצן אוצר מיט אמעריקאנסקי דאלארן...

— א, ווא! האבן אלע אויסגערופן מיט א טשמאקען מיט די ליפן, אוש די אויגן האבן זיך אנגעצונדן ביי איטלעכן מיט א גליענדיק פייערל, — אט א מזל פון א מענטשן!...

אויף די פריזבעס, פאר די הייזער, האבן די ווייבערס, די מעשטשאנ־קעס, מיט יידישע טיכער און שאלן אויף די אקסלען, געפירט צווישן זי א באזונדערן שמועס: איינע האט דערציילט, מיט קנאה, אז די זשידאווסקע בהמה, וואס איז ארייגעפאלן צו איר שכנה, גיט אפשר מיט צוויי קווארט מילך מער א טאג פון איר יידישער בהמה. אבער די "סאסיעדקע" (שכנה) אירע לייקנט, האט מורא ווייזט אויס פאר עין הרע... א צווייטע האט זיך באקלאגט, וואס יענע האט ארייגעקראגן א סך מער יידישע הינער פון איר און זיי לייגן מער אייער... און א דריטע האט דערציילט, אז מאכאסיכעס טעכ־טערל האט אויסגעגראבן פון א גרוב ביי זיך אין שפייכלער, די גאנצע חתונה־גארדעראבע וואס די זשידוווקע שרהקעס כלה־מויד האט געהאט צוגע־גרייט.

אזוי פלעגט די גוישע גאס, יעדער זונטיק פארנאכט, אפזיצן אויפן בית־מדרש בריקל און געשמועסט ביז שפעט אין אוונט, ביז ס'האבן זיך שוין געהאט באוויזן די ערשטע שטערן אין הימל...

אין דער זעלבער צייט האט קליינוואַרג זיך געשפילט און געשטיפט ארום דעם גרויסן בית־מדרש־הויף, ווו ערשט ניט לאנג צוריק האבן זיך נאך

געשפילט די משהלעך און שלמהלעך, די שרהלעך און רחלעך פונם יידישן שטעטל.

* * * * *

איינמאל אין א זונטיק פארנאכט, ווען די "גויישע גאס" איז געווען פארזאמלט ארום בית־מדרש, איז פלוצלונג אויסגעוואקסן פאר זיי בלומע.

די גויים זיינען באלד פארשטומט געווארן, ווי דאס לשון וואלט פלוצלונג ביי זיי אפגענומען געווארן. די גויעס האבן פאר שרעק זיך גענומען טוליען איינע צו דער אנדערער.

בלומע האט אנגעשטעלט אויף זיי אירע אויגן, וואס האבן אויסגעדריקט האס און צארן. זי האט ארונטערגעריסן פון זיך די פאטשיילע, אויפגעהויבן די הענט צום הימל און גענומען שרייען אויפן קול, אזש א שוים האט איר ארויסגעזועצט פון מויל:

— א פאהיבעל זאל קומען אויף אייך! א קאראבע (א קרענק) זאל אייך אלעמען ביז איינעם אויסדרושען! אויף מיין בית־מדרש זיך צעזעצט! טויטער־הייט זאל מען אראפנעמען פון אייך די יידישע קליידער וואס איר טראגט! אונדזער האב און גוטס, וואס איר האט אנגעראבעוועט, זאל מיטן רויך אוועקגיין! געדענקט, היצלעס, דאס וועט אייך ניט געשוויגן ווערן! אונדזער גאט לעבט נאך! ער וועט פאר אלץ נקמה נעמען!

די גויים זיינען אלע געבליבן זיצן מיט אראפגעלאזענע קעפ און געשוויגן. בלומע האט אלץ ניט אויפגעהערט צו גיסן אויף זיי די תוכחה. ביז דער סאלטיס האט אויסגעשריען:

— נעמט אוועק פון דאנען די מכשפה!

ס'זיינען באלד צוגעלאפן א קאפטע שקצים, א כאפ געטאן בלומען ביי די הענט און מיט גוואלד זי אוועקגעשלעפט צוריק אין דער גויישער גאס אריין.

— א, ניט גוט, בראטצי (ברידערלעך), — האט דער אלטער סאלטיס, ליפאשקעוויטש, דער ערשטער געקומען צו זיך און גענומען ריידן, — ניט געדארפט זי אויסבעטן ביים ניעמעץ... גערעטעוועט זי פון טויט און זי בריקעט זיך נאך!...

— זי האלט דאך אונדז אין איין שילטן און פלוכן. אירע קללות כוואשטשען דאס לייב ווי מיט בייטשן... — האט זיך אפגערופן א צווייטער.

— דו קארמעסט זי מיט ברויט און זי שילט!

— ניט אנדערש ווי א "ניט־גוטער" האט זיך אין איר באזעצט!...

— אירע אויגן יאגן אן אויף דיר א פראסט!

— ווען נאר איך טו אן אויף זיך א זשידאווסקע ספאדניצע (אונטערקליידל), פיל איך ווי מוראשקעס וואלטן גענומען קריכן איבער מיין לייב!

באלד האט זיך אויפגעשטעלט אן עלטערע מעשטשאנקע און גענומען דערציילן פארן גאנצן עולם, דערביי זיך געשווארן און געצלמט, אז זי האט אליין געזען מיט אירע אייגענע אויגן, ווי אין מיטן נאכט האט די זשידוווקא עלקע, די "אמאליקע" כאזאיקע פון איר שטוב, זיך אריינגעריסן אין שטאל, אויסגעמאלקן איר בהמה און דאס שעפעלע מילך אויסגעזאפן ביים שוועל פון דער טיר.

באלד האט א צווייטע שכנה גענומען דערציילן נאך אן ערגערע געשיכטע: אנומלטן, שפעט אין אוונט, ווען זי איז ארויס נאך וואסער, האט זי פלוצלונג דערזען שטיין ביים ברונעם מנשקאס טאכטער און געקוקט צו איר אין שטוב אריין מיט אזעלכע ביסטרע אויגן, אזש א "דראזשר" (א ציטער) איז איר אריבער איבערן לייב. פאר שרעק איז איר ארויסגעפאלן דער עמער פון די הענט און זיך צעפאלן אויף קליעפקעס . . . איך האב געוואלט שרייען, —האט די גויע ווייטער דערציילט,—רופן צו הילף, איז אבער מיר די צונג געבליבן שטעקן אין מויל ווי א פלאקן. א, יעזוס קאכאני זאל זיך דערבארעמען אויף אונדז,— האט די גויע פארענדיקט מיט א קרעכץ,

באלד האט זיך אופגעשטעלט אן עלטערער מעשטשאן און גענומען דערציילן זיין מעשה, וואס האט אנגעיאגט אויף אלעמען א שרעק:

— מיט אייניקע נעכט צוריק, ווען די "כלאפצעס" (יונגען) זיינען ארויס מיט די פערד אויף "נאטשלעג" (נאכט־פאשע), האט פלוצלונג זיך באוויזן דער שווארצער זשיד, סענדער קאלאניסט. ער האט זיך ארויפגעכאפט אויף זיין קליאטשע און ווי א רוח, א שד, זיך גענומען טראגן מיט איר איבערן וויהאן און אנגעמאכט א שרעקלעכע סומאטאכע צווישן די פערד.

— דאס איז אלץ צוליב איר, דער זשידווקא! — האבן אויסגעשריען עטלעכע גויעס מיטאמאל, — אזוי לאנג ווי איר "דוך" וועט זיך געפינען צווישן אונדז, וועלן מיר קיין רו ניט האבן ! . .

— ווי נאר ס'פאלט צו די נאכט, קומען צו איר אירע זשידעס! זי רעדט צו זיי! זי דערציילט זיי אלץ וואס דא קומט פאר און זיי ריידן צו איר! ווער ווייס וואס פאר א צרות זי וועט נאך ברענגען אויף אונדז!

— מ'דארף די פארשאלטענע זשידוווקא צונעמען פון דאנען! צום ניעמעץ זי איבערגעבן און באסטא!

אט אזעלכע און ענלעכע מעשות האבן אנגעהויבן ארומגיין אין שטעטל פון מויל צו מויל. ביי איטלעכן האט זיך צעשפילט די פאנטאזיע. יעדער איינער האט געהאט עפעס אנדערש צו דערציילן, אזוי אז גאנץ שטעטל האט ארומגעכאפט א שרעק פאר דער זשידוווקא בלומקא.

## ט. גוייש שטעטל טאנצט

אין די שבת צו נאכטן און אין די זומערדיקע אוונטן, איז דאס גרויסע בית־מדרש, וואס יידן האבן געהאט אויסגעבויט באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט דער הילף פון זייערע לאנדסלייט אין אמעריקע, פארוואנדלט געווארן אין א טאנץ־זאל.

גוייש שטעטל איז דעמאלט געגאנגען כאדאראם. יונג און אלט, קליין און גרויס, אלע אויסגעפוצט אין שבת־יום־טובדיקע יידישע קליידער, האבן געשטראמט צום בית־מדרש, וואס האט איצט געטראגן דעם נאמען "וואלאסטנאי דאם".

ס'זיינען אויך אנגעלאפן שקצים און שיקסעס פון די ארומיקע שכנישע

דערפער, ווער צופוס און ווער מיט געשפאנטע פערד און וואגן, ווי צו א גרויסער "כאסלירע" (חתונה). גאנץ שטעטל האט דעמאלט געקראגן דעם אויסזען פון א גרויסן, טומלדיקן יאריד. די געשרייען און די געלעכטערן פון דער אנגעלאפענער, צעהוליעטער דארפישער יוגנט האבן זיך צעטראגן העט ווייט.

צו די דאזיקע נאכטיקע הוליאנקעס, פלעגן אויך פון צייט צו צייט אראפגעקומען פון יענער זייט טייך, פון דער שכנישער שטאט קאמעניץ, וואוש־נע געסט: דייטשע לאנד־שטורמיסטן, סאלדאטן און זשאנדארן, מיט פלע־שער שנאפס, בראנפן, ראם און קאניאק, און מיט געשמאקן פארבייסעכץ, קישקעס ווורשט, אויפשנים, נערויכערטע שינקעס און נאר אזעלכע חזיר־פליישן, אזוי אז די שמחה זאל זיין וואס גרעסער.

דאס בית־מדרש, דער טאנץ־זאל, איז געווען געפאקט מיט טאנצנדיקע פארלעך. און די וואס האבן שוין ניט געקענט אריין אינעווייניק, האבן געטאנצט אינדרויסן, אונטער די קלאנגען פון דער פריילעכער קאפעליע קלעזמער, באגלייט פון הארמאשקעס.

באיארנטע מעשטשאנעס, טאטעס און מאמעס, זיינען געשטאנען צונויפגעדריקטע, פאר די אפענע טירן און פענצטער, געקוקט מיט נחתדיקע אויגן אויף זייערע שיינע, געראטענע זין און טעכטער, וואס אין די שיינע, אויסגעפוצטע יידישע חתונה־קליידער, האבן זיי אויסגעקוקט ווי אמתע פאניענקעס . . . פון גרויס פרייד האבן זיי צוגעפליעסקעט מיט די הענט, געמאכט פריילעכע אויסרופן, צוגעגעבן מוט דער פריילעכער יונגער חברה. אין דער זעלבער צייט שטארק באדויערט, וואס צוליב זייער עלטער, קענען זיי שוין ניט אנטייל נעמען אין די דאזיקע טענץ, אין די פריילעכע האפקעס, כאטש דאס הארץ לעכצט אזוי שטארק נאך זיי . . .

די שטאלצע, פארריסענע דייטשן, מיט די צווייי קעפיקע שלאנגען־סוואסטיקאס אויף זייערע ארבל פון די מונדירן, זיינען אויף די דאזיקע הוליאנקעס געווען די גאנצע טאג־נעבער. זיי האבן ארויסגעריסן פון די שקאצישע ארעמס די שענסטע מיידלעך, זייערע כלות, און זיי גענומען לערנען די סאמע לעצטע, מאדערנע, גרויס־שטאטישע טענץ, פון א ווינער־וואלץ ביז א בייערישן פאלקס־טאנץ. די דארפישע מיידלעך האבן זיי געלערנט טאנצן א קאזאצקע, א פאלקע, א פוילישע מאזורקע.

די שקצים האבן געקוקט מיט צארנדיקע אויגן אויף זייערע אומגעבעטענע געסט, אויף די פרעמדע, שיכורע דייטשן. אין דער שטיל, אז קיינער זאל ניט הערן, האבן זיי געביילט פויסטן, געקריצט מיט די ציין, זיי געשאלטן מיט טויטע קללות.

ערשט, ווען די שיכורע, באזויפענע, דייטשישע הערן, האבן זיך שוין געהאט גענוג אנגעטאנצט, אזוי אז זיי האבן זיך שוין געוואקלט פון די פיס, און זיך ווידער גענומען צום טרינקען, האבן זיי איבערגעלאזן זייערע פאר־מאטערטע "פריילינס" צו די שקצים, אז זיי זאלן כאפן דערווייל א טענצל.

און ווען זיי זיינען שוין געווארן גוט באזויפן, האבן זיי מיט א ברייטהארציקן זשעסט צוגעווארפן די "שיריים" פון פלעשל צו זייערע קאנקורענטן — די דארפישע קאוואליערן.

די שקצים האבן באלד פארגעסן אויף אלע זייערע באליידיקונגען און קריוודעס, און מיט הינטישער הכנעהדיקייט זיך נעחנפעט און געשמייכלט צו זייערע הארן, אין דעם מאמענט איז ווי אפגעשאפט געווארן די שטרענגע מחיצה צווישן האר און קנעכט, און אלע איינינעם האבן געטרונקען פונם זעלבן פלעשל און אלע צוזאמען האבן געשריען מיט שיכורע קולות: העיל היטלער !..

* * * * *

די הילכיקע מוזיק, די פריילעכע טענער פון די הארמאשקעס, דאס האפקען פון דער טאנצנדיקער דארפישער יוגנט, מיט זייערע שיכורע געשרייען און געלעכטערס, וואס האבן זיך געטראגן דורך די אפענע טירן און פנצטער פון בית־מדרש, איז פאר דער אומגליקלעכער בלומען געווען דאס גיהנום. זי האט געהאט דאס געפיל ווי די דאזיקע רשעים וואלטן איצט געטאנצט און געטראמפלט איבער איר צעפייניקטן גוף.

זי האט זיך געווארפן און געשליידערט אויף איר געלעגער. מיט די נעגל געריסן פון זיך דאס לייב. זי האט א כאפ געטאן די פאטשיילע, וואס זי האט די גאנצע צייט פון איר לייב ניט אראפגענומען, כדי צו שאפן ארום זיך א מחיצה, א געצעלט קעגן דער ארומיקער, גוישער וועלט, און איינגעוויקלט מיט איר דעם קאפ, אז צו אירע אויערן זאלן זיך ניט דערטראגן זייערע ווילדע, אויסגעלאסענע געשרייען. אבער, ווי אויף צו להכעיס, האט די גרילצנדיקע מוזיק און די שיכורע קולות פונם צעהוליעטן המון, זיך דווקא געריסן צו איר און זי געשטאכן ווי מיט שפיזן.

זי האט עס שוין מער ניט געקענט אויסהאלטן. זי האט געשפירט ווי דער מוח ווערט איר צעשפאלטן אויף שטיקער. זי האט זיך א ריס געטאן פון איר געלעגער און אנגעהויבן לויפן, ווי א וואנזיניקע, איבערן פינצטערן שייער, און דערביי געשריען און געטענהט:

— גאט, פארוואס האסטו מיך פארמשפט, אז איך זאל דארפן הערן און זען ווי די דאזיקע גויים טוען זיך אזוי לוסטיק מאכן אויף אונדזער חורבן?! פארוואס שווייגסטו?! פארוואס גיסטו ניט אויף זיי דיין גרימצארן?! שיק אראפ אויף זיי א פייער פון הימל, ווי דו האסט פארברענט און צעשטערט די רשעים, די זינדער פון סדום?!

און די שרייענדיקע מוזיק האט זיך געריסן פון בית־מדרש אלץ שטארקער און שטארקער, און די שיכורע, ווילדע קולות און געלעכטערס אלץ העכער און העכער, ווי ס'וואלטן דארט איצט גאר ניט געטאנצט קיין מענטשן־קינדער, נאר שדים, רוחות, וואס זיינען זיך אהין צונויפגעלאפן פראווען א טייוולאנישע חתונה ...

— א, די דאזיקע היצלעס! — האט בלומע אויסגעשריען, — טוען זיך

אומישנע אזוי פרייען, אזוי הוליען, כדי חוזק צו מאכן פון מיין אומגליק, פון מיין בראד, וואס איז געקומען אויף מיר און אויף אלע מיינע יידן פון שטעטל!

— פארוואס שוויג איך?! — האט זי זיך צעשריען נאך העכער און זיך געשלאגן מיט די פויסטן אין קאפ. — איך וועל ניט שווייגן! איך וועל לויפן! איך וועל ארויסרייסן די פידלען, די הארמאשקעס פון זייערע בלוטיקע הענט און אויף שמיקער צעברעכן!

זי איז צוגעפאלן צוריק צו איר געלעגער אין אנמאכט און אנגעהויבן העשען אין זיך, ווי א פאריתומט, עלנט קינד. אלץ אין איר האט געוויינט און געקלאגט. ס'האט זיך איר גענומען אויסדוכטן, אז ניט נאר זי אליין וויינט עס, נאר מיט איר צוזאמען וויינט און קלאגט איצט די שכינה הקדושה, וואס איז אזא עלנטע, אזא הילפלאזע ווי זיי; זי דערקענט איר טרויעריקן קול; אזוי האט זי געטאן וויינען און קלאגן אויפן חורבן ירושלים און אזוי טוט זי איצט קלאגן און וויינען וואס מ'האט זי פארטריבן און פאריאגט פונם הייליקן בית־מדרש, ווו ס'האט שטענדיק זיך געהערט דאס קול פון תורה און תפילה, און איצט וואגלט זי ארום איבערן חרוב געווארענעם יידישן שטעטל, קוקט אריין דורך א שפארונע פון א פענצטער אין די יידישע הייזער און זעט ווי די רשעים זיצן אין זיי, פרעסן און זויפן, הוליען און טוען זיך לוסטיק מאכן . . .

זי האט לאנג, לאנג אזוי געוויינט. פלוצים האט אויפגעבליצט ביי איר אין מוח א ליכטיקער געדאנק: זי מוז אריינראטעווען דעם בית־מדרש פון די טמאים, פון די גויישע הענט! אפילו ווען זי וועט דארפן צוליב דעם אומקומען על קידוש השם; ווארים איך בין דאך שוין סיי ווי לאנג א געקוילעטע, א געשאכטענע אויפן מזבח! איך שטארב דאך על קידוש השם יעדער טאג, יעדער שעה און יעדער מינוט מיט מויזנטערליי מיתה משונה טויטן! — האט זי געפליסטערט צו זיך, — גאט! — האט זי אויסגערופן, — די נשמה וואס דו האסט אריינגעגעבן אין מיר, וואס איז אזוי באשפינן און צעטראטן געווארן, בין איך מער ניט מחויב צו טראגן אין זיך! גענוג! גענוג ! . .

דער דאזיקער געדאנק, וואס האט פלוצלונג אויפגעטויכט אין איר צעצונדענעם מוח, האט ארומגעכאפט איר גאנץ וועזן, אלע אירע חושים מיט א גרויסער זעלישער פרייד. עפעס א גרויסע ליכט איז אויפגעגאנגען פאר אירע אויגן. זי האט איצט דערפילט, אז דאס וואס איז אויסגעפאלן אויף איר דער גורל צו בלייבן איינינקע אליין צווישן די גויים, איז דא א זין און א צוועק; דאס האט מען פון הימל אזוי באשטימט, אז זי די שטענדיקע "זאגערין" אין ווייבער־שול, זאל ראטעווען, זאל אויסלייזן דעם הייליקן בית־מדרש פון דער גויישער טומאה! ווייל איין גורל פארבינדט זיי: זי און דאס בית־מדרש!.. ביידע עלנטע און פאריתומטע ! . . ביידע צעטראטענע און באשפינענע ! . . דורך אים און מיט אים, וועט זי אויך אויסגעלייזט ווערן פון אלע אירע פיינען און יסורים! און אויך דאס בית־מדרש וועט מיט איר איניינעם אויסגעלייזט ווערן פון זיין חרפה און שאנדע! אזוי איז דער ווילן פון גאט ! . . אנדערש קאן ניט זיין ! . .

ווי אזוי דאס וועט געשען? ווי אזוי וועט זי, א שוואכע פרוי, קאנען דורכפירן איר באשלוס, איר ברענענדיקן פארלאנג? האט זי נאך אליין נים געוווסט; דאס איז פאר איר אליין נאך נים געווען קלאר. נאר געפילט האט זי מיט אלע אירע חושים, אז דאס וועט מוזן געשען. די השגחה אליין האט אזוי געוואלט! זי איז נים מער ווי גאטס שליח . . .

און פון דארט, פונם בית־מדרש, האט זיך נאך אלץ געריסן די פריילעכע קאפעליע מוזיק. די צעהוליעטע שקאצים און שיקסעס האבן נאך אלץ גע־האפקעט און געטאנצט. אבער די אלטע בלומע האט עס שוין מער נים גע־הערט. עס האט איר שוין מער נים געקימערט. זי איז איצט געווען פאר־טראגן אין גאר אנדערע וועלטן. אין איר צעצונדערנעם מוח האבן זיך שוין געראיעט כלערליי מחשבות, כלערליי עצות ותחבולות, ווי אזוי זי זאל קאנען וואס גיכער אויספירן איר הייליקע שליחות . . .

## י. "זשניוואַ"

ס'האט זיך אנגעיאגט די צייט פון שניט. אין דער "גוישער גאס" האט זיך גערודערט ווי אין א בינשטאק. איטלעכער מעשטשאן האט געארבעט פאר דריי. ווארים דער היי־יאריקער "אוראזשאי" — די גערעטעניש אויף די פעלדער איז געווען זייער א גוטער, וואס אזא האט שטעטל שוין לאנג נים געהאט . . .

די ארבעט האט ממש געברענט אונטער זייערע הענט. קודם־כל האט מען גערארפט אפשניידן די אייגענע תבואה פון די פעלדער און נאכדעם זיך נעמען פאר די ניי־דעראבערטע פעלדער, וואס יידישע הענט האבן מיט אזויפיל שווערער מי און פראצע געהאט פארזייט. און ווי גיך מ'וועט זיך "איספראווען" מיט דער "זשניוואַ", וועט מען זיך דארפן נעמען פאר די קאר־טאפל־פעלדער, פאר די אייגענע און זשידאווסקע סעדער און גערטנער.

איטלעכער, יונג און אלט, ווייבערא און קינד, זקן און זקנה, ווער נאר ס'האט געקענט האלטן א קאסע, א סערפ איז מיטן ערשטן שפראץ אויף טאג ארויס אין פעלד. מ'האט געארבעט ביז שפעט אין אוונט. נאכן אפעסן וועטשערע איז מען אוועקגעפאלן, ווי די סנאפעס, פארזונקען אין טיפן שלאף.

אבער דאס איינזאמלען די גרויסע היי־יאריקע שפע "אין שייער און אין קעלטער" איז דער גוישער גאס נים אנגעקומען אזוי לייכט. ערשטנס, האט דער נייער הערשער, דער פארשאלטענער אנטי־כריסט, דער ניעמעץ, פלוצ־לונג צוגענומען זייערע יונגע זין און טעכטער אויף ארבעט הינטער דעם מלחמה פראנט.

צווייטנס, וואס דאס איז געווען דאס ערגסטע: דער פארפלוכטער גטרמאניעץ, א נכפה זאל אים כאפן, האט, איינינעם מיט אלע זשידעס, צוגענומען פון שטעטל אלע יידישע קאוואליעס, וואס האבן געהאט געשמט אין דער גאנצער געגנט פאר די בעסטע שמידער. ס'איז נים געווען ווער ס'זאל אפשמידן א פערד און וואגן, אנשטאלן א קאסע, "אנציינדלטן", אנ־

שארפן א סערפ, וואס אן דעם איז אומגעלער געווען ארויסצוניין אין פעלד צו דער ארבעט. זיינען די מעשטשאנעס ארומגעלאפן ווי פארסמטע מייז און האבן זיך גאר קיין עצה נים געקענט געבן.

פויערים פון די ארומיקע שכנישע דערפער, זיינען ווי אין יעדער זומער, געקומען צו לויפן מיט פערד און וואגן אין שטעטל. אפשר, ווער ווייס, האבן זיי געטראכט, וועט זיך נאך דארט געפינען עמיצער וואס וועט צורעכט מאכן אן אקס צום וואגן, ארויפציען אן אייזערנע שינע אויף א ראד און אנשלייפן א סערפ?..

אבער, צו זייער גרויסער באדויערונג, האבן זיי שוין דארטן קיינעם נים געפונען. אנשטאט צו טרעפן דארטן דעם הויכן שמואלקא קאוואל, אדער דעם רויטן שליאמא מיט זיינע צוויי זין, אדער גאר דעם אלטן לייבקא מיט דער לאנגער, גראער, צעפאכעטער בארד, ארומגערינגלט מיט זיינע פינף הויכע, גע־זונטע, קרעפקע זינדלער, האבן זיי איצט געטראפן ביי די יידישע קוזשניעס אן אנגעלויף פון שטעטלשע מעשטשאנעס וואס האבן זיך געריסן און זיך געשטויסן מיט די עלנבויגנס צו פארכאפן אן "אטשערעד" ביי דער אמאליקער יידישער קאוואדלע און טאטשילע. איטלעכער האט געוואלט אליין, מיט אייגענע הענט, און מיט דער הילף פון זיין שכן, פארריכטן זיין פעלד־געציייג.

פון די דאזיקע יידישע קוזשניעס, פון וועלכע ס'האבן זיך שטענדיק געהאט געטראגן פריילעכע, הארציקע יידישע זמרלעך, שטיקער ימים־נוראים־דיקע תפילות, פיזמונות, האבן זיך איצט געטראגן געשרייען, זידלערייען און קללות. איין גוי האט געשטויסן דעם צווייטן, איין מעשטשאן האט זיך געקריגט מיטן אנדערן; איין שכן האט געהויבן א פויסט אויף זיין בעסטן פריינד.

און ווי שטענדיק, האבן די פני, די רעדלפירער פון דער גוישער גאס, מיט זייערע געזונטע זין און בראטאקעס (ברידערלעך), פארכאפט פאר זיך אינגאנצן די זשידאווסקע קוזשניע. איינער האט זיך אוועקגעשטעלט ביים בלאזאק, א צווייטער האט מיטן שווערן האמער געקלאפט איבער דער קאוואדלע, א דריטער האט געדרייט ביים הענטל פון דער טאטשילע און דער פערטער האט געהאלטן דאס שטיקל געציייג איבערן שארפשטיין.

די אנגעלאפענע פויערים, וואס האבן געהאפט, אז זיי וועלן זיך אויך קענען באנוצן מיט די כלים־געציייג פון דער יידישער קוזשניע, זיינען גע־שטאנען פונדערווייטנס, האבן געקוקט מיט צארנדיקע, קנאה־אויגן אויף די רייכע, שטעטלשע בעלי־גופים, וואס האבן נים נאר פארכאפט פאר זיך דאס גאנצע יידישע האב און גוטס, נאר אויך אפילו די זשידאווסקע קוזשניעס מיט אלע נויטיקע געציייג אין זיי. און איצט, קומט אוים, כאטש גיי און רייס מיט ציין און נעגל די תבואה מיט די ווארצלען פון דער הארטער ערד!..

* * * * *

אין די דאזיקע טעג פון שנים, האט די אומגליקלעכע בלומע נאך

שטארקער דערפילט דעם גרויזאמען בראך, וואס איז געקומען אויף איר און אויפן גאנצן יידישן שטעטל.

זי האט זיך דערמאנט אז דער גרויסער, שפרודלדיקער פרייד, וואס פלעגט ארומכאפן דאס שטעטל אין די דאזיקע טעג פון דער "זשניווא". באזונדערס די גרויסע קוועלנדיקע פרייד ביים אראפנעמען פון די סעדער די ציי־טיקע פרוכט, די גרויסע זאפטיקע, וויניקע, אנטאנאווקעס־עפל, מיט זייערע ראזעווע בעקלעך, און היינט די גרויסע שמאלץ־בארנעס און די זיסע וויינגער־קעס־פלוימען, וואס דער גוטער יידישער באראן הירש פון פאריז, האט מיט יארן צוריק געהאט דא פארפלאנצט, כדי צו פארגרעסערן די בידנע חיונה פון די יידישע ערד־ארבעטער אין דעם שטעטל. און איצט וועט עס אלץ אויפ־פרעסן דער גוי, דער שונא ישראל!

זי האט געזען ווי איבערן פאריתומטן יידישן שטעטל ציען זיך גאנצע "אבאזן" פורן מיט פולע אנגעלאדענע סנאפעס תבואה און פאקן זיי אן אין זייערע אייגענע און אין די יידישע שייערן, וואס האלטן שוין שיר־ניט ביי צעפלאצט ווערן פון דער היי־יאריקער גרויסער גערעטעניש, אזוי אז ניט איין בעל־גוף האט געמוזט אויפשטעלן ביי זיך אויפן הויף, אין שכנות פון די סטויגן היי און קאניעשינע, הויכע סקירדעס מיט סנאפעס תבואה.

זי האט זיך אויך דערמאנט ווי ביטער און שווער ס'איז אנגעקומען איר איין און איינציקן זון, איציקן, דעם טאטן פון דריי קליינע קינדער, צו פארזייען דאס ביסל תבואה, און איצט וועט איר פינצטערער "יורש", דער רשע מרושע אנטאש, דער וואס האט דער ערשטער "פארסוואיעוועט" איר הויז, איר מיל און איר גאנצע כודאבע, פירן אירע שאקן תבואה, איר ברויט צו זיך אין שייער.

דאס אלץ האט איר פארשאפט שרעקלעכע יסורים. זי האט זיך גאר קיין ארט ניט געקענט געפינען. גאנצע נעכט האט זי מיט קיין אויג ניט געקענט צומאכן. דער פרישער ריח פון דער אקארשט אפגעשניטענער תבואה האט אנגעגאנגען איר האריץ און נשמה ווי מיט א סם. די גרויסע, ברענענ־דיקע שנאה, וואס זי האט די גאנצע צייט געטראגן אויף דער גוישער גאס, אויף אירע "אמאליקע" שכנים, איז מיטן אנקומען פון דער "זשניווא" געווארן נאך גרעסער, נאך שטארקער, אזוי אז זי האט געפילט ווי זי ווערט ממש פארצערט אין אירע אייגענע פלאמען פון האס און צארן.

אין די דאזיקע טעג פון דער זשניווא, האט די גוישע גאס באַ־שלאסן פה אחד, אז ס'וועט זיין בעסער, אז די זשידוווקא בלומקא זאל זיך ניט ארומפלאנטערן אונטער די פיס. ווארים איצט, ווען די ארבעט "ברענט" אויפן פעלד און קיינער איז ניטא אין דער היים, איז ניט כדאי זי איבערצולאזן איינע אליין אין שטעטל. ווארים, ווער ווייס, וואס די דאזיקע צארנדיקע יידישקע קאן נאך חלילה אפטאן פאר כעס, ווי דאס האריץ האט זיי געזאגט . . .

דעריבער האבן זיי באשלאסן, אז פון היינט אן און ווייטער, זאל מען

די זשידוווקא איבערגעבן אונטער דער השגחה פון די פאסטוכער־יינגלעך, און זיי אנגעזאגט מיטן הארבן ווארט, אז זיי זאלן אויף איר גוט־גוט אכטונג געבן.

יעדער באנינען, ווען די פאסטוכער זיינען געקומען פארנעמען די טשערעדע אויף דער פאשע, האבן זיי שוין, פאר איין וועגס, אויך מיטגענו־מען מיט זיך אין פעלד אריין די יידישקע. און פארנאכט, ווען די זון האט גענומען פארגיין, האבן זיי זי געבראכט צוריק אהיים איניינעם מיט דער סטאדע . . .

## יא. צווישן די פאסטוכער

די ערשטע צייט האט די אומגליקלעכע בלומע זיך געהאט אויס־געשטאנען פון די פאסטוכער־שקצים געברענטע ליידן. זיי האבן געהאלטן אין איין איזדיעקעווען זיך איבער איר, אנגעטאן איר כל ענויים קשים, כדי איר ווי צו טאן. זיי האבן אלע ווילדע אויסגעטראכט נייע שפיצלעך, נייע פארטלעך צו פארשאפן איר וואס מער צער און פיין.

איז א בהמה פארקראכן אין א זומפ, האט די אלטע בלומע געדארפט לויפן, קריכן ביז די קני אין בלאטע און ברענגען די בהמה צוריק צו דער סטאדע; ווען ס'איז געקומען די צייט פון עסן, האט זי געדארפט גיין אנקלייבן צווייגלעך, צעלייגן א פייער, אפבראטן פאר זיי קארטאפל, אפפרעגלען פאר זיי דאס חזיר־פלייש, אנמעלקן ביי א בהמה אויף דער פאשע א טעפל מילך פאר אירע "הארן". דערפאר, ווען די פאסטוכער האבן זיך אויסגעזעצט אויף דר'ערד, ארום דעם פייער, און זיך גענומען פאר דער אכילה, האבן זיי איר אויך צוגעווארפן א שטיקל ברויט, א פאר קארטאפל, ווי מ'ווארפט צו א ביין צו א היימלאזן צוגעלאנטשעטן הונט . . .

בלומע האט מיט א זעלטענער סטאיקייט אויסגעפאלגט אלע זייערע ווילדע קאפריזן, ווי דאס וואלט געווען א גאנץ נאטירלעכע זאך. זי האט זיך באמים מיט אלע כוחות זיי צופרידנצושטעלן, איינצוקויפן זיך אין זייער לאסקע, אזוי ארום וועט זי אפשר קענען גיכער פארווירקלעכן איר דראנג צו נקמה. זי האט אויף א קונציקן אופן אויסבאהאלטן פון זיי די פלאמיקע שנאה, וואס זי האט געטראגן טיף אין איר הארצן צו אלע, וואס האט מיט זיך געהאט פארגעשטעלט "גוישע נאס". . .

זיי האבן נים איינמאל פאר איר אין די אויגן נאכגעמאכט און אי־בערגעקרימט ווי אזוי אירע זשידעס פלעגן זיך "מאדלען" (ראוונען), ווו פון מיט די הענט, פארגלאצן די אויגן צום הימל.

אבער דאס שענסטע און דאס באליבטסטע שפיל איז פאר זיי געווען צו שפילן דעם "ניעמעץ". דער עלטסטער צווישן די פאסטוכער־יינגלעך איז געווארן דער דייטשישער הויפטמאן. ער האט זיינע אונטערגעארדנטע פאסטוכער איינגעטיילט אין צוויי גרופעס: איינע אין א נאצישער און די צווייטע אין א יידישער. ער האט ארויסגעגעבן באפעלן צו זיינע נאצישע

סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן שלאָגן, הרגענען און קאַטעווען מיט די שטעקנס, מיט די בייטשן די זשידעס. די פּאַסטוכער, די פאַרשטעלטע יידן, האָבן מכלומרשט געוויינט, געקלאָגט און געקוויטשעט מיט באַנומענע קולות, ביז ס׳איז געקומען צום סאַמע קלימאַקס: דער הויטפּמאַן זייערער האָט געגעבן אַ קאָמאַנדע, ווייזנדיק מיט אַ פינגער איבערן האַלדז, וואָס האָט געזאָלט הייסן צו מאַכן פון אַלע יידן כיק־כיק, ווי מען שעכט אַן עוף ... די פּאַסטוכער, די מכלומרשטע יידן, זיינען באַלד אַלע ווי איינער, געפאַלן מיטן פּנים צו דר׳ערד, זיך געמאַכט טויט, ביז זיי האָבן זיך געגעבן אַ הויב אויף פון דר׳ערד און אַלע אינאיינעם האָבן זיי זיך צעלאַכט אויפן קול . . .

פון דער דאָזיקער שפּיל, "דייטש און ייד", פלעגט ביי בלומען דאָס בלוט אין די אָדערן אַזש נעמען גליוועריו. זי האָט זיך אָבער "געמאַכט האַרץ", אַנגעטאָן זיך אַ כוח, ווי דאָס וואָלט גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט איר . . . ווערים ווי שלעכט און ביטער ס׳איז איר ניט געווען ביי די פּאַסטוכער מיט אַלע זייערע סאַדיסטישע פּייניקונגען, איז איר אָבער אַלץ בעסער געווען איידער צו זיין אַ גאַנצן טאָג אין דער גוישער גאַס און דאַרפן צוקוקן ווי יעדער "בעל גוף" פירט איצט צו זיך אין שייער אריין די שפע פון די יידישע פעלדער.

ביסלעכווייז האָבן די שקצים אויפגעהערט זי צו פּייניקן. די אַלע ווילדע שפּילערייען, וואָס זיי פלעגן אָפּשפּילן פאַר איר, כדי איר ווי צו טאָן, זיינען זיי שוין דערעסן געוואָרן. זיי האָבן שוין געקוקט אויף איר ווי זי וואָלט געווען איינע פון דער טשערעדע . . . זיי האָבן שוין אַפילו געהאַט פאַרגעסן אויף דעם שטרענגען באַפעל פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, אַז זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף דער זשידוווקאַ. גאַנץ אָפט, ווען זיי האָבן זיך פאַרשפּילט, פלעגן זיי שוין אינגאַנצן איבערלאָזן די טשערעדע אויף איר השגחה.

די גוישע גאַס האָט זיך גאָר ניט געקענט אָפּוווּנדערן פון דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז פּלוצלונג געקומען אויף דער זשידוווקאַ. ווערים זינט מען האָט זי גענומען "פירן אויף דער פּאַשע", איז זי געוואָרן עפּעס גאָר אַן אַנדערע . . . זי קוקט מער ניט מיט אַזעלכע צאַרנדיקע, ביסטרע אויגן, זי רעדט מער ניט קיין בייזע רייד, שעלט ניט און פלוכט ניט, ביינאַכט הערט מען פון איר אַפילו קיין פּיפּס ניט — עפּעס גאָר ניט די זעלבע וואָס פריער, ווי דער בייזער גייסט וואָלט זיך פון איר אָפּגעטאָן . . .

אָבער די ענערגישע, אַנטשלאָסענע בלומע האָט טיף אין האַרצן געהיט אַ הייליקן סוד . . .

* * * * *

איינמאָל, ווען די פּאַסטוכער־שקצים האָבן זיך געהאַט פאַרשפּילט אין זייערע שפּילערייען, האָט בלומע זיך אָפּגעגנבעט פון זיי און מיט גיכע, האַסטיקע טריט גענומען לויפן צו דער טשערעדע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אויפן גרויסן ווייאָן און געשמאַק געצופּט דאָס גראָז.

זי איז געגאנגען פון איין בהמה צו דער אנדערער, זיך איינגעגעסן אין זייערע פנימער, ביז זי איז צוגעקומען צו א גרופע בהמות, וואס האבן אוים געוויינהייט זיך געהאלטן צוזאמען. זי האט זיך אפגעשטעלט לעבן זיי און מיט א פארכאפטן אטעם אויסגעשריען:

— אט איז שמואלקע דעם שמידס בהמה! אט איז ליפטשע אהרן משהס בהמה! אסתר ליפמאנטשיכעס! און אט איז יאסל נחמיה אייזיקס בהמה!

זי איז געגאנגען ווייטער צווישן דער טשערעדע. זי האט געזוכט, געוואלט געפינען איר אייגענע בהמה, וואס זי האט מיט יארן צוריק אליין אויסגעהאדעוועט. מיטאמאל איז זי געבליבן שטיין, ווי א פארגליווערטע, פארבראכן מיט די הענט, און אויסגעשריען ווי ניט מיט איר קול:

— וויי און ווינד איז מיר! אט שטייט דאך מיין טאכטער רייזעלעס בהמה, וואס איך האב זי אין נדן אריינגעגעבן ! . . און אט איז מיין ברודער יצחק אייזיקס בהמה, וואס זי איז ביי אים געווען טייער ווי דאס אויג אין קאפ!

זי האט אויף גיך זיי געגומען רופן ביי זייערע יידישע נעמען, אבער קיין איינע פון זיי האט אפילו ניט אויפגעהויבן צו איר דעם קאפ פון גראז. קענטיק, אז זיי זיינען שוין פארגוויישט געווארן און האבן שוין פארגעסן אז זייערע פריערדיקע יידישע נעמען . . .

זי האט זיך באלד אוועקגעריסן פון זיי און מיט גיריקע אויגן אנגע־הויבן זוכן ווייטער, ביז זי האט דערזען איר אייגן בהמהלע, די שיינע, זיסע "האלענדערקע" מיטן ווייסן פלעק אויף איר שווארצן שטערן.

— יא, דאס איז זי טאקע! — האט זי אויסגערופן. עפעס האט זיך אפגעריסן ביי איר אין הארצן, די קני האבן זיך איר גענומען זעצן. אנגסטן זיינען איר באפאלן.

זי איז האסטיק צוגעלאפן און זיך ארומגעכאפט מיט איר, ווי זי וואלט איצט דערזען איר לייבלעך קינד. זי האט פארווארפן בײדע הענט ארום איר האלדז און זיך שטארק איינגעקלאמערט אין איר. ס'האט א שטראם געטאן פון אירע אויגן הייסע, זודיקע טרערן, וואס זיינען געפאלן אויף דער בהמהס ווארעמער פעל. און מיט א פארכאפטן אטעם קוים ארויסגע־פליסטערט:

— בהמהלע מיינס! טייערינקע, הארציקע מיינע ! . .

די בהמה האט זיך דערשראקן און זיך גענומען רייסן פון איר. אבער בלומע האט זי ניט אפגעלאזן, האט זיך אנגעהאנגען אויף איר און ווייטער גענו־מען ריידן, אויסטענהן זיך פאר איר, ווי מ'רעדט זיך אראפ פון הארצן פאר א טייערן, ליבן פריינד, וואס מ'האט שוין א לאנגע צייט ניט געזען, און אלץ אזוי גיך, מיט איין אטעם:

— טייערינקע מיינע, — האט זי זיך געבעטן ביי איר, — קער ניט אפ דיין פנים פון מיר! דו דערקענסט שוין ניט דיין יידישע באלעבאסטע, וואס איז דיר געווען אזוי געטריי ווי א מאמע? וויי און ווינד איז צו מיר! איך האב

דאך דיך מיט מיינע אייגענע הענט אויסגעהאדעוועט! מיט מיין ביסן ברויט זיך געטיילט מיט דיר! טייערינקע מיינע, וואס קוקסטו אויף מיר מיט אזעלכע פרעמדע, בייזע אויגן?! דו האסט דאך מיט דיין מילך מיינע קינדער, מיינע אייניקלעך דערנערט! דו פלעגסט דאך שטענדיק זיך אזוי לאשטשען צו מיר, נאכגעגאנגען נאך מיר טריט און שריט, און איצט קוקסטו שוין אויך אויף מיר ווי אויף א פרעמדער, ווי אויף א פארשאלטענער זשידוווקא ? ! . . .

די בהמה האט זיך ווידער גענומען רייסן פון איר, זיך געווארפן אויף איר מיט די הערנער. בלומע אבער האט זי ניט אפגעלאזט פון זיך. זי האט זיך נאך שטארקער איינגעקלאמערט אין איר. זי האט ארייגעכאפט דער בהמהס קאפ איןביידע הענט, גענומען אים האליובען, האלדזן און גלעטן, צוגעטוליעט צו אים איר נאסן מיטן טרערן פארגאסענעם פנים און פארשוויגן געווארן . . .

מיטאמאל האט די שטומע־צונג אראפגעבויגן דעם קאפ צו דר'ערד, גע־בליבן שטיין ווי א פארטראכטע, ווי זי וואלט געוואלט אן עפעס זיך דערמאנען. זי האט אויסגעדרייט דעם קאפ צו איר געוועזענער באלעבאסטע, געקוקט צו איר מיט שטומע־אויגן, און פלוצים ארויסגעלאזן א פריילעכן מו . . . בהמה און מענטש, מענטש און בהמה האבן זיך דערקענט . . .

די שיינע "האלענדערקע", מיט די ווייס־שווארצע לאטעס, האט גענומען מיט איר צונג גלעטן בלומעס הענט, דאס פנים, ווי זי וואלט געוואלט פון אים אפלעקן די הייסע, געזאלצענע טרערן פון איר געטרייער יידישער באַ־לעבאסטע.

בלומע האט זי אנגעהויבן באדעקן מיט הייסע קושן און מיט צי־טערדיקע פינגער ניט אויפגעהערט צו גלעטן איר דעם האלדז און צווישן אירע הערנער, אזוי אז פון גרויס הנאה ווען די בהמה איז פארזשמורעט מיט די אויגן, צוגעשאקלט מיט די אויערן. מענטש און בהמה האבן זיך נאך שטארקער צוגעטוליעט איינע צו די אנדערע, געווארן נפש אחת . . .

פון בלומעס צעוויייטיקטן הארצן האט א פלייץ געטאן א פרישער שטראם מיט רייד, אז זי האט זיך אזש פארכליניעט:

— זע, טייערינקע מיינע! — האט זי זיך גענומען באקלאגן פאר איר געפונענעם איינציקן שטומען פריינד, — וואס די שונאים האבן פון מיר געמאכט ! . . מיינע קינדער, מיינע שוואלבן, וועלכע דו האסט מיט דיין מילך דערנערט, — האט מען פון מיר אוועקגעריסן! ווער ווייס וואס פון זיי איז געווארן ? ! . . . איך האב קיינמאל ניט געוואלט פארקויפן דיינע קינדער, דיינע שיינע, ליכטיקע קעלבלעך צו דער שחיטה, און זיי, די רשעים, די מער־דער, האבן מיינע קינדערלעך צו דער שחיטה אוועקגעפירט ! . . און איך לעב און מוטשע זיך אויף דער וועלט ! . . זע, טייערינקע מיינע, איך בין שוין אויך ביי זיי געווארן א בהמה, ווי דו ! . . מען טרייבט מיך מיט דיר,

מיט דער טשערעדע אויף דער פאשע ! . . ביז זיי וועלן מיך אויך אוועקפירן צו דער שחיטה ! . . א, בהמהלע מיינס, ווי איך בין דיר מקנא ! . . דיר איז בעסער פון מיר ! . . .

זי האט אזוי לאנג גערעדט און געטענהט, זיך אראפגערעדט פון הארצן פאר איר שטומען פריינד, ביז זי איז געבליבן ליגן א דערשעפטע. א קאלטער שווייס איז איר באשלאגן. זי האט געפיבערט אויפן גאנצן לייב. דאס הי[illegible]ץ האט איר געקלאפט ווי אין א פויק. זי האט זיך אבער אלץ נית גע[illegible]אנט אפרייסן פון איר בהמהלע.

מיטאמאל האט זי זיך ארויסגעריסן פון איר פארגליווערטקייט און מיט א שוואכן וויינענדיקן קול ווידער אנגעהויבן צו פליסטערן:

— בהמהניו מיינס, הארצעניו קרוינעניו, קום, לאמיך דיך כאטש נאך איינמאל אויסמעלקן! כאטש נאך איינמאל פילן דעם ווארעמען, זיסן טעם פון דיין מילך אויף מיינע פינגער ! . .

די שוואכע בלומע האט זיך אראפגעזעצט פאר איר אויף די[illegible], אנ־געשפארט איר קאפ אן דער בהמהס בויך און מיט ציטערדיקע הענט [illegible]אפט אירע דויקעס און זיי גענומען ציען, מעלקן. די דינינקע, ווארעמע [illegible]ראמע־לעד מילך זיינען גטפלאסן צווישן אירע צאפלדיקע פינגער. א זיסע, אנגע־נעמע ווארעמקייט איז איר דורכגעגאנגען איבער אלע אברים . . .

די קלוגע האלענדערקע האט אומגעדרייט צו איר דעם קאפ, געקוקט מיט גוטע, ווארעמע, לאשטשענדיקע אויגן אויף איר געוועזענער יידישער באלעבאסטע און זיך צערעוועט אופן קול . . .

## יב. שמע ישראל !

שפעט אין זומער. אין מיטן נאכט. גוייש שטעטל איז פארזונקען גע־ווען אין א טיפן שלאף. הייזער, שטיבלער, בלינדע, זיינען געשלאפן צוזאמען מיט זייערע באלעבאטים. ארום און ארום האט געהערשט א טויטע שטילקייט. בלויז דא און דארט האט א פערד זיך צעהירזשעט. דא און דארט האט א הונט זיך צעבולן און איז באלד פארשטומט געווארן. ווידער שטיל, קיין שארך.

בלומע האט שטיל, אויף די שפיץ־פינגער, זיך ארויסגעגנבעט פונם גוים שפייכלער, וווּ זי איז לעצטנס געשלאפן, און מיט שנעלע טריט זיך גע־טראגן צו דער יידישער גאס. אלץ אין איר האט געשטורעמט און געברויזט. מיט צאפלדיקע ליפן האט זי געשעפטשעט צו זיך:

— א, גאט, שטיי מיר ביי אין דער דאזיקער לעצטער שעה, ווי דו ביסט ביינגעשטאנען אונדזערע הייליקע אמהות: שרה, רבקה, רחל און לאה אין זייערע נויטן! העלף מיר! גיב מיר כוח אויסצופירן מיין הייליקע שליחות, ווי דו האסט געגעבן כוח און קראפט דיין געטרייען קנעכט אברהם אבינו בעת ער האט געפירט זיין איין און איינציקן זון יצחקן צו דער עקידה ! . .

ס'האט איר דער אטעם פארכאפט. פון שטארקער אויפרעגונג, איז איר דאס הארץ שיר ניט ארויסגעשפרונגען. זי האט זיך אן עפעס אנגעשטויסן. זי איז געפאלן. ס'איז איר פינצטער געווארן פאר די אויגן . . . זי האט זיך צוריק אויפגעהויבן און ווידער אנגעהויבן לויפן נאך מיט א גרעסערן אימפעט, און מיט ציטערדיקע ליפן ווידער געפליסטערט צו זיך:

— גאט, נאר דו אליין ווייסט, אז איך גיי זיך איצט ניט אננעמען מיין קריוודע, נאר די קריוודע פון דיין כבוד, פון דיין הייליקן בית־מדרש, וואס די רשעים האבן פארשוועכט! די הייליקע ספר־תורהס פארומרייניקט און פארברענט! אין דיין ארון־קודש א צלם אריינגעשטעלט! טא העלף מיר נקמה נעמען פאר אלץ און פאר אלעמען! העלף מיר זיך אויסלייזן איינעם מיט דיין בית־מדרש! מער ווארטן קאן איך שוין ניט! טא נעם אן, גאט, מיין ארעמען, קליינינקן קרבן ווי אן עולה תמימה!

בלומע איז געבליבן שטיין. די פיס האבן זיך איר אנגעהויבן זעצן. טויט־ גסטן זיינען איר באפאלן. זי האט זיך אנגעכאפט מיטביידע הענט פארן צן, געווארפן א בליק צום הימל און ארויסגעלאזן א שווערן קרעכץ.

האט צונויפגענומען אירע לעצטע כוחות און אנגעהויבן שפרייזן מיט נאך גיכערע טריט.

זי איז געלאפן דורך פעלדער, דורך גערטנער, געטריבן ווי פון א שטורעם, אלץ נעענטער, נעענטער אהין צו דער יידישער גאס, צום בית־מדרש, פון וואנען ס'האט געפינקלט צו איר א פייערל, וואס האט נאך פארגרעסערט די ארומיקע חשכות. דאס איז ניט געוועזן קיין פייערל פון א יארצייט־לאמפ, ניט קיין פייערל פון א נר־תמיד, נאר להבדיל, א פייערל פונם טמאדיקן לעמפל, וואס איז געהאנגען פארן מאמע־און־זון גאט . . . דאס דאזיקע פייערל פונדערווייטנס האט נאך מער נעצונדן אין איר דעם ווילן, דעם ברענענדיקן דראנג צו נקמה . . .

— גאט פון מיינע עלטערן! דערבארעם זיך אויף מיר! — האט זי אויסגערופן מיט פרישן געבעט, — שטיי מיר ביי אין מיין איצטיקן ניסיון! גיב מיר כוח דורכצופירן מיין הייליקע שליחות! זאל די האנט פון דיין דינסט, בלומע בת ישראל, ניט קיין ציטער טאן! זאלן מיינע פיס ניט שטרויכלען! זאל מיין הארץ זיך אזוי ניט צאפלען, אזוי ניט פלאטערן! שטארק מיך!

זי האט אנגעהויבן שפאנען מיט נאך שנעלערע טריט, ווי אן אומזעבאדער כוח וואלט זי געטראגן. א הייסער־קאלטער שוויים האט באדעקט איר לייב. זי האט דערפילט ווי די כוחות פארלאזן זי. זי האט זיך אפגעשטעלט אפצוכאפן דעם אטעם. אבער לאנג שטיין האט זי מורא געהאט. זי האט זיך געשראקן, טאמער חלילה, וועלן איר די פיס מער ניט וועלן טראגן . . . זי האט זיך אנגענומען מיט מוט. זי האט זיך א ריס געטאן פון ארט און געמורמלט צו זיך:

— ווייטער! מ'דארף גיין ווייטער! ווייטער! נאך עטלעכע טריט!

נאר עטלעכע שפאן! און איך וועל שוין זיין דארט! דארט! און אט־אט איז שוין דאס בית־מדרשל! שוין מיטן האנט צו דערלאנגען! — האט זי אויסגערופן מיט פרייד.

זי איז צוגעפאלן צום בית־מדרש. מיט ציטערדיקע הענט אויפגעריסן א פענצטער, אריין אינעווייניק. זי האט אויך גיך ארויסגעכאפט א פלעשל נאפט, א פעקל שוועבעלעך פון בוזים, ארונטערגעריסן פון זיך די פאטשיילע און זי צעריסן אויף שטיקער, די שטיקער באגאסן מיטן נאפט און זיי אונטערגעלייגט אונטער יעדער ווינקל און עס אנגעצונדן, אזוי אז ס'זאל ברענען וואס גיכער! ברענען פון אלע זייטן, מיטאמאל!

זי האט זיך באלד געגעבן א דריי אויס און מיט האסטיקע טריט צוגעלאפן צום ברענענדיקן אויל־לעמפל, וואס איז געהאנגען פארן צלם מיטן נאקעטן ישו הנוצרי, עס ארונטערגעריסן און עס אריינגעשליידערט מיט צארן אין פייער אריין.

ווי גיך זי האט דערזען, אז ס'ברענען שוין די אבאיעס (דאס פאפיר) אויף די ווענט פון אלע פיר ווינקלען, האט איר ארומגעכאפט א שטראלנדיקע פרייד. זי האט געקוקט מיט צעלויכטענע, צעצונדענע אויגן אויפן פייער, וואס האט געלעקט די ווענט פונם בית־מדרש, אזש א ליבע, אנגענעמע ווארעמקייט האט דורכגענומען איר לייב . . .

מיטאמאל האט זי זיך אן עפעס וואס דערמאנט. זי האט א כאפ געטאן פון דר'ערד די רעשטע מיטן קעראסין באגאסענע שמאטעס פון איר פאטשיילע, צוגעלאפן צום אפענעם פענצטער און ארויסגעשפרונגען אינדרויסן און גענומען זיך יאגן, גאר ניט מיט קיין מענטשלעכן כוח, נאר ווי עפעס א "נישט־גוטער" וואלט זי געטריבן.

זי איז געלאפן פון איין שכנישן סטויג היי צום צווייטן, פון איין סקירדע סנאפעס צו דער אנדערער און געהאלטן אין איין צינדן, אלץ אזוי גיך און אזוי פלינק. אירע הענט האבן ניט געציטערט, אירע פיס האבן ניט געשטרויכלט. ס'האט איר איצט ארומגעכאפט איין ווילן, איין שטארקער דראנג, וואס מער צו צינדן, אזוי אז אלץ מיטאנאנדער זאל ברענען! אלץ מיטאנאנדער זאל פלאקערן!

דאס פייער האט זיך מיט א בליץ־שנעלקייט, פארשפרייט אלץ מער און מער. באלד האבן די אלולדיקע ווינטן נאך מער צעבלאזן די פייערן, געטריבן די פלאמען אלץ ווייטער איבער הייזער, איבער שטיבלעך, איבער שטרויענע דעכער פון שכנישע שטאלן און איבער אנגעפראפטע שייערן מיט סנאפעס תבואה, און דאס אלץ ארומגעכאפט ווי מיט פייערדיקע הענט.

ווען גוייש שטעטל האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף מיט א ליארעם און מיט א ווילד־פארצווייפלטן געשריי, איז שוין געווען צו שפעט עפעס צו ראטעווען. יעדער שטוב איז שוין געווען פארוואנדלט אין א פייער־פאסטקע. יעדער שייער, יעדער סטויג היי האט געברענט ווי א יום־כיפור־ליכט.

א יאמערלעך געשריי האט זיך געריסן צום הימל. די פארצווייפלטע

געשרייען און יללות פון פרויען און קינדער, האבן, ווי מיט א מעסער, גע־שניטן די לופט. פערד האבן געהירזשעט, בהמות און קעלבער האבן גערע־וועט מיט ווילדע קולות, הינט האבן געבולן און זיך פארגאנגען אין א יאָ־מערלעכן וואיען. וואס נאר ס'האט געהאט אין זיך אן אטעם פון לעבן, האט געשריען, געקלאגט און געיאמערט. שווערע באלקנס, דעכער, ברענענ־דיקע ווענט זיינען געפאלן מיט א קראך צו דר'ערד. און דאס אלץ האט זיך געריסן צום רויט־צעפלאקערטן הימל, צוזאמען מיט די העלישע פייער־צונגען, וואס האבן געהאלטן איןאיין פארצערן, וואס נאר זיי האבן אנגע־טראפן אויפן וועג.

דראענדע, צארנדיקע געשרייען האבן זיך געטראגן אין דער לופטן:

— א טויט דער פראקליאטא זשידווקא!

— דאס איז זי! דאס איז איר ארבעט!

— א טויט! א טויט דער מכשפה!

— א טויט דעם זשיד! דעם טייוול!

בלומע, מיט א רויט־צעפלאמטן פנים, מיט צעצונדענע אויגן און מיט צעשויבערטע האר, האט זיך געטראגן מיט אימפעט צוריק פונם ברענענדיקן שטעטל. זי איז געלאפן און געשפרונגען ווי א יונגע הירשין, דורך פארשיידענע אומוועגלעך, דורך געדרייטע סטעזשקעס, צווישן ברענענדיקע הייזער, שטאלן, שייערן, פארביי פאלנדיקע ווענט. זי האט געזוכט א וועג צו קענען וואס גיכער זיך דורכשלאגן צום ברענענדיקן בית־מדרש . . .

הינטער איר האבן זיך געיאגט א מחנה צעיושעטע גויים מיט שטעקנס, מיט ווילקעס און מיט בארסיקעס אין די הענט און געשריען נאך העכער, נאך צארנדיקער, מיט ווילדע, באנומענע קולות:

— א טויט צו דער פארשאלטענער זשידווקא!

— א טויט! א טויט!!!

צווישן בלומען און די נאכיאגנדיקע גויים האט זיך אנגעהויבן א קאמף, א שפיל אויף טויט און אויף לעבן; ווער וועמען ס'וועט דעריאגן, ווער וועמען ס'וועט פריער דערגרייכן די האנט פון נקמה . . .

ס'האט זיך גערדוכט אט־אט, וועלן זיי זי אויפכאפן אויף זייערע וויל־קעס; אט־אט וועלן זיי ארייַנשטעכן אין איר די שארפע ציין. אבער בלומע האט זיך אלע ווייַלע, אויף א קונציקן אופן, ארויסגעדרייט פון זייערע הענט. זי איז געלאפן, זיך גענדרייט זיג־זאגיש. אט האט זי זיך באוויזן און אט איז זי פארשוואונדן אין שאטן צווישן די הייזער, ביז זי האט דערגרייכט צום ברע־נענדיקן בית־מדרש. מיט א היסטערישן געשריי האט זי זיך אריינגעווארפן אין זיינע פלאמען, ווי זי וואלט געוואלט געפינען אין אים א רעטונג . . .

זי איז באלד פארוואנדלט געווארן אין א ברענענדיקן פאקל. און דורך די פלאמען פונם ברענענדיקן בית־מדרש האט זיך דורכגעריסן א פאר־שטיקטער געשריי:

— שמע ישראל ה' אלוהינו ה' אחד ! . .

און איז באלד פארשטילט געווארן . . .

### פון דעם זעלבן מחבר :

"אויף פרעמדער ערד"

בלעטלעך פון א לעבן, וויניפעג 1945

פרעמירט געווארן פון ייווא, ניו־יארק, 1943

---

אין כתב־יד

"יאנקעלע"

קינדער־דראמאן

געדרוקט אין קאפיטלעך אין פארשיידענע זשורנאלן:

"דער חבר", ווילנע; "קינדער־זשורנאל" און "קינדער־צייטונג", ניו־יארק;

"ארגענטינער גרינינקע ביימעלעך", בוענאס איירעס.

---

אדרעס פון מחבר:

**F. ZOLF**

371 Lansdowne Avenue

Winnipeg, Man., Canada

